די

# אימיגראנטען



אַ ראָמאַן אוים דעם לעבען פון רוסישע אידען אין אמעריקאַ

פון לעאן קאברין

פרייז **30** סענט

Hebrew Publishing Co., 83-85-87 Canal Street, New York.

— דער —

# אידיש אמעריקאנער רעדנער

## א ריעזע ווערק אין אונזער מאמע לשון.

---

**דער אידיש אמעריקאנער רעדנער,** ענטהאלט 600 זייטען אנגעפילט מיט דיא בעסטע און פאפולערסטע רעדעס געשריבען אין די שעהנסטע און דייטליכסטע אידיש, פון די גרעסטע אידישע רעדנער אין אמעריקא, ווי אויך פון דיא בעריהמטע אידישע שריפטשטעללער, וועלכע האבען ספעציעל געשריבען פאר דיעזע ענציקלאפעדיע פון רעדנער קונסט וואס וועט בלייבען אלס דער שעהנסטער מאנומענט פון קונסט אין אונזער מאמע לשון.

**דער אידיש אמעריקאנער רעדנער,** ענטהאלט א גרויסע הקדמה איבער די קונסט פון האלטען א רעדע וויא אויך פיעלע רעדעס צו האלטען ביי א ברית, א מזל־טוב, א פדיון הבן, א בר מצוה, א תנאים, א חתונה, זילבערנע און גאלדערנע האכציייטען, ביי א לויה, שטעלען א מצבה, חנוך הגדר א. ז. וו.

**דער אידיש אמעריקאנער רעדנער,** ענטהאלט אויך פרעכטיגע רעדעס פיר לאדושען, פעראיינען, קלאבס, געבורטס־טאג פארטיעס, סיום התורה און ציוניזמוס, רעדעס פיר יוניאנס און העכסט בעלעהרענדע פאטריאטישע רעדעס פיר אללע אידישע ימים־טובים צו האלטען אין שוהל און אין האלל, וויא אויך א בוקעט הומאריסטישע רעדעס צום לאכען ביי געוויסע געלעגענהייטען.

**דער אידיש אמעריקאנער רעדנער,** איז רעדאקטירט פון פראפעסאר ג. זעליקאוויץ, (סמבטיון, ליטווישער פילאזאף) וועלכער האט אלס רעדאקטאר פון בוך, אליין אויך געשריבען צעהנדליגע רעדעס פיר יעדע געלעגענהייט.

## ענגלישע רעדעס.

**דער אידיש אמעריקאנער רעדנער** האט אויך א ביילאגע פון פערשיעדענע ענגלישע רעדעס, פיר אמעריקאנאזירטע אידען וועלכע קענען שוין רעדען אין דער לאנד'ס שפראכע, דיעזע ענגלישע רעדעס זיינען גענומען פון די בעסטע און גרעסטע אמעריקאנער רעדנער ביכער און בעארבייטעט נאכ'ן אידישען געשמאק.

## בר־מצוה רעדעס.

א בעזונדער טהייל פון דעם **אידיש אמעריקאנער רעדנער,** איז געווידמעט פיר בר־מצוה רעדעס, וואס יעדע פון זייא איז א פערל, און געשריעבען פון דיא גרעסטע פאבליזיסטען און פעדאגאגען. די בר מצוה רעדעס זיינען אין 3 פערשיעדענע שפראכען אין אידיש ענגליש און העברעאיש.

פרייז פיר דעם אמעריקאנער רעדנער מיט דיא בר מצוה רעדעס 150

פרייז פיר די בר־מצוה רעדעס אליין, פאפיער באנד 35, קלאטה באנד, 50

צו בעקומען ביי אלע בוכהענדלער, ווי אויך ביי די פערלעגער,

**היברו פאבלישינג קאמפאני,**

83־85־87 קאנאל סטריט, נויארק.

# דיא
# אימיגראנטען.

א ראמאן אוים דעם לעבען פון רוסישע אידען
אין אמעריקא.

— פון —

לעאן קאברין.



פרייז 30 סענט.

היברו פאבלישינג קאמפאני.
83־85־87 קאנאל סטריט. נ״יארק.

HEBREW PUBLISHING COMPANY,
83-85-87 Canal Street, New York.

1909

מײן ליעבען פֿרײנד א. וואָלט (ל'עסין) געווידמעט.

# דיא אימיגראַנטען.

עס איז געווען ארום זעקס אין דער־פריה, ווען באָרים עטינבערג האָט געעפענט דיא אויגען. דורך דעם שמאָלען איין־איינציגען פענסטעריל פון דעם ענגען שלאָף־צימער האָט אריינגעקוקט דאָס דינקעל־סאָרע ליכט פון א ווינטערדיגען פריה־מאָרגען. באָרים האָט זיך א כאַפּ געטהאָן פון זיין געלעגער, באַלד אָבער דאָט ער זיך דערמאָהנט, אז היינט איז זונטאַג, מען ארבייט ניט אין דיא פאַבריקען, און איהם איז אזוי לייכט געוואָרען אויף'ן הארצען. ער האָט פערלייגט זיינעביידע הענד אהינטער נאַקען און, אויסציהענדיג זיך אין דער גאַנצער לענג פון בעט, האָט ער ארויסגערוקט דיא נאַקעטע פיס פון אונטער דער קאָלדרע מיט דיא פינגער ארויף און זיך גע'חיות'ט...

— ווען אלע טאָג וואָלט געווען זונטאַג — האָט ער א טראַכט געטאָהן, האָט זיך ניעדריגער אראָבגערוקט פון'ם קישען און זיך ווידער צונויפגעקאָרטשעט מיט דיא פיס אונטער דער קאָלדרע.

ער האָט צוגעמאכט דיא אויגען כטאָרענדיג זיך איינצושלאָפען. ער האָט אָבער ניט געקענט. פון'ם צווייטען צימער האָט זיך געהערט לייכטע טריט, אזוי וויא עמיצער וואָלט דאָרט אויף די שפּיץ־פינגער געטראָטען, דאָן איז שטיל געוואָרען.

באַלד האָט זיך דערהערט א הילכענדיג געמורמעל פון וואסער, וואָס האָט זיך געגאָסען אין א מעטאַלענע כלי: בול־בול־בול... עס איז ווידער שטיל געוואָרען אויף א סעקונדע. און דאָן האָבען זיך ווידער דערהערט דיא לייכטע טריט און נאכהער א סקריפּענדיג גערויש פון אן אייזערנער זאק איבער'ן אויוועז, און עס איז ווידער שטיל געוואָרען.

— אניוטא מאכט פריהשטיק — האָט ער א טראַכט געטהאָן — צו־וואָס שטעהט זיא אויף אזוי פריה זונטאג? און אפשר איז שוין שפּעט?

ער האָט זיך א קעהר געטהאָן מיט'ן פּנים צו דער אָפענער טיר פון'ם שלאָף־צימער, וואָס האָט געפיהרט צו דער קיך, און גענומען רופען מיט א ווייך און פערשלאָפען קול:

— אניוטא, אניוטא!

— באָרים? — האָט זיך אָבגערופען פון קיך אן אנגענעהמע ברוסטשטימע פון א פרוי, און גלייך נאכדעם האָבען זיך דערהערט לייכטע טריט, און אין שלאָף־צימער איז אריינגעקומען א הויכע, שלאַנקע פרוי פון א יאָהר פערציג, מיט פערקאשערטע ארבעל און מיט נאסע, רויטליכע הענד, וואָס זיא האָט געווישט מיט א ווייסען פארטוך.

— באָרים?

— וואַ טאַימס? — האָט ער געפרעגט מיט א שמייכעל אויף זיין ענגליש, וועלענדיג איהר ווייזען, אז ער אמעריקאניזירט זיך.

— וואַט טיים איז איט, זאָגט מען, באָרים! — האָט זיא איהם פערריכט, קוקענדיג אויף איהם ווייך מיט איהרע שווארצע, קלוגע אויגען און האַלטענדיג ביידע הענד אונטער'ן פארטוך.

— „טיים" צו „טאַאימס" — אויף מיר א שפּראַך, אויף דיא כוליגאנעס געזאָגט געוואָרען!... האָסטו געהערט א שפּראַך? דיא צונג קען צובראָכען ווערען! — האָט ער גערעדט וויא צו זיך אליין — מיר דאכט זיך, אז איך וועל אָט די טאַראַבאַרשצינע זיך קיינמאָל ניט

אויסלערנען ריידען, ווען איך זאָל דאָ אפילו אָפּלעבען צוואַנציג יאָהר!.. טיימס!.. וואַ טאַאימס!.. וואַ! — וואַ! שטאָב טינביאַ נשאָרט פּאָבראַל מיט אַזאַ שפּראַך!... וואַ! וואַ!... איין וואַקען, איין קוואַקען, האָסטו געהערט.. אַנו, אַניוטאַ, אַנו, פּרוב אָקאָרשט דאָסזעלבע זאָגען אויף רוסיש? — קאַטאָרי טשאָס?... דו הערסט, אַניוטאַ, וויאַ שעהן עס קלינגט?...

ער האָט דיאַ רוסישע ווערטער אַרויסגערעדט וואַזשנע, אַזוי וואַזשנע, אַקוראַט וויאַ ער וואָלט וועלען זאָגען: „אָט דאָ בין איך אַ מיסטער!...“ און האָט זיך אַזש פון התפעלות אוועקגעזעצט אויפ'ן בעט.

— דאָס דאַכט זיך דיר, באָריס, ווייל דו ביסט ערשט זעכצעהן מאָנאַט אין לאַנד, דו וועסט אָפּזיין דאָ לענגער, וועסט מעהר פערשטעהען דיאַ שפּראַך, וועט־י דיר קלינגען נאָך שעהנער, ווי די רוסישע... אָט זאָגט אונזער ליובאַ, אַז דיזע שפּראַך איז פיעל שעהנער, וויאַ דיאַ רוסישע — האָט זיך מיט איהם געשפּאַרט אַניוטאַ.

— וואָס? שעהנער נאָך וויאַ דיאַ רוסישע? אַניוטאַ, כאַ! כאַ! כאַ! — האָט ער זיך צולאַכט הויך אויפ'ן קול— ליובאַ האָט עס געזאָגט, ליובאַ?.. כאַ! כאַ! כאַ! — האָט ער זיך אַ הייב געטהאָן אויף דער בעט און צוריק זיך אַרונטערגעלאָזען — זיאַ איז נאָך אַ קינד, אונזער ליובאַ, רעדט נאַרישקייטען!... אַנו, אַניוטאַ, אַנו — האָט ער געשריען, אינטערברעכענדיג זיך ביי יעדען וואָרט מיט אַ געלעכטער:— אויב אַזוי... אַנו זאָג:

„שטאָ ני גאָד טאָ אומענשאַיוטסיאַ סילי,
אום לעניוועי, קראָוו כאָלאָדנעי,
מאַט—אָטציזשנאַ, דאָידו דאָ מאָגילי,
ניע דאָזשדאָוושיס סוואָבאָדי
טוואָיעי!“... — האָט ער מיט התפעלות געכאָפּט זיך דעקלאַמירען דאָס בעקאַנטע געדיכט פון דעם רוסישען דיכטער נעקראַסאָוו און האָט זיך באַלד מיט היץ אונטערבראָכען:

— נו, אדרבה, געפין אין דיין ענגלישער טאַראַבאַרשצינע אַזוינע גאָלדענע ווערטער... זאָלען כאָטש אַזוינע ווערטער דאָ קענען זאָגען דיאַ ערוואַקסענע און ביי אונז האָט זיי ליובאַ שוין געקענט צו צעהן יאָהר.

אַניוטאַ האָט געקוקט אויף איהם און געשמייכעלט.

— אָבער, באָריס — האָט זיאַ געענטפערט — פון וואַנען ווייסטו, אַז דאָ זיינען אויך ניטאָ אַזוינע שעהנע ווערטער?... אפשר זיינען נאָך פאַרהאַן שעהנערע... וואָס קענען מיר וויסען? מיר זיינען דאָך גרינע...

— ניין, אַניוטאַ — האָט זיך געקאָכט באָריס — ניטאָ, ניטאָ, עס קען ניט זיין! נאַרוניו — האָט ער פּלוצים גענומען ריידען מיט ביטערקייט — קען עפּעס זיין גוטס אין אַמעריקאַ? דאָס פלייש איז דאָ פּאַדלע, דאָס ברויט מיאַקינע, דיאַ וואָינונגען — שווייגענשטאַלען... קיין ליכט, קיין לופט, קיין בוימעלע, קיין גרעזעלע... שמוץ, שוויינעריי, פּאַסקודסטווא, פּאַסקודסטווא און פּאַסקודסטווא! — האָט ער גערעדט אין איין אָטהעם און ביטער, אַזוי וויאַ ער וואָלט געוואָלט אָפּקיהלען דאָס דאַרץ:— דיאַ מענשען זיינען דאָ ניט קיין מענשען... מאַשעניקעס זיינען זיי, בלוט־זויגער, גאָרגעל־שניידער, באַנדימען, סיבירניקעס, קאַטאָרזשניקעס... קיין ברעקעל רעספּעקט האָבען זיי ניט פאַר אַן עכטען מענשען... זיי לאַכען פון דיר, זיי בעליידיגען דיך, זיי קוקען ניט, ווער דו ביסט און וואָס דו ביזט! כאָמקאַ אונזער סטאַראָזש וואָלט דאָ געהאַט דעם זעלבען רעספּעקט, וואָס איך, כאָטש איך בין באָריס עטינבערג, אַ קיעווער קופּיעץ!.. אַ פּאָגאַנע לאַנד, פּאָגאַנע מענשען, ערגער פון אונזערע כולינאַנעם, אַניוטאַ, שטאָב איך טינאָרט פּאָבראַל!..

ער האט א שפיי געטאהן מיט הארץ און איז אנשוויעגען געווארען.

אניוטא האט געשוויעגען, געקוקט פערטראכט אויף דער דונקעל־בלוי געפארבטע וואנד פון שלאף־צימער און געביסען דיא אונטערשטע לופ.

זיא האט געוואוסט, אז מיט איהר מאנ'ס ליפען ריידען די בינדלאך וואונדען, דיא פעקלאך יסורים, וואס ליעגען טיעף ביי איהם אין הארצען...

זיא האט שטום א פיהר געטהאן מיט איהר האנד איבער זיינע געדיכטע שווארצע האאר, וואס זיינען צושאטען געווען איבער זיין הויכען שטערען, האט זיי גענומען גלעטען, אקוראט וויא א צערטליכע מוטער, וואס וויל בערוהיגען איהר קינד, וועלכעס קלאגט זיך פאר איהר.

פלוצים האט ער זיא אנגעכאפט ביי'ם עלענבויגען מיט ביידע הענד און זי אנידער געזעצט נעבען זיך.

—אניוטא — האט ער ארויסגערעדט שטיל און מיט וועהטאג — איך לייד, איך לייד, אזוי... ווי א גיפטיגע שלאנג וואלט ביי מיר אט דא געזעסען, אט דא !...

ער האט צוגעדריקט איהר האנד צו זיין ברוסט, אקוראט וויא ער וואלט איהר וועלען ווייזען דאס ארט, וואו די שלאנג זיצט ביי איהם...

—מיך הארט ניט — האט ער גערעדט ווייטער מיט דעם זעלבען וועהטאג אין קול—מיך הארט ניט פאר מיר אליין, גלויב מיר... נו, מוטשע איך זיך. נו, לעב איך ניט... נו, בעליידיגט מען מיך... בין איך ניט בארים עטינבירג, נו, ניט... איז ניט... אויך רעכט ! איז אוים יחוס! בין איך פארך פון דערהיים, סוואלאטש... אויך רעכט, זאל זיין אזוי !... אבער דו? דו ביזט דאך, אניוטא, ניין ? דו האסט דאך געוואוינט אין קיעוו דו ? דו האסט דאך געלעבט, ווי א קניאגינא ? דו האסט דאך געגעבען די גרויסע נדבות ? אזא באנדע נארגעל שניידער יאלסטו דאך אין קיעוו ניט צוגעלאזט צו זיך נאהענט!... און איצט ? ... דו וואשט אליין די גרעט, די פאדלאגעס... קאכסט, פראצעוועסט, מאטינקע מיינע, ווי א געבארענע דיענסט־מויד !... דערפאר זיינען דיא בעקלאך, אויסגעצויגען, בלייך געווארען, ניט קיין רונדע, און רויטע, וויא פריהער—ער האט זיא א גלעט געטהון איבער דער פלייצע — די אויגען איינגעפאלען און זיי בלישצען שוין ניט, ווי אמאהל... און אט דא אויף דיין ווייסינקען שטערענדעל איז א קארטשעלע.... און דא נעבען שלייף, איז א קנייטשעלע.. אניוטקא, וואס איך קוק זיך מעהרער צו צו דיר, דערקען איך דיך אלץ וועניגער... וואס איז דאס ? — האט ער פלוצים אומגעביטען דעם טאן, א קוק טהוענדיג אויף איהרע שווארצע האאר, וועלכע זיינען געווען גלאט פערקאמט :

—טשארט, טייפעל ! זעה, גרויע האאר!

ער איז אנשוויגען געווארען און מיט רחמנות ארייגעקוקט אניוטא'ן אין די אויגען. זי האט געקוקט אויף איהם און טרויעריג געשמייכעלט. אויפ'ן סוף האט זי גענומען לאכען ביטער, איינגעהאלטען :

—וואס מיינסטו, מיר זיינען עפעס יונגע לייט...

—הם... אלטע ? מיר זיינען שוין אלטע, הא ? — האט ער גענומען ריידען מיט כעס, אקוראט ווי ער וואלט עמיצען געסטראשעט : — —נו, וויא אלט ביזטו? פערציג!... און מיר איז פינף און פערציג... נו, זיינען מיר אלטע !... מיט צוויי יאהר צוריק אין קיעוו זיינען מיר נאך געווען יונגע לייט, קיינער האט ניט געגלויבט, אז מיר זאלען האבען אזא ערוואקסענע טאכטער, ווי ליובא'ן. מיט זעכצעהן מאנאטען צוריק אפילו, ווען מיר זיינען אנגעקומען אין דאס גאלדען לאנד, זיינען מיר נאך געווען יונגע לייט, און פלוצים... אין זעכצעהן מאנאטען צייט — הם... אלטע ? נו, זאל זיין אלטע, אויך רעכט ! עס פאסט זיך טאקע צו אונזער שוויינען־שטאל, צו אונזער גאנץ לעבען !... טשארט פאבערי וסיא אי וסיו, אך!... אנו, אניוטא

טהו אקארשט א זוך ביי מיר אין די האָאר.

זיא האט איהם א גלעט געטהאָן איבער'ן קאָפּ און פונאנדערנעהמענדיג מיט דיא פינגער די שווארצע האָאר אויפ'ן שטערן, האָט זיא איהם א קוש געטהאָן

—ניטאָ, ניטאָ — האָט זיא ארויס געשעפּצעט—דו ביזט איינגער פון א סך יונגע...

און זיא האָט זיך צוגעדריקט מיט'ן שטערן צו זיין ברוסט.

ער האט זיא גענומען גלעטען איבער דער פּלייצע, איבער'ן רוקען און געשוויעגען. פּלוצים האָט ער זיא א דריק געטהאָן ביי'ם טאָליע.

אניוטקא—האָט ער געזאָגט מיט איבערצייגונג אין קול — ניש־קשה, באַרים עטינבערג האָט נאָך ניט פערלאָרען זיין קאָפּ. ער וועט נאָך אמאָל אליין זיין א פאבריקאנט, וועט וויעדער נעהמען שפּיעלען זיין אַלטע ראָלע!... איצט איז ער אויף צרות, אָבער מיט דער צייט... עך! נו, איצט געה! קוק אויף דאס ביסעל וואסער; די גוטינקע פריהשטיקס פון אמאָל וועלען מיר עסען שפּעטער, אזוי אין א יאהר צוויי ארום, ווען איך וועל ווערען א פאבריקאנט..... געה, אניוטקא, איך וועל אויך אויפשטעהען....

---

.2

אין א שטונדע ארום איז באָרים מיט דער פרוי געזעסען אין קיך, וואס איז אויך געווען זייער עסס־צימער, און האָבען געטרונקען טהעע.

אין קיך, וואס איז געלעגען צווישען שלאָף־צימער, און פראָנט צימער, איז געווען דונקעל; דאס איינציג פענסטער איז געווען פארשטעלט פון דרויסען מיט א גרויער וואנד פון א צווייטער טענעמענטהויז.

ליובא פלעגט שלאָפען אין פראָנטצימער. איצט האָט זי נאָך געמוזט שלאָפען, ווארום די טיהר פון פראָנטצימער איז געווען צוגעמאכט.

אויף דעם אָנגעברענטען אויווען, וועלכער האָט פערנומען א האלבע קיך, זיינען געשטאנען א פּאָאר מעטאלענע טעפּלאך און האָבען געזשווזשעט.. אויפ'ן טיש, הארט ביים פענסטער, זיינען געשטאנען א פּאָאר אָנגעגאָסענע גלעזער טהעע און א טעלער מיט שטיקלאך טאָרט.

באָרים איז געזעסען ביי א ברעג טיש מיט'ן רוקען צום שלאָף צימער אין א גוטען, שווארצען רוסישען ראָק, וועלכער האָט שטייף ארומגעכאפּט זיינע ברייטע, פולע פלייצעס און זיין הויכע, מעכטיגע ברוסט, ער האָט געקוקט פערטראכט מיט זיינע גרויסע, קיילעכדיגע, קארע אויגען איבער'ן גלאָז און, מישענדיג פון צייט צו צייט מיט'ן לעפעלע אין דעם טהעע, האָט ער איהם לאנגזאם געזופּט און אזוי לאנגזאם צוגעביסען דעם טאָרט, וועלכען ער האָט פריהער, איידער ער האָט איהם אין מויל אריינגעלעגט, געהאלטען א רגע צווישען צוויי פינגער, אקוראט וויא ער וואָלט זיך מיישב געווען, צו זאָל ער אריינלעגען דעם טאָרט אין מויל, צו ניט.. דאן האט ער מיט א האנד א פיהר געטהאָן איבער זיין ברייטען, שעהנעם, שווארצען באָרד און, אריינגעהמענדיג איהם אין גאנצען פון אונטען ארויף אין זיין ברייטען פויסט, איז ער געבליעבען זיצען אין אזא פּאָזע עטליכע מינוט נאָכאנאנד און געקנייטשט פערטראכט מיט'ן שטערן.

אניוטא, וועלכע איז געזעסען געגען איהם אויפ'ן צווייטען זייט טיש, האָט שוין אויסגעטרונקען איהר גלאָז טהעע און געווארט אויף איהר מאן'ס גלאָז, זיא האָט געקוקט מיט איהרע בלויע אויגען אויפ'ן טישטוך און קלאפּענדיג שטיל מיט דעם טהעע־לעפעלע איבער'ן טעצעל, האָט זיא פאר־זיך עפּעס געזונגען אונטער דער נאָז.

איהר האָט זיך אויך געטראכט...

פּלוצים האָט באָרים גענומען לאַכען מיט אַן איינגעהאלטענעם געלעכטער, אזש דיא פּלייצעס האָבען ביי

איהם געציטערט און דער טיש מיט דיא גלעזער האט זיך געטרייסעלט. ער האט ארויסגעלאזען דאס בארד פון פויסט און געזאגט :

—אט פאר זיי איז בעשאפען אמע־ריקא, אט פאר אזוינע לאידאקעס !

אניוטא האט איהם אנגעקוקט מיט פערוואונדערטע אויגען.

—וואס איז, בארים ?

בארים האט ווידער גענומען לא־כען איינגעהאלטען, בכדי ניט אויפצו־וועקען ליובא׳ן.

—אט פאר אזוינע, ווי פאר אונ־זער אמאליגען קאנטארשציק וואלאדיא, צו וועלוועל, דער טייפעל וויסט איהם! ער איז דא אויפ׳ן פערד! א דאקטאר, א גאנצער יא־טעבע־דאס׳ניק ! . . . דאקטאר עפשטיין !... ביי מיר איז ער געווען א פראסטער וואלאדיא, פאר צוואנציג רובעל א חודש געארבייט ביי מיר.. און דא איז ער א דאקטאר עפ־שטיין־ן ! — האט ער אויסגעצויגען מיט גאל אין קול : — דאקטאר עפ־פ־פ... כא ! כא ! כא !....

ער האט זיך לאכענדיג אויפגעהוי־בען פון ארט אין זיין גאנצען הויכען שטארקען וואוקס און האט גענומען געהן איבער׳ן צימער הין און צוריק מיט שווערע טריט.

— ש—ש—ש ! — האט איהם אבגעשטעלט אניוטא, ווייזענדיג מיט א האנד אויפ׳ן פראנט־צימער.

ער איז געבליעבען שטעהן אויף דיא שפיץ־פינגער און האט זיך אומד געקעהרט מיט׳ן פנים צו דער טהיר פון פראנט־צימער.

פון דארט האט זיך געהערט א סקריפען פון א בעט.

ער איז צוגעגאנגען נאהענט צו דער טהיר, האט זיא עטוואס געעפענט און אריינגעשפארט דעם קאפ.

— גוט מארגען, ליובעטשקא ! — האט זיך געהערט זיין שטימע, וועלכע האט געקלונגען בעזונדרס ווייך : — דו ווילסט שוין אויפשטעהן ? . . .

— שלאף, דיטיאטקא, ס׳איז נאך פריה.

— וויא שפעט איז איצט ? — האט געפרעגט א פערשלאפען, יונג פרויען־קול.

— ארום אכט.

— וועל איך באלד אויפשטעהען... — האט זיך ווידער דערהערט יענע יונגע שטימע, וועלכע האט דאס מאל געקלונגען העלער.

— וויא דוא ווילסט, מיין קינד — האט געזאגט בארים און, אויפהייבענ־דיג דעם קאפ פון צווישען טהיר, האט ער זיך אומגעקעהרט מיט׳ן פנים צו אניוטא׳ן און געזאגט :

— דוא וואלסט, אניוטקא, א פאאר אייער פאר איהר געמאכט...

— מען דארף ארונטערגעהן קוי־פען — האט געענטפערט אניוטא, אויפ־הייבענדיג זיך פון ארט: — אט איך געה טאקע, גלייך...

און זיא האט גענומען געהן צו דער טהיר.

— ווארט, אניוטא, ווארט ! — האט איהר אבגעשטעלט בארים — וויא געהסטו עס ארוים אין דרויסען —האט ער געזאגט מיט פערדרוס — ווער ביזטו, הא ? אניוטא אדער א יענטע ?

— אבער, בארים... איך געה דאך נאך דיא אייער... דא ביי׳ם הויז... צוויי טריט...

— מעג זיין צוויי טריט, דארפסטו ניט ארוים אבי וויא... טהו אן דיין מאנ־טעל — האט ער געזאגט אויפגערעגט.

— אבער, בארים, ווער קען מיך דא ?

— דאס הארט מיך ווייניג, צי מען קען דיך, צי ניט... איך שפיי אויף זיי אלעמען !... איך וויל אבער, דוא זאלסט זיין אניוטא און ניט קיין יענ־טע !... ווארט, איך גיב דיר דעם מאנ־טעל !

ער האט געעפענט אביסעל דיא טיהר פון פראנט־צימער און, דורכגע־שפארט זיך דורך איהר מיט א זייט, איז ער פערשוואונדען, באלד איז ער ארויס, טראגענדיג א לאנגען מאנטעל מיט א

פיקסטענעם קאַלנער און מיט אַזאַ אונ־
טערשלאַג אין דיא הענד.

— מהו אָן!...

ער האָט דעם מאַנטעל ארויפגע־
וואָרפען אַניוטא'ן אויף דיא פּלייצעס,
אַ שלעפּ געטהאָן איהם אויף איהר פון
הינטען און, אַ קלאַפּ געטהאָן אַניוטא'ן
איבער'ן אַקסעל, האָט ער געזאָגט:

— איצט געה!... נור ניט אַראָב־
געפאַלען ביי זיך... וויא דאָס קליידט
צי דיר — גאָר ניט, וויא צו אַ סיגאַ־
רען־מאַכער'ס אַ פרוי...

און ער האָט גענומען לאַכען מיט
אַן איינגעהאַלטענעם ביטערען געלעכ־
טער.

אַניוטא דאָט געענטפערט מיט אַ
פּרוויעריגען שמייכעל און איז ארויס פון
צימער.

ער איז געבליעבען שטעהן אויף
איין אָרט מיט'ן פּנים צו דער טהיר
און האָט זיך געגלעט דאָס באָרד.

אין דיעזער צייט האָט זיך דיא
טיהר פון פראָנט־צימער געעפענט, און
אין קיך איז אריין אַ האַלב אָנגעטהאָ־
נענע יונגע מיידעל, אַ הויכע, שלאַנקע
ברונעטקע, מיט שווארצע גליהענדע אויי־
גען, מיט אַ רונד פּנים, אַ פעררייסען,
פרעהליך נעזעל און מיט פולע שמייכ־
לענדיגע ליפּען. דיא שווארצע לאַנגע
האָאר זיינען ביי איהר געווען צושאָ־
טען איבער דיא צאַרטע, נאַקעטע רונדע
פּלייצעס. זיא איז געווען אָנגעטהאָן אין
אַ ווייסען אונטערקלייד מיט אַ קאָרסעט
פון אויבען.

— וואָס האָסטו זיך דאָרט פאַר־
טראַכט, פּאַפּאַ, — האָט זיא געזאָגט
צוגעהענדיג צום „סינק“ און לאָזענדיג
לויפען דאָס וואַסער פון'ם קראַן.

זיא האָט אויפגעהויבען ארויף
איהרע נאַקעטע, רונדע אָרעמס, מיט
ביידע הענד צונויפגענומען דיא האָאר
פון הינטען, האָט זיי אין דער־שנעל
פערפלאָכטען אין אַ דיקען צאָפּ און,
אריבערנעהמענדיג דעם צאָפּ אריבער
דעם אַנדער זייט פּלייצע, אויף פאָרענט
דאָט זיא גענומען זייפען און וואַשען
דיא האַלז, דעם נאַקען, דיא פּלייצעס
און דיא באַקען.

באַרים האָט איהר ניט געענטפערט
אויף דער פראַגע: ווארום ער איז פער־
טראַכט; ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף
איהר רוקען מיט צוטראָגענע אויגען און
גענומען געהן איבער'ן צימער הין און
צוריק.

דיא יונגע מיידעל איז פאַרטיג גע־
וואָרען מיט'ן איינוואַשען זיך, האָט
פערדרעהט דעם קראַן און, זשמורענדיג
דיא אויגען פון דער ביטערקייט פון
דעם זייף און אויסשטרעקענדיג אין
פּאַראַוים איהרע נאַסע אָרעמס,
האָט זיא זיך צונויפגעקאָרטשעט פון
קעלט, ארויסלאָזענדיג: ב־ר־ר־ר! און
גענומען זוכען אַ האַנד־טוך, וועלכען זי
האָט באַלד דערזעהען, הענגענדיג אויף'ן
ווענטעל פון אַ שטוהל.

זיא האָט מיט ביידע הענד גענומען
רייבען דעם פּנים מיט'ן האַנטוך.

פּלוצים האָט זיא דערהערט איהר
פאָטער'ס קול:

— טשאָרט, טייוועל! — האָט
יענער געשריען, טאָפּטשענדיג הילכיג
מיט דיא פיס.

זיא האָט זיך אַ קעהר געטהאָן צום
פאָטער און האָט גלייך אויסגעשאָסען
מיט אַ הילכענדיגען געלעכטער.

באַרים האָט זיך געיאָגט נאָך אַ
פרייס, אַ „קאַקראַטש,“ וועלכער האָט
געמאַכט דיא פּליטה איבער דער פאָר־
לאָגע אויף אַלע פיס. ער האָט זיך גע־
יאָגט נאָך איהם מיט אַ ווילדער רציחה
און געשריען:

— טשאָרט, טייוועל, איך וועל דיך
שוין כאַפּען! דו ווערסט זיך שוין ניט
ארויסדרעהען... ניין, ברודער'ל!...

— כאַפּ איהם אָן פאַר'ן עק, פּאַ־
פּאַ! — האָט איהם נאָכגעשריען דיא
יונגע מיידעל, לאַכענדיג שטאַרקער.

דער פרייס איז פערשוואונדען
הינטער'ן אויוון.

באַרים איז געבליבען שטעהן, האָט
ביין געקוקט אונטער'ן אויוון און גע־
מורמעלט עפּעס פאַר זיך.

— וואָלסט איהם אָנגעשאָטען זאַלץ אויפ'ן עק! — האָט געלאַכט דיא יונגע מיידעל, קוקענדיג שעלמיש אויף איהר פּאָטער און ווישענדיג מיטן האַנדטוך דעם נאַקען.

— נו, נו, זיי ניט קיין שיקסע, דו!... — האָט מיט הארץ געזאָגט עטינבערג, אָנקוקענדיג זיא מיט פינסטערע אויגען: — זייט ווען האָסטו גענומען לאַכען פון דיין פּאַפּאַ'ן, הא?... דו ביזט מיר עפּעס, ליובא, עפּעס!...

ער האָט ניט געענדיגט און א מאַך געטהאָן מיט א האַנד, האָט ער זיך אומגעקעהרט צו איהר מיט'ן רוקען.

ליובא האָט פערדעקט דאָס מויל מיט'ן האַנדטוך, שטיקענדיג אין זיך דעם געלעכטער.

— אַן אמת'ע שווײנען־שטאַל — האָט ער מיט וועהטאָג ארויסגערעדט, א קעהרטהאָענדיג זיך ווידער צו איהר! — מיר מוזען זעהען אנאנדער וואָהנונג... איך קען עס ניט אריבערטראָגען... דוא לאַכסט?... זעה, זעה!... — ער האָט א דריק געטהאָן מיט דיא אַקסלען — מען קען מיינען, אז זיא איז געבאָרען אָט דאָ, אָט אין דעם שווײנען־שטאַל, אין נאָרפאָלק סטריט, ניט ביי מיר אין הויז... דאָרט... דו הערסט, ליובא, דוא הערסט. איך נעהם אנאנדער וואָהנונג אויף איסט בראָדוויי, דו הערסט, נאָך קומענדען מאָנאַט...

— נו, נו, פּאַפּא... געהט עס!... איך וועל דיך דערפאַר א קוש טאָהן — האָט געזאָגט ליובא מיט א געלעכטער — איך וואָלט טאַקי אויך געוואָלט וואָהנען נעבען דיא דאָקטוירים און דיא אַדוואָקאַטען...

— איך שפּיי זיך אוים אויף דיינע דאָקטוירים, א גרויסע מציאה!... — האָט ער געזאָגט אויפגערעגט — וואָס סטראַשעסטו מיך מיט די דאָקטוירים? מיין אַמאָליגער קאָנטאָרשציק וואָלאָדיא איז דאָך דאָ אויך א דאָקטאָר!... דאָקטוירים, סטראַשעט מיך.. ווער בין איך, ליובא, הא? ווער בין איך?...

— ווער דו ביזט?...

זיא איז צוגעגאַנגען צו איהם נאָהענט מיט'ן האַנדטוך איבער'ן אקסעל. האָט זיך פאַר איהם אויסגעצויגען אין גאַנצען וואוקס, וויא א סאָלדאַט, פערריסען דעם קאָפּ און דיא פּלייצעס און, קוקענדיג איהם גלייך אין פּנים, האָט זיא וואַזשנע ארויסגערעדט:

— גאָספּאָדין באָרים עטינבערג, קיעווסקי קופּיעץ... אין אמעריקא... (זי האָט געוואָלט זאָגען: א קלאָגעדיגער „סיגאַר מאכער", האָט זיך אָבער פערכאַפּט און געזאָגט): מיין גוטער פּאַפּאַ!... און, ארומכאַפּענדיג זיך מיט איהרע ביידע אַרעמס ארום זיין שטאַרקען נאַקען, האָט זיא איהם א קוש געטהאָן אויף דיא ליפּען.

ער האָט אָבגעלעבט. זיין פּנים האָט גענומען שטראַהלען מיט גליקזעליגקייט, זיינע אויגען מיט פרייד און, גלעטענדיג זיא איבער'ן קאָפּ, האָט ער צערטליך ארויסגערעדט:

— דיין פּאַפּא, שטיפעריו, הא? דיין פּאַפּא? כא, כא, כא! דו מיינסט, ער האָט פערלאָרען דעם קאָפּ? ניעט, בראַט, שאַליש!... באָרים עטינבערג טראָגט נאָך א שטאַרקען קאָפּ אויף דיא פּלייצעס, ניש־קשה!.. ער וועט נאָך דיר געבען א צעהן טויזענד נדן... וואָלסטו וועלען א חתן א דאָקטאָר, שטיפעריו, ניט קיין אמעריקאַנישען, נאָר א ריכטיגען, א רוסישען?.. נו, נו, שטיפעריו, דיין פּאַפּא זאָל זיך נור דאָ ארומקוקען, עהע! מיר וועלען זיך נאָך אויסלאַכען פון זיי אלעמען!...

ליובא האָט גענומען לאַכען אויפ'ן קול. איהר געלעכטער האָט געקלונגען נערוועז און סאַרקאַסטיש.

— וואָס לאַכסטו? — האָט ער געפרעגט מיט א פערענדערטען טאָן.

— כא! כא! כא!... איך פרייה זיך, פּאַפּא... צעהן טויזענד נדן... א חתן א דאָקטאָר... וויא זאָל מען זיך ניט פרייהען? וויא זאָל מען ניט לאַכען?... כא! כא! כא!... דערווײלע, פּאַפּאַ, דערווײלע... קענסטו מיר אפשר

געבען עטליכע דאָלאר אויף א וויזיטעל, אויף א קאָפּטאָטשקע ?... איך וויל קומענדיגען פרייטאָג געהן אויפ'ן רוסישען באָל מיט דאָקטאָר עפּשטיין, נו, נו, עס איז א שפּאַס... איך דאַרף ניט קיין אנדערע קאָפּטאָטשקע... בעליידיג זיך נור ניט... מיר וועלען זיך דערוויילע אנטאָן...

און זיא איז אריינגעלאָפען אין פראָנט־צימער.

ער איז געבליעבען שטעהן ניעדערשלאָגען, פערשעהמט און האָט געקוקט ארום זיך מיט צומישטע אויגען.

ליובא'ס ליידענשאַפטליך - כאראַקטערישער געלעכטער, איהר אָנצוהערעניש וועגען א נייע קאָפּטאָטשקע, האָט פאר איהם ארויסגערופען דיא טרויעריגע ווירקליכקייט...

ער האָט זיך דערמאָהנט אָן דער פאַבריק'ל, וואו ער ארבייט דיא סיגאַרען, און אָן דיא פיער דאָלאר א וואָך פערדיענסט, וואָס ער קריעגט, און ער האָט נידריג אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ.

דאַן האָט ער זיך דערמאָנט, אז ליובא איז נעכטען אָנגעקומען אין א נייע פאבריק פון העמדער. ער האָט ביי איהר גאָר ניט געפרעגט, וויא זיא פיהלט זיך דאָרט, צי וועט זיא דאָרט דארפען שווער ארבייטען... דאָס איז איהם גאָר פון זינען ארויס, אפּראַט וויא ליובא וואָלט ניט אין פאבריק געגאנגען פראַצעווען, נור אויף א באָל טאנצען. וויא האָט ער עס געקענט פערגעסען! האָט ער א טראכט געטאָהן מיט וועהטאג.

ליובא איז אריין פון פראָנט־צימער אָנגעטאָהן אין א שווארצען קלייד און א ווייסער בלוזע, קאמענדיג איהרע לאנגע, שווארצע האָאר.

מאָריס האָט זיך א כאַפּ געטהאָן.

— ליובא — האָט ער ארויסגערעדט, ניט קוקענדיג אויף איהר, וויא אַלע מאָל, בעת ער האָט געפרעגט ביי איהר וועגען דיא ארבייט: — וואָס הערט זיך עפּעס וועגען דיין... נייע... ארבייט ? — האָט ער ארויסגערעדט מיט מיה.

— הא ? — האָט זיך ליובא א קעהר געטאָהן צו איהם און גענומען בערפלעכטען דיא האָאר אין א צאָפּ: — איך האָב טאַקי מיט דיר געוואָלט וועגען דעם ריידען... דו ווייסט ?.. איך האָב דאָרט געטראָפען א לאנדסמאן אונזערען...

— אונזערען א לאנדסמאן ?..

ער האָט זיא אָנגעקוקט צומישט. דער געדאנק, אז זיינען א לאנדסמאן האָט געזעהען זיין ליובא'ן אין א פאבריק, ארבייטענדיג, האָט איהם א ברען געטאָהן אין מח, וויא א שטיק פייער.

— ער וועט דאָ היינט זיין, האָט ער געזאָגט...

— ווער איז ער ? — האָט באָריס שטיל געפרעגט.

— דער אלטער אהרן סמיטשיק, — האָט ליובא געענטפערט און האָט אָבגעקעהרט דעם קאָפּ.

איהר פאָטער האָט זיך א צאַפּעל געטאָהן.

— ווער ? — האָט ער אויסגעשריען — אהרן סמיטשיק ?... אונזער אהרן ?... אונזער אלטער פּריקאשציק ? ליובא — האָט ער זיך א וואָרף געטאָהן צו איהר — דו לאַכסט ניט פון דיין פאָפּא'ן ?... דו האָסט איהם טאַקי געזעהען, דעם אלטען אהרן ?... ער לעבט נאָך...

— געוויס לעבט ער, אז איך האָב איהם געזעהן — האָט זיך ליובא ווידער א קעהר געטאָהן צו איהם מיט א שמייכלענדיגען פנים: — ער וועט דאָ היינט זיין... ער האָט מיך באלד דערקענט, ווי נור איך בין אריין אין פאבריק.. שוין א יאָהר פינף, וויא ער האָט מיך ניט געזעהען. זייט ער איז פון אונז אוועקגעפאָהרען צו זיין זוהן אין אמעריקא...

זיא איז אנשוויעגען געוואָרען. באָרים האָט געקוקט אויף איהר מיט גרויסע אויגען, אקוראט וויא ער וואָלט ניט געגלויבט זיינע אויערען.

אין זיין נעדעכניש האָט פלוצים אבגעלעבט דער אלטער אהרן מיט זיין אויביג־קאווירענדיגען שמייכעל אין דיא רויטע אויגען. ער האָט זיך דערמאָהנט, וויא מיט פינף יאָהר צוריק, בעת דער אלטער אהרן פאר זיין אוועקפאָהרען צו זיין זוהן אבראשא'ן קיין אמעריקא, האט זיך געזעגענט מיט איהם, באָריס'ן, זיין בעל־הבית, ביי וועלכען ער איז אָבגעוועזען אויף א פלאַטץ העכער פונפצעהן יאהר, פריהער מיט זיין זוהן אבראשא'ן און נאכדעם אליין, — וויא ער, דער אלטער, איז דאן צוגעפאלען צו איהם, באָריס'ען און צו אניוטא'ן און האָט זיי די הענד געקושט און געדאנקט מיט טרעהרען אין קול פאר דאָס ברויט, וואָס זיי האָבען איהם געגעבען עסען אזוי פיעל יאָהרען.. ער, באָריס, האָט זיך דאן אויך שיעור ניט צו־וויינט, זעגנענדיג זיך מיט דעם אלטען.. וויא שטרענג ער איז ניט געוועזען צו זיינע „מענשען", האָט באָריס דאן אין דער לעצטער מינוט ביי'ם זעגנען זיך פלוצים דערפיהלט א בענקעניש נאָך זיין אלטען, געטרייען בריקאשציק און עטוואָס, וואָס איז עהנליך געוועזען צו ליעבע... און צו דעם געלד, וואָס ער האָט איהם דאן געשענקט, האָט ער איהם צוגעלייגט נאָך א פינף־און־צוואנציגער און נאָך עטליכע שטיקלאך פון זיינע אלטע מלבושים...

— נעהם מיט זיך, אפשר וועט עס דיר דאָרט צוניטץ קומען — דאָט איהם דאן באָריס געזאָגט — אפשר וועט עס דאָרט דיין אבראשא'ן צוניץ קומען...

פון יענער צייט אָן האָט ער פון דעם אלטען אהרן ניט געהערט, און ווען ער, באָריס, איז אין אמעריקא געקומען, איז איהם אין קאָפּ ניט געלעגען נאכצופרעגען זיך אויף יענעם אין פלוצים דערצעהלט איהם ליבא. אז זיא האָט יענעם געזעהען אין דער פאבריק!...

— וואָס האָט ער געזאָגט, אז ער האָט דיך דערזעהען אין פאבריק? — האָט באָריס געפרעגט מיט א ציטערנדיגען קול פון אויפרעגונג.

— וואָס איז דער אונטערשייד? האָט ליובא געענטפערט, סטאַרענדיג זיך צו שמייכלען.

— דאָך.. האָט ער ניט געמיינט, אז דאָס איז דיין פאָטער'ס פאבריק?..

— ניין, דאָס האָט ער גראָד ניט געקענט מיינען — האָט ליובא געענטפערט — ער ווייסט צו גוט, וועמענ'ס פאבריק דאָס איז!.. אוי, ער האָט זיך אזוי צו־וויינט, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אז איך מוז ארבייטען! — האָט זיך ביי ליובא ניט ווילענדיג ארויסגעריסען.

— צו־וויינט? — האָט באָריס איבערגערעדט, און זיין קול דאָט א ציטער געטהאָן, דיא ליפען האָבען א צוק געטאָהן און דיא אויגען זיינע האָבען זיך פערצויגען מיט טרערען.

ער האָט אָבגעקעהרט דעם קאָפּ פון ליובא'ן, איז א ווײלע געשטאַנען, סטאַרענדיג זיך צו בעהערשען, דאן האָט ער ווידער ארויסגערעדט:

— יאָ, קיין וואונדער ניט, וואָס ער האָט זיך צו־וויינט... א געטרייער מענש... איבערגעגעבען געוועזען צו מיר מיט לייב און זעעל... פינפצעהן יאָהר איהם אויף פלאַטץ געהאַלטען.. זיין זוהן אבראשא'ן האָב איך אויך געגעבען אויף הוצאות קיין אמעריקא.. א לאַידאק א יונג געוועזען... יעדען טאָג האָט ער געמוזט כאַפּען פון מיר זיין פּאָרציע פעטש... א ניט האָט ער אליין געטאָהן קידער־ווידער... וואָס מאַכט ער, אבראשא־פאָדליעץ, האָט ער זיך עפּעס אויסגעמענשעלט אין אמעריקא? וואָס דערצעהלט אהרן?

— שאַ, פּאַפּאַ, בעליידיי נור ניט מיין ברוטי־געבער — האָט ליובא געזאָגט מיט א סארקאסטישען טאָן: — עס איז שוין ניטאָ מעהר קיין אבראשא־פאָדליעץ אויף דער וועלט, עס איז דאָ אנשטאָדט איהם א אייבי מיזקנעק...

— וואָס מיינסטו?

— איך מיין גאנץ איינפאך, פּאַפּאַ,

**דער פריהערדיגער אבראשא** כמיטשיק, וואָס האָט מיט יאָהרען צוריק ביי דיר געדיענט, הייסט איצט דאָ אין אַמעריקא אייבי מעקנעק און ער איז דער בעל־הבית פון דער פאבריק, וואודי, איך בין נעכטען אָנגעקומען ארבייטען. מיין ברויט־געבער...

— וואַ—אַס ? !..

באַרים האָט זיא אָנגעקוקט מיט נאָך גרעסערע אויגען.

— ערענסט, פאַפּאַ, איך בין אָנגעקומען צו דעם אַמאָליגען אבראשא'ן אין פאבריק ארבייטען, — האָט ליובא געזאָגט און בעמערקט, וויא איהר פאַטער איז פערוואונדערט און צומישט, איז זיא צו איהם צוגעגאַנגען, ארויפגעלעגט איהם א האַנד אויפ'ן אַקסעל און קוקענדיג איהם גלייך אין דיא אויגען, האָט זיא צוגעלייגט מיט א געמאַכטער פרעהליכקייט:

— באַרים עטינבערג, דעם קאָפּ דויך געהאַלטען!... מיר וועלען נאָך אַמאָל ווידער רייך זיין... אמעריקא איז א גאָלדענע לאַנד, ווען אַן אבראשא האָט זיך געקענט אזוי ארויפארבייטען...

— ליובא — האָט זיך ביי איהם ארויסגעריסען — דו לאַכסט ניט ?... אבראשא איז דאָ א...

— יא, פאַפּאַ, אבראשא איז דאָ א פאַבריקאַנט...

— און דו... און דו ארבייסט ביי איהם ? — האָט ער ארויסגערעדט מיט א הייזעריגען קול, אזוי וויא אין האַלז וואָלט ביי איהם געברענט.

— יא, פאַפּאַ — האָט זיא שטיל געענטפערט, פיהלענדיג אין איהר האַרצען איהר פאָטער'ס בעליידיגטע האַרץ..

ער האָט א דריק געטהאָן מיט דיא אַקסלען און גענומען געהן אויפגערעגט איבער'ן צימער הין און צוריק מיט שווערע הילכענדיגע טריט.

אין זיין געדעכנים האָט אָבגעלעבט אבראשא־פאַדליעץ, דער „יונג" וויא ער האָט יענעם געקענט און „דרך־ארץ געלערענט" מיט צעהן יאָהר צוריק, ווען יענער האָט ביי איהם געדיענט... **אָט** שטעהט דאַכט זיך יענער פאַר איהם אין קאַנטאָר, א בחור א יאָהר צוויי און צוואַנציג, מיט דעם היטעל אין האַנד, מיט דער רויטער טשופרינע איבער'ן שטערען, מיט'ן רוקען איינגעבויגט און קוקט אויף איהם מיט זיינע כיטרע־גנב'ישע אויגען, און ווארט אויף זיין בעפעהל.

— הייס איינשפּאַנען דעם פערד, אבראשא, און פאָהר אריבער צו ריטענבערג'ן און ברענג מיר א פּראָבע פון דיא קאָרען...

— דעם ווראָנעם איינשפּאַנען, גאָספּאָדין עטינבערג ? — פרעגט יענער מיט א גנב'ש קול.

— דעם בולאַנעם, פאַדליעץ, דעם אַלטען ! — טהוט ער א געשריי אויף אבראשא'ן, — דוא ווייסט, דאַכט זיך, באַלוואַן, אַז אויפ'ן ווראָנעם פאָהרט קיינער ניט אויסער מיר אליין...

— טאַק טאָטשנאָ'ם — ענטפערט אבראשא מיט א שולדיגער מינע, און לויפט ארויס פון קאַנטאָר.

און אָט זעהט ער, דאַכט זיך, יענעם אריינקומענדיג אין קאַנטאָר מיט דער פּראָבע קאָרען אין א קליינעם ווייסען זעקעלע.

באַרים עפענט דאָס זעקעלע, נעמט פון דאָרט ארויס א הייפעל קאָרען און קוקט אָן יענעם מיט ביידע אויגען.

— פון וואָס פאַר א קאָרן האָסטו געבראַכט א פּראָבע, פאַדליעץ ? — פרעגט ער יענעם.

יענער קוקט איהם אָן צושראָקען און שטאַמעלט:

— איהר האָט געזאָגט, גאָספּאָדין עטינבערג...

— איך האָב דיר געזאָגט, דוא זאָלסט מיר ברענגען א פּראָבע פון קאָרען האָב איך געמיינט, פּראַכוואָסט דוא, דוא זאָלסט מיר ברענגען אי פון דיא טרוקענע קאָרען, אי פון דיא סערמאַלאָטנע!... און דו האָסט מיר גע־

ברעכט נור פון דיא טרוקענע — האט באריס גענומען שרייען.

— טאק טאטשנא'ס — האט אבראשא געשטאמעלט.

— טאק טאטשנא'ס — האט איהם איבערגעמישט באריס — אבראשקא— פאדליעץ, אלע מאל טהוסטו פערקעהרט. פאשאל, סווינטוך! — האט ער א געשריי געטאהן און איהם א פאטש געטאהן איבער'ן רויטען קאפ:

— מא־ארש נאך דער פראבע!

אבראשא האט צומישט געקוקט אויף איהם און, שמייכלענדיג מיט א הינטישער מינע, האט ער געשטאמעלט:

— טאק טאטשנא'ס!

און איז ארויסגעלאפען פון קאנטאר.

דאן האט זיך באריס דערמאהנט אן דער סצענע, ווען יענער, אבראשא, האט זיך געזעגענט מיט איהם, מיט אכט יאהר צוריק, פאר יענעמס אבפאהרען קיין אמעריקא... באריס האט יענעם אויף הוצאות געגעבען, א נייעם קאסטום יענעם געקויפט.

— זייט געזונד, האספאדין עטינבערג — האט יענער געזאגט, קושענדיג איהם און אניוטא'ן דיא הענד.

און באריס'ען האט זיך געדאכט, אז ער הערט נאך איצט דייטליך אבראשא'ס קול און פיהלט נאך איצט יענעם'ס פייכטען קוש אויף זיין האנד.

— דוא, זיי מיר מוחל, אבראשא, טאמער האב איך דיר א מאל בעליידיגט מיט א פאטש — האט איהם דאן באריס געזאגט — איך האב דיין טובה געמיינט, פאר א מענשען האב איך דיך געוואלט מאכען...

— טאק טאטשנא'ס — האט אבראשא געענטפערט און, פערנייגענדיג זיך נאך א מאל טיעף און נאך א מאל זאגענדיג: „זייט געזונד, גאספאדין עטינבערג, מאדאם, און איהר, בארישניא ליובא", איז ער ארויס פון עטינבערג'ס רייכען הויז, בעגלייט פון זיין אלטען פאטער אהרן'ען, וואס איז איהם נאכגעגאנגען, ווישענדיג מיט דער פאלע פון זיין בגד דיא רויטע אויגען.

דאס איז געוועזן דאס לעצטע מאל, וואס באריס האט יענעם געזעהען...

און איצט מיט א מאל... וואס איז עס? ... יענער איז א פאבריקאנט אין אמעריקא און ער, באריס, איז א וואס? ... און זיין טאכטער, דיא בארישניא ליובא, זיא ארבייט אין פאבריק, און ביי וועמען? ביי זיין אמאליגען יונג... ביי אבראשא — פאדלעץ? ! ניין, עס מוז זיין א חלום... אויפ'ן וואהר קען עס נים זיין! ...

ער האט זיך אומגעקוקט אויף ליובא'ן. זיא איז געזעסען ביים טיש און האט פערטראכט געטרונקען טהעע.

— ליובא — האט ער ארויסגערעדט, אבשטעלענדיג זיך געגען איהר:

— איז עס נים א חלום, אז יענער, אט דער אבראשא, איז א... און דוא ארבייטסט ביי...

— זייט געזונד, גאספאדין עטינארויסצורייזען דאס ווארט „איהם"...

— ניין, פאפא, עס איז נים קיין חלום... אבראשא אדער מיסטער מעקנעק, וויא ער הייסט דא, זאגט מען, איז זעהר רייך... וואלסטו זעהען א פאבריק...

— מען קען פון זינען ארונטער!

— האט ער ארויסגעשעפצעט, דריקענדיג מיט דיא פלייצעס: — אוי, וויא דאס רעדעלע האט זיך א דרעה געטהאן!

— האט ער א קרעכץ געטהאן און גענומען ווידער מעסטען דאס צימער הין און צוריק מיט נאך הילכענדיגערע טריט.

און פלוצים האט ער זיך צולאכט שטיל, שטיל און מיט גאל.

— מיין קאנטארשציק וואלאדיא איז א דאקטאר עפשטיין, מיין יונג אבראשא איז דא א פאבריקאנט... און איך — האט ער גערעדט מיט גאל —

און איך, באַרים עטינבערג בין אַ... אַ... און מיין קינד איז אַ „מענש" ביי מיין אַמאָליגען יונג... ליובא — האָט ער זיך אַ קעהר געטהאָן צו איהר מיט צומישטע אויגען: — מיר דאַכט זיך, אַז גאָט האָט אונז אַראָבגעבראַכט קיין אַמעריקאַ, אום אַז אונזערע אַמאָליגע „מענשען", וואָס האָבען געדיענט ביי אונז, זאָלען קענען לאַכען פון אונז, זאָלען זיך קענען אין אונזער בלוט באָדען...

— וואָס רעדסטו, פּאַפּאַ? — האָט ליובא געזאָגט — דאָקטאָר עפּשטיין האָט ניט קיין נקמה אָן דיר, דוא קענסט איהם ניט...

— איך קען איהם, איך קען זיי אַלעמען — האָט ער זיך צולאַכט — אוי, וויא איך קען זיי און זיי מיך!... זיי האָבען נקמה אָן מיר, זיי וועלען האָבען... אַלע, אַלע!...

ער איז אַנשווייגען געוואָרען, איז צוגעגאַנגען צום איינציגען, דונקעלען פענסטער און געבליעבען שטעהן.

און ער האָט געפיהלט, אַזוי וויא פון אַלע, אַלע זייטען וואָלט מען איהם אַרויסגעשטעקט אַ לאַנגע, לאַנגע צונג...

— דוא געה ניט מעהר צו איהם אין פאַבריק — האָט ער זיך דאָן אַ קעהר געטהאָן צו איהר און צוגעהענדיג צו איהר נאָהענט, האָט ער צוגעלייגט מיט אַ פערשטיקטען קול:

— מיך וואונדערט, וואָס דוא, ליובא... וויא אַזוי האָסטו גאָר געקענט דאָרט פערבלייבען איין מינוט אַרבייטען ביי דיין פּאַפּאַ'ס אַמאָליגען יונג?... און דיין פּנים האָט גאָר ניט געברענט, האַ?...

— אַך, פּאַפּאַ — האָט מיט ביטערניש געענטפערט ליובא — וואָס איז דער אונטערשיעד, וועמען איך פערקויף מיינע „הענד?"...

פילאָזאָפיר מיר ניט, ליובא!

— האָט ער אַ געשריי געטהאָן אויפגערעגט, האָט אָבער באַלד אומגעביטען זיין בייזען טאָן אויף אַ ווייכען, בעטענדיגען און רחמנות'דיגען: — ליובא, געה ניט מעהר צו איהם אַרבייטען... איך וועל אַזאַ שאַנדע ניט אַריבערטראָגען.... פערשטעה דאָך, דיטיאַטקאַ, ער, אַבראַשאַ, דיין ברויטגעבער!... דוא זאָגסט: דוא פערקויפסט איהם דיינע „הענד"... ניין, ניין, טאָכטערל, ניט דיינע הענד אַליין, נור דיין פּאַפּאַ'ס הארץ און נשמה אויך!... ליובא, גלויב מיר, ווען איך וואָלט געקראָגען פייערדיגע פּעטש, וואָלט איך זיך ניט געפיהלט וויא איצט, ווען איך האָב דאָס דערוואוסט... עך, ראַספּראָקליאַטאיאַ טי אַמעריקאַ, דוא פערשאָלטענע, פּאַגאַנע לאַנד דוא! — האָט ער אויסגעשריען מיט וועהטאָג און גאַל אין קול — פאַר וואָס האָבען זיי מיך שוין דאָרט, אין דער היים, ניט דערהרג'עט אויך!...

— פּאַפּאַטשקאַ — איז ליובא אויפגעשפּרונגען מיט אַן אויסדרוק פון רחמנות אויף איהר יונגען פּנים און האָט זיך ארומגעכאַפּט מיט איהרע ביידע אָרעמס ארום זיין נאַקען: — פּאַפּאַטשקאַ, זיי ניט אַזוי פערצווייפעלט, גלויב מיר, עס וועט נאָך אַלעס גוט זיין.. אַמעריקאַ איז אַ טייערע לאַנד, פּאַפּאַטשקאַ, קיין כוליגאַנעס זיינען דאָ ניטאָ... מען דאַרף דאָ ניט מורא האָבען פאַר'ן לעבען... איד, קריסט — אַלע זיינען דאָ גלייכע מענשען מיט גלייכע רעכטע... אַלע האָבען דאָ דיא מעגליכקייט אַרויפצואַרבייטען זיך, אפילו דיא אַבראַשאַ'ס אויך... און דוא וועסט זיך אודאי דאָ אַרויפאַרבייטען... נאָך אַ יאָהר, נאָך אַ יאָהר, וועסט ווידער שפּיעלען דיין פריהערדיגע ראָלע...

און זיא האָט עס געזאָגט מיט אַזאַ ווייכקייט און וואַרימקייט אין קול, אַז ביי איהר פאָטער זייגען דיא אויגען

פערלאפען מיט טרעהרען, אויף א רגע איז פון זיין הארצען דיא כמארע אראב און אין זיין נשמה האט דיא האפנונג א שיין געטהאן מיט אלע איהרע שעהנע קאלירען...

— אך, ליובא — האט ער געזאגט מיט איבערצייגונג אין קול — ווען איך וואלט איצט געהאט כאטש א קליינען טהייל פון מיין פריהערדיגען פערמעגען, איך וואלט דא אזוינס אויפגעטאן... איך בין אליין שולדיג!...

און געזאגט עס, איז איהם וויעדער שווער געווארען אויפ'ן הארצען, און ער האט א זיפץ געטהאן.

אין צימער איז אריין אניוטא אין דעם מאנטעל מיט דעם פיקסענעם קאלנער. אין דיא הענד האט זיא געטראגען א פאפירענעם זעקעלע מיט עסענ־ווארג. און פלוצים האט זיך באריסאן גענו־מען דאכטען, אז דער מאנטעל מיט דעם פיקסענעם קאלנער קוקט אויף איהם מיט רחמנות, אזוי אונמוטיג, אזוי טרויעריג...

ער האט מיט ציטערדיגע הענד אראבגענומען דעם מאנטעל פון אניוטא'ס פלייצעס, אומגעדרעהט איהם מיט'ן פיקסענעם אונטערשלאג ארויף, גענומען איהם גלעטען און מורמלען: „ניטשעהא! ניטשעהא! מיר וועלען גאר..."

און דא האט איהם גענומען ווערגען און שטיקען אין האלז, דיא אויגען זיינע האבען זיך פערצייגען מיט טרערן. ער האט פערשעמט דיא צייהן, א טרייסעל געטהאן מיט'ן קאפ און, האלטענדיג דעם מאנטעל אין דיא הענד, האט ער זיך שטילערהייט, אז אניוטא און ליובא זאלען ניט בעמערקען, אריינגעגנב'עט אין שלאף־צימער און צוגעמאכט דיא טהיר...

דארט האט ער זיך אנידערגעזעצט אויפ'ן ברעג בעט און צוגערעקט דעם פנים מיט ביידע הענד....

דאס זיינען געווען דיא ערשטע טרערען, וואס בארים עטינבערג האט פערגאסען אין אמעריקא...

3.

אך, ווען ער וואלט איצט געווען אליין אין הויז, ווען אניוטא און ליובא וואלטען אין הויז ניט געווען, וואלט ער זיך צו־וויינט אויפ'ן קול... ער איז געווען אזוי אויפגערעגט און פערצווייפעלט, אז ער האט געפיהלט, ער מוז עפעס טהאן אזוינס, וואס זאל איהם בערוהיגען...

אין דיא גוטע יאהרען אין דערהיים, ווען ער, בארים עטינבערג, איז געווען אויפגערעגט, האט ער זיך געקענט בערוהיגען מיט טאפשען מיט די פיס, מיט א בייזען געשריי אויף זיינע פריקאשציקעס און אפטמאל מיט א פאטש אויך... אבער איצט!... ווער איז ער? וואס איז ער? וואס פאר א פריץ? א קבצן איז ער... א ארימער ארבייטער, וואס זיין טאכטער איז געצוואונגען צו געהן זוכען ברויט ביי אבראשא'ן, ביי זיין אמאליגען יונג!... איין זאך איז איהם איצט פערבליעבען, נור איין זאך: וויינען, וויינען און וויינען... אך, ווען ער וואלט איצט געווען אליין אין הויז!...

עטוואס שווערעס, ביטערעס און עלענדעס האט איהם אין גאנצען ארומגענומען, וויא דיא פינסטערע יעסין־נאכט, און איהם געדריקט און געשטיקט...

„און וויא שנעל דאס רעדעלע פון'ם מזל דרעהט זיך!"... — איז איהם אריינגעפאלען אין קאפ, און ער האט גענומען טראכטען בייז, מיט פערצווייפלונג:

ער אליין איז אויך שולדיג!... ער האט געקענט זיך אבשטעלען ביי א היבשען קאפיטאל, אפילו נאך יענעם אונגליק אויף, ווען ער וואלט נור געוואוסט, וויא צו פיהרען זיך!... צוואנציג יאהר געלעבט זיך אין קיעוו, געפיהרט גרויסע געשעפטען פון געטריידע... טויזענדער א יאהר געקענט אבליגען אין קאפיטאל. ער האט אבער געשאטען געלד מיט פולע הויפענס... כבוד האט ער געוואלט, דער נאמען בארים עטינבערג זאל זיין וויט בעקאנט... נאך מיט א יאהר און א האלב צוריק פאר דעם פאגראם, בעת דער רוסיש־יאפאנעזישער מלחמה, האט ער געשענקט פינף הונדערט רובעל אויפ'ן „רויטען־קרייץ"... היינט וויעפיעל פלעגט ער שענקען אויף מאנומענטען, וואס מען פלעגט שטעלען פערשיעדענע רעגיערונגס פערזאנען... זאגאר אויף נייע קלויסטערס האט ער פיעל מאל געלד געשענקט... היינט וויפיעל האט איהם אבגעקאסט דיא נייע שוהל, כאטש ער איז ניט געוועזן פרום?.. היינט דיא חברה גמילות חסדים און די אנדערע אנשטאלטען, סיי אידישע און סיי קריסטליכע?... געלד איז ביי איהם גאר נישט ווערטה געווען... פערדיענט לייכט און נאך לייכטער אויסגעגעבען... אלעם האט ער אונטערשטיצט און יעדען... פון א גוטער זאך קיינמאל זיך ניט אבגעזאגט... געמיינט, אז מען וועט איהם דערפאר שאנעווען און, ווער וויסט? אפשר נאך וועט ער זיך דערדיענען א מעדאל פון דער רעגיערונג?...

אך, א נאר איז ער געווען, בארים עטינבערג, א גרויסער עזעל!... געקוילעט זיך,געקוילעט אניוטא'ן, געקוילעט ליובא'ן, און צוליעב וואס?... צוליעב וועמען?!...

האט מען זיין הויז ניט צוטראגען? האט מען זיין טהייערע מעבעל ניט צובראכען?... האט מען זיינע ווערטהפאלע חפצים ניט צורויבט?... האט מען זיין שפייכלער ניט צוראבירט?... און ווען ער מיט זיין ווייב און טאכטער, וואלטען זיך דאן ניט בעהאלטען ביי פאניקא'ן, זיין סטאראזש, אין קעלער, וואלט מען איהם דען ניט דערהרג'עט?... אפשר טשוואקעס אין קאפ וואלט מען איהם געקלאפט, וויא מען האט געטהאן אנדערע... און זיין אניטא'ן און זיין שעהנע זיעבצעהן־יעהריגע ליובא'ן וואלטען דיא כוליגאנעס געווים...

ער האט א ציטער געטהאן און מיט גוואלד האט ער פערטריעבען אט דעם דאזיגען שרעקליכען געדאנק פון'ם מוח...

דאן האט ער מעהר ניט געוואלט פערבלייבען אין רוסלאנד... ער האט זיך געפיהלט טיעף בעליידיגט, בערויבט פון אלעם, אלעם: אי פון זיין פערמעגען, אי פון זיינע האפנונגען, פון זיין נאמען, פון זיין עהרע, פון אלעם דעם, מיט וואס ער האט ביז אהער געאטהעמט געשטאלצירט און וואס ביי איהם האט געהייסען דאס לעבען... ער האט בעשלאסען צו פאהרען קיין אמעריקא... דארט, אין דעם פרייען לאנד, איז ניטא קיין „יעווריסקי וואפראס", קיינע פאגראמען און ער וועט קענען לעבען א פרייער מענש. דארט, מיט זיינע געשעפטס־פעהיגקייטען, וועט ער גלייך פערנעהמען א הויכען פלאץ!...

יא, ער איז אליין שולדיג!... ווען ער וואלט פריהער ניט געווארפען אזוי מיט געלד, וואלט נאך'ן פאגראם זיך אויך ביי איהם אבגעשטעלט א היבשער פערמעגען... אזוי אבער האט ער קוים צונויפגעקלאפט נאך'ן פאגראם עטליכע טויזענד רוביל און אפילו דיעזע סומע איז ביי איהם אוועק, וויא מיט רויך!...

אך, וויא אונפראקטיש ער איז געווען, אז אמת'ער גרינהארן!...

איפ'ן וועג נאך אמעריקא האט ער

פערבראכט אין פאריז, אין לאנדאן, איינ־געשטאנען מיט זיין ווייב און מאכטער אין דיא טהייערסטע האטעלען... אויפ'ן שיף געפאהרען אין ערשטען קלאסס... דא אין ניו יארק איינגעפאהרען אין א טהייערען האטעל.. פון דיא צעהנ־רובילדיגע געווארען פינף דאלארדיגע און דיעזע זיינען צוגאנגען, וויא רויך...

אך, ווען ער וואלט דאן געהאט זיין איצטיגען שכל! . . .

ער האט זיך דערמאנט, וויא איינ־מאל האט איהם אויף גרענד סטריט אבגעשטעלט א יונגערמאן מיט א פער־וואונדערטען געשריי:

— מיסטער עטינבערג!...

ער האט גלייך דערקענט דעם יונ־גענמאן.

— וואלאדיא! — האט ער פון זיין זייט מיט התפעלות אויסגעשריען, אנ־געכאפט יענעם פארביידע הענד און שטארק זיי געשאקעלט. האט זיך זאגאר געוואלט יענעם אויפ'ן האלז ווארפען...

דער יונגערמאן איז געווען זיין אמאליגער קאנטארשציק וואלאדיא.

ער האט איהם געבראכט צו זיך אין האטעל און געפרעהט זיך מיט איהם. אניוטא האט אויך דערקענט דעם יונ־גענמאן, און איהם ווי אן אלטען גוטען פריינד אויפגענומען.

ליובא האט איהם ניט דערקענט, ווארום ער האט זיא פערלאזען מיט 10 יאהר צוריק, ווען ער איז אלט געווען צוואנציג יאהר און זיא — אכט... דאך האט זיא זיך מיט איהם זעהר געפרעהט, ווארום ער איז געווען דער ערשטער היי־מישער מענש, וואס זיי האבען געטרא־פען פאר דיא פינף וואכען, זייט זיי זיי־נען אין אמעריקא...

דער יונגערמאן האט זיי דערצעהלט, אז ער האט דא אויסשטודירט דאקטאר און האט א היבשע פראקטיקע.

און בארים עטינבערג, געדענקט, וואס פאר א שווערען איינדרוק עס האט אויף איהם געמאכט אט דיא דאזיגע אונערווארטעטע נייעס.

ער האט געפיהלט, אזוי וויא ער וואלט פלוצים געפאלען ביי זיך אליין אין דיא אויגען, אקוראט וויא וואלאדיא האט אויסגעשטודירט דאקטאר נור איהם, זיין פריהערדיגען בעל הבית, אויף צו־להכעיס, אום צו ערנידעריגען איהם. אום צו צייגען איהם, עטינבערג'ן, אז ער, וואלאדיא, לאכט זיך אויס איצט פון איהם...

ער האט זיך גלייך אויפ'ן ארט ניט געקענט איינהאלטען און בעמערקט מיט א סארקאסטישען טאן:

— דא קען הפנים יעדער ווערען א דאקטאר... א פרייעס לאנד...

— ניט יעדער, נור דער וואס שטו־דירט און לערענט — האט איהם גע־ענטפערט דער יונגערמאן.

— אבער דוא, וואלאדיא... דוא האסט דאך גאר קיינמאל ניט געחלום'ט פון אזוינע זאכען!...

— ניט אמת, אימער... ווען איך וואלט אין רוסלאנד געהאט דיא מעג־ליכקייט, וואלט איך אין רוסלאנד אויך געשטודירט — האט דער יונגערמאן גע־זאגט.

— דוא הערסט, אניוטא, אט וויים, וואס פאר א מענשען עס האבען ביי אונז געדיענט... האט עטינבערג דאן געזאגט.

און עטינבערג געדענקט, וויא דער יונגערמאן איז ביי דעם רויט געווארען און געענטפערט מיט פערדרוס:

— איך האב דא פריהער געאר־בייט אפילו אין דיא שוויץ־פאבריקען אויך, און איך שעהם זיך מיט דעם גאר ניט...

אניוטא און ליובא האבען זיך

אריינגעמישט און איהם גענומען לויבען פאר דיא ענערגיע, וואס ער האט דא ארויסגעוויזען... איבערהויפט ליובא, זיא האט גערעדט מיט אמת'ער התפעלות וועגען דעם, וואס ער האט געארבייט און געשטודירט...

— איך וועל אויך אריינטרעטען אין אוניווערזיטעט, איך וועל נאכטהאן אייער ביישפיעל — האט זיא גערעדט צוהיצט, מיט ברענענדיגע אויגען: — וועט מיין דיפלאם פון גימנאזיע דא מיר צוניץ קומען?...

— געווים...

און עטינבערג גערענקט, וויא ער האט זיך צולאכט בעת זיא האט געזאגט, אז זיא וועט נאכטהאן וואלאדיא'ס ביישפיעל.

— דוא וועסט אויך געהן ארבייטען אין דיא שוויץ-פאבריקען, וויא ער, הא?...

— געווים, אויב מיר וועט אויס־קומען! — האט ליובא געענטפערט מיט היץ.

— דו הערסט, אניוטא, דו הערסט? כא! כא! כא! — האט זיך עטינבערג צולאכט — א נייע פאבריק ארבייטערין האבען מיר געבראכט קיין אמעריקא!... שוייג, שווייג, דוראטשקא דוא! — האט ער זיא גוטמוטהיג א סטראשע גע־טהאן מיט א פינגער.

נאכדעם האט מען גענומען ריידען וועגען דיא אורזאכען, וואס האט זיי געצוואונגען צו פערלאזען רוסלאנד, וועגען דיא פאגראמען, און אלע האבען מיט א מאל גענומען ריידען שטילער, אקוראט וויא אין צימער וואלט א בר כינן געלעגען... אין דיא שטימען האט זיך געהערט א פערשטיקטער טרויער, פון דיא אויגען האבען ארויסגעקוקט שמערץ און מורא און דאס גאנצע צימער איז וויא פול געווארען מיט צוריסענע אברים, צושפאלטענע קעפ, אויגען מיט

טשוואקעס און בייכער, אנגעשטאפט מיט פעדערן... דאס גאנצע בלוטיגע בילד פון דיא לעצטע פאגראמען אין רוסלאנד האט זיך אויף א וויילע אב־געטונקט אין דעם גראמען צימער פון'ם ניו יארקער האטעל...

— ברויט מיט וואסער עסען — האט בארים עטינבערג דאן געזאגט — אבי ניט אנצוקוקען מעהר רוסלאנד...

— אמת! — האט אניוטא מיט איהם מסכים געווען.

— אפילו געהן דא אין פאבריק אר־ביימען! — האט ליובא מיט היץ אונ־טערגעכאפט.

— אפילו האלץ האקען, שלעפען דיא שווערסטע משא — האט זיך גע־היצט בארים עטינבערג — א קליינינ־קייט, וויא דער איד פיהלט זיך אין רוס־לאנד — ערגער, וויא א הונד!...

און דערמאנט זיך איצט אויף יענע רייד, וואס זיינען ביי איהם דאן ארויס־גערופען געווארען אונטער דעם איינ־דרוק פון דיא פאגראם ערינערונגען. האט בארים מיט ביטערניש א טראכט געטהאן:

— עה, גרינהאן, גרינהארן, וויא איך האב דאן ניט געקאנט אמעריקא!...

וואלאדיא האט זיי בעזוכט יעדען טאג, אמאל מיט זיין פרוי. ער איז זייט כיער יאהר געוועזן פערהייראטעט. גאנץ אפט פלעגט ער געהן מיט ליובא'ן אין א טהעאטער, אמאל זאלבענאנד און א מאל זאלבעדריט, מיט זיין פרוי צו־זאמען.

ליובא האט איהם גערופען „דאק־טאר עפשטיין", וויא ער האט דא גע־הייסען אין ניו יארק; עטינבערג אבער האט איהם ניט געוואלט צוליעב טהאן און איהם גערופען פשוט „וואלאדיא". מיינענדיג מיט דעם איהם צו ווייזען, אז ער האט נאך ניט פערגעסען, וואס

ער, דאקטאר עפשטיין, איז געווען אמאל און זאל ער ניט פערדרייסען דיא נאז...

בארים עטינבערג דערמאנט זיך נאך, וויא איינמאל איז ליובא, צוריקקעהרענדיג זיך פון א שפאציער-גאנג מיט וואלאדיא'ן, צוגעשטאנען צו איהם, עטינבערג'ן, ער זאל א וואהנונג נעהמען און זאל זיך נעהמען עפעס טהאן...

וואו זיינען דאן געווען זיינע אויגען, זיין פערשטאנד? ער האט אלץ געענטפערט: אט באלד — באלד... ער וועט זיך נור ארומזעהען, וועט זיך א געשעפט נור אויסקלייבען און נאכהער וועט ער שוין א וואוינונג אויך נעהמען...

און דערווייל איז געלאפען א מאנאט נאך א מאנאט, פון דעם געלד איז געווארען אלץ וועניגער און וועניגער, קיין געשעפט האט ער זיך נאך ניט אויפגעזוכט און איבערהויפט האט ער ניט געוואוסט, צו וואס מען נעהמט זיך, סיידען צו ווערען א פעדלער... און איידער א פעדלער צו ווערען, וואלט זיך בארים עטינבערג בעסער דערשטיקט...

ער האט זיך דערמאנט אן דעם איינדרוק, וואס האבען אויף איהם שפעטער געמאכט דיא סארע ווענט פון זיין איצטיגער וואוינונג, ווען ער האט זיי דעם ערשטען מאל דערזעהען. עס האט ביי איהם אבגענומען דיא צונג פון שרעק. אזוי פיהלט זיך א פרייער מענש, ווען ער דערזעהט פאר זיך דאס ערשטע מאל דיא פינסטערע ווענד פון א טורמע, אין וועלכער ער מוז פערברענגען אן אונבעשטימטע צייט...

עס האט זיך איהם ניט געגלויבט, אז דיא דאזיגע פינסטערע ענגע דריי צימערען, אדער, וויא ער האט עס גערופען „דיעזער שווינען-שטאל", זאל זיין דיא וואהנונג פון איהם, בארים עטינבערג, און זיין פאמיליע...

און דאך איז עס געווען א פאקט, א טרויעריגער פאקט, ער האט זיך אנדערש ניט געקענט העלפען — ביי איהם האבען זיך אבגעשטעלט דיא לעצטע הונדערט דאלאר און מיט דיעזע געלד האט מען נאך געדארפט איינקויפען מעבעל פאר דעם הויז...

דאקטאר עפשטיין האט איהם אפילו פארגעשלאגען צו לייהען אביסעל געלד פאר א בעסערע וואהנונג, ער האט זיך אבער פון דעם אבגעזאגט, ער האט זיך זאגאר בעליידיגט.

— ווען דוא, וואלאדיא, האסט פון דיין ארבייט געקאנט ווערען א דאקטאר, וועל איך, האף איך, דא ווערען פון מיין ארבייט א פראפעסאר, יא!... — האט ער געזאגט — וואס דענקסטו, אז איך האב איצט ניט קיין געלד, בין איך שוין ניט איך, וועל איך פון יעדען אננעהמען טובות? — נאפליעוואט!...

ער האט זיך דערמאנט, וויא שטארק ער האט געליטען גייסטיג, ווען ליובא איז אוועק ארבייטען אין א העמדען-פאבריק. (ער אליין האט ערשט דאן געטראכט, צו וואס פאר אן ארבייט מען נעהמט זיך, פון וועלכער ער זאל קענען נאכדעם אליין מאכען א פאבריק.), ער האט דאן אזוי געליטען... איהם האט זיך אויסגעוויזען, אז דיא גאנצע וועלט ווייסט פון דעם, אז בארים עטינבערג'ס טאכטער איז געווארען א פאבריק-ארבייטערין... אז ווען ער געהט אין גאס, טייטעלט מען אויף איהם מיט דיא פינגער און מען שושקעט זיך: „אט, זיין טאכטער איז אויך געווארען א פאבריק-ארבייטערין... אזא עושר געווען מיט עטליכע יאהר צוריק און איצט... נעבאך!..." מען לייגט אויף איהם גרויס רחמנות... דיא אויגען פלעגען ביי איהם דאן פערלויפען מיט טרערען און דאס הארץ פלעגט ביי איהם וויינען, וויינען...

ער איז דאן ארומגעגאנגען וויא אין א שווערען טשאד, האט זיך קיין ארט

ניט געקענט געפינען. און די ערשטע וואך, ווען ליובא פלעגט קומען אהיים פון דער ארבייט, פלעגט ער זיך שעהמען קוקען איהר גלייך אין די אויגען. אזוי ווי ער וואלט זיך געפיהלט פאר איהר שולדיג... און דורך אניוטא'ן נור פלעגט ער זיך נאכפרעגען, ווי אזוי ביי איהר, ליובא'ן, געהט די ארבייט און אויב עס איז איהר שווער...

אויף דער צווייטער וואך, ווען ליובא האט געבראכט איהרע ערשטע פערדיענטע דריי דאלאר פון פאבריק און האט זיי איהם דערלאנגט, איז ער צומישט און רויט געווארען און האט זיך פערשעהמט, ווי א קליין קינד. ער האט ניט געוואלט נעהמען דאס געלד און ביי איהם האט זיך ניט ווילענדיג ארויסגעריסען:

— נעהם דאס, ליובינקא, פאר זיך, אויף קאנפעקטען!...

אויך געדענקט ער קלאר דעם איינדרוק, וואס אויף איהם האט דאס ערשטע מאל געמאכט דאס סיגאר־פאבריק'ל, וואו ער האט זיך געלערנט די מלאכה און וואו ער האט איצט געארבייט.

דאס פאבריקעל איז א סיגאר קרעמעל אויף לודלאוו סטריט... פון פארענט פערקויפט מען סיגארען, סיגארעטס, שוועבעלאך, קאנפעקטען, קינדערשע שפיעל געצייג, פאפיר און אנדערע זאכען... הינטען איז אבגעצאמט מיט געפלאכטענע דראט א גרויסע, גרויסע שטייג, וואו עס שטעהען אין דער גאנצער לייננ א פאר טישען מיט אנגעווארפענע לאנגע, הילצערנע סיגארפורמס... א פאאר מיידלאך, מיט פערקאשערטע ארבעל, מיט פערשוויצטע פנים'ער, זיצען און קלייבען טאבאק אין פויסט מיט פיעבערישער שנעלקייט, לייגען איהם אין א שטיקעל אויסגעשפרייטען טאבאק־בלאט, וויקלען איהם מיט דער זעלבינער שנעלקייט, בויגען דערביי מיט די פינגער, אזוי ווי זיי וואלטען פיאנא געשפיעלט, און שפארען איהם אריין אין הילצערנעם פורעם. דערביי ווארפען זיי מיט די ארעמס, מיט'ן קאפ, מיט דער האלז, מיט די פלייצעס, בויגען און גלייכען אויס די רוקענס, אקוראט ווי אנשטאט ביידנער וואלטען די מיידלאך ספרוזשינעס געהאט...

די לופט אין מענשען שטייג איז געפרעסט, אנגעפילט מיט א ווארימען, שארפען ריח פון טאבאק...

ביי דעם זעלבען טיש, ניט ווייט פון די מיידלאך, זיצט א בלייכער איד מיט א געלען צופלאנטערטען בארד, מיט געלע צושויבערטע האר אויפ'ן קאפ, אין א צושפילעטען ווייסען העמד, פון וועלכען עס קוקט ארויס א פערשוויצטע געל־האאריגע ברוסט, און מיט פערקאשערטע ארבעל איבער די עלענבויגענס. די שלייקעס זיינען ביי איהם ארונטערגעלאזען, הענגען ארונטער פון שטול נאהענט צו דער ערד...

ער וויקעלט די געפרעסטע, נאך ניט־פארטיגע סיגארען אין וויקעל־בלעטער... אין האנד האלט ער א מעסער מיט א שארפען שפיץ; אויפ'ן טיש ליגט פאר איהם אויסגעשפרייט א ברייטער, שעהנער טאבאק־בלאט, און א זייט א געפרעסטער פורים מיט נאך ניט־אויסגעארבייטע סיגארען. ער טראכט א ווייליגקע, וויפיעל וויקעל־בלעטער מען קען פון דעם בלאט אויסשניידען, זיין האנד מיט'ן מעסער איז בעת מעשה ווי פערגליווערט אין לופטען איבער'ן בלאט. און אט האט ער, ווי מיט רציחה, ארייגעהאקט דעם שפיציגען מעסער אין דער לייננ פון'ם בלאט... נאך א צווייטען, א דריטען שניט, און דער בלאט איז צושניטען אויף דריי שטיקער. דאן ווארפט ער אב דעם מעסער אן א זייט, כאפט ארויס פון פורעם א נער

פרעסטען, נים קיין אויסגעארבייטען סי־
גאר, מאכט איהם פייכט מיט דיא לי־
פען און פאנגט אן איהם צו וויקלען מיט
דיא פינגער אין דעם וויקעל־בלאט,
דערביי שאקעלט ער זיך צו מיט דעם
אייבערשטען האלבען קערפער, אזוי ווי
ער וואלט תהילים געזאגט, און כאפעט...

דער פאבריקאנט'ל, א בלייכער יונ־
גערמאנטשיק אין ברילען, מיט א לאנ־
גער נאז, מיט וועלכער ער פייפט שטענ־
דיג, הפנים ווייל זיא איז ביי איהם
פערלייגט, שטעהט ביי א בע־
זונדערען טיש און פאקט אין קעסטע־
לאך סיגארען...

בארים עטינבערג זיצט און קוקט זיך
צו, וויא מען ארבייט... דער פאבריקאנ־
טעל, וואס האט איהם אריינגענומען
לערנען דיא מלאכה, האט איהם געהיי־
סען דעם ערשטען טאג זיך צוקוקען...

ער זיצט ניט ווייט פון דיא מיידלאך
אויף א שטול, גלעט דעם בארד, רייבט
דיא נאז, וואס בייסט איהם פון דעם
טאבאק, און יעדעס מאל, ווען א מיידעל
טהוט א קוק אויף איהם, ווייזט זיך איהם
אויס, אז זיא קען איהם, אז זיא לייגט
אויף איהם גרויס רחמנות. ער טהוט
שטארקער א גלעט דעם בארד און קערט
אב דעם קאפ...

ווען דיא מיידלאך ריידען צווישען
זיך, דוכט זיך איהם אב, אז זיי ריידען
וועגען איהם, וואס אזא מענש וויא ער
דארף לערנען... וואס?.... צו זיין א הונד
אין א שטייג!...

און אין איהם האט זיך דאן ער־
וועקט א גרויס רחמנות צו זיך אליין.
— אט וואס איך האב דערלעבט!—
האט ער געטראכט.

— פון וואנען איז א לאנדסמאן?
— האט זיך פלוצים צו איהם א קעהר
געטהאן דער איד מיט דעם געלען בארד.
**הער מאן און דיא גאנצע פראגע**

האט איהם, עטינבערג'ן, שטארק אויפ־
גערעגט.
— אט א מחותן מיט מיר!... וויל
שוין אריינקריכען אין דער נשמה! —
האט ער געטראכט און ניט געענטפערט.
— פון וואנען איז א לאנדסמאן?
— האט יענער געפרעגט העכער, מיי־
נענדיג הפנים, אז בארים עטינבערג ענט־
פערט איהם ניט, ווייל ער איז טויב...
— פון א לאנד, פון א לאנד, געוויס
ניט פון'ם הימעל! א טאטע־מאמעס א
זוהן, א איד! — האט בייז אויסגעשא־
סען בארים עטינבערג אין איין אטהעם,
קוקענדיג ארום זיך מיט גרויסע, אויס־
געקאטשעטע אויגען.

אלע האבען איהם אנגעקוקט מיט
גרויסע אויגען; דיא מיידלאך האבען
פארשטעלט דעם מויל מיט דיא הענד,
בכדי צו פערשטיקען דאס געלעכטער;
דער פאבריקאנטעל האט א קוק געטהאן
פערוואונדערט אויף בארים'ן און האט
געשמאק א פייף געטהאן מיט דער נאז
און דער איד מיט דעם געלען בארד האט
ווידער געפרעגט מיט איראניע:
— אזוי? פון א טאטע־מאמע? און
איך האב געדענקט, אז פון א שטיק
האלץ!

און בארים עטינבערג געדענקט,
ווי ער האט דאן גלייך דערפיהלט זיין
נארישע לאגע, האט א קוק געטהאן אויף
דעם אידען מיט דעם געלען בארד אזוי
רחמנות'דיג און געמורמעלט כמעט מיט
א בעטענדיגער שטימע:
— האט קיין פאראיבעל ניט... איך
האב נישט געמיינט... איך בין פון קיעוו.
און דערביי האט ער זיך געמוטשעט
און געטראכט מיט גאל:
— בארים, פערגעס, ווער דו ביזט,
פערגעס דיין האנער... געדענק, אז דיין
ליובא ארבייט אין א פאבריק... אז דיין
אניוטא דארף האבען אויף ברויט... גע־
דענק, אז דו ביזט שוין ניט מעהר בא־

רים עטינבערג, נור זיין שאטען. געדענק, באַרים, געדענק!...

אין צוויי וואכען ארום האט ער זיך אבער שוין געהאט צוגעוועהנט אי צו דער „שטייגעל", אי צו דיא ארבייטער. דיא ארבייטער האבען נאך איצט אויך קלאר ניט געוואוסט, ווער ער איז. דער־צו האט זיך באַרים געטרייסט מיט דיא האפנונגען, אז ער וועט זיך נור גוט אויסלערנען דיא ארבייט, וועט ער אליין מאכען אן אייגענע פאבריק. ניש־קשה, ער מיט זיינע געשעפטס־פעהיגקייטען וועט שוין... ניש־קשה! — האט ער גע־האפט...

דיא לעצטע צייט האט ער שוין פערדיענט פיער דאלאר א וואך. דיא ארבייט האט ער געקענט ניט שלעכט... ווען ער וואלט כאטש איצט געהאט עט־ליכע הונדערט דאלאר!...

און טראכטענדיג אזוי, האט ער זיך וויעדער דערמאנט אן זיין יונג אבראשאן און, מערקווירדיג, דאס מאל האט ער זיך גראד ניט געפיהלט בעליידיגט. וואס יע־נער איז דא א פאבריקאנט, נור פער־קעהרט: ער האט זיך וויא דערפרעהט מיט דעם...

— ווען אזא גראבער יונגאטש האט זיך דא געקענט אזוי ארויפארבייטען — האט ער א טראכט געטהאן, פול האפנונג — הייגט וויא וואלט איך זיך שוין גע־קענט ארויפארבייטען, ווען איך זאל נור האבען עטליכע הונדערט דאלאר!...

פלוצים איז איהם אריינגעפאלען א בריליאנטענע אידעע אין קאפ, וויא עס האט זיך איהם אויסגעוויזען: ער וועט גאר לייהען עטליכע הונדערט דאלאר ביי דאקטאר עפשטיין...

פאר דיעזען געדאנק האט ער זיך אנגעכאפט מיט פרייד. אז ער, דאקטאר עפשטיין, וועט איהם לייהען דיא עט־ליכע הונדערט דאלאר, איז ביי איהם גאר קיין פראגע ניט געוועזן: ביי יע־נעם וועט עס דאך זיין א גאנצע עהרע. ווען ער, באַרים עטינבערג, וועט ביי איהם בארגען געלד... ער וועט אבער ניט וועלען נעהמען ביי יענעם אהן פראָ־צענט... קיין טובות — ניעט!... מהוּן אלעס אויף'ן געשעפטליכען וועג, דא, בראט!...

ער האט זיך אויפגעהויבען פון בעט; דיא אויגען האבען ביי איהם פרעהלאך געבלישצעט, אויף דיא ליפען האט גע־שפיעלט א שטאלצע מינע:

— דא, בראט, גיעב געלד און איך בעצאהל דיר מיט פראצענט! — האט ער צופריעדען געמורמעלט, אויפהענגענ־דיג אניוטא'ס מאנטעל מיט'ן פיקסע־נעם קראגען אויף'ן וואנד... אין דיעזער צייט האט ער דערהערט פון קיך א היי־זעריג־וויינענדיגען קול: — מאדאמוניו! און נאכהער אניוטא'ס אויפגערעגטען קול: — אהרן, איהר? ... וואס מאכט איהר?...

באַרים האט זיך א צאפּעל געטהאן מיט'ן גאנצען קערפער און איז צומישט געווארען...

— אהרן, מיין אמאליגער פריקאש־ציק?...

ער האט זיך דערמאנט, אז ליובא האט איהם טאקי געזאגט, אז אהרן וועט דא היינט זיין...

— איז ער אויך דא אויף'ן פערד? — האט ער געטראכט, געקוקט פאר זיך מיט צומישטע אויגען, און פאר איהם האט זיך געטראגען דער אמאליגער אהרן, זיין מענש, מיט דעם גרויען בער־דעל און מיט דעם קאווירענדיגען בליק אין דיא רויטע אויגען...

— פאפא! — איז אין א ווייל ארום אריינגעלאפען ליובא צו איהם אין שלאף־צימער: — דער אלטער אהרן איז דא... קום ארויס צו איהם... נעהם איהם אויף פריינדליך... איך וועל שוין מער ניט געהן ארבייטען צו אבראשא'ן,

אויב דיר איז ניט אנגענעהם... אבער צו העם אלטען אהרן׳ען קום ארויס...

— ער איז אויך א פאבריקאנט? — האט באַרים ארויסגערעדט שטיל.

— ניין, ער ארבייט, דאכט זיך, ביי אבראשא׳ן אין פאבריק... קום, פא־פעלע!...

— געה, איך געה באלד ארויס.

ליובא איז ארויסגעלאפען פון שלאף צימער און באַרים האט מיטביידע הענד פונאנדערגענומען זיין ברייטען באַרד, ארונטערגעצויגען זיין זשילעט, האט זיך אויסגעגלייכט מיט די פּלייצעס און איז אריין אין קיך.

### 4.

אריינגעקומען אין קיך, איז עטינ־בערג געבליעבען שטעהען צומישט פון דעם בילד, וואס ער האט פאר זיך דער־זעהען. דער אלטער אהרן, מיט׳ן גרויען קאפּ ארונטערגעלאַזען און אויסגעבויגט זיך מיט׳ן גאנצען מאגערען קערפּער, האט געהאלטען זיין הוט פאר דיא אוי־גען און געוויינט, ציהענדיג מיט מאָד־נע דינע, רחמנות׳דיגע טענער:

— אי—יאי—יאי, מאַדאַמוניו!... דא אין אזא קבר!... אי—יאי—יאי!... פון אזא פּאלאַץ!... אי—יאי—יאי!...

אניוטא איז אויך געשטאנען מיט אן ארונטערגעלאַזענעם קאפּ, האט געבי־סען דיא ליפּען און פון דיא אויגען אי־בער דיא באַקען האבען זיך געקייקעלט טרעהרען.

ליובא איז געשטאנען מיט׳ן רוקען צו זיי און האט אויך פערגנב׳עט גע־ווישט דיא אויגען.

באַרים האט ארויסגעלאזען א מין פערשטיקטען כריפּ, וואס האט זיך אי־בערגעריסען ביי איהם אין האלז, און זיך א ווארף געטהאַן צו אהרון׳ען...

— אלטער אהרן! אלטער אהרן!

— האט ער אויסגעשריען מיט פערשטיק־טע טרערען אין קול, דריקענדיג דעם אלטען צו זיך און קושענדיג איהם: — אלטער אהרן, אלטער אהרן...

דער קול האט זיך ביי איהם איבער־געריסען און צופאלענדיג צום אלטענס אקסעל, האט ער פערשטיקט א כליפּע געטהאַן, איז גלייך ווידער אנשוויגען געווארען, האט נור אויפגעציטערט מיט זיין גאנצען מעכטיגען קערפּער...

דער אלטער אהרן האט ארויסגע־לאַזען דיא הוט פון דיא הענד, וואס איז ארונטערגעפאלען אויף דער פּאדלאָ־גע, און קושענדיג באַרים׳ן, וואו נור ער האט געטראָפען: אין ארעם, אין פאלע פון׳ם ראק, האט ער געטענה׳עט אין איין קול:

— בעל־הבית, אי—יאי—יאי—יאי! בעל הבית, אי—יאי—יאי!...

באלד איז עטינבערג געקומען צו זיך, האט זיך אויסגעגלייכט אין גאנצען וואוקס און געצוואונגען א שמייכעל גע־טהאַן.

— נו, שא, שא, אלטער, בערוהיג זיך! קום, זעץ זיך צו!...

ער האט איהם אנגענומען פאר א האנד, צוגעפיהרט צו א שטול און איהם מיט גוואלד אנידערגעזעצט.

אניוטא האט אויפגעהויבען אהרן׳ס הוט פון דער פּאדלאגע.

ליובא האט גענומען א אידישע צייטונג פון טיש, האט זיך געזעצט ניט ווייט פון׳ם אויווען און גענומען קוקען אין איהר.

— וועט איהר טרינקען טהעע, אהרן? — האט אניוטא געפרעגט.

— ניין, מאַדאַמעניו — האט דער אלטער א שאקעל געטהאַן מיט׳ן קאפּ און, קוקענדיג ארום זיך מיט זיינע רוי־טע אויגען, האט ער ארויסגערעדט מיט רחמנות:

— עס גלויבט זיך מיר גאר ניט, און שאבאש!... שוין־זשע האט דאס אלעס אנגעמאכט דער פּאגראם?...

— נו, אלטער, גענוג! — האט איהם שטינבערג א גלעט געטהאן איבער׳ן אקסעל — פערפאלען!... עס האט נאך געקענט ערגער זיין... אניוטקא, גיעס איהם אן א גלאז טהעע, ער וועט טרינקען!...

אניוטא האט אנגעגאסען א גלאז טהעע און אוועקגעשטעלט פאר אהרן׳ען.

— איך דאנק אייך, מאדאמעניו — האט דער אלטער אהרן געזאגט — איך קען איצט ניט טרינקען... אין האלז קריכט ניט...

— העי דו! — האט שטינבערג פלוצים א געשריי געטהאן — זיי ניט קיין חזיר!... אז מען זאגט דיר טרינקען, דארפסטו טרינקען!...

ליובא האט מיט אן אונגעדולדיגער מינע א כאפ געטהאן דיא אויגען פון דער צייטונג און א קוק געטהאן אויף איהר פאטער.

אניוטא האט ארויסגעשעפצעט מיט א פארוואורף אין קול:

— באריס!...

אבער דער אלטער אהרן האט דערפיהלט אין באריס׳עס בעפעהלענדיגען קול זיין אלטען שטרענגען בעל הבית און אין זיך דעם אלטען פריקאשציק, וואס טהוט אלעס, אבי צו געפעהלען דעם בעל הבית, און ער האט ארויסגערעדט, קוקענדיג אויף באריסען מיט דעם אלטען קאווירענדיגען בליק אין דיא רויטע אויגען:

— איך טרינק!... איך טרינק!...

באריס האט זיך א כאפ געטהאן און זיך צולאכט פערשעהמט:

— זיי מיר מוחל, אלטער אהרן... איך האב זיך גאר פערגעסען, אז מיר זיינען איצט גלייכע מיוחסים... נו, זיי מיר מוחל, איך האב דיך ניט געוואלט בעליידיגען... כא! כא! כא!... עס איז אלין מיין שלעכטער זכרון שולדיג!...

— נישקשה, בעל הבית, נישקשה! הלואי געזאלט איהר איצט אויך געווען מיין בעל הבית! — האט דער אלטער געזאגט און א מאך געטהאן מיט א האנד, האט ער גענומען זופען דעם טהעע פון גלאז און ווישען מיט׳ן ארבעל דיא וואנצעס, וואס ער האט נאס געמאכט.

דאן האט דער אלטער אהרן גענומען פרעגען וועגען פאגראם. באריס און אניוטא האבען איהם גענומען דערצעהלען. דער אלטער האט צוגעהערט מיט שרעק אין דיא רויטע אויגען, געשאקעלט מיט׳ן קאפ, געבראכען דיא הענד און געקרעכצט.

— אוי, בעל הבית, מאדאמעניו — האט ער אויסגעשריען — א דאנק גאט כאטש דערפאר, וואס איהר זייט לעבען געבליבען!...

— און די הויפט שולדיגע אין דעם — האט פלוצים געזאגט באריס מיט אויפרעגונג אין קול — זיינען די רעוואלוציאנערען... ווען ניט זיי, וואלט אזא אונגליק ניט געווען!... זיי האבען געוואלט, פערשטעהסטו מיך, איבערקעהרען גאנץ רוסלאנד מיט דיא פיס ארויף....

ליובא האט זיך ביי דיזע ווערטער א כאפ געטהאן פון שטול און, אנקוקענדיג איהר פאטער מיט בלישצענדיגע אויגען, האט זיא געוואלט עפעס זאגען. האט אבער גאר נישט געזאגט, נור א מאך געטהאן מיט א האנד און איז ארויס מיט דער צייטונג פון קיך.

און אז ליובא איז ארויס, האט שטינבערג א מאך געטהאן נאך איהר מיט׳ן קאפ און געזאגט:

— אט זיא איז שוין בייז געווארען... איהרע רעוואלוציאנערען האב איך אנגערירט... איהר שטעהט ניט אן צו הערען דעם אמת!...

— אז דוא רעדסט נארישקייטען!— האט אניוטא בעמערקט, פערנעהמענדיג ליובא׳ס פלאץ נעבען אויווען.

— איך ווייס, וואס איך רייד, אניור־מא! — האט עטינבערג געזאגט נאך מעהר אויפגערעגט, אנקוקענדיג זיא צו־רייצט מיט זיינע רונדע אויסגעקאטשעטע אויגען : — און, איך בעט דיך, לערן מיך ניט קיין חכמה!... דער פאליצמייס־טער האט מיר אויך געזאגט באלד נאך'ן פאגראם, אז שולדיג אין דעם זיינען נור דיא רעוואלוציאנערען... דו ווייסט עס, דאכט זיך, אזוי גוט, וויא איך!...

— ביי מיר איז דער פאליצמייסטער א קנאפער עדות... — האט אניוטא רו־היג געענטפערט.

— ווער דען איז אן עדות ? — האט בארים זיך געקאכט — דו ? ליובא? צי גאר אט יענע סמארקעס, דיא פרו־קאשציקעס און דיא ארבייטער, וואס האבען געשריען, אז זיי ווילען האבען א דעמאקראטישע רעפובליק ?...

— אבער וואס דארפסטו זיך אזוי היצען ? — האט אניוטא געזאגט מיט א ווייכען שמייכעל אויף דיא ליפען.

— היצען ?... איך קען ניט ריידען וועגען דעם רוהיג — האט בארים גע־רעדט — דיא רעוואלוציאנערען האב איך דאס אלעס צו פערדאנקען... רוסלאנד איז דאס בעסטע לאנד... קיין בעסערעס לאנד איז גאר אויף דער וועלט ניטא... אבער דיא רעוואלוציאנערען האבען א גהינום געמאכט פון רוסלאנד...

— דיא פערשיעדענע כוליגאנעס, די האבען א גהינום געמאכט פון רוסלאנד — האט אניוטא ווידער בעמערקט.

— אבער פארוואס האבען פריהער עפעס די כוליגאנעס קיין פאגראמען ניט געמאכט, פריהער, איידער דיא משוגעים האבען געוואלט איבערקעהרען רוס־לאנד ? דוא קענסט זיך גאר ניט פאר־שטעלען, אהרן — האט זיך עטינבערג א קעהר געטהאן צום אלטען מיט היץ: — דוא קענסט זיך גאר ניט פארשטעלען, וויא מענשען זיינען משוגע געווען פאר דיא פאגראמען... זיי האבען זיך אלע געריהרט פון דיא מוחות, סיי רייך, סיי ארעם, סיי געבילדעטע און סיי גראבע יונגאטשעס... גיעב זיי דאס טעלערעל פון'ם הימעל און ניט אנדערש! אפילו זיא, מיין אניוטא, האט אויך געשריען: סוואבאדא! סוואבאדא!...

אניוטא האט זיך בעת דעם גוטמו־טהיג צולאכט.

— און פון ליובא'ן איז דאך שוין גאר ניטא וואס צו ריידען... פאר איהר איז סוואבאדא אליין געווען וועניג... זי האט געוואלט צו דעם נאך עפעס — האט עטינבערג גערעדט ווייטער — נו, האבען מיר דערפאר אלע געקראגען! אוי, האבען מיר נעקראגען!...

ער איז אנשוויגען געווארען, גענומען געהן איבער'ן קיך היין און צוריק און גע־גלעט זיין שעהנעם שווארצען בארד.

— און טאמער מיינסטו, אז דיא רעוואלוציאנערען זאלען האבען אויסגע־פיהרט, וואלט געווען בעסער ? — האט בארים זיך ווידער א קעהר געטאהן צו אהרן'ען, וועלכער האט זיך צוגעהערט מיט א טעמפען אויסדרוק אין זיינע אל־טע, רויטע אויגען : — ניין, עס וואלט ניט געווען בעסער!... מיר וואלטען דער־מאלט אויך אונגליקלאך געווארען!... מען קען גאר קיין טויזענדער טהייל ניט איבערגעבען, וואס מיר זיינען אויסגע־שטאנען פון יעדען סמארק... דא קומט איינער און פאדערט געלד אויף דער רע־וואלוציע, א ניט סטראשעט ער... גיעסט איהם, וויפיעל ער בעט, האסטו מורא ניט צו געבען... אז דער גובערנאטאר האט מורא, מעג איך דאך אוודאי מורא האבען... און דא קומט א צווייטער, א דריטער, א פערטער... און יעדער פא־דערט, און יעדער בעפעהלט, און יעדער קאמאנדעוועט מיט דיר... מיין געלד איז ניט מיין געלד, מיין געשעפט איז ניט מיין געשעפט, מיין הויז איז ניט

מיין הויז, מיין לעבן אפילו איז נים מיין לעבן!... עס איז אזוי דערגאנגען, אהרן, אז דער פריקאשציק מיינער, מאטקע-פאדליעץ, און פאמקא, דער סטאראזש מיינער, האבען מיר איינמאל ערקלערט, אז באלד וועל איך זיך מים זיי מוזען צוטהיילען מיט מיין גאנצען פערמעגען, אז זיי זיינען אזעלכע מיוחסים וויא איך.. דו הערסט, הא ?... אט וויא וויים דיא סמארקעס זיינען אוועק!...

— אי-אי-אי! — האט געשאקעלט דער אלטער אהרן מיט'ן קאפ און גע-שמאקעצעט מיט דיא ליפען.

— בארים — האט זיך אריינגע-מישט אניוטא — פארוואס פרעגסטו ניט בעסער אהרן'ען, וואס ער טהוט, וואס ער מאכט ?

— יע — האט זיך בארים א כאפ געטהאן — איך האב גאר פערגעסען! אלזא, וואס מאכסטו, אהרן ?...

— אט וואס זאל איך מאכען — האט דער אלטער געענטפערט — געזונד בין איך, דאנקען גאט, געזונד, און מכוח פרנסה... איך בין ביי מיין זוהן אויף א פלאץ...

— דיין זוהן איז רייך, האב איך געהערט.

— ער איז א גביר אדיר, האט דער אלטער אהרן געענטפערט — האט א גרויסע פאבריק פון העמדער... איבער צוויי הונדערט „הענד" ארבייטען ביי איהם...

— איבער צוויי הונדערט הענד! — האט בארים אויסגעשריען — דו הערסט, אניוטא ?

אניוטא האט געקוקט מיט גרויסע, פערוואונדערטע אויגען און געדריקט מיט דיא אקסלען.

— און וואס טהוסטו ביי איהם ?.. וואס דארפסטו איבערהויפט עפעס טאן, ווען ער איז אזוי רייך ? — האט בארים געפרעגט, דערפיהלענדיג וויעדער, וויא א שווערער וואלקען צושפרייט זיך איי-בער זיין נשמה.

— אוי, בעל-הבית — האט דער אל-טער אויסגעקרעכצט —

— רוף מיך ניט „בעל-הבית" האט איהם עטינבערג אונטערבראכען מיט גאל — דערוויילע איז דיין אבראשא דער בעל-הבית פון מיין...

— אוי, ווען איהר וואלט איצט אויך געווען מיין בעל-הבית! — האט דער אלטער געגרעדט ווייטער — עס איז אזוי שלעכט צו דיענען ביי אן אייגענעם זוהן.. איך בין איהם ניט קיין טאטע, נור א כלב, און שאבאש!...

— וואס ארבייטסטו ביי איהם ?

— איך בין א וואטשמאן אין זיין פאבריק, דאס הייסט א סטאראזש — האט איהם ערקלערט דער אלטער — איך קעהר, טראג וואסער... אט א הונד, און שאבאש!...

— א שעהנע ארבייט פאר א טא-טען! הפנים אן ארויפגעארבייטער יונג בלייבט יונג, אפילו ווען ער איז רייך אויך!... האט בארים געזאגט מיט ביי-טערניש : — אזוי בעהאנדעלט ער אן אלטען טאטען!...

— אוי וואס פאר א טאטע בין איך איהם! — האט דער אלטער געזאגט און א זיפץ געטהאן — אמאל, ווען איך מיט איהם זיינען ביי אייך געווען אויף פלוזשבע, בין איך טאקי געווען א טא-טע. ער האט געהייסען אבראשא סמיט-שיק און איך אהרן סמיטשיק. אז ער איז העמאלט געווען א סוויניא בלאגא-מארדיע, האב איך איהם געקענט אריינ-פאהרען אין כראפע, אז ער זאל זיך בע-דם'ען... דא אבער, אין אמעריקא, איז אוים און שאבאש! ער איז שוין אנ-אנדערער און איך בין אנאנדערער. ער איז שוין ניט מיין זוהן און איך בין ניט זיין טאטע. ער איז מעקנעם און איך

בין געבליעבען סמיטשיק. ער איז א פאבריקאנט און איך בן זיין עבד כנעני... אוי, פאסקודנע און שאבאש!... דארט אין דער היים בין איך געוועזן דער גלאוו־נער פריקאשציק און ער האט געמוזט טהאן, וואס איך האב געזאגט, און דא איז ער דער הויפט זאגער!... ער קאַ־מאנדעוועט דאך מיט מיר, וויא מיט א גוטען הונד, זאלט איהר געזונד זיין!.. נעה! שמעה! לויף!... אוים טאטע, אוים הערען אן עלטערען, קליגערען מענשען. ער איז דער חכם, מיין בן'אק מעקנעק, און דוא, אלטער סמיטשיק, שווייג און זיי צופריעדען, וואס ער פאהרט דיר נאך ניט אריין אין כראפע, און שאבאש!...

— וואס דען האסטו געמיינט, אל־טער—האט עטינבערג זיך אבגערופען— אז מען דיענט ביי א וויסקאטשקא, ביי אן אמאליגען יונג?... ביי בארים עטינ־בערג איז אוהאי געוועזן בעסער צו דיענען...

— פערזינדיגט יענע יאהרען — האט דער אלטער ארויסגעקרעכצט מיט בענקעניש — פערזינדיגט, און שא־באש!...

אניוטא האט אויך א טיעפען זיפץ געטהאן.

— ניש־קשה, אלטער אהרן! — האט זיך בארים פלוצים א כאפ געטהאן מיט איבערצייגונג אין קול און איהם א קלאפ געטהאן איבער'ן אקסעל: — ווארט אוים נאך א קורצע צייט און איך וועל נאך עפענען א פאבריק, דאן וועל איך דיך וויעדער נעהמען צו זיך אין געשעפט אריין!...

— טהוט עס, טהוט עס — האט זיך דער אלטער אויך א כאפ געטהאן מיט התפעלות און זיינע רויטע אויגען האַ־בען גענומען בלישצען: — איהר וועט דא ווערען א גביר אדיר!... ווען מיין מעקנעק איז דא אזוי רייך געווארען, וועט איהר דאך דא אודאי דיא וועלט איבערקעהרען! — האט מיט איבערציי־גונג אויסגעשריען דער אלטער.

— אה! אה! — איז בארים אונ־טערגעשפרונגען און צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ — דוא הערסט, אניוטא? ער זאגט עס אויך! יעדעס קינד קען דאס פער־שטעהען: ווען אבראשא האט זיך גע־קענט אזוי ארויפארבייטען, וועל איך דאך אודאי... אניוטא, אניוטא, וואס הארט דיך, דוא וועסט זעהן! — האט ער אויסגעשריען מיט טיעפען גלויבען אין קול, צולויפענדיג צו איהר מיט א שטראהלענדיגען פנים און מיט פינקעל־דיגע אויגען און א גלעט טהאענדיג זיא איבער'ן קאפ: — מיר וועלען נאך וויע־דער זיין אויפ'ן פערד, דוא וועסט זעהן!

— געוויס! געוויס! — האט דער אלטער אהרן צוגעבאמקעט מיט'ן קאפ.

אין א וויילע ארום האט זיך דער אלטער אהרן אויפגעהויבען פון ארט און זיך גענומען זעגענען.

— אוואו איז ליובא? — האט ער געפרעגט, ווען ער האט זיך געזעגענט מיט בארים'ן און אניוטא'ן.

— ליובא! — האט אניוטא זיא א רוף געטהאן.

ליובא איז אריינגעקומען, איבער־געטאן אין א רויטער בלוזע, וואס האט פעסט ארומגעכאפט איהר שלאנקע טא־ליע און איהר פרעכטיגען ביוסט און וואס האט זיך געפאסט צו איהר יונגען חן'עוודיגען פנים און צו איהרע שוואר־צע ברענענדיגע אויגען.

— נו, גוד באי אייך, ליובא — האט דער אלטער אהרן געזאגט — מארגען וועלען מיר זיך זעהן דארט... ביי מיין זוהן...

— ניין! — האט איהם אונטער־בראכען בארים — ליובא וועט ניט געהן צו איהם ארבייטען... דאס וועט ער ניט דערלעבען!...

— איך וועל מארגען געהן זוכען ארבייט ערגעץ וואו אנדערש — האט געזאגט ליובא.

דער אלטער האט א ווײלע געשוויעגען, דאן האט ער זיך ווידער אבגערופען. אפילו ניט גאנץ דרייסט:

— פונדעסטוועגען... איך מיין... פערשטעהט זיך, עס איז א וועהטאג און א בושה, אז איהר דארפט ארבייטען ביי איהם... דאך... ביי איהם וואלט איהר גרינגער געארבייט און בעסער פערדיענט... ער איז אפילו א סוויניא בלאגאמארדיע, אמת!... אבער צו דער טאכטער פון זיין אמאליגען בעל הבית וועט ער גראב ניט זיין... אט האב איך אליין געהערט, וויא ער האט נעכטען געהייסען דעם פארמאן, אנגרייטען פאר אייך א ליכטיגערען פלאץ נעבען א פענסטער און געבען אייך בעסערע ארבייט...

— מיר אליין וואלט ניט געקימערט צו ארבייטען ביי איהם, אבער ווען דעם פאפא איז עס ניט אנגענעהם — האט ליובא בעמערקט.

— איך מיין — האט זיך אניוטא ארייגעמישט — אז אויב ליובא'ן וועט דא זיין לייכטער צו ארבייטען, דארף זיא ארבייטען דא... בארים, דוא האסט קיין רעכט ניט צו פערלאנגען פון'ם קינד — האט זיא זיך פלוצים א קעהר געטהאן צו איהר מאן אויפגערעגט.

— ווער פערלאנגט פון איהר עפעס? וואס רעדסטו נארישקייטען?... האט ער געענטפערט — נו, זאל זיא געהן ארבייטען צו אבראשא'ן, אויב זיא וויל, זאל זיא געהן!...

ער איז אנשוויגען געווארען און גענומען געהן אויפגערעגט איבער'ן צימער. פלוצים האט ער זיך אבגעשטעלט.

— ווארט אויס, אהרן — האט ער ארויסגערעדט צוטראגען — איך געה אויך מיט דיר!...

ער איז ארויסגעלאפען פון קיך און האט זיך באלד צוריקגעקעהרט אין אן אלטער פוטער און א הויכער קאראקולענער הוט.

— דוא געדענקסט מיין גוטע פוטער, אהרן? — האט ער זיך געווענדעט צו איהם, גלייך וויא ער איז צוריק אריין.

— צו איך געדענק אייער גוטע פוטער? וואו איז זיא?...

— דארט, וואו אונזער אלעמענ'ס טהייערע קליידער און ציערונג זיינען געבליעבען — ביי דיא כוליגאנעס!... קום, אהרן!...

— וואוהין געהסטו, בארים? — האט אניוטא געפרעגט.

— צו וואלאדיא'ן וועגען געשעפט — האט ער געענטפערט — איך וועל באלד זיין צוריק.

און איז אוועק מיט אהרן'ען.

געבליעבען אליין, האט אניוטא א קוק געטהאן אויף ליובא'ן מיט א ביטערען שמייכעל און געזאגט:

— געשעפט!... איהם חלום'ט זיך שוין עפעס ווידער!... צעהן מאל אין טאג ווייזט זיך איהם אויס, אז ער איז שוין אין הימעל, אז ער איז שוין ווידער דער אמאליגער בארים עטינבערג, און אזוי פיעל מאל אין טאג — אז ער איז שוין פערלארען אויף אייביג... ער איז ווי דאס וועטער אין ניו יארק — אט זונן און אט וואלקען... אט שנעע און אט רעגען!...

— עס איז א גרויסער רחמנות אויף איהם, מאמא! — האט ליובא ארויסגערעדט מיט וועהטאג אין קול — ער וועט קיינמאל ניט פערגעסען, וואס ער איז אמאל געווען... ער קען ניט פערגעבען... מיט אלע זיינע פעהלערען איז דער פאפא א רייכע, שטאלצע נאטור... א געבארענער אדלער איז ער... זיין פלאץ איז ניט צו זיין פערשפארט אין אן

ענגער שטיין... ער וועט זיך אימער רייסען ארויף צום הימעל...

— און וואס העכער ער רייסט זיך ארויף, אלץ ניעדעריגער, אלץ טיעפער פאלט ער! — האט אניוטא ארויסגעשעפצעט און זיך צעוויינט.

— מאמוניו! — האט זיך ליובא א וואָרף געטהאן צו איהר און זיא ארומגענומען — מאמאניו, עס וועט נאך אלץ זיין גוט!... זיי ניט פערצווייפעלט, מאמאניו!...

און זיא האט זיך א כאפ געטהאן מיט היץ קושען אניוטא'ן און זיא געקושט הילכיג און ליידענשאפטליך, אויסבויגענדיג זיך מיט איהר גאנצען יונגען, שלאנקען קערפער.

מען האט א קלאפ געטהאן אין טהיר.

ליובא איז אבגעשפרונגען פון איהר מוטער און א כאפ געטהאן זיך מיט אן אימפעט צום טהיר, האט זיא אויסגערופען מיט איהר העלען, הילכענדיגען קול:

— אריין!...

5.

די טהיר האט זיך געעפענט און אין צימער איז אריין דאקטאר עפשטיין, אדער, וויא עטינבערג האט איהם גערופען — „וואלאדיא".

און דערזעהענדיג איהם, האט ליובא'ן א האק געטהאן אין הארצען און א צומישטער שמייכעל האט זיך צוגאסען איבער איהר יונגען, חן'עוודיגען פנים, וועלכער האט מיט אמאל אויפגעפלאמט מיט צוויי ברענענדיגע רויזען אויף ביידע באקען.

— העללא — האט דאקטאר עפשטיין געזאגט מיט אן אנגענעהמער ברוסט־שטימע, און אויף זיין לענגליכען פנים מיט די קארע, קלוגע אויגען, מיט זיין שווארצען שפיציגען בערדעל א־לא־פראנסע, איז וויא פערגליווערט געווען א פריינדליכער שמייכעל.

— העללא! — האט איהם אניוטא אויפגענומען פריינדליך — א גאסט... גאר ניט ערווארטעט.

ליובא האט גאר גישט ניט געזאגט, האט נור א מאך געטהאן צו איהם מיט'ן קאפ און, דערלאנגט איהם א האנד, איז זיא גלייך ארוים פון קיך מיט דעם צומישטען שמייכעל אויף איהר צופלאמטען פנים און אין די שווארצע ברענענדיגע אויגען.

— וואוהין געהסטו, ליובא? — האט אניוטא געפרעגט.

— אט גלייך קום איך! — האט ליובא געענטפערט שוין פון צווייטען צימער עפעס נערוועז.

— זיא איז מסתמא אוועק אויפראמען דעם פראנט־צימער — האט אניוטא א טראכט געטהאן און, ווענדענדיג זיך צו דאקטאר עפשטיין, האט זיא געזאגט:

— נו, וואס שטעהט איהר, דאקטאר? זעצ זיך צו. טהוט אויס אייער ראק...

— איך מוז באלד געהן — האט ער געענטפערט, זעצענדיג זיך: — איך בין דא ניט ווייט געווען ביי מיינעם א פאציענט, בין איז שוין אריין צו אייך.

— א גרויסען דאנק אייך, וואס איהר פערגעסט אונז ניט — האט אניוטא זיך אבגערופען מיט א העפליכען טאן און, אוועקגעזעצט זיך ביי דעם אנדער זייט טיש, האט זיא צוגעלייגט:

— נו, וואס מאכט איהר?... וויא געהט עס אייך עפעס?...

— אט, וויא זאל מיר געהן? — האט ער א שמייכעל געטהאן מיט זיינע קלוגע, קארע אויגען: — כל זמן דער עולם קרענקט, געהט מיר און דעם מלאך המות ניט שלעכט...

אניוטא האט זיך גוטמוטהיג צולאכט.

— איהר גיט זיך א שעהנעם קאמפ־ לימענט — האט זיא געזאגט.

— איך מיין עס, מאדאם עטינבערג, אהן קאמפלימענטען... וואס מאכט מיס־ טער עטינבערג?

— ער איז נור וואס אוועק צו אייך — האט זיא געזאגט.

— צו מיר? — האט ער געפרעגט פערוואונדערט — ער איז דען קראנק?..

— איך ווייס... עפעס איז איהם אריינגעפאלען א געשעפט אין קאפ... וויל ער זיך מסתמא מיט אייך מיישב זיין...

— וואס פאר א געשעפט? — האט דאקטאר עפשטיין געזאגט מיט אן ערנ־ סטען טאן — א קליין געשעפט וועט איהם גלייך דערעסען, א שאד נור דאס געלד... מיסטער עטינבערג, אום ער זאל זיך אבגעבען צו ביזנעס ריכטיג, מוז האָ־ בען א געשעפט פון צעהנדליגע טויזענ־ דער... איך קען איהם!...

— איהר זייט גערעכט — האט אניוטא שטיל געזאגט און א זיפץ גע־ טהאן.

— אז ער וועט דא אפזיין עטליכע יאהר און וועט זיך צוגעוואוינען צו אמעריקא, דאן אפשר — האט דאקטאר עפשטיין בעמערקט.

— דער אדלער דארף אפריהער צו־ ברעכען זיינע פליגעלען, דאן וועט ער מוזען קריכען איבער בלאָטע, אזוי דאקְ־ טאר? דאס מיינט איהר? כא! כא! כא! — האט זיא זיך שטיל און בי־ טער צולאכט.

דאקטאר עפשטיין האט זיך דער־ פיהלט שוהער און אונאנגענעהם און ער האט געשוויגען, טראכטענדיג, וואס איהר אזוינס צו זאגען, בכדי זיא צו טרייסטען און זיך אליין ארויסשלעפען פון אט דער דאזיגער אונאנגענעהמער לאגע. ער האט שוין געוואלט עפעס זאָ־ גען, נור דא איז אריינגעקומען ליובא אין קיך און געזאגט צוטראגען:

— מיר קענען אריינגעהן אהין... אין יענעם צימער... קומט, דאקטאר!..

דאקטאר עפשטיין האט זיך מיט דעם דערפרייהט, האט אבער עס ניט ארויסגעוויעזען און געזאגט כלומרשט גלייכגילטיג:

— וואס איז דער אונטערשייד: דא אדער דארט?...

דאך האט ער זיך אויפגעהויבען פון ארט פון מעהר זיכערקייט וועגען, טאָ־ מער וועט אניוטא אויך זאגען, וואס איז דער אונטערשיעד, וואו ער וועט זיצען.

ער האט ניט געוואלט דא בלייבען מיט אניוטא'ן: ערשטענס, ווייל דער געשפרעך מיט איהר איז אוועק אן אונ־ אנגענעהמער און צווייטענס — און דאס איז געווען דיא הויפטזאך — ער האט געוואלט בלייבען א ווײלע מיט ליובא'ן אליין אויג אויף אויג...

— געהט מאקי אריין אין פראנט־צי־ מער — האט אניוטא געזאגט — און איך וועל דערווײלע צושטעלען קאכען מיינע טעפלאך...

ליובא מיט דאקטאר עפשטיין זיי־ נען אריין אין פראנט־צימער.

דאס פראנט צימער איז געווען מיט צוויי פענסטער צום גאס. א טישעל, עטליכע וויכע שטוהלען, א זאפע, א בראנזענער שפיגעל — דאס איז געווען דער גאנצער מעבעל. דורך דיא פענסטער האט אריינגעקוקט א סארע ליכט...

וויא נור זיי זיינען אריין אין פראנט־צימער, אזוי גלייך האט זיך דאקטאר עפשטיין דערפיהלט פרייער. ער האט אוועקגעלייגט זיין הוט אויפ'ן טישעל און, אנקוקענדיג ליובא'ן מיט פרעהליכע אויגען, האט ער זיך אנידער־ געזעצט אויף א שטוהל ביים טישעל און אויסגעשטרעקט, שמייכלענדיג מיט זיין

בעזונדערן קלוגען און אנגענעמען שמייכעל און ארויסווייזענדיג זיינע קלאר־ווייסע צייהן :

— נו, דערצעהלט, וואס הערט זיך עפעס ביי אייך גוטעס, מיסס עטינבערג?

— אה, זעהר פיעל גוטעס, דאקטאר, זעהר פיעל! — האט זיא געענטפערט און חן'עווריג געשמייכעלט.

און וויא אלע מאל אין דער לעצטער צייט, ווען זיא פלעגט זיין מיט איהם אויג אויף אויג, האט זיא זיך איצט אויך פלוצים דערפיהלט פרעהליך מיט איהם. איהרע שווארצע אויגען האבען העלער געפינקעלט און זיא אין גאנצען האט אויפגעשטראהלט שעהנער, חן'עווריגער און רייצענדער, וויא א בלום אונטער דיא ווארימע לאסקעס פון דער זונן...

— צום ביישפיעל, וואס פאר א גוטעס? אנו, דערצעהלט אקארשט! — האט ער געזאגט מיט א שטיפערישען טאן און בעת דעם זיך געחיות'ט פון איהר חן'עוודיגער שעהנקייט, פון איהר בליהענדיגער פרישקייט און כישוף'דיגער יוגענדליכקייט.

— איך האב דיא עהרע געהאט צו בעקענען זיך מיט אונזער אן אלטען לאנדסמאן — האט זיא געזאגט.

— מיט וועמען?

— געדענקט איהר אבראשא'ן?... ער האט גערדיענט ביי פאפא'ן אין קאנטאר...

— אה, יע... מען זאגט, אז ער איז דא זעהר רייך... מיט יאהרען צוריק האב איך איהם איינמאל געטראפען אויף גרענד סטריט... דאן האט ער נאך געפעדעלט...

— און איצט איז ער א רייכער פאבריקאנט און איך בין צו איהם אנגעקומען ארבייטען — האט ליובא געזאגט מיט א טרויעריגען שמייכעל.

— וואס רעדט איהר! — האט דאק־

מאר עפשטיין אויסגעשריען און פון זיין פנים איז פערשוואונדען דאס שמייכעל און זיינע קארע אויגען האבען גענומען קוקען ערענסט.

— יא! — האט ליובא ארויסגערעדט לייכט אויפגערעגט און, פערלייגענדיג ביידע הענד אהינטער נאקען, האט זיא זיך א ציה געטהאן מיט איהר גאנצען יונגען, שלאנקען קערפער און איהר רויטע בלוזע האט זיך בעת דעם נאך שטייפער אנגעצויגען אויף איהר הויכער, פרעכטיגער ביוסט, וואס איז ארויסגעטראטען שארף, רונד און רייצענד: — יא! איהר מעגט זיך וויא דעמאקראטיש דענקען, אבער צו ארבייטען ביי א מענשען, וועלכער איז א מאל געוועזן אייער פאטער'ס יינג, בעליידיגט א ביסעלע...

דאקטאר עפשטיין האט געקוקט אויף איהר מיט אויגען, אין וועלכע עס האבען זיך אבגעטונקט אי ליעבע, אי רחמנות. אויף א מאמענט האט אבגעלעבט פאר זיינע אויגען עטינבערג'ס רייכער זאאל אין קיעוו, פערגאסען מיט בריליאנטענעם ליכט... פון יעדען ווינקעלע דארט גלאנצט און פינקעלט דאס רייכטהום, זינגט דאס וואוילטאג און עס שטראהלט דיא פרייד... געסט זיינען דארט פערקליבען, אלץ פון דיא אויסגעוועהלטע, פון דיא „פני“, אי דאמען, אי העררן, אי קינדער... מען פייערט דארט ליובא'ס געבורטס־טאג... דיא העלדין פון'ם אבענד, נאך א זיעבען יאהריג מיידעלע, אין א ווייס קליידעלע אין אזוינע שיך און זאקען, מיט בלומען און שטענגעס אין דיא שווארצע האאר, מיט שטאלצער פרייד אין דיא שווארצע אויגען, שוועבט ארום איבער'ן זאאל, וויא א זומער־פייגעלע, בעגלייט פון איהרע פריידליכע חבר'טעס, געקושט פון דיא שטאלצע און ליעבענדיגע אויגען פון טאטע־מאמען...

און דאָקטאָר עפשטיין האָט זיך דערמאָהנט, וויא ער האָט דעמאָלט, ארויסקוקענדיג פון א ווינקעלע אין זאאל, זיי אלעמען מקנא געווען . . . דאָס איז געווען אן ערך א יאָהר פאר זיין אוועקפאָהרען קיין אמעריקא . . . דעמאָלט וואָלט ער זיך געוויס ניט געקענט פאָרשטעלען, אז אין צעהן־עלף יאָהר ארום, ווען דאָס דאָזיגעס גליקליכעס קינד וועט אויסוואקסען אין א פרעכטיגער מיידעל, וועלען זיי זיך א מאָל טרעפען אין אמעריקא און ער וועט דאן זיין דער יחסן און זיא וועט זיין . . .

א געפיהל פון פרייד און שטאָלץ האָט א טיאָך געטהאָן אין זיין נשמה, ער האָט עס אָבער באלד געזוכט צו דערשטיקען מיט דעם, וואָס ער האָט מיט געוואלד געפרופט אין זיך אויפ־וועקען רחמנות צו איהר . . .

— וואָס פאר א רחמנות אויף איהר — האָט ער געטראכט — פון אזא לעבען . . .

— וויא שעהן זיא איז, וויא רייצענד ! — האָט ער אין דער זעלבער צייט ניט געטראכט, נור געפיהלט מיט זיין גאנצען וועזען.

און עס איז איהם גאָר אויף'ן זינען ניט ארויף, אז ווען זיא וואָלט ניט געווען אזוי שעהן און אזוי רייצענד, וואָלט ער אפשר דעמאָלט גאָר אין גאנצען ניט געטראכט פון רחמנות צו איהר, צו דער טאָכטער פון זיין אמאָליגען שטרענגען, דעספּאָטישען בעל הבית ; אז אפשר וואָלט ער דעמאָלט זיך גאָר געטראכט : גוט, זאָל זיא און דיא איהריגע אויך פערזוכען דעם טעם פון נויטה און דחקות, פון פהי־זישע און מאָראלישע ליידען . . .

איצט אָבער, וויא אלע מאָל, זינט ער האָט דערפיהלט דעם כישוף פון איהר שעהנקייט, האָט ער געוואָלט פיהלען רחמנות צו איהר.

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט און, מיט אן אויסדרוק פון מיט־געפיהל אויף זיין פנים און אין זיינע פערדריעגנען געלר . . .

לאָרע אויגען, איז ער צוגעגאנגען צו איהר און געזאָגט מיט א ווייכען און שטילען קול :

— מיסס עטינבערג, איהר מוזט אין גאנצען אויפגעבען דיא ארבייט אין פאבריק . . . זיא איז ניט פאר אייך . . .

זיא האָט א לאַך געטהאָן.

— און עסען, הערר דאָקטאָר ?...

— איהר קריעגט זיך בעסער עטליכע לעססאָנס אויף דער פּיאנאָ און סטארעט זיך אריינצוטרעטען אין אן אוניווערסיטעט. —

זיא האָט זיך נאָך העכער און העלער צולאכט.

— אפשר, דאָקטאָר, זאָל איך שוין אָבגעבען קאָנצערטען אויף דער פּיאנא אויך ? — האָט זיא געזאָגט, שמייכלענדיג פרייהלאָך און רייצענד.

— איך מיין ערענסט, מיסס עטינבערג, איהר וואָלט דאָ געקענט קריעגען עטליכע לעססאָנס — האָט ער געזאָגט, פיהלענדיג אזא ווארימע ליכטיגקייט אויף דער נשמה פון איהר פרעהליכען, העלען שמייכעל.

— דאָס איז עכט אמעריקאניש, ליעבער הערר דאָקטאָר — האָט זיא געענטפערט האלב אין שפּאַס און האלב אין ערענסט — דאָס הייסט איינפאך אָפּבלאָפען דעם עולם . . . ניין, אזוי ווייט אמעריקאניזירט בין איך נאָך ניט . . . ווען איך וויים, אז איך דארף זיך נאָך אליין א לאנגע צייט לערנען שפּיעלען אויף דער פּיאנא, אום צו קענען ריכטיג, וועל איך זיך ניט נעהמען לערנען דעם צווייטען . . . ניעט בראַט, וויא מיין פאפא זאָגט...

— אָבער דיא מעהרסטע פּיאנא לעהרערס און לעהרערינס קענען דאָך נאָך ווייניגער פון אייך — האָט ער בע־מערקט מיט א שמייכעל.

— קען זיין . . .

— און דאָך לערנען זיי דאָך — און האָבען שילער און שילערינס, און

— אויב זיי קענען וועניגער פון מיר און לערנען אנדערע, דאן פער־דיענען זיי ניט דאס געלד — האט ליד־בא איהם אונטערבראכען — נור זיי „מאכען" געלד, וויא מען זאגט ביי אייך, איך מיין פאלשעס געלד ! . . .

דאקטאר עפשטיין האט זיך צו־לאכט הויך אויף'ן קול.

— און פאר דיא ארבייט אין פאב־בריק — דענקט איהר, טויגט איהר בעסער ? — האט ער געפרעגט.

— דארט נאר איך קיינעם ניט אב . . . איז דיא ארבייט שלעכט, גיט מען מיר צוריק . . . זייט רוהיג, דאק־טאר, דעם פאבריקאנט נארט מען שוין קיין מאל ניט אב. איהר זעהט מיינע הענד ?

זיא האט איהם אויסגעשטרעקט איהרע ביידע קליינע, ווייסע הענטלאך מיט ראזעווע פינגער :

— איהר זעהט ? דא א שטאך און דא, און דא . . . איך פערדיען כשר מיין ברויט, ניש'קשה ! — האט זיא זיך פרעהלאך צולאכט.

ער האט אריינגענומען איהרע ווארימע הענטלאך אין זיינע און זיי שטום געדריקט. זיא האט אינסטינק־טיוו א ציטער געטהאן פון דיעזען שטומען דריקען. דאס פנים איהר'ס האט פלוצים אויפגעפלאמט און דיא שווארצע אויגען האבען גענומען קוקען צומישט. און, ארויסשלעפענדיג זאכט איהרע הענטלאך פון זיינע, האט זיא זיך א כאפ געטהאן, איז שנעל צוגע־גאנגען צום פענסטער און גענומען קו־קען אויף דער סארער גאס אהן א שום ציעל, פיהלענדיג נאך אויף איהרע הענטלאך זיין שטומען דריקען און זייענדיג עפעס פון דעם צומישט און אויפגערעגט . . .

דאקטאר עפשטיין האט זיך עפעס אויך דערפיהלט ניט בעקוועם, ניט אנגענעהם, געוואלט עפעס זאגען און ניט געוואוסט וואס.

באלד אבער איז ער געקומען צו זיך און ארויסגערעדט :

— נא, מען דארף געהען . . .

— שוין ? — האט זיך ליובא א כאפ געטהאן פון'ם פענסטער — וואס איילט איהר ?

און אויף איהר פנים איז נאך גע־לעגען דער שפור פון איהר פריהערדי־גער צומישטקייט.

— איהר דארפט ניט פערגעסען, אז איך בין א פערהייראטהער מאן — האט ער ארויסגערעדט, לאנגזאם צי־הענדיג דיא ווערטער, אקוראט וויא ער וואלט מיט דעם אומיסטנע געוואלט אונטערשטרייכען, אז זיא דארף ניט מורא האבען פאר איהם ,אז ער מיינט גאר נישט : — מאשע ווארט דארט אודאי אויף מיר מיט'ן דיענער...

דער שפור פון איהר פריהערדיגער צומישטקייט איז נאך שארפער ארויס־געטראטען אויף איהר פנים. עפעס וויא א וואלקען האט זיך איבער איהם דורכ־געטראגען און זיא האט שטיל ארייסגע־רעדט :

— עס איז נאך ניט קיין צוועלף... טרינקט ביי אונז א גלאז טהעע...

ער האט א ווײלע זיך בלומרשט מיישב געווען. אין דער אמת'ן אבער האט ער זיך דערפרעהט מיט דעם וואס זיא האט איהם געבעטען טרינקען טהיי, איהם האט זיך אזוי געוואלט פערבריינ־גען מיט איהר נאך א ווײלע. דאן האט ער געזאגט :

— אלל־רייט, אבער ניט מעהר ווי איין גלאז...

און ער האט זיך אנידערגעזעצט אויף זיין פריהערדיגען שטול נעבען טיש.

זיא איז ארויסגעגאנגען פון פראנט צימער, פעררריכטענדיג אין גאנג דיא ביינערנע שפילקע פון הינטען אין דיא שווארצע האר.

ווען ער איז געבליבען אליין, האט ער בעמערקט אויף א צווייטען שטול א בוך. ער איז אויפגעשטאנען, גענומען

דאָס בוך און אַ קוק געטהאָן דאָס שער־בלעטעל.

— אַ אידישער בוך — האָט ער אַ טראַכט געטהאָן — זיא לעזט אויך אידישע מעשיות ?

און אוועקזעצענדיג זיך צוריק אויף זיין אָרט מיט'ן בוך אין האַנד, האָט ער איבערגעלעזען דעם נאָמען פון דעם שרייבער אויפן שער־בלעטעל און מיט אַ איראָנישען שמייכעל אוועקגע־ליינט דעם בוך אויפן טיש.

— הודקין'ן לעזט מען אויך... נו, נו! — האָט ער געטראַכט און איראָ־ניש געשמייכעלט.

און פאַר זיינע אויגען האָט אָבגע־לעבט דער אידישער שרייבער הודקין, וויא ער האָט איהם עטליכע מאָל געזעהן אויף פערזאַמלונגען, צי אין דיא קאַ־פע־הייזער: אַ הויכען, אַ לאַנגען, אַ מאָ־גערען מיט דער אַלטער, פערשטויב־טער הוט פערדרעהט אויפן קאָפּ און מיט דעם נערוועזען בליק אין די בליש־צענדיגע אויגען. ער, דאָקטאָר עפּשטיין, האָט זיך קיינמאָהל ניט אינטערעסירט ניט מיט איהם און ניט מיט דיא אַנדע־רע אידישע שרייבער. זיי אַלע מיט זייער שרייבען האָבען ביי איהם אַרויס־גערופען ניט מעהר, וויא אַ איראָנישען שמייכעל. אמת טאַקי, ער האָט זייערע ווערק קיינמאָהל ניט געלעזען, אָבער ער האָט שוין געוואוסט, ניט לעזענדיג זיי, אַז זייער „שרייבאכץ" האָט ניט קיין טעם און קיין ריח אַניט וואָלטען זיי דאָך קיין אידישער שרייבער ניט געווען . . .

לייבאַ איז אַריינגעקומען מיט אַ גלאָז טהעע און אַ צוקערניצע און אוועקגעשטעלט אויפן טיש.

— איהר לעזט עס אַט דאָס בי־כעל? — האָט דאָקטאָר עפּשטיין גע־פרעגט.

— יאָ. איך האָב זיך שוין אויסגע־לערנט אידיש לעזען — האָט ליובאַ גע־ענטפערט מיט אַ ליעגען שמייכעל און אוועקגעזעצט זיך מיט אַ גראַציעזער בעוועגונג אויף אַ שטול נעבען דעם אַנ־דער זייט מיש, האָט זיא צוגעלייגט :— איך האָב דעם ביך געליהען ביי דאָק־טאָר רייכמאַן... זעהר אינטערעסאַנטע ערצעהלונגען... אַ וואונדער, וויא קען מען אַזוי שרייבען אויף דער אידישער שפּראַך!... האָט איהר דעם ביכעל גע־לעזען ?

— וויא דען? וויא אַזוי לעזט מען דאָס ניט אידישע מעשיות, איבערהויפּט נאָך וואָס זיינען געשריבען פון אַזאַ שרייבער וויא הודקין! — האָט זיך דאָקטאָר עפּשטיין צולאַכט : — איהר מיינט הפנים, אַז איך האָב צייט און געדולד פאַר אַלע נאַרישקייטען ! . ..

— אַז איהר האָט ניט געלעזען, היינט וויא אַזוי ווייסט איהר אַז דאָס זיינען נאַרישקייטען ? — האָט ליובאַ געפרעגט פערוואונדערט.

— איך קען זיך מיר שוין פאָר־שטעלען דיא חכמות, וואָס עס שטעקען דאָרט אין דיא גאונישע מוחות פון דיא אידישע שרייבאַרעס ! — האָט ער גע־ענטפערט מיט איראָניע.

לייבאַ האָט געקוקט אויף איהם פערוואונדערט מיט איהרע גרויסע שוואַרצע אויגען, דאַן האָט זיא שטיל אַרויסגערעדט :

—איך פערשטעה אייך ניט, דאָק־טאָר... אָט האָט דאָקטאָר רייכמאַן, וועלכער איז זעהר אַ געבילדעטער מענש ליעב דיא אידישע ליטעראַטור... ער זאָגט...

— איך ווייס וואָס דאָקטאָר רייכ־מאַן דער ציוניסט זאָגט — האָט איהר אונטערבראָכען דאָקטאָר עפּשטיין — אָבער מיר וועלען פון דעם איצט ניט ריידען... געהט איהר היינט ערגעץ אויף אַ פערזאַמלונג?...

— וואָהין ?

— עס פעהלען דען פערזאַמלונגען ביי אונז — האָט ער געענטפערט — דאַנקען גאָט, עס זיינען נאָך ניט אויס־געשטאָרבען דיא דאָקטוירים פון'ם קראַנקען אידישען פאָלק ! . . .

— וואָס מיינט איהר ? . . .

— איך מיין... אט געהט אדרבה תיינגט דורך דיא פערשיעדענע האללס אין אידישען קווארטאל און אין יעדער האל וועט איהר טרעפען א בעזונדערן דאקטאר דרשה'נדיג מכוח דעם קראנקען אידישען פאלק. דא א טעריטאריאליסט, דארט א ציוניסט און דארט א פועלי ציוניסט, אין אן אנדער פלאץ א בונדיסט, א פי־פי־עס־ניק און אזוי ווייטער... יעדער האט זיך זיין בעזונדערן פאטענט־מעדיצין פאר דעם קראנקען ישראליק...

— און איהר מיינט, אז דעם אידישען פאלק דארף מען ניט העלפען? — האט ליובא געפרעגט, שוין הונגעריסען פון דעם געשפרעך.

— איך מיין... זיי ריידען אלע נארישקייטען. דאס אידישע פאלק וועט דאן ערשט געהאלפען ווערען, ווען דיא גאנצע מענשהייט וועט געהאלפען ווערען, די גאנצע קראנקע מענשהייט! — אבער זעהט! — האט ער זיך א כאפ געטהאן און זיך צולאכט: — וויא ערענסט מיר זיינען געווארען!... קומט נאר מיט מיר היינט אין אפערא!... וועט איהר געהן?...

— ניין, האט זיא שטיל געזאגט — איך וועל בעסער היינט לעזען...

ער האט זיך אויפגעהויבען פון ארט.

— נא, איצט געה איך שוין... גוד ביי!... פארוואס ווייזט איהר זיך ניט ביי אונז?... מאשא מיינט, אז איהר זייט עפעס ברוגז...

— ברוגז?... — האט זיא ארויסגעשעפצעט, אנקוקענדיג איהם מיט גרויסע אויגען און א דריק געטהאן מיט דיא פלייצעס: — פארוואס?...

ער האט געשוויגען, געקוקט א ווײלע אין איהר פנים אריין, האט געשמייכעלט צו איהר און זיא געגלאסצעט מיט ווארימע, גוטע אויגען... דאן האט ער איהר שטום א דריק געטהאן דיא האנד און איז אוועק...

און ווען ער איז אוועק, איז ליובא'ן מיט אמאל שווער געווארען אויף דער נשמה, אקוראט, וויא א שווערער וואלקען פון בליי וואלט זיך דארט פלוצים צושפרייט... א ווײלע איז זיא געשטאנען און האט מיט צוטראגענע אויגען געקוקט אויף דיא טהיר הינטער וועלכער ער איז פערשוואונדען, דאן איז זיא צוגעגאנגען צום פענסטער, האט ארויסגעקוקט אויף דיא סארע גאס און געטראכט:

— פארוואס איז מיר אזוי שווער. פארוואס?!...

6.

באריס עטינבערג איז ניט געוועזען ביי דאקטאר עפשטיין.

צושיידענדיג זיך מיט דעם אלטען אהרן'ען אויף קאנעל סטריט, איז ער אוועק צו איסט בראדוויי סטריט, וואו דאקטאר עפשטיין האט געוואוינט.

דיא צייט איז געוועזען אין מיטען דעצעמבער. דער טאג א קאלטער, דער הימעל א סארער, אן אונמוטהיגער, און דיא ארומיגע הויכע טענעמענטהייזער האבען אויך געקוקט אזוי סאר, אזוי אונמוטהיג, אקוראט וויא זיי וואלטען געבענקט נאך'ן העלען, פרעהליכען הימעל, נאך דער ווארימער, גאלדענער זונן...

דיא גאסען ארום האבען אזוי ניט גערוישט, וויא געוועהנליך אין א מיטענוואכעדיגען טאג. דיא מעהרסטע געשעפטען זיינען געווען צוגעשלאסען, קיין פעדלער'ס מיט וועגלאך סחורה האט מען ניט געהערט און ניט געזעהען, קיין עקספרעס־וואגענס האט מען אויך אזוי אפט ניט געהערט דורכפאהרען מיט א געפילדער און טומעל איבער דיא ברוקירטע גאסען.

דא און דארט האט עטינבערג בעמערקט א פאליסמאן שטעהענדיג מיט דיא הענד אין ווייסע האנד־שוה פער־

ליגט א הינטען אויפ'ן רוקען, קוקענדיג אויף אלע זייטען און רוהיג שפייענדיג אדער זיך איבער'ן אקסעל, אדער זיך אונטער דיא פיס...

און שטיינבערג האט זיך ניט געקענט אפּוואונדערן פון דער מיאוס'ער טבע, וואס דיא אמעריקאנישע פּאליסליים האבען...

— דאכט זיך, אזוינע שעהנע יונגען... איינער וויא דער אנדערער, ריין, ציכטיג אנגעטאן, אז עס שפּיגעלט פון זיי... יעדער פון זיי קוקט אויס שעהנער אפילו פון א רוסישען פּריסטאוו, און דאך האבען זיי אזא העסליכע טבע! — האט שטיינבערג געטראכט — וואס שפּייען זיי? איז זיי אזוי ניט גוט אין מויל?...

און בעמערקט, וויא איינער א פּאליסמאן האט, ארויסנעהמענדיג פון קעשענע א שטיק שווארצען קיי־טאבאק, פון איהם א ביס געטהאן און דאן ארויסגעלאזט דורך דיא צייהן א דינעם שטראמעלע פון א כאלעריע־קאליר, איז שטיינבערג'ן אליין ניט גוט געווארען און ער האט אויך א שפּיי געטהאן.

— דער טייפעל ווייסט זיי — האט ער א טראכט געטהאן — וואס פאר א ברואים זיי זיינען!... ווען איך וואלט געקענט ריידען אויף זייער טאראבארשצינע, וואלט איך צו איהם צוגעגאנגען און געזאגט: ברודערל, וואס קייסטו און וואס שפּייסטו?...

אויף דיא טראטוארס זיינען געגאנגען און געשטאנען קופּקעלאך מענשען, צו צוויי, צו דריי, אויסגעפּוצטע לכבוד זונטאג, און האבען גערעדט און געלאכט. אפט האט שטיינבערג געכאפּט א רוסישען ווארט פון דיא פערבייגעהער, דאן האט ער זיך אומגעקוקט מיט א צאפּעלדיגען הארצען, צו זעהען דעם „אייגענעם־מענשען...

צוגעגאנגען צו דאקטאר עפּשטיין'ס הויז, האט ער זיך פּלוצים אבגעשטעלט.

— אייגענטליך וואס געה איך צו איהם? — האט ער א טראכט געטהאן — בעטען ביי איהם לייהען געלד?... אבער אויף וואס?... וויפיעל?... ווען איך וואלט שוין געוואוסט, וועלכע פאבריק, וואו און וויפיעל זי דארף מיך קאסטען... אפשר וועל איך גאר מוזען האבען א טויזענד דאלאר?... וועט ער מיר אזוי פיעל וועלען לייהען?...

ער איז אוועק ווייטער פערביי דאקטאר עפּשטיין'ס הויז.

— זאל איך אריינגעהן, צו ניט? — אפשר וועט ער מיר גאר אין גאנצען ניט וועלען לייהען?... ניין, לייהען וועט ער מיר זיכער... אבער וויא בעט מען ביי איהם?...

ער האט זיך פארגעשטעלט, וויא אזוי ער בעט ביי דאקטאר עפּשטיין דעם גמילת חסד און ער האט געפּיהלט, וויא דער פּנים צינדט זיך אן ביי איהם.

— ניין, איך קען ניט . . . איך וועל שיקען צו איהם אניוטא'ן — האט ער א טראכט געטהאן. אין דער זעלבער צייט אבער האט א געהיימע שטימע אין זיין נשמה געגען דעם פּראטעסטירט: — וואס הייסט עפּעס, אניוטא? ווער איז עפּעס אניוטא, דיין דיענסט, הא? אויב זיא קען בעטען, דארפסטו אויך קענען! . . .

— איך וועל אריינגעהען צו איהם!

— האט ער כמעט הויך אויף'ן קול ארויסגערעדט, און, צוריקגעקעהרט זיך, איז ער צוגעגאנגען צו דאקטאר עפּשטיין'ס הויז און . . . איז ווידער געבליעבען שטעהן.

פון וויטען האט ער בעמערקט א פּאליסמאן, געהענדיג איבער'ן טראטואר ארונטער איסט בראדוויי.

— וועט ער פערבייגעהען וואלאדיא'ס הויז, דאן וועל איך . . . אריינ־

נעהמען . . . ניין, ניט אריינגעהען . . . יא. דאן וועל איך אריינגעהען איצט — האט ער בעשלאסען, מאכענדיג זיך דעם סימן : — אבער ווען ער וועט פערקירעווען פריהער אין אנאנדער גאס, דאן וועל איך שיקען אגיוטא'ן צו וואלאדיא'ן.

און ער האט זיך איינגעגעסען מיט דיא אויגען אין דעם פאליסמאן און מיט'ן הארצען זיך געבעטען ביי איהם : „ברודערל, פערקירעווע זיך . . . מיר איז אזוי שווער צו געהן בעטען ביי איהם" . . .

דער פאליסמאן איז פערבייגעגאנגען דאקטאר עפשטיין'ס הויז . . .

שטינבערג איז געבליעבען שטעהן און איהם נאכגעקוקט.

— ווייס איך, נארישקייטען ! וואס מיר קען איינפאלען ! איך וועל שיקען צו איהם אגיוטא'ן . . . עס איז בעסער אזוי . . . זיא איז א פרוי . . . איז פריינדליכער מיט איהם . . . זיא וועט ביי איהם לייכטער אויספיהרען ווי איך — האט ער זיך געסטארעט איינצורעדען און האט זיך פערקירעוועט לינקס און איז אוועק פערטראכט ארויף איבער הענרי סטריט . . .

— אייגענטליך, איך פערלאנג דאך ניט פון איהם קיין טובות... איך וועל דאך איהם בעצאהלען מיט פראצענט !

— האט ער געטראכט ווייטער, פיהלענדיג וויא אויף דער נשמה ווערט ביי איהם אזוי סאר און אזוי טרויעריג, וויא דער הימעל אויבען איבער דיא סארע, בענקענדיגע, דאכט זיך, הויכע טענעמענטהייזער.

— גאטעניו, וואס איך האב דערלעבט ! — האט זיך ביי איהם ארויסגעריסען א טיעפער זיפץ.

פלוצים האט ער דערהערט א פערשטיקטען געמורמעל פון הונדערטע שטימען, וואס האט זיך אט איבערגעריסען, אבגעשטארבען און אט ווידער זיך דערהערט נאך העכער, נאך זשוזשענדיגער. וויא דאס זשומען פון פיעל־פיעל ביהנען. ער האט זיך אומגעקוקט און דערזעהען פאר זיך א גרויסע אידישע שוהל מיט א גאלדענעם מגן דוד פון אויבען.

און דערזעהען דיא שוהל און הערענדיג דיא שטימען פון דיא דאוונער, האט איהם מיט א מאל עפעס אזוי מארנע א טיאך געטהאן אין הארצען.

ער איז ניט געווען קיין רעליגיעזער איד. אין דער־היים פלעגט ער נור געהען אין זיין שוהל ימים נוראים. ערשטענס, ווייל ער איז געווען איינער פון איהרע בכבוד'יגע אונטערשטיצער און ווייזען זיך דארט א מאל האט מען דאך געדארפט, און, צווייטענס, טאמער איז טאקי דארט פאראן א גאט, וואס שרייבט און התמ'נט אויפ'ן נייעם יאהר . . . צו־וואס זאל ער אויסשטעלען ? . . .

איצט אבער, הערענדיג דעם געמורמעל פון דיא דאוונער, וואס האט זיך געטראגען פון דער שוהל אויף הענרי סטריט, האט זיך אין איהם מיט א מאל ערוועקט א מאדנער געפיהל . . . עס האט איהם גענומען ציהען אריינגעהען אין שוהל און בעטען מיט אלעמען . . . טאמער איז טאקע פאראן א גאט, וואס מען קען ביי איהם בעטען . . .

— ניין. ניט „טאמער", ער איז פאראן ! — האט ער ארויסגעשעפצעט מיט א ווארימען רעליגיעזען געפיהל . . .

ער האט איצט אזוי געוואלט, אז עס זאל זיין א גאט, פאר וועמען ער זאל קענען אויסגיעסען זיין הארץ . . .

— גאטעניו, זיי מיר מוחל, וואס איך האב ביז איצט אזוי ווענינ געטראכט פון דיר ! — האט ער אין א ווײלע ארום ארויסגעשעפצעט מיט

א פרומען געבעט, און ער איז אריין אין שוהל.

און, אריינגעקומען אין שוהל, איז עטינבערג פלוצים געבליעבען שטעהען צומישט ניט ווייט פון'ם אריינגאנג. די אידען, אי עלטערע, אי אינגערע, אי מיט בערד, אי געגאלטע, זיינען געשטאנען און געזעסען אין טליתים און תפילין, האבען געהאלטען סידורים'לאך און געדאווענט, אנדערע אויף'ן קול און אנדערע, מאכענדיג נור מיט דיא ליפען.

איינער, קענטיג ניט קיין חזן, נור א איד פון א גאנץ יאהר, איז געשטאנען ביים עמוד, מיט'ן טלית איבער'ן קאפ, האט געדאווענט אויף'ן געוועהנליכען שטייגער, דרעהענדיג מיט'ן האלז. האט ער אבגעזאגט, האט דער עולם דאן גענומען זאגען, ווער הויך אויף'ן קול און ווער שטיל, מורמלענדיג. אבער אלע אין איינעם, דיא שטימען צונויפגעגאסען . . . דאן איז דער עולם מיט א מאל אנטשוויגען געווארען און דער איד ביים עמוד האט ווידער גענומען זאגען אליין, דרעהענדיג מיט'ן האלז...

דיא דאווענער, וואס זיינען געשטאנען און געזעסען ניט ווייט פון אריינגאנג, האבען זיך אומגעקוקט מיט נייגעריגקייט אויף דעם היכען, שעהנעם אידען אין דער רוסישער פוטער און הוט, און דאס האט איהם צומישט. עטינבערג'ן.

ער האט זיך געכאפט, אז ער דארף האבען א טלית און תפילין, אום צו דאווענען אט וויא היא אלע דאזיגע אידען. א טלית האט ער אין דער־היים, דאס ווייסט ער זיכער. ער האט איהם גענוצט לעצטען יום כיפור, דאס איינציגע מאל, וואס ער איז געווען אין אן אמעריקאנישער שוהל. ערגעץ אין א זאאל, וואס האט א גאנץ יאהר געדיענט אלס טאנץ־קלאס פאר יונגע מיידלאך און בחורים . . . תפילין האט ער, דאכט זיך, אין דער־היים געהאט, אבער צו האט זיי אניוטא אויך פערפאקט צווישען דיא זאכען און געבראכט קיין אמעריקא, דאס ווייסט ער ניט...

איהם איז געווארען אונאנגענעהם צו שטעהען דא אזוי, אהן א טלית און תפילין, און ער האט שוין געוואלט אוועקגעהען, ערשט אין דערזעלביגער מינוט איז צו איהם צוגעגאנגען א קורצער, ברייטער איד. מיט א לאנגען שווארצען בארד מיט א טלית איבער דיא פלייצעס און א פיער עקיגער יארמולקע הינטער דעם של ראש און, אנשטעלענדיג אויף איהם א פאאר פרעגענדיגע אויגען, האט ער ביי איהם געפרעגט מיט'ן קאפ און מיט דיא פינגער, ניט וועלענדיג מפסיק זיין אין דאווענען: — הם ? . . . הו ? . . .

וואס דאס האט געמיינט, איבערלייגענדיג אויף דער שפראך פון צונג: — איהר דארפט עפעס, ר' קרוב ?

עטינבערג האט איהם ניט פערשטאנען און איהם אנגעקוקט נאך מעהר צומישט.

דער איד אבער האט זיך געסטארעט צו מאכען זיך פערשטעהען, ניט דארפענדיג מפסיק זיין אין זיין דאווענען. ער האט זיך א קלאפ געטהאן מיט א פינגער אין ברוסט און ווידער ארויסגעלאזען :

— הם, הו, הו, *שמש, שמש* . . . מבין, הו ? . . .

און דערזעהענדיג, אז עטינבערג פערשטעהט איהם אלץ ניט, האט ער איהם אנגענומען פאר אן ארעם, צוגעפיהרט צו אן ארט און האט איהם א ווינק געטהאן, ער זאל זיך זעצען.

— הם, הו ? . . . יאהר־צייט ? . . . קדיש ? . . . הם . . . אחר השמונה עשרה . . . שמש ! — האט ער ווידער אנגעוויזען אויף זיך, א טורקטהאנדיג מיט א פינגער זיך אין ברוסט, איז

אבגעטראטען פון עטינבערג'ן, האט זיך אוועקגעשטעלט שמונה עשרה מיט דעם איבעריגען עולם און גענומען זיך שאקלען מיט'ן גאנצען קערפער הין און צוריק.

ערשט איצט האט עטינבערג פערשטאנען, אז דער איד איז דער שמש פון שוהל און ער האט ביי איהם געפרעגט, צו עס איז ביי איהם א יאהר־צייט, און צו וויל ער קדיש זאגען . . .

און דא האט ער זיך דערמאהנט, אז פאר דיא לעצטע צעהן יאהר האט ער אפילו קיין יאהר־צייט ניט געשטעלט נאך זיין טאטע־מאמען, און איהם איז מיט א מאל אזוי מורא'דיג געווארען.

— פערגעסען זיך אן אלעס, אלעס — האט ער א טראכט געטהאן מיט בענקעניש, מיט וועהטאג און מיט מורא — אפשר האט מיך גאט הערפאר אזוי שווער געשטראפט? . . .

ער האט א קוק געטהאן פאר־זיך צו מזרח־זייט. דיא הויכע, גרויסע געביידע פון שוהל האט געקוקט אויף איהם אזוי ערנסט און פינסטער, אזוי וויא זיא וואלט איהם געסטראשעט. אויף דער בימה האט געצאנקט א גרויסע וועקסענע ליכט. וואס עמיצער האט הפנים אנגעצונדען צו יאהר־צייט. דאס פייערל פון דעם ליכט האט געציטערט. זיך געצויגען אהער און אהין, ארויף און אראב, אזוי וויא עס וואלט תפילה געטהאן פאר יענע נשמה, לכבוד וועלכער מען האט איהם אנגעצונדען. דורך דיא הויכע פענסטער האט אריינגעקוקט א הארער, קאלטער און בענקענדיגער טאג. דער עולם איז געשטאנען שמנה עשרה און געשעפצעט און זייער שעפצען האט אזוי מורא'דיג אבגעהילכט אין עטינבערג'ס נשמה, אז זיינע ליפען האבען אויך גענומען שעפצען פריהער גאנץ אינבעוואוסט א תפילה, וואס עס איז געבארען געווארען אין זיין נשמה פון זיך אליין:

— גאטוניו, זיי מיר מוחל, זיי מיר מוחל!...

און דאן מיט א מין רעליגיעזען עקסטאז:

— גאטעניו, אויב דוא וועסט מיר העלפען, איך וועל דיך ניט פערגעסען!.. אין א טלית און תפילין וועל איך דיך אלע מאל לויבען... דעם יאהר־צייט פון מיין טאטע־מאמען וועל איך ניט פערגעסען... קדיש וועל איך זאגען... גאטוניו — האט ער זיך איינגעגעכען מיט ברענענדיגע אויגען אין דעם פרוכת פון ארון הקודש געגען איהם, וועלכער האט איצט געפינקעלט און געבלישצעט מיט היילינע שטראהלען, דאכט זיך: — גאטוניו, אויב דו וועסט מיך צוריק ברענגען אויף דעם שטאנד פון אמאל, א שעהנערע שול וויא אט דיא דאזיגע וועל איך פאר דיין נאמען וועגען לאזען אויפבייען!... ווייז דיין נס, דו קענסט!... גאטוניו, עס איז מיר צו שווער אזוי צו לעבען, עס איז מיר צו שווער!.. און, מערקווירדיג! — שפעטער א ווייל. ווען ער איז ארויס פון שוהל, האט ער זיך געפיהלט אזוי לייכט, אקוראט וויא פון זיין הארצען וואלט זיך א שווערע משא אראבגעקייקעלט. אויף דער נשמה איז איהם געווען ליכטיג און ווארעם, אזוי וויא א גאנצע זון וואלט דארט אויפגעגאנגען, און דאס קאלטע, סארע ליכט פון דעם ווינטערדיגען טאג האט זיך איהם איצט אויך אויסגעוויזען העלער, פרעהליכער און ווארימער...

ער איז געקומען אהיים באלד וויא דאקטאר עפשטיין איז ארויס. אניוטא איז דאן נאך געווען פערנומען אין קיך ארום אויווען. ליובא איז געזעסען אין פראנט־צימער און מיט צוטראגענע אויגען אריינגעקוקט אין דעם אידישען ביבעל.

ווען ער איז אריין, האט אניוטא גלייך בעמערקט נאך דעם פרעהליכען בלישצען פון זיינע אויגען, אז ער איז גוט אויפגעלעגט. און, וויסענדיג, אז ער

איז אוועק צו דאָקטאָר עפּשטיין'ען און האָט יענעם אין דער־היים ניט געטראָפען, האָט זיא זיך געוואונדערט, וואָס ער איז אהיים געקומען ניט קיין אויפגערעגטער, וויא מען האָט געקענט פון איהם ערווארטען נאכדעם וויא ער האָט ניט געטראָפען דאָקטאָר עפּשטיין'ען אין דער־היים, נור, פערקעהרט, א פרעהליכער...

— וואָס האָט דאָרט מיט איהם געקענט טרעפען ? — האָט זיא א טראכט געטהאָן.

ער האָט זיך פונאנדער־געטאָהן און, אויפגעהאנגען זיין פוטער און קאראקולענע הוט אין קליידער־אלמער אין שלאָף־צימער, איז ער אריינגעקומען צוריק אין קיך.

— נו, וואָס הערט זיך עפּעס, אניוטקא ? — האָט ער זיך געווענדעט צו איהר מיט פרעהליכע אויגען, רייבענדיג זיך דיא הענד.

— וואָס ווילסטו זאָל זיך הערען ? קיין גוטע אָפּערא זינגט דער אויוועןן ניט ! — האָט אניוטא געענטפערט מיט א שמייכעל.

— מיר וועלען נאָך הערען גוטע אָפּערא אויך !.. ווארט אויס, אניוטקא, מיר האָבען א גוטען גאָט אין הימעל ! — האָט ער געזאָגט.

— און גוטע צרות אויף דר'ערד !

— האָט זיא זיך ביטער צולאכט. — דו האָסט וועמען געזעהען ?.

— ניין. וואלאדיא'ן האָב איך ניט געזעהען...

— איך וויים. ער איז דאָ ערשט געוועזן — האָט אניוטא געזאָגט.

— וואלאדיא איז דאָ געוועזן ? — האָט זיך עטינבערג א כאפּ געטהאָן מיט התפעלות, זעהענדיג אין דעם א גוטען סימן פאר זיך : — נו, וואָס ? אפשר האָסטו מיט איהם גערעדט ?

— וועגען וואָס ?

— אָט... וועגען... וועגען לייהען טליכע הונדערט דאָלאר אויף א געשעפט —האָט עטינבערג ארויסגערעדט שטיל, אָבקעהרענדיג דעם קאָפּ פון זיין ווייב און שעהמענדיג זיך פאר איהר... און פלוצים האָט ער דערפיהלט, וויא א שווערע משא האָט איהם וויעדער גענומען דריקען אויף דער נשמה...

— וואָס פאר א געשעפט ? וואָס רעדסטו זיך איין, אז מיט עטליכע הונדערט דאָלאר וועכטו א געשעפט קענען פיהרען ? — האָט אניוטא געזאָגט מיט פערדרוס אין קול.

— אניוטא, ווארום רעדסטו אזוי?

— האָט ער ארויסגעשעפּצעט מיט רחמנות אין קול — דו וועסט זעהן... נור עטליכע הונדערט דאָלאר... אניוטא, איך בין דאָך עפּעס... מיין קאָפּ, מיינע געשעפטס־פעהיגקייטען האָב איך דאָך ניט פערלאָרען אין אמעריקא... גלויב מיר, גלויב גאָט ! — האָט ער פלוצים ליידענשאפטליך ארויסגעשעפּצעט.

אניוטא האָט איהם אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגען.

— באָרים, וואָס איז מיט דיר ? וואָס האָסטו זיך עפּעס היינט מיט אמאָל דערמאָנט אָן גאָט ? — האָט זיא געפרעגט האלב אין שפּאס און האלב אין ערנסט.

—איך האָב זיך דערמאָנט — האָט ער שטיל ארויסגערעדט — אז איך האָב זיך אָן איהם פערגעסען...

ער איז אנשוויעגען געוואָרען, האָט גענומען געהען איבער'ן צימער הין און צוריק. דאן האָט ער זיך ווידער אָבגעשטעלט פאר אניוטא'ן און מיט עפּעס א ניט זיכערען קול, אקוראט וויא ער וואָלט זיך געשעהמט, האָט ער געפרעגט:

— ווייסטו ניט, אניוטא... איך האָב אין דער היים אמאָל געהאט אזעלכע קליינינצקע... תפילין הופט מען עס.. מיט אזוינע רימענס... האָסטו זיי פערפּאקט אין דיא זאכען ?...

— איך וויים, וואָס דו מיינסט... וואָס פרומע אידען טהוען אָן, ווען זיי דאווענען — האָט אניוטא געענטפערט מיט א שמייכעל, אנשטויסענדיג זיך, וואָס ביי איהר מאן אין דארצען טהוט זיך. — איך געדענק אָבער גיט, אויב

איך האָב עס מיטגענומען, וואָס דארפסטו עס?...

— איך דארף עס — האָט ער גע־מירמעלט, פיהלענדיג זיך שווער אונ־אנגענעהם פון איהר ענטפּער און פון איהר פראגע, וואָס דארף ער עס: — איך דארף עס... דו וואָלסט געפּרופט א זיך טאָהן, אפשר איז עס דאָ...

— ווארום? דוא ווילסט ווערען א פרומער איד? — האָט זיא ווידער געפרעגט מיט א שמייכעל.

— איז עס אַן עולה?

— קיין עולה איז עס ניט — האָט זיא געזאָגט — אָבער קאָמיש איז עס... אנדערע פרומע אידען קומען קיין אמע־ריקא און פערגעסען דאָ אָן דעם דאַוונען א.ז דו, ניט קיין פרומער, וואָס האָט אין דער־היים קיינמאָל ניט געדאַווענט, האָסטו זיך דאָ פּלוצים דערמאָהנט אָן דעם דאַוונען...

— נו, טאקי — האָט ער א טראכט געטהאָן —פארוואָס עפּעס ארבייטען זיך ארויף דאָ יענע, וואָס דאַוונען ניט?

און, טראכטענדיג אזוי, האָט ער געפיהלט, וויא אויף זיין נשמה ווערט אַלץ שווערער און פינסטערער, וויא דיא פריהערדיגע העלקייט און ווארימקייט פערשווינדעט פון דאָרט, וויא פון א קאלטען, כמורען וואָלקען...

— אָבער... אָבער — האָט ער גע־פרובט מיט געוואלד פערהאַלטען אין זיך יענע העלקייט און ווארימקייט, דיא ער־וואכטע האָפנונג אויף גאָט: — אָבער.. אפשר וועט גאָט וועלען רחמנות האָבען אויף אונז, וועט אונז וועלען העלפען...

— אוי, נארעניו, ער האָט אונז שוין געהאָלפען! — האָט זיא ארויסגערעדט מיט ביטערניש און א מאך געטאָהן מיט א האַנד.

— אָבער אפשר האָט ער אונז טאַ־קי דערפאר געשטראָפט, ווייל מיר זיי־נען ניט געווען פרום? — האָט ער פּלו־צים אויסגעשריען מיט היץ ניט דערפאר, ווייל ער האָט געגלויבט אין זיינע רייד, נור ווייל ער האָט געזוכט ווידער אין זיך אויפצו־וועקען דיא פריהערדיגע הע־לע, ווארימע האָפנונג אויף גאָט...

— אך! האָט אניוטא ווידער א מאך געטהאָן מיט א האנט — דו גע־דענקסט יענעם אַלטען פרומען אידען, וועמען דיא כוליגאנעם האָבען דיא אוי־גען ארויסגעריסען מיט גליהענדיגע איי־זענס... פארוואָס האָט גאָט יענעם פרו־מען אידען אזוי געשטראָפט? יענער האָט דאָך אוודאי געדאַווענט!...

— נו, טאָקי — האָט ער א טראכט געטאָהן — פארוואָס?...

און ער האָט דערפיהלט, אַז ער איז שוין ניט אימשטאנד מעהר איינצוהאַל־טען אין זיך דיא האָפנונג אויף גאָט, אַז דער לעצטער שפּור פון איהר פערשווינ־דעט פון זיין נשמה...

— אָבער אויב אזוי, אויף וועמען האָפט מען? — האָט זיך ביי איהם ארויס־געריסען אַ פערצווייפעלטער קרעכץ.

— אויף זיך האָף — האָט אַניוטאַ ווייך געענטפערט — קוק ניט אויפן הי־מעל, קוק בעסער אויף דער ערד!... נארו־ניו, דו קענסט זיך דאַוונען, אז דו ווילכט און דו פיהלסט... דער מענש אָבער דארף זיך פערלאָזען נור אויף זיך... איך מיין, בארים — האָט זיא זיך דאַן גע־ווענדעט צו איהם און אָנגענומען איהם ווייך פאר'ן ארבעל: — זעץ זיך א ווייַלע צו... איך וויל זיך מיט דיר דורכריי־דען ערנסט...

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש, און אונטערשפּארענדיג דעם קאָפּ מיט דער רעכטער האנד, האָט ער גע־קוקט אויף איהר מיט א פערצווייפעל־טען אויסדרוק אויפן פנים און אין דיא אויגען און זיך צוגעהערט:

— בּאָרים — האָט זיא געזאָגט — מיין מיינונג איז, אַז דו דארפסט איצט ניט טראכטען וועגען אַן אייגענעם גע־שעפט. קוק זיך אַ פריהער גוט ארום. דאַן, אַז דו וועסט זיך מעהר בעקענען מיט אַמעריקא, וועסטו זעהען... דערווייל ארבייט אויף דיין פּלאַץ... און ליובאַ זאָל אויך געהן ארבייטען צו אַבּראַשאַ'ן...

ראָרט וועט עיזר אפשר לייכטער זיין דיא ארבייט און זיא וועט אפשר מעהר פערדיענען אויך... באָריס, איך בעט דיך, האָב רחמנות איבער זיך און איבער אונז אַלע, פערגעס רוסלאנד, פערגעס ווער און וואָס דו ביזט פריהער געוועזן... איך קען פערגעסען, וואָס איך בין א פרוי, ־ארפסטו איך קענען... דו מוזט, באָ־ ריס, דו מוזט!...

— אך! — האָט ער זיך א כאַפּ געטהאָן פון אָרט — מיר איז צו שווער, צו שווער, איך קען נימ!... א־אך!...

און ער איז אַרויסגעלאָפען פון קיך.

.7

אויף מאָרגען אין דער פריה האַלב אַך זייגער, ווען דער אלטער אהרן איז געשטאַנען ביי זיין זוהן אין פאַבריק און געקעהרט דיא פאַדלאָגע, איז אריינגעקו־ מען מעקנעק.

אין האַנד האָט ער געהאַלטען א שטיקעל פין א ווייסער מאַנזשעט.

—אַזוי גיסטו אכטונג, טאַטע? וואו זיינען דיינע אויגען? — האָט ער געזאָגט אויפגערעגט, אָבשטעלענדיג זיך נעבען איהם.

דער אלטער אהרן האָט איהם אָנגע־ קוקט מיט זיינע רויטע אויגען צומישט.

— איך האָב עס געפונען אין דעם שמוץ...— דאָס איז ניט קיין שמוץ,טאַ־ טע... דאָס קאָסט געלד און מען וואַרפט עס נים אַרויס מיט דעם שמוץ! — האָט ער אויפגערעגט אריינגעשפּאַרט דעם שטיקעל מאַנזשעט זיין טאַטען אין האַנד אריין און ניט וואַרטענדיג אויף קיין ענטפער, איז ער אַוועק איבער דער פאַבריק, אומקוקענדיג זיך אויף אלע זיי־ טען מיט פלינקע אויגען, אַקוראַט וויא ער האָט זיך געוואָלט איבערצייגען, אויב אַלעס איז גאַנץ...

דער אלטער אהרן האָט מיט א שול־ דיגער מינע אַרומגעקוקט דעם שטיקעל מאַנזשעט. דאַן האָט ער איהם אריינגע־ שפּאַרט צווישען בוזים און גענומען ווייטער קעהרען דיא פאַבריק.

אַרום איז געווען שטיל. אין פאַב־ ריק איז נאָך קיינער ניט געווען. דיא גרויסע בלויע שטאָרעס זיינען האַלב אַראָבגעצויגען געווען איבער דיא פענס־ טער, און א דונקעל־בלויעס ליכט האָט געדרימעלט איבער אַלעם אַרום. דער גאַנץ גרויסער פּלאַץ מיט זיינע לאַנגע רייהען איבערגעדעקטע מאַשינעס אויף ביידע זייטען, וואָס האָבען אויסגעקוקט ווי דרימלענדיגע מצבות, מיט דעם ברייי טען, שווערען רימען אַרום א גרויסען אייזערנעם ראָד אין מיטען פאַבריק, מיט דעם לאַנגען טיש, איבערגעדעקט מיט א בלויען לייווענד, ניט וויקט פון׳ם אריינגאַנג, האָט אויסגעקוקט, וויא פער־ זונקען אין א טיעפען שלאָף...

א גרויסער, רונדער זייגער אויף דער וואַנד ניט ווייט פון׳ם אריינגאַנג, האָט לאַנגזאַם און הייזעריג, וויא פערשלאָ־ פען, געקלאַפּט זיין טיק־טאַק...

מעקנעק׳ס שנעלע און הילכענדיגע טריט האָבען מאָדנע שאַרף אָבגעקלונ־ גען איבער דער פאַבריק און האָבען, דאַכט זיך, וויא געוועקט דעם אַרומיגען שלאָף...

ער איז געווען א יונגערמאַן פון מי־ טעלען וואוקס, א מאָגערער, מיט שמאָלע פּלייצעס, מיט רויטע, דינע וואָנצעס אויף א ראָבען פּנים, פול מיט זומער־ שפּרינקלאַך, און מיט ווייסע אויגען, פלינקע און כיטרע, אונטער לאַנגע, רוי־ טע אויגען־לעדעלאַך און מיט קורץ גע־ שאָרענע רויטע האָאר אויפ׳ן קאָפּ. ער איז אָנגעטאָן געווען אין א שעהנעם העלען פּאַלטאָ, און א גלאַנציגער שוואַר־ צער הוט. האָט זיך געהאַלטען גלייך און שטאָלץ און זיך בעוועגט פלינק און זיכער.

— נו, וואָס הערט זיך עפּעס, טאַ־ טע — איז ער אין א ווילע אַרום צו־ גענאַנגען צו אהרן׳ען מיט שנעלע טריט:

— ביזטו שוין געווען ביי דיין אלטען בעל הבית?...

— יא, אייבעלע — האט דער אל־טער אהרן געענטפערט מיט א טרויעריגען קול און האט געקעהרט ווייטער: — מיט איהם איז שלעכט!... אייבעלע — האט ער פלוצים אויפגעהערט צו קעהרען — איך וויל מיט דיר איבערריידען, איידער ליובא קומט...

ביי גאש! (ביי גאט) האט מעקנעק פערטראכט א שמייכעל געטהאן, א דריק טהוענדיג מיט זיינע שמאלע אקסלען: מיר גלויבט זיך עס גאר ניט!... בארים עטינבערג, דער גרויסער בארים עטינ־בערג!...

— וואלסטו זעהן, אייבעלע, וואו ער וואוינט!... אויף א פינפטען עטאזש אין נארפאלק סטריט, אין א קבר!...

— אזוי!... נו, וואס זאגט ער?...

— וואס זאל ער זאגען?... דער פאגראם האט איהם חרוב געמאכט, און שאבאש!...

— אי־אי, אזא רייכע הויז, וויא ער האט געהאט א פאלאץ! — האט מעק־נעק אויסגעשריען, אי שמייכלענדיג, אי פערוואונדערט.

— א קאמאוועס! — האט דער אל־טער ארויסגעזיפצט — און איצט איז ער א סיגאר־מאכער און ארבייט, און שאבאש!...

— ניט שלעכט! — האט מעקנעק געשמייכעלט.

און פלוצים האט ער א בלישצע גע־טהאן מיט דיא אויגען און געזאגט:

— רעכט אויף איהם, ביי גאש, איך בין צופריעדען!...

— וואס ביזטו צופריעדען? — האט זיך דער אלטער א כאפ געטהאן.

—ער איז געווען א.... האט מעק־נעק ארויסגערעדט א גראבע זידלעריי אויף ענגליש: — אה איך געדענק נאך זיינע פעטש!... וויא נור־וואס איז כליאפ אין מארדע אריין!... רעכט אויף איהם!...

— אייבעלע, רייד ניט אזוי — האט דער אלטער זיך געבעטען ביי איהם — אויב ער האט דיך אמאל געשלאגען, האט ער געמיינט דיין טובה... פאר א מענשען האט ער דיך געוואלט מא־כען!...

— געווים, געווים! — האט מעק־נעק זיך אויפגערעגט צולאכט: — פאר א מענשען!... ער האט מיר אמאל גע־געבען אזא פאטש, אז איך בין נאכדעם גאנצע צוויי וואכען ארומגעגאנגען מיט א געשוואלענער באק!...

און, דערמאנט זיך אן דעם, האט אין מעקנעק'ס הארצען אויפגעקאכט א ביטערער האס צו עטינבערג'ן און ער האט א טראכט געטהאן: „אה, איך וואלט איהם איצט אנגענומען אזוי פאר זיין לאנגע בארד און וואלט מיט איהם שוין געלערנט בלק... אזא... ביי גאש!

— אבער ער האט דיר געגעבען הוצאות אויף פאהרען קיין אמעריקא אויך, אייבעלע, און מיר אויף שבת און יום טוב האט ער אויך געגעבען, און דיין ארימע שוועסטער אין זשיטאמיר האב איך אויך אויפגעהאלטען מיט זיין געלד — האט דער אלטער געזאגט מיט א פארוואורף אין קול.

און ווען אהרן האט עס געזאגט, האט זיך מעקנעק פלוצים דערמאנט אן דיא סצענע פון זיין אוועקפאהרען קיין אמעריקא, וויא עטינבערג האט איהם אויסגעריכט, און וויא ער, מעקנעק, האט דיא הענד געקושט עטינבערג'ן און אניוטא'ן, און ער איז צומישט געווארען און האט זיך פערשעהמט... דער איצ־טיגער רייכער מעקנעק האט זיך דער־פיהלט טיעף בעליידיגט פאר דעם פרי־הערדיגען יונג אבראשא'ן... אין דער־זעלבער צייט אבער איז דער פריהערדי־גער האס צו עטינבערג'ן פערשוואונדען

פון זיין נשמה און אנשטאט דעם האט דאָרט ערוואכט א פערלאנג, ארויסצו־ווייזען זיך פאר זיין פריהערדיגען בעל הבית, וועמענ׳ס הענד ער האט אמאָל געקושט, אז ער איז איצט שוין אנאנדער־רער, כמעט אליין אן עמינבערג....

דער פארמאן איז געקומען, א הויכער, לאנגער יונגערמאן. הינטער איהם זיינען אנגעקומען עטליכע ארבייטערינס.

— גוט מארגען! — האט דער פארמאן זיך געווענדעט צו מעקנעק׳ן מיט דרך ארץ.

— גוט מארגען — האט מעקנעק זיך א כאפ געטהאן מיט א מין אימפעט און א קעהר געטהאן זיך צום פארמאן. האט ער געזאגט:

— דזשעקי פערגעסט ניט היינט דעם נומער 412. מען מוז איהם נאך היינט ארויסשיקען.

— אלל־רייט, מיסטער מעקנעק, איך וויים!....

— און נאך וואס — האט זיך מעקנעק ווידער א כאפ געטהאן — טאמער קומט יענע מיידעל, וועגען וועלכער איך האב מיט אייך גערעדט, זאלט איהר ניט פערגעסען איהר צו געבען א בעקוועמען פלאץ...

— אלל רייט, מר. מעקנעק!...

— טאטע ענדיג דיין ארבייט און קום דאן אריין צו מיר אין מיין פריוואט אפפיס!... — האט זיך דאן א קעהר געטהאן מעקנעק צום אלטען אהרן׳ען און איז מיט שנעלע טריט אוועק אין זיין פריוואטאפפיס, וועלכער האט זיך געפונען אויף דער רעכטער האנד הינטער א גלעזערנער טהיר.

דער אלטער אהרן האט גענומען אויף ניך קעהרען, באלד איז ער מיט דעם פארטיג געווארען, און, א ווארף טהוענדיג חעם בעזים אין א ווינקעל, איז ער שנעל, אונטערשפרינגענדיג אויף זיינע אלטע פיס, אוועק צו זיין זוהן.

דער אפפיס איז בעשטאנען פון א גרויסען צימער מיט איין פענסטער. אין מיטען צימער איז געשטאנען א שרייב־טיש, נעבען איהם א שאקעל־שטוהל. ווייטער אביסעל דריי שטוהלען. נעבען איין וואנד, אויף דעמזעלבען זייט, וואו עס האט זיך געפונען דאס פענסטער איז געשטאנען א זאפע, מיט א שווארצען לעהער בעצויגען; אויף דער צווייטער וואנד געגענאיבער איז געהאנגען א גרויסער שפיגעל. אויף׳ן פאדלאגע איז אויסגעשפרייט געווען א קאוויאר מיט אויסגעמאלטע פיגורען.

ווען דער אלטער אהרן איז אריינגעקומען אין אפיס, האט זיין זוהן דאן אויפגעהאנגען זיין פאלטא און הוט אויף א הענגער, וואס איז צוגעשלאגען געווען אויף דער הינטערשטער וואנד.

א בלויע שטארע איז געווען אראבגעלאזען איבער׳ן פענסטער, און איבערן צימער האט וויא געשוועבט א דונקעל־בלויעס ליכט, אין וועלכען דער שפיגעל אויף דער וואנד האט געבלישצעט מיט א בלייכען שיין, וויא דונקעלער, אלטער זילבער...

מעקנעק איז צוגעגאנגען צום פענסטער און אויפגעצויגען דיא שטארע, און א סארעס ליכט פון א ווינטערדיגען טאג האט זיך אריינגעריסען פון דרויסען און גלייך פערטריעבען פון צימער דיא דונקעלע־בלויקייט...

— האט ער זיך עפעס נאכגעפרעגט אויף מיר, הא, טאטע? — האט זיך מעקניעק דאן געווענדעט צו אהרן׳ען, זעצענדיג זיך אויף׳ן שאקעל־שטוהל און ארויפלעגענדיג ביידע פיס אויפ׳ן טיש, מעשה אמעריקאנער: — איך שטעל זיך מיר פאר, וואס פאר אויגען ער האט געמוזט מאכען, ווען ער האט זיך דער־וואוסט, אז איך...

ער האט אנגעשטעלט זיינע ווייסע אויגען אויפ'ן טאטען און צופריערען געשמייכעלט.

— ער האט ניט געוואלט, אז ליובא זאל געהן צו דיר ארבייטען — האט דער אלטער זיך אבגערופען.

— אזוי ? זעהסטו, וואלט איך טאקי א סך פערלוירען !... עס שטעהט איהם ניט אן, הא ? ביי גאש, דוא האסט איהם געדארפט זאגען, אז אין אמעריקא ביז איך א גרעסערער פריץ, ווי ער !
— האט ער ארויסגערעדט מיט א שטאלצער מינע.

— דוא ביסט שוין א צו גרויסער פריץ, מיין זוהן !... אי, אי — אי ! — האט דער אלטער אויסגעקרעכצט : — וואס קומט אבער פון דעם ארוים ?...

— דוא הייבסט שוין אן ווידער טאטע ? — האט זיך מעקנעק א כאפ געטהאן מיט א נערוועזער בעוועגונג, אנקוקענדיג זיין פאטער בייז מיט זיינע ווייסע אויגען : — איך בעט דיך, טאטע!

— נו. נו, זיי מיר מוחל, אייבעלע !
— האט דער אלטער א מאך געטהאן מיט ביידע הענד — נו, איך וועל שווייגען — און שאבאש !...

— איך פיהל, אז דוא פערגינסט מיר ניט — האט מעקנעק שוין ניט געקענט בעהערשען אין זיך דיא אויפרעגונג : — אייב דוא ביזט אזא טאטע, ווערסטו זיך מוזען געפינען א בעסערען זוהן !...

— וואס הייסט, איך פערגין דיר ניט... אייבעלע — האט דער אלטער אהרן ארויסגערעדט מיט געפיהל — נור גאר גישט, עס טהוט מיר אמאל וועה דאס הארץ... עס פערדריסט מיך, וואס איך בין ביי דיר ניט קיין טאטע און ניט קיין אדם, נור א כלב, דוא זאלסט מיר מוחל זיין, און שאבאש !...

— ווען איך וואלט דיך געהאלטען פאר א כלב, וואלט איך דיר ניט געצאהלט קיין אכט דאלאר א וואך... דיין ארבייט קען מיר טהאן א באי פאר דריי דאלאר א וואך... אנו, פרוב אקארשט ביי א פרעמדען — האט מעקנעק גערזאגט.

— זוהן מיינער, צאהל מיר אפילו ניט קיין איין גראשען, אבי זיי א זוהן !
— האט דער אלטער אויסגעשריען מיט געבעט אין קול.

— וואס הייסט א זוהן ? געווים בין איך דיינער א זוהן !... פרוב דוא א שטארב טהאן — האט ער זיך ניט געקענט איינהאלטען פון'ם גראבען וויץ — וועסטו דאן זעהן, אז איך וועל נאך דיר אפילו קדיש זאגען !...

און געזאגט עס, האט ער זיך אליין גוטמוטיג צולאכט.

דער אלטער האט זיך פון דעם ניט בעליידיגט, האט נור א שאקעל געטהאן מיט'ן גרויסען קאפ און א פינטעל געטאן מיט דיא רויטע אויסגעלאשענע אויגען, דאן האט ער גערעדט ווייטער מיט רחמנות אין קול :

— נייז, זוהנוניו, ניין, דוא האלסט מיך ניט פאר א טאטען און שאבאש ! פרעג איך ביי דיר אמאל עפעס, ווי א טאטע, ענטפערסטו מיר, אקוראט ווי איך וואלט געווען עפעס א סוויניא בלאגאמארדיע... פרעג איך דיך פארוואס האסטו ניט חתונה, שוין צוויי און דרייסיג יאהר א בחור, ענטפערסטו מיר מיט רוגזה, אז עס איז ניט מיינע ביזנעס... קיינמאל דערצעהלסטו מיר ניט פון דיין געשעפט, אקוראט ווי דיין טאטע וואלט גאר קיין שכל ניט געהאט. און דוא ווייסט דאך יא, אז אין דערהיים, ביי עטינבערג'ן, בין איך געוועזען דער געשעפטסמאן מיט שכל, דער עלסטער פריקאשציק, און דוא, האב קיין פעראיבעל ניט, אייבעלע ! — דוא ביזט געווען, וואס ?... עס טהוט וועה, זוהנוניו !... ליעגסט אמאל ביינאכט און טראכסט און דאס הארץ טהוט אזוי

ותעה, אז... אז... שאבאש!... בין איך דערפאר געקומען צו מיין זוהן אין אמע־ריקא, איך זאל זיין שאפ קעהרען, זיין כיסט אראבטראגען, זיין סטאראזש אין שאפ זיין און יעדער זאל זיך מיט מיר שאפען, וויא מיט א הונד?... איז שוין גאר קיין כבוד אב פאר מיר ניטא?... און אז גאט האט דיר געהאלפען, דער־פאר בין איך שוין אוים טאטע, האב איך שוין ניט קיין שכל, שעהמסטו זיך שוין אפילו מיט דיין טאטענ'ס נאָ־מען!... אוי, אייבעלע, ניט גוט, ניט גוט און שאבאש!...

מעקנעק האט די גאנצע צייט, בעת זיין פאטער האט גערעדט געקוקט אויף איהם מיט א שמייכעל. דאן האט ער זיך אבגערופען גוטמוטהיג:

— נו, געווים!.., פון דער היים נאך ביזטו דאך צוגעוואוינט, מען זאל שטעהען פאר דיר אהן א היטעל!... איך געדענק נאך, וויא עטינבערג פלעגט פאר דיר שטעהן אהן א היטעל... וויע־פיעל פלעגסטו ביי איהם קריעגען א וואך — פיער רובעל, דאכט זיך, הע?... — האט ער געזאגט מיט איראָניע אין קול.

ער האט אראבגענומען דיא פיס פון'ם טיש און אויפגעהויבען זיך פון'ם שאקעל־שטוהל.

— אז איך וואלט געווען עטינבערג'ס טאטע, וואלט ער מיך געהאלטען אין א גאלדענער שטייגעל — האט דער אלטער אהרן שטיל ארויסגערעדט.

— אזוי? אין א גאלדענער שטייגעל? נו, גוט, איך וועל פאר דיר אויך בעשטע־לען א גאלדענע שטייגעל!... ביזטו צו־פריעדען?...

און ווען ער האט עס געזאגט, האבען זיינע ווייכע אויגען פרעהליך געלאכט און דיא דיקע רויטינקע וואנצעס אויף זיין ראבען פנים האבען לייכט געצי־טערט פון איינגעהאלטענעם געלעכטער.

דער אלטער אהרן האט א פינטעל געטהאן אויף איהם מיט זיינע רויטע אויגען און א זיפץ געטהאן.

אין דיעזער צייט האט זיך דער־הערט פון ארום און ארום א גערודער און געפילדער, אזוי וויא עפעס א גהינום וואלט זיך מיט אמאל געעפענט. מעק־נעק'ס פאבריק און דיא ארומיגע שע־פער האבען גענומען ארבייטען. דיא גאנצע געביידע האט גענומען הילכען און ציטערען. דיא פאדלאגע אין מעק־נעק'ס אפיס האט זיך גענומען טרייס־לען, וויא פון עפעס אן ערד־ציטערנים...

דער אלטער האט זיך א כאפ גע־טאן, געוואלט ארויסגעהן פון אפיס, ווייל אין פאבריק האט ער נאך געהאט פיעל ארבייט צו טהאן: וואסער פאר דיא ארבייטער אנגרייטען, דיא מיסט ארויסטראגען און אזוי ווייטער. אויסער דעם, האט ער געוואלט זעהן, אויב ליובא איז שוין דארט און וואס פאר א פלאץ דער פארמאן האט איהר געגעבען. ער האט זיך שוין געלאזט געהן צו דער טיר, נור מעקנעק האט איהם אבגעשטעלט.

— קום אהער, טאטע, אנטלויף ניט!

דער אלטער האט זיך אבגעשטעלט ביי דער טהיר און אנגעקוקט איהם מיט פרעגענדיגע אויגען.

מעקנעק איז זיך דורכגעגאנגען אי־בער'ן אפיס הין און צוריק, טשיפלענ־דיג פערטראכט זיינע רויטינקע וואנצעס. דאן האט ער זיך אבגעשטעלט פאר זיין טאטען און ארויסגערעדט:

— איך וויל זיך מיט דיר היינט דורכריידען, טאטע... אזוי האב איך פיינד צו ריידען וועגען מיינע פריהער־דיגע יאהרען, נור איצט פיהל איך עפעס... זאג דעם אמת, דוא האסט דאך מסתמא פאר עטינבערג'ן אנגע־רעדט אויף מיר גענוג, הע?...

— וואס זאל איך עפעס קריכען צו איהם מיט מיינע צרות? ער האט גענוג

זיינע אייגענע!... האט דער אלטער גע־ענטפערט.

— איך האב ניט מורא, ווען דוא וואלסט אפילו אנגערעדט אויף מיר — האט מעקנעק גערעדט ווייטער — גאר גאר ניט, ווארום זאל אזא מענש, וויא עטינבערג מיך האלטען פאר א שלעכטען, ווען איך בין גאר ניט אזוי שלעכט?... דוא זאגסט, דוא האסט ניט גענוג כבוד ביי מיר... אין ביזנעס זוכט מען ניט קיין כבוד... ווען איך וואלט געזוכט כבוד, וואלט איך נאך איצט אויך געווען אן ארימאן... ווען דוא וואלסט וויסען, טאטע, וואס איך האב אריבערגעטראגען, ביז איך בין געקומען צו מיין איצטיגען שטאנד!... געפעדלט פריהער מיט שוועבעלעך, דאן מיט טישטיכער, העמדער, זייגער'ס און אנדערע אזוינע אנטיקלעך... געקלאפט אין דיא טהירען... האט מען מיך ארויסגעטריעבען פון איין טהיר, בין איך געקראכען אין דער צווייטער, קיינמאל ניט פעראיבעל גענומען אויף א בעליידיגונג. אפילו אויף א שפיי אין פנים אויך ניט!... איך האב מיר דאן געטראכט: איהר מעגט אויף מיר אלע שפייען, אבי איך זאל האבען וואס צו קייען!...

— יא, יא — האט דער אלטער אהרן צוגעשאקעלט מיט התפעלות מיט'ן קאפ און זיינע רויטע אויגען האבען געבלישצעט, און אין גאנצען האט ער פלוצים אבגעלעבט פון דעם גליקליכען געפיהל, וואס זיין זוהן רעדט צו איהם צום ערשטען מאל וויא צו א טאטען און ניט, ווי א בעל הבית צו זיין משרות...

— און וויא האב איך געלעבט? — האט מעקנעק גערעדט ווייטער, היינגעריסען פון זיינע ערינערונגען: — א פרישער ברייטעל מיט א הערינג — דאס איז געווען מיין עסען!... זעלטען ווען האב איך זיך פערגינט אויסצוגעבען אפילו אויף א גלאז ביער... פון אמוזירען זיך, צו אין א טהעאטער, צו ערגענץ וואו אנדערש — פון דעם איז דאך שוין גאר ניטא וואס צו רייהדען!... האב איך געהאט א שטונדע פרייע צייט, האב איך בעסער אריינגעקוקט אין א אידיש־ענגלישען לעהר־בוך, אום אויסצולערנען זיך דיא ענגלישע שפראך... און אזוי האב איך זיך ארויפגעארבייט... ווען איך האב געהאט אבגעשפארט מיינע פאר טויזענד דאלאר פון'ם פעדלען, בין איך אריין מיט א פארטנער אין דעם איצטיגען געשעפט. און ווען איך האב דערזעהען, אז דאס געשעפט ארבייט זיך ארויף, האב איך אויסגעצאהלט מיין פארטנער און איצט, זעהסט דאך!...

— האט ער געוויזען מיט זיין רויטהאאריגער האנד אין דער ריכטינג פון דער גלעזערנער טהיר, הינטער וועלכער דיא ארבייט האט געפילדערט...

— נו, געלויבט זאל זיין גאט! געלויבט און געדאנקט זאל ער זיין — האט דער אלטער געררעהט, קוקענדיג אויף זיין זוהן מיט א שטראהלענדיגען פנים.

— יא, גענען וואס האב איך דיר עס אנגעהויבען צו דערצעהלען? — האט זיך מעקמעק א כאפ געטהאן — יא, גע־גען דעם: ווען איך זאל דעמאלט האבען אין זינען כבוד, וואלט איך איצט ניט געווען דער, וואס איך בין!... דער בעסטער כבוד אין אמעריקא איז געלד. אהן געלד איז דא כבוד אין ד'רערד!... איצט האב איך געלד, קען איך האבען כבוד, קען איך זיך פערגינען אי אזא זאך, אי אזא פערגעניגען... מענשען שטעהען פאר מיר אהן היטלען. ציטערען פאר מיין בליק, וויא אמאל פאר עטינבערג'ן. אז איך וויל, פערדיענען מענשען, און אז איך וויל, שטארבען זיי פאר הונגער... אט האבען מיינע ארבייטארינס לעצטען יאהר ביי מיר געסטרייקט, און וואס?... נאכדעם זיינען זיי טאקי צו מיר געקומען

זיך בעטען!... אט דאס איז ריכטיגער כבוד, טאטע!...

און פלוצים, אזוי וויא דערפיהלט זיין גרויסקייט און זיין טאטענ'ס נישטיגקייט, האט ער זיך א כאפ געטאן:

— אבער וואס דערצעהל איך עס דיר?... קענסט געהן!...

— זוהנוניו — האט דער אלטער ארויסגערעדט — דוא האסט מיך פשוט היינט מחיה געווען, וואס דוא האסט גערעדט צו מיר, וויא צו דיינעם א טאטען!...

— מיינעם א טאטען? — האט מעקנעק אונטערגעכאפט און אנשטעהענדיג אויף איהם זיינע ווייסע אויגען, האט ער א טראכט געטהאן בייז: ביי גאש, פארוואס, צום שווארץ יאהר, איז ער מיין טאטע?"—און האט צוגעלייגט:

— נו, געה, טהו דארט דיין ארבייט!...

— איך געה, איך געה! — האט דער אלטער זיך אבגערופען, אביסעלע שוין צומישט פון זיין זוהן'ס פערענדערטען טאן: — אפשר, אייבעלע, וואלסטו ליובא'ן געגעבען א לייכטערע ארבייט?

— נו, נו, זיי ניט קיין גוטער. געה!

— האט שוין מעקנעק געזאגט גראב.

דער אלטער איז שוין אין גאנצען צומישט געווארען, האט א פינטעל געטהאן מיט דיא רויטע אויגען און זיך א לאז געטהאן צו דער טהיר.

—ווארט, טאטע! — האט מעקנעק פלוצים געזאגט — אפשר זאל איך טאקי?... רוף זיא אריין צו מיר אין אפפיס!...

— יא? — האט זיך דער אלטער א כאפ געטהאן מיט פרייד און איז ארויסגעלאפען פון אפיס.

ליובא איז נאך ניט געווען אין פאבריק. דער אלטער אהרן האט שוין געמיינט, אז זיא וועט ניט קומען...

פלוצים איז זיא אריינגעקומען.

דער אלטער האט זיך א ווארף געטהאן צו איהר מיט א שטראהלענדיגען פנים.

— מיין אייבי וויל אייך זעהן — האט ער געזאגט מיט התפעלות.

— ווער? — האט זיא איבערגעפרעגט.

— מיין אייבי... נו, אבראשא — האט ער איהר ערקלערט — ער וויל אייך זעהן... טהוט זיך פונאנאנדער...

זיא איז געשטאנען אין איהר היימישען מאנטעל מיט א שווארצען קאראקולענעם קאלנער און מיט אזא הוט אויפ'ן קאפ, האלטענדיג אין דיא הענד א שווארצע, קאראקולענע מופטע, און האט פערוואונדערט געקוקט אויף אהרן'ן מיט איהרע גרויסע, שווארצע אויגען. ארום האט געפילדערט און געליארעמט. דיא מאשינעם האבען ווילד געשוושעט, דער גרויסער ראד מיט'ן שווערען רימען ארום איהם, געיאגט פון עלעקטרישער קראפט, האט זיך געדרעהט אין מיטען פאבריק מיט א מורא'דיגען ליארמען, טרייבענדיג דיא מאשינעם...

— טרא־אך! טרא־אך! — טאק! טאק!... — האט געפילדערט דער שווערער רימען, יאגענדיג זיך ארום דעם ראד... זש־זש־זש!... — האבען ווילד געשוושעט דיא מאשינעם און עס האט זיך געדאכט, אז איינע דיא אנדערע וויל אריבעריאגען און איבערשרייען...

די ארבייטערינס — אין דער פאבריק האבען קיין מענער ניט געארבייט — זיינען געזעסען ביי זייערע מאשינען איינגעהויקערטע, אויסגעבויגטע, און פון וויטען האבען זיך צוערשט אין דיא אייגען געווארפען זייערע אויסגעבויגטע רוקענס אין פערשיעדענע בלוזעס — גריע, ווייסע, שווארצע, ראזעווע — און זייערע ארעמס און הענד, וואס האבען זיך בעוועגט אהער און אהין... הענד, הענד און הענד, דער קאפ האט זיך דא זעלטענער געווארפען אין דיא אויגען...

דורך דיא גרויסע פענסטער, וואס זיינען פערשטעלט געווען פון דרויסען מיט דיא וואנד פון א צווייטער פאבריק,

דאס אריינגעקוקט א האלב דונקעלעס ליכט. געבען מאנכע מאשינעס האבען געבראנט עלעקטערישע לעמפלעך...

די לופט איז דא געווען געפרעסט, עס האט געשמעקט מיט פארבע און מיט מאשינען־אויל...

לינקס פון׳ם אריינגאנג הינטער דעם לאנגען טיש, וואס איז פערווארפען געווען אויף איין זייט מיט פעקלאך צו־געשניטענע סחורה, וואס מען פלעגט ארויסגעבען די ארבייטאר׳ס, און אויפ׳ן צווייטען זייט מיט בינטלעך פארטיגע העמדער, איז געשטאנען א יונגע, הויכע, דיקע מיידעל מיט קאקעטיש פערקאמטע בלאנדע האאר, מיט א געפודערטען רונדען און ווייסען פנים און האט איבערגעקוקט די פעקלאך. הינטער דעם אנדערען זייט טיש, וואו עס זיינען געלעגען די בינטלאך פאר־טיגע העמדער, איז געשטאנען דער הויכער, מאגערער פארמאן פון פאבריק, א יונגערמאן מיט שווארצע, דינע וואנ־צעס און מיט פלינקע, שארפע אויגען, אין א זשילעט, אהן א רעקעל, מיט די ארבעל פון א געשטרייפטען העמד הויך פערקאטשערט איבער לאנגע מאגערע עלענבויגענס. און האט איבערגעקוקט די בינטלאך און פערשריבען מיט א בלייפעדער אויף פאפיער.

רעכטס פון׳ם אריינגאנג האט גע־בלישטשעט די גלעזערנע טהיר מיט א בלייכען, בלינדען שויב, אויף וועלכען מיט גרויסע שווארצע בוכשטאבען איז געווען אנגעצייכענט: פריוואט אפיס.

ווען ליובא איז אריין, האט די די־קע בלאנדע מיידעל זיא גלייך בעמערקט און האט זיא שארף אנגעקוקט מיט איה־רע טיעפע, בלויע אויגען. און ווען דער אלטער אהרן איז צוגעלאפען צו ליו־בא׳ן, האט די בלאנדע מיידעל א ווינק געטהאן צום פארמאן אויף דעם אנדער זייט טיש. יענער האט זיך אויך אומ־געקוקט אויף ליובא׳ן און דאן, ענטפער־רענדיג דער דיקער בלאנדער מיידעל מיט א כיטרען ווינק פון זיינע שארפע אויגען, האט ער ווייטער געצעהלט די בינטלאך העמדער אויפ׳ן טיש און פער־שריבען....

און דערווייל איז ליובא געשטא־נען אין איהר שווארצען מאנטעל מיט דער קאראקולענער הוט אויפ׳ן זייט קאפ, א הויכע, א שלאנקע, פול חן און נאטירליכען שטאלץ, האט געקוקט אויף חעם אלטען אהרן׳ען פערוואונדערט מיט איהרע שווארצע אויגען און, טראכ־טענדיג, וואס וויל פון איהר אבראשא, האט זי אין דערזעלבער צייט געפיהלט, וויא איהרע געדאנקען ווערען פערטו־מעלט אין דעם ארומיגען געפילדער...

מעקנעק׳ן האט זיא לעצטען מאל געזעהען נור פון ווייטען, דורכגעהענדיג די פאבריק. נים ער און ניט זיא האבען געערדט איינער מיט׳ן אנדערן און ווען נים דער אלטער אהרן, וואלט זיא גאר נים געוואוסט ביי וועמען זיא ארבייט.

איצט רופט ער זיא צו זיך, וויל זיא זעהען... וויא ווענט ער צו איהר ריי־דען..?. וויא וועט זיא צו איהם ריי־דען?....

זיא האט געוואלט ארויסרופען אין איהר געדעכניס מעקנעק׳ן, וויא אזוי זי האט איהם געזעהען לעצטען מאל, דורכ־געהענדיג די פאבריק, און אנשטאט איהם אין פאר איהר ארויפגעשוואומען אבראשא, דער בחור מיט דער רויטער טשופרינע און מיט דעם היטעל אין די הענד, וויא זיא האט איהם פיעל מאל געזעהען נאך אלס קינד ביי איהר פאר־טער אין קאנטאר...

און אין דערזעלבער צייט האט דער אלטער אהרן נים געקענט אבדרייסען די רייטע אויגען פון איהר פנים און האט

געטראכט מיט ליעבע, מיט התפעלות און וועהטאג:

— גאטיניו, דאס איז דאך זיא טאקי, ליובעטשקא!... בארים עטינבערג'ס בת יחידקה'לע!... נאך איצט אויך זעהט מען דאך אויף איהר דיא רייכע בארישניא... אזא שעהנער, אזא ערע־לער פנים... און זיא?... אוי, גאטע־ניו!....

— וואס דארף ער מיך? — האט ליובא איבערשלאגען זיינע געדאנקען.

— קומט, קומט, בארישניא ליובא!

— האט זיך ביי איהם ארויסגער סען מיט ליעבע אין קול — ער דארף איך... האט ניט מורא... טהוט אויס דעם מאנטעלע... עס איז צו היים!...

זיא איז צוגעגאנגען צו דעם פלאץ, וואו דיא אנדערע מיידלאך פלעגען זיך אויסטאן. ער נאך איהר, אונטער שפרינ־גענדיג אויף זיינע אלטע פיס.

— ניט אהער דעם מאנטעלע, דיא הינטעלע, איך וועל שוין אויפהענגען אין אנאנדער ארט... דא הענגען דיא קליי־דער פון דיא ארבייטערקעס!...

— ניין, ניין, מיסטער סמיטשיק... מען דארף ניט... זאלען זיי דא הענגען, וואו דיא קליידער פון דיא אנדערע אר־בייטערינס — האט זיא זיך איינגע־שפארט. פיהלענדיג זיך נערוועז פון דעם געדאנק, אז זיא וועט באלד ריידען מיט דעם ארויפגעארבייטען אבראשא'ן...

— וואס הייסט? — האט דער אל־טער אהרן געטענה'ט, אויסשטרעקענדיג זיינע הענד צו איהר מאנטעל.

— איך בעט איך, אהרן! — האט זיא איהם ניט געלאזט נעהמען דעם מאנטעל.

— נו, נו, אז איהר ווילט ניט, דארף מען ניט... קומט צו איהם... ער איז אין אפיס, דאס הייסט אין זיין קאנטאר — האט ער איהר ערקלעהרט, האלטענדיג, אז זי פערשטעהט נאך ניט קיין ענגליש.

ער איז אוועק אין פאראוים, אונ־טערשפרינגענדיג אויף זיינע אלטע פיס, זיא נאך איהם, פיהלענדיג, וויא דער פנים ברענט ביי איהר.

זיי זיינען אריין אין דיא גלעזערנע טהיר מיט דעם בלייכען, בלינדען שויב, אויף וועלכען עס איז געווען אנגעציי־כענט: פריוואט־אפיס.

דיא דיקע בלאנדע מיידעל האט בעגלייט ליובא'ן מיט איהרע בלויע אוי־גען און וויא נור יענע איז פערשוואונדען הינטער דיא גלעזערנער טהיר מיט דעם אלטען אהרן'ען, אזוי גלייך איז זיא צו־געלאפען צום פארמאן און האט זיך מיט איהם גענומען סוד'ען...

8.

ווען ליובא איז אריין אין אפיס, איז מעקנעס דאן געזעסען אבגעווארפען זיך אין שאקעל־שטוהל מיט דיא ווייסע אוי־גען אנגעשטעלט אויף דיא גלעזערנע טהיר און האט געטראכט וועגען זיין פריהערדיגען לעבען ביי עטינבערג'ן.

אין פערשיעדענע סצענעס, פול בעליידיגונגען, האט ער זיך איצט דער־מאנט. ער האט זיך געזעהען אזא קליינ־ציקען און שרעקענדיגען און יענעם, עטינבערג'ן, אזא גרויסען און שטרענגען. א געפיהל פון האס צו עטינבערג'ן האט זיך אין זיין נשמה ווידער ערוועקט. אוי, ווי ער וואלט יענעם געוואלט איצט בעליידיגען, אברעכענען זיך מיט יענעם פאר דיא אלע בעליידיגונגען פון אמאל...

און פיהלענדיג אזוי, האט ער אין געדאנקען יענעם געזידעלט מיט דיא שענדליכסטע ווערטער, אין פנים יענעם געשפייט, מיט דיא פיס יענעם געטרא־טען....

אבער ווען ער האט דערזעהען ליו־בא'ן, א הויכע, א שלאנקע, מיט צו־

פלאטטע באקען, ארײנקומענדיג מיט שטאלצע טריט, אפילו מיט עטוואס א צומישטען בליק און דיא שווארצע אויגען, און מיט דעם הויכען ביוסט אויסגשיישטעלט, — איז ער צומישט געווארען און האט זיך אויפגעהויבען פון ארט.

ער האט איהר דערלאנגט זיין רויט האאריגע האנד און, קוקענדיג צומישט מיט זיינע ווייסע אויגען, האט ער אויפגערעגט ארויסגערעדט:

—מיסס עטינבערג, ווי געהט עס? איך... איך... ווי איהר זייט אויסגעוואקסען! — האט ער זיך געפלאנטערט אין זיינע רייד א צומישטער.

פון דעם פריהערדיגען האס צו איהר פאטער איז שוין איצט אין זיין נשמה קיין זכר ניט פערבליבען. אנשטאט דעם האט ער איצט געפיהלט, זעהענדיג פאר זיך די שעהנע, שטאלצע ליובא'ן, א טיפען דרך ארץ צו איהר פאטער. דער רייכער, ארויפגעארבייטער מעקנעק האט פלוצים אין זיך דערפיהלט דעם פריהערדיגען אבראשא'ן...

און, אזוי ווי פיהלענדיג זיין אראבגעפאלענקייט נעגען איהר, איז ליובא אין גאנצען געקומען צו זיך. האט איהם אנגעקוקט דרייסט און שטאלץ און איהרע שווארצע אויגען האבען, דאכט זיך, ווי שטום געפרעגט:

—זייט איהר עס, אבראשא?

אין איהר געדעכניס האט ווידער אבגעלעבט, וויא דורך א נעבעל, דער אמאליגער אבראשקע, וויא זיא האט איהם געקאנט אין איהר קינדהייט... אפריהער איז יענער גאר ניט געווען ענליך צו דעם איצטיגען מעקנעק'ן, דיא האאר נור זיינען דיעזעלבע רויטע... ביסלעכווייז אבער האט יענער שארפער און קלארער ארויסגעטראטען דורך'ן נעבעל און צונויפגעגאסען זיך מיט מעקנעק'ן און באלד האט זיא דייטליך דערזעהען אויף מעקנעק'ס פנים יענעמס מינעס, אבראשא'ן אין גאנצען, נור אז אויסגעפוצטען און אהן דער רויטער טשופרינע אויפ'ן שטערען...

— זעץ זיך צו, ליובא! — האט דער אלטער אהרן אונטערגערוקט צו איהר א שטוהל.

— יא, יא, זיץ, ביטע! — האט זיך מעקנעק א כאפ געטהאן, טראכטענדיג דערביי מיט כעס: „דער טייפעל זאל מיך נעהמען, אקוראט וויא איך וואלט זיך דערשראקען פאר איהר!...“

ליובא האט זיך געזעצט.

— איך דאנק אייך — האט זיא געזאגט מיט איהר העלער הילכענדיגער שטימע, שמייכלענדיג מיט איהר חן'עורדיגען, ליעבען שמייכעל.

— וואס מאכט אייער פאפא? איז מעקנעק אין א ווײלע ארום געקומען צו זיך — איך האב געהערט, וואס מיט איהם האט פאסירט און עס האט אויף מיר געמאכט, ווייסען זיי, מאמזעל, ווירקליך א שווערען עפעקט — האט מעקנעק זיך געסטארעט צו ריידען שעהן.

— יא! האט ליובא געענטפערט און א זיפץ געטהאן.

— עס איז זא, ווייסען זיי — האט מעקנעק שוין גערעדט פרייער — וויא מען זעהט מאנכעסמאל אין טהעאטער: א מאן איז אט רייך און באלד אן ארימאן... עס מאכט אימער אויף מיר זא איין שווערען עפעקט, ווייסען זיי!...

ליובא האט שטאלץ א קוק געטהאן אויף איהם, טראכטענדיג: „וועה צו מיין פאפא'ן, ווער עס האט איצט אויף איהם רחמנות!...“

און זיא האט אויסגערעדט:

— האפענטליך, וועט מיין פאפא אמאל זיין ווידער... איהר האט מיך געוואלט זעהן? — האט זיא זיך פלוצים אונטערבראכען און אנגעשטעלט אויף מעקנעק'ן איהרע גרויסע, שווארצע אויגען.

— יא! — האט זיך מעקנעק א כאפ געטהאן — איך האב אייך געוואלט זעהן... איך דענק, אז ארבייטען ביי דער מאשין איז צו שווער פאר אייך... איך וויל אייך געבען לייכטערע אר־בייט. איך וויל אייך מאכען פאר אן עק־זאמענערין ביי מיר אין שאפ... ד. ה. איהר וועט נור דארפען איבערקוקען די ארבייט פון דיא אנדערע...

— גוט, גוט — האט זיך א כאפ געטהאן דער אלטער אהרן מיט התפעלות — ביי דעם ארבייט מען פון וואך און מען פערדיענט מעהרער וויא ביי דער מאשין... גוט, גוט!...

ליובא האט געשוויגען. עס האט זיך איהר געדאכט, אז מעקנעק טהוט עס אויס רחמנות צו איהר, און עס איז איהר געווארען שווער, און דיא באקען איהרע האבען זיך ווידער צופלאמט.

— גערה, טאטע, זאג דעם פארמאן, ער זאל זיא אוועקשטעלען נעבען רייטשר לען און זאל ער איהר ווייזען וואס צו טהאן — האט מעקנעק געזאגט מיט א געשעפטליכען טאן.

ליובא איז ארויס מיט דעם אלטען אהרן'ען פון אפיס. מעקנעק האט זיא בעגלייט מיט דיא אויגען, געקוקט אויף איהר שמאלצען און גראציעזען גאנג, אויף איהר שלאנקע, בייגיגע טאליע, אויף איהרע רונדע אקסלען און גע־טראכט.

— וויא שטאלץ זיא איז, וויא שעהן... קענטיג עטינבערג'ס א טאכ־טער!... פון אזא מיידעל וואלט איך זיך שוין אויך ניט אבגעזאגט, חתונה צו האבען מיט איהר... ביי גאש!...

ער איז צוגעגאנגען צום שפיעגעל און פערריכט אויף זיך דעם לאנגען שניפס מיט א בריל־אנטענער שפילקע.

דער פארמאן איז ארייננעקומען מיט דיא הויך פערקאשערטע ארבעל איי־בער דיא לאנגע עלענבויגענס און ווי־

גענדיג זיך אויף זיינע לאנגע פיס.

— מיסטער מעקנעק, איהר ווילט דיא נייע האנד...

— יא, דזשעק! — האט זיך מעק־נעק א כאפ געטהאן מיט א פלינקער בעוועגונג: — שטעלט אוועק מיסס עטינבערג נעבען רייטשלען און צייגט איהר, וואס צו טהאן.

— איך האב מורא, אז רייטשעל...

— האט דזשעק ארויסגערעדט מיט א כיטרען שמייכעל אין זיינע שארפע אויגען.

— וואס רייטשעל? — האט מעק־נעק זיך אבגערופען מיט א שטילען, גע־היימען קול.

— זיא איז שוין אביסעל אייפער־זיכטיג, איהר קענט זיא דאך!...

— נארישקייטען! — האט מעקנעק געענטפערט מיט פערדרוס אין קול — וואס הייסט, זיא איז אייפערזיכטיג?... זיא איז מיין ווייב, וואס?...

— איהר קענט דאך דיא משוגענע!

— האט דזשעק געזאגט, שמייכלענדיג מיט זיינע שארפע אויגען.

— איהר מיינט, אז איך וועל האָ־בען פון איהר צרות? — האט מעקנעק געפרעגט צוטראגען.

דזשעק האט זיך כיטרע צולאכט.

— נו, פאר דעם דארפט איהר ניט מורא האבען, מיסטער מעקנעק! און וואו בין איך?... כא! כא! כא! דארט, וואו צוויי, קענען שוין ניט זיין קיין צרות... צום ביישפיעל, זאל זיא אייך ועלען פערקלאגען, דאן שטעלט איהר מיך ארויס... נו, וואס קען זיא דאן זאגען?... זיא קען דאך ניט אבלייקע־נען, אז איך בין אויך עפעס געווען מיט איהר א שטיקעל מחותן...

— געוויס, געוויס — האט אונטער־געכאפט מעקנעק — איך האב ניט וואס מורא צו האבען פאר איהר... אלזא, שטעלט אוועק מיסס עטינבערג, וויא

איך האב אייך געזאגט. און נאך וואס, רזשעק: פאר איהר זאלט איהר גור ניט ריידען קיין גראבע רייד... וואו־ום זיא איז זעהר אן ערעלע קינד. א׳דר פאמער איז פאר דיא פאגראמע׳ געוועזן דער רייכסטער מאן אין קיעוו... איך האב אמאל געפיהרט ביי איהר פאטער דיעם געשעפט, ווייס איך, וויא רייך ער איז געווען!...

רזשעק, וועלכער האט טהיילווייז געוואוסט וועגען מעקנעק׳ס פעי׳גאנגענהייט, האט כיטרע א שמייכעל געטהאן און א מאך געטהאן מיט׳ן קאפ, אקוראט וויא ער וואלט געזאגט: „איך ווייס, ווער דוא ביזט, ברודערל, טענסט מיר ניט בלאפען!..." דאן דאט ער געענטפערט:

— איך ווער שוין ניט ריידען, אבער רייטשעל... איהר קענט דאך איהר?... זיא קען ניט לעבען אהן א גראבען וויץ.

— שיקט זיא אריין צו מי־! — האט מעקנעק געזאגט — איך וועל מיט איהר איבעררייידען...

— אלל רייט.

דער פארמאן איז ארויס, וואדפענדיג אין גאנג מיט זיינע לאנגע, מאגערע הענד מיט דיא פערקאשערטע ארבעל און וויגענדיג זיך מיט זיין לאנגען, מאגערען, שפיציגען קערפער אויף זיינע לאנגע פיס.

אין א ווײלע ארום איז אין אפּיס אריינגעקומען די דיקע בלאנדע מיידעל, דיא זעלבע וואס איז פריהער געשטאנען ביי׳ם טיש און איבערגעקוקט דיא ארבייט.

א הויכע, א דיקע, האט זיא אריינגעשוועבט אין צימער וויא א שעהנע מארמארנע סטאטוע, פון הייסען, רויטען בלוט בעלעבט... און שוועבענדיג איבער׳ן אפּיס, האט יעדע בעוועגונג פון איהר שטארקען, פולען רונדען קערפער, דאכט זיך, געשעפּצעט אויף א פייערדיגער כישוף־שפראך:

— איך בין שעהן... ביי מיר איז דאס פערגניגען....

— וואס ווינשט מיין הערר? — האט זיא ארויסגערעדט, פערקאשערענדיג איהרע ראזעווע ליפען, נאכמאכענדיג ווי דיא אקטריסעס ריידען אויף דער ביהנע און שמייכלענדיג פרעך מיט איהרע טיעפע בלויע אויגען.

— רייטשעל איך וויל דיך וואס בעטען — האט מעקנעק זיך געווענדעט צו איהר — איך וויל נעבען דיר אוועקשטעלען א לאנדסמיידעל מיינע... זיא איז זעהר א געבילדעטע... וויל איך, דו זאלסט זיך האלטען אנשטענדיג און ניט ריידען קיין גראבע רייד, ווען זיא איז דא...

— דאס אלעם? — האט רייטשעל ארויסגערעדט קאקעטיש און פערבויגענדיג פאר איהם איהר הויך־פערקאמטען בלאנדען קאפ, האט זיא געמאכט א מינעלע און געזאגט:

— אלל־רייט מיין הערר, מיר וועלען שוין זיין אנשטענדיג!...

און א ציה געטאהן אויף זיך איהר ווייסע בלוזע ביי איהר הויכען ביוסט אזוי, אז ער איז שארפער ארויסגעטראטען פאר מעקנעק׳ן, האט זיא נאך צוגעלייגט:

— דאס אלעם?... ניט מעהר?...

דאן האט זיך זיך א קעהר געטאהן צו איהם מיט׳ן רוקען און געוואלט ארויסגעהן; אבער מעקנעק האט זיא גראב א כאפ געטהאן ביי דער טאליע און זיא גענומען ציהען צו זיך.

— לאזט! — האט זיא זיך א ריס געטאהן פון זיינע הענד — פון איצט אן בין איך אנשטענדיג!... אז איהר ווילט, וועל איך אייך אריינשיקען אייער געבילדעטע לאנדס־מיידעל... כא! כא! כא!

און צולאכט זיך פרעך, איז זיא, שוועבענדיג, ארויס פון אפּיס.

מעקנעק איז געבליבען שטעהן א רויטער, מיט ברענענדיגע אויגען און מיט א נארישען אויסדרוק אויף זיין פנים.

און פלוצים ו אט פאר זיינע אויגען

אבגעלעבט ליובא מיט איהר שטאלצער האלטונג, מיט איהר רי־צענדער, שלאנ־קער פיגור, מיט איהרע שווארצע אויגען און ליעבע, חן׳עוודיגען שמייכעל. ער האט צוגעמאכט די אויגען און זיא ארומגענומען אין זיינע געדאנקען.....

דאן האט ער זיך א כאפ געטאהן, איז צוגעגאנגען צום שפיגעל און, פער־ריכטענדיג אויף זיך דעם שניפס אויף דעם ווייסען העמד און אראבציהענדיג די קאלירטע זשילעט מיט דער גאלדע־נער קייטעל, איז ער אוועק אין פאבריק צו זעהן, וואס ליובא טהוט.

די ערשטע צייט האט זיך ליובא געפיהלט ניט אנגענעהם אין מעקנעק׳ס פאבריק. די ארבייט איהרע איז גראד געווען א לייכטע, עס איז איהר אבער שווער געווען מעקנעק׳ס פריינדשאפט, וועלכע ער האט אן אויפהער איהר ארויסגעוויזען. עטליכע מאל אין טאג פלעגט ער צוגעהן צו איהר און פרעגען, אויב זיא פיהלט זיך ניט מיעד. אפט־מאל פלעגט ער איהר שיקען מיט דעם אלטען אהרן א פאר אפעלסינעס אדער א קעסטעלע קאנפעקטען.

זיא פלעגט ניט וועלען נעהמען, אבער דער אלטער אהרן פלעגט אזוי צושטעהען צו איהר, אז סוף כל סוף פלעגט זיא עס צונעהמען און פלעגט דאס מוזען עסען אויך. ווארום דער אל־טער אהרן האט שוין גוט אכטונג גע־געבען מיט זיינע רויטע אויגען, אז זיא זאל דאס אויפעסען...

די דיקע בלאנדע רייטשעל, אז זי פלעגט עס בעמערקען, פלעגט גלייך אוועקלויפען צו מעקנעק׳ן אין אפפיס, פלעגט דארט פערברענגען א היבשע צייט און דאן זיך צוריקקעהרען אויף איהר פלאץ און קוקען אויף ליובא׳ן מיט א געהיימען שמייכעל און מיט אוי־גען, פול נצחון...

ליובא האט געפיהלט, אז רייטשעל האסט זיא פאר עפעס, זיא האט אבער נ־ט געקענט פערשטעהען פארוואס. וואלט זיא פערשטאנען, אז די דיי־קע רייטשעל קוקט אויף איהר וויא אויף א קאנקורענטקע אין ליעבע וואלט זיא דאס א מינוט לענגער ניט פערבליעבען. זיא איז אבער געווען צו ריין, צו נאאיוו און צו שטאלץ, אום אזא געדאנק זאל גאר איהר אויפ׳ן זינען ארויף...

אפטמאל פלעגט זיא כאפען אויף זיך רייטשעל׳ס א בליק פול האס, דאן פלעגט זיא ביי זיך פרעגען: פאר וואס? און אמאל פלעגט זיא בעמערקען, אז רייטשעל שטעלט איהר פערגנב׳עט ארויס די צונג הינטער׳ן רוקען און ווינקט זיך איבער בעת דעם מיט׳ן פאר־מאן, אנווייזענדיג אויף איהר מיט׳ן בלאנדען קאפ, דאן פלעגט זיא זיך אומקוקען צומישט מיט איהרע גרויסע שווארצע אויגען. און אסך מאל פלעגט זי דערהערען רייטשעל׳ס פרעכען געלעכ־טער און פיהלען, אז דאס לאכט יענע פון איהר. דאן פלעגט זיא זיך אומקו־קען אויף רייטשעל׳ן מיט אזוינע שטאל־צע אויגען, אז יענע פלעגט צומישט ווער־ען, אנשווייגען ווערען און אבקעהרען דעם קאפ.

פיעל מאל נאך אזוינע סצענעס, פלעגט ליובא ביי זיך בעשליעסען, צו ווארפען דעם פלאץ, ניט צו קומען מעהר אהער, דאן אבער פלעגט זיא זיך דער־מאנען, וויא שווער עס איז די אר־בייט אין די אנדערע פאבריקען, און זיא איז געבליעבען ווייטער...

צו רייטשעלען אבער האט זיא גענו־מען פיהלען א טיעפע פעראכטונג און עקעל, וויא צו עפעס אונריינעס, צו וואס זיא וואלט זיך ניט געוואלט צוריה־רען מיט איהרע ריינע הענד. און זיא האט יענע אויסגעמיידט.

און שפעטער, ווען עס איז איהר קלאר געווארען, אז רייטשעלען פערדריסט

וואס מעקנעק איז מיט איהר פריינדליך, וואס ער איז זיא אפט מכבד מיט אפעל־סינען צו מיט קאנפעקטען, איז איהר, ליובא'ן, שוין אזוי ניט שווער געווען מעקנעק'ס פריינדשאפט פערקעהרט, אוים צולהכעיס געפיהל, איז די דאָ־זיגע פריינדשאפט איהר גאנץ אפט אנ־גענעהם געווען . . . נור דאן, ווען ער פלעגט א מאל איהר דערלאנגען זיין רויט האאריגע האנד, פלעגט זיא דער־פיהלען צו איהם דעם זעלבען עקעל, וואס צו רייטשלען . . .

אין דער היים, ווען ליובא האט דער־צעהלט, וויא פריינדליך מעקנעק פער־האלט זיך צו איהר, האט מען זיך גע־פיהלט בעליידיגט. אניוטא האט א טראכט געטהאן מיט וועהטאג: „אט פון וועמען'ס פריינדשאפט מיר ריידען דא, אין אמעריקא! . . .” זיא האט אבער גאר נישט געזאגט און דערשטיקט אין זיך, וויא געוועהנליך, איהר וועה־טאג . . . דערפאר אבער האט עטינבערג זיך אויפגעקאכט און אויסגעבייטעלט, נאך מיט מעהר ביטערניש, ווי ווען־עס־איז, זיין כל חמתו צו אמעריקא'ס קאפ..

— וויא קענסטו, ליובא, אזוי רוהיג ריידען פון אבראשא'ס פריינדשאפט צו דיר? — האט ער זיך געקאכט — אוי, אמעריקא, וואס פאר א פאגאנע לאנד! דיא ווירדע, דעם שטאלץ, אלעס פער־לירט מען דא, אלעס! . . .

און ווען ליובא האט דיא ערשטע וואך געבראכט אהיים איהר געהאלט, גאנצע צעהן דאלאר, האט זיך אניוטא לכתחילה דערפרייט: אזוי פיעל געלד האט נאך ליובא קיין מאל ניט פער־דינט. נור ווען זיא האט בעמערקט, וויא איהר מאן איז אויפגערעגט, איז איהר פרייד אויך גלייך פערשוואונדען...

— ווען דאס געלד וואלט געווען פון אנאנדערען — האט זיא שטיל געזאגט ליובא'ן — אזוי אבער . . . עפעס וויא פער'סמ'טע געלד!

ליובא האט זיך דערפיהלט בע־ליידיגט.

— ניש־קשה, מאמע — האט זיא געזאגט מיט פערדרוס אין קול — כשר'ע געלד, איך האב פאר דעם געארבייט, ניט קיין געשענקטע! . . . גענוג אייך שוין! . . .

און זיא איז מיט כעס אוועק אין פראנט־צימער.

— זיא איז גערעכט — האט זיך דאן אניוטא געווענדעט צו איהר מאן, וועלכער איז אין דער זעלבער צייט געזעסען ביים טיש, מיעד פון א גאנ־צען טאג ארבייטען און אויפגערעגט פון א בייזער, שארפער נאגעניש, וואס האט זיין נשמה גענומען מחטשען, באלד וויא ליובא האט דערלאנגט איהר מאמען דיא צעהן דאלאר: — זיא איז גערעכט . . . מיר האבען ניט געדארפט איהר פערביטערען דאס לעבען מיט אונ־זער אכצען. עס איז איהר אזוי אויך שוין גענוג ביטער . . .

עטינבערג האט אראבגעלאזען דעם קאפ און מיעד א זיפץ געטהאן.

— אונזער ליובא האט א קוויטאנ־ציע געבראכט, אז זיא האט א גאנצע וואך געארבייט ביי אבראשא'ן . . . — האט ער ארויסגעקרעכצט — מילא, זאל דאס! — האט ער פערצווייפעלט א מאך געטהאן מיט א האנד, און אויפ־געהויבען זיך פון ארט אין זיין גאנצען הויכען וואוקס, האט ער גענומען געהן איבער'ן צימער הין און צוריק אויפ־גערעגט, טראכטענדיג, וויא רייסט מען ארויס זיך און ליובא'ן פון דער פא־בריק און וויא מאכט מען עפעס אן אייגענעם געשעפט.

אי'ן דעם זעלבען אבענד, געהענ־דיג איבער גרענד סטריט, האט ליובא אנגעטראפען דאקטאר עפשטיין'ען. און

וויא אַלע מאָל אין דער לעצטער צייט, האָט איהר איצט אויך אַ זעץ געטהאָן אין הארצען, אַז זיא האָט איהם דערזעהען . . .

— וואָס מאַכט איהר, מיסס עטינבערג? וויא געהט עס? — האָט ער מיט פרייד געדריקט איהר האַנד.

איהרע באַקען האָבען זיך צופלאַמט און איהרע שוואַרצע אויגען האָבען געקוקט אויף איהם מיט אַ צומישטען שמייכעל.

זיי זיינען אַוועק איבער גרענד סטריט אַרונטער.

דיא נאַכט איז געווען אַ העלע און אַ קאַלטע. דיא פענסטער פון דיא מאַגאַזינען זיינען פערגאָסען געווען מיט אַ בלענדענדיג־העלען ליכט. אַרום האָט געקאַכט און געליאַרעמט און געפילדערט. דאָס פאָהרען פון שווערע וואַגענס איבער דעם ברוק, דאָס הודיען און קלינגען פון די פערביילויפענדע עלעקטרישע טראַמוואַיען, דאָס אויסשרייען פון פעדלערס, וואָס זיינען געשטאַנען נעבען זייערע וועגלאַך סחורה, — דאָס אַלעס האָט זיך צונויפגעגאָסען אין איין געוואַלדיגען טומעל, אין איין שרייענדיגען הר־הא . . .

אויף ביידע טראָטואַרס האָבען זיך געטראָגען גאַנצע כוואַליעס מענשען, מענער און איבערהויפט פרויען, עלטערע און יונגע, אַרויף און אַרונטער גרענד סטריט. ווער ריידענדיג און ווער לאַכענדיג, ווער טראַגענדיג שוין אויף זיך דיא לעצטע מאָדע און ווער זוכענדיג איהר אין דיא אַרומיגע מאַגאַזינען . . .

ליובא מיט דאָקטאָר עפשטיין'ען זיינען געגאַנגען פערטהאָן אין זייער געשפּרעך, אַנשטויסענדיג זיך יעדע ווײַלע אויף מענער און פרויען, וואָס זיינען זיי אַנגעקומען אַנטקעגען. ליובא האָט אויסגערעדט איהר האַרץ פאַר דאָקטאָר עפשטיין'ען.

— איהר ווייסט דאָך — האָט זיא גערעדט מיט וועהטאָג — וויא מיר איז אַנגענעהם צו אַרבייטען ביי מעקנעק'ן... איך אַרבייט אָבער ביי איהם, ווייל אַזאַ אַרבייט וועל איך ניט קענען קריגען אין אַן אַנדער שאַפּ און פערדיענען פערדיען איך ביי איהם אויך פיעל מעהר, וויא ערגעץ וואו אַנדערש... מיין פּאַפּאַ־מאַמאַ ראַרפען דאָך אַזוי נויטיג דאָס געלד... נו, האָב איך היינט געבראַכט די ערשטע צעהן דאָלאַר, וואָלט איהר זעהן, וויא פערצווייפעלט זיי זיינען, וויא בעליידיגט, וואָרום מעקנעק איז מיין ברויט־געבער... אוי, עס איז אַזוי שלעכט! איך ווייס ניט וואָס איך זאָל טהאָן.. אויפגעבען אַזאַ פּלאַץ, איז אַ שאָד, און אָנהאַלטען איהם לענגער, איז ווידער שלעכט!...

דאָקטאָר עפשטיין האָט געשוויגען. זיי זיינען צו צו דעם פּלאַץ, וואו גרענד סטריט לויפט זיך צוזאַמען מיט איסט־בראָדוויי, און האָבען זיך פערקירעוועט צו איסט־בראָדוויי.

דאָרט איז געווען שטיל. איבער דער גרויסער שוהל געביידע האָט אַרונטערגעקוקט אַ העלער הימעל מיט פינקלענדיגע שטערענדלאַך. אין דיא עלעקטרישע לאַנטערנעס האָט דאָס העלע ליכט געציטערט, וויא פון קעלט.

פּלוצים האָט דאָקטאָר עפשטיין אַרויסגערעדט שטיל און ווייך:

— וויא איהר טהוט מיר לייד!..

און גאַנץ אומערוואַרטעט באַר איהר, האָט ער איהר אַ גלעט געטהאָן דיא באַק.

זיא האָט אונבעמערקט אַ ציטער געטהאָן, און אָבגעשטעלט זיך, האָט זיא איהם אָנגעקוקט צומישט, וויא אַ צושראָקענע ציעג.

דאָס האָט פּאַסירט ניט ווייט פון זיין הויז.

— קומט אַריין צו מיר — האָט ער ווידער אַרויסגערעדט שטיל און ווייך, און דיא שטימע זיינע האָט יפּעם געציטערט.

זיא איז געשטאַנען און געשוויגען.

ער האָט געמיינט, אז זי איז זיך מיישב, צי זאָל זיא געהן, צו נ׳ט. אין דער אמת׳ן אָבער, האָט זיא זיך איצט וועגען קיין זאך נים מיישב געווען, פון קיין זאך אפילו נים געטראכט. זיא האָט זיך גור איצט אָבגעגעבען דעם מאָדנעם געפיהל, וואָס האָט אין איהר ארויסגערופען זיין ווייכער, לאסצענדיגער גלעט, געווען אי אזוי אנגענעהם און וואָס האָט דעם אונבעקאנטען געפיהל, וואָס איז זיא עפּעס וויא געשראָקען...

— נו, וואָס טראכט איהר? — קומט, מיסס עטינבערג, מיר וועלען טרינקען טהעע, מיר וועלען א ווײלע באלאקען — האָט זיא געהערט, וויא דורך א חלום, זיין ווייכע שטימע. וואָס האָט אזוי ווארעם און צאַרט אָפּגעהילכט אין איהר יונגער נשמה.

זיא איז געקומען צו זיך.

— הא? ניין, ניין! — האָט זיא ארויסגערעדט, וויא פון א חלום ערוואכט.

און דערמאָהנט זיך פּליצים אָן מאשא׳ן, דאָקטאָר עפּשטיין׳ס ווייב, מיט וועלכער די לעצטע צייט איז איהר עפּעס שווער געווען צו טרעפען זיך און איצט אין דיזער מינוט נאָך שווערער, האָט זיא ענטשלאָסען ציגעלייגט:

— ניין, איך וועל געהן אהיים!..

אין דיזער צייט האָט זיך הינטער זיי דערהערט א פריילליכער קיל:

— אהא, דאָקטאָר, מיר זוכען אייך טאקי!...

אי ליובא, אי דאָקטאָר עפּשטיין האָבען דערקענט דאָקטאָר רייכמאַן׳ס שטימע, זיי האָבען זיך אומגעקוקט אהינטער און איהם טאקי גלייך דערזעהן, געהענדיג צו זיי מיט א הויכען יונגענמאן.

דאָקטאָר רייכמאן איז געוועזן א איד אין דיא פונפציגער, א מאָגערער, פון מיטעלען וואוקס, מיט זעהר א סימפּאַטישען פנים, אויף וועלכען עס האָט תמיד געשפּיעלט א גוטער, כמעט קינדערשער שמייכעל, מיט גרויסע שווארצע, קלוגע אויגען, וואָס האבען אמאָל געקוקט קינדערש־גוטמוטהיג און אמאָל ערענסט פער׳חלום׳ט. ער האָט געהאט א טבע צו צופּען זיינע שווארץ גרויליכע וואנצעס, סיי ווען ער האָט גערעדט און סיי ווען ער האָט געטראכט.

— גוט׳ן אבענד — האָט ער געזאָגט פרעהליך און, דריקענדיג דיא הענד ליובא׳ן און דאָקטאָר עפּשטיין׳ן, האָט ער פאר זיי פאָרגעשטעלט דעם הויכען יונגענמאן:

— מיסטער הודקין, איינער פון אונזערע בעסטע שרייבער.. דאָקטאָר עפּשטיין, מיסס עטינבערג!..

הודקין האָט לייכט א מאך געטאָהן צו זיי מיט׳ן קאָפּ.

— איך האָב שוין אמאָל דאָס פערגניגען געהאט — האָט דאָקטאָר עפּשטיין זיך אָבגערופען מיט אן איראָנישען שמייכעל, וועלכער האָט, דאכט זיך וויא גערעדט: „גיט קיין גרויסע עהרע, צו קענען אן אידישען שרייבער,“ און האָט גלייכגילטיג א דריק געטהאָן הודקין׳ען דיא האנד.

דערפאר האָט ליובא אָנגעקוקט הודקין׳ען מיט גרויסער נייגעריגקייט. זיא האָט נים לאנג געענדיגט זיין בוך ערצעהלונגען און זיי האָבען אויף איהר אזא שטארקען איינדרוק געמאכט, אז עטליכע טעג נאכאנאנד איז זיא פערפאָלגט געווען פון דיא מענשען און דיא סצענעס, וואָס זיינען געשילדערט געווען אין יענעם בוך. אין איהר פאנטאזיע האָט זיך דאן אָבגעמאָלט געגען איהר אייגענעם ווילען דאָס בילד פון דעם שרייבער. א הויכער, א שטארקער, פול לעבען, מיט א שעהנעם שווארץ־געקרויזטען קאָפּ, מיט א הויכען שטערען און מיט שווארצע, ברענענדיגע אייגען, האָט ער זיך פאר איהר אָבגעמאָלט...

איצט, זעהענדיג איהם פאר זיך, האָט זי זיך געפיהלט שטארק ענטוישט. א געוועהנליכער יונגערמאן, אפילו נים קיין שעהנער... א מאָגערער, מיט א

לאנגען, שפיצינגען פנים, מיט אַן אלטער הוט אראָבגערוקט איבער׳ן ניעדריגען שטערען... עפּעס אזא פּראָוועקטער, א האלב טויטער... און דיא אויגען זיינע זיינען אויך עפּעס אָהן פארב און אויסדרוק...

— היינט וויא שרייבט ער אזוי?

— האָט זיא געטראַכט — פון וואנען נעהמט זיך ביי איהם אזא פייער?

און זיא האָט געקוקט אויף איהם און געזוכט אַן ענטפער אין זיינע אויגען, אין זיין פנים, און ער איז געבליבען פאר איהר א גרויסער סוד...

— מיר זיינען נור וואָס געווען ביי אייך אין דער־היים. האָט דאָקטאָר רייכמאַן זיך געווענדעט צו דאָקטאָר עפּשטיין׳ן.

— מסתמא א נדבה? — האָט דאָקטאָר עפּשטיין געפרעגט מיט א גוטמוטהיגען שמייכעל.

— איהר האָט האלב געטראָפען — האָט דאָקטאָר רייכמאַן געענטפערט און הארציג א לאַך געטהאָן: — יאָ, היינט ניט פון מיין שטאנדפּונקט, נור פון אייערען...

— נו, זאָגט שוין, וואָס איהר ווילט פון מיר.

— מיר ווילען, אז איהר זאָלט זיך פיהלען א איד, איך מיין, אז איהר זאָלט זיך פיהלען א איד — האָט דאָקטאָר רייכמאַן צוגעלייגט מיט א גוטמוטהיגען שמייכעל.

—אומזיסט אייער ווערען. דאָקטאָר... דער וואָס פיהלט זיך אזוי שטארק, וויא איך, „מענש", דער וועט זיך קיינמאָל בעוואוסטזיניג ניט פיהלען איד — האָט דאָקטאָר עפּשטיין, געענטפערט.

— איך האָב אמאָל זיך נאָך שטארקער פון אייך געפיהלט „מענש", דאָך האָב איך אויף׳ן סוף איינגעזעהען, אז סתם „מענש" איז אייגענטליך גאָר קיין מענש ניט—האָט האלב אין ערנסט און האלב אין שפּאַס בעמערקט דאָקטאָר רייכמאַן, שציפּלענדיג זיינע וואָנצעס.

— נו, איהר זייט געווען אַן אנארכיסט און איך בין א סאָציאַל־דעמאָקראט — האָט דאָקטאָר עפּשטיין געזאָגט— דיא אנארכיסטען זיינען כמעט אלע סענטימענטאלע פאַנטאַזיארען, וואָס האָבען מעהר הארץ, וויא מוח מעהר געפיהלען, וויא געדאַנקען... און דערפאר טאַקי האָבען דיא פּאָגראָמען זיך אזוי שארף אָבגערופען אויף אייערע געפיהלען... און מיט דעם נור אליין, וואָס איהר זייט געווען אַן אנארכיסט, א סענטימענטאלער פאנטאזיאר, קען מען ערקלערען אייערע איצטיגע געפיהלען צום ציוניזמוס...

דאָקטאָר רייכמאַן׳ס אויגען האָבען איצט געקוקט אויף איהם צערענכט — פער׳חלום׳ט און זיינע פינגער האָבען שטארקער און נערוועזער געארבייט איבער זיינע וואָנצעס.

— און אויף אייך, ניט פאנטאזיאר, האָבען גאָר דיא פּאָגראָמען ניט געמאַכט קיין שום איינדרוק? — האָט ער שטיל געפרעגט.

— געוויס האָבען דיא פּאָגראָמען געמאַכט אויף מיר אַן איינדרוק — האָט דאָקטאָר עפּשטיין געענטפערט מיט היץ — וויא יעדער ווילדער בארבאריזם.... אָבער אלס סאָציאל־דעמאָקראט, האָב איך מיר ערקלערט דיזע שרעקליכע ערשיינונג אלס א פאָלגע פון די בעזאָנדערע אומשטענדען אין רוסלאנד אין...

— און אז איהר האָט זיך דאָס שוין ערקלערט מיט דיא „אומשטענדען", איז שוין אלעס פארענטפערט? מעגען שוין דאָרט דיא זעקס מיליאָן אידען אויסגעקוילעט ווערען? — האָט דאָקטאָר רייכמאַן אונטער־געכאפּט מיט וועהטאָג אין קול:—אוי, אייערע סאָציאל דעמאָקראטישע „אומשטענדען"; אייער געטשקע!.. וואו נעהמט מען אברהם אבינו׳ס האַק, אום צוהאַקען אייער עבודה־זרה איינמאָהל פאר אלע מאָל, אזוי וויא ער, אברהם, האָט אמאָל צוהאַקט זיין טאַטע תרח׳ס עבודה זרה!...

אלע האָבען זיך צולאַכט, דאָקטאָר עפּשטיין הויך און פריילֹיך. הודקין

שטיל אין זיך, ליובא האט פערטראכט געשמייכעלט.

— מילא, מיר וועלען נאך אנאנדערסמאל פון דעם ריידען — האט דאקטאר רייכמאן וויעדער אנגעהויבען אין קען קינדערש־גוטהמוטהיג: — איך האף קען קינדערש־גוטמוטהיג: — איך האף אז איך וועל נאך אייך אמאל קענען געבען צו פערשטעהן אייער סאציאל־דעמאקראטיזמוס...

— אזוי? — האט זיך א באפ געטהאן דאקטאר עפשטיין, פיהלענדיג זיך אביסעל בעליידיגט.

— איהר ווייסט דאך, אז איך בין אלע מאל געיועןא מומחה אין פאלמעסען דעם סאציאל־דעמאקראטיזמוס! — האט זיך דאקטאר רייכמאן גוטמוטהיג צולאכט.

— אלזא, וואס האט איהר געוואלט פון מיר? — האט זיך אבגערופען דאקטאר עפשטיין מיט שלעכט פערבארגענער אונגעדולד אין קול, פיהלענדיג אין דאקטאר רייכמאנ׳ס ווערטער גרינגשעצונג צו איהם...

— מיר גיבען ארויס אן אידישען זשורנאל פאר ליטעראטור און קונסט — האט דאקטאר רייכמאן געענטפערט — ווילען מיר האבען אייער דאלאר און דערפאר וועט איהר יעדען מאנאט בעקומען דעם זשורנאל.

— איהר ווייסט דאך, דאקטאר, אז איך אינטערעסיר זיך ניט מיט אידישע שרייבערייען...

— איהר האט זיך געמאכט אינטערעסירען, נישקשה, זייענדיג אפילו א סאציאל־דעמאקראט אויך...

— ניטא מיט וואס! — האט דאקטאר עפשטיין געזאגט.

ביי דיעזע ווערטער האט זיך הודקין א כאפ געטהאן, און ליובא האט בעמערקט, וויא זיינע אויגען, וואס זיינען ביז אהער געווען אהן פארב און אויסגעזיט, האבען זיך פלוצים מיט א נערווען פייערל אנגעצונדען, און ער האט ארויסגערעדט מיט פערשטיקטער אויפרעגונג אין קול, ווענדענדיג זיך צו דאקטאר עפשטיין:

— פון וואנען קענט איהר אזוי דיא „אידישע שרייבערייען“ — לעזט איהר זיי אמאל?...

— האלט איהר מיך דען פאר אזא משוגענעם? — האט דאקטאר עפשטיין געענטפערט מיט איראניע: — נאך דאס פעהלט מיר...

— קומט, דאקטאר! — האט הודקין נערוועז א ציה געטהאן דאקטאר רייכמאן׳ען ביים ארבעל: — לאזט איהם צופריעדען!

— עס הייבט זיך גאר ניט אן! — האט דאקטאר רייכמאן געענטפערט — מיר וועלען אפריהער נעהמען ביי איהם א דאלאר, דאן וועט ער שוין לעזען אונזער זשורנאל אויך!... ערענסט, דאקטאר, וויא שעהמט איהר זיך ניט צו ריידען מיט אזא פעראכטונג פון אונזער ליטעראטור? וואלט בעבעל גערעדט אזוי פון דער דייטשער ליטעראטור, ווען זיא וואלט אפילו ארימער געווען פון אונזער אידישער? צו זשאורעס פון דער פראנצויזישער?... ניין, זיי וואלטען דאן געארבייט פאר דיא ליטעראטור פון זייער פאלק, רייכער וואלטען זיי געזוכט זיא צו מאכען... און איהר? עך, דאקטאר, איהר פעראכטעט אלעס אידישעס, ניט ווייל איהר זייט א קינד פון דער אינטערנאציאנאלער מענשהייט, נור ווייל איהר זייט א גלות־קינד!... דער אידישער גלות רעדט מיט אייער מויל און ניט דער אינטערנאציאנאל!... נו, גיט־זשע דעם דאלאר!... נו, גיט אניט, עהרענווארט, איך וועל אייך נאך מעהר זידלען!...

— נו, גוט, גוט, איך גיעב, נור שווייגט! — האט זיך דאקטאר עפשטיין א כאפ געטהאן און, ארויסגענומען פון

קעשענע א דאלאר, האט ער דערלאנגט דאקטאר רייכמאנ׳ען.

— אייער אודעם ווייס איך... ווען איהר בעקומען דעם זשורנאל פינקטליך יעדען מאנאט — האט דאקטאר רייכמאן געזאגט און צולאכענדיג זיך גוטמוטהיג, האט ער א קלאפ געטהאן דאקטאר עפשטיין׳ען איבער׳ן פלייצע און צוגעלייגט: — אט אזוי, דאקטאר, אז מען זידעלט אוים, ווערט מען וויכער... גוט נאכט!... איהר געהט, מיסיס עטינבערג מיט אונז? — האט ער זיך דאן געווענדעט צו איהר — קומט, מיר געהען אין א קאפע־הויז. מיר האבען זיך שוין לאנג ניט געזעהען...

ליובא האט א רגע זיך מיישב געווען, דאן האט זיא געזאגט:

— גוט, דאקטאר, איך געה מיט אייך.

און, דערלאנגט דאקטאר עפשטיינ׳ען דיא האנד און פיהלענדיג מיט אויפרעגונג זיין דרוק, איז זיא אוועק מיט דאקטאר רייכמאן און הודקין׳ען...

דאקטאר עפשטיין איז צוגעגאנגען צו זיין הויז און האט זיך אבגעשטעלט. א שווערער געפיהל האט איהם איצט געמוטשעט. ווארום ער האט ניט געענטפערט דאקטאר רייכמאן׳ען, וויא געהעריג איז, פארוואס ער האט יענעם געלאזט ריידען מיט אזא בעליידיגענדיגען טאן . . .

— איך האף נאך, אז איך וועל נאך אייך געבען צו פערשטעהען אייער סאציאל־דעמאקראטיזמוס! — האט ער מיט א שארפען געפיהל פון בעליידיגונג זיך חערמאהנט אן דאקטאר רייכמאן׳ס ווערטער . . .

— אידיאט! — האט ער א טראכט געטהאן ווענען זיך אליין — פארוואס האב איך איהם געשוויגען? . . . און וואס וועט ליובא איצט דענקען פון מיר? . . . געוויס, אז איך אין פערגלייך מיט יענעם . . .

און ער האט גענומען טראכטען, וואס ער האט יענעם געדארפט ענטפערען, און באלד טאקי האט ער אין זיינע געדאנקען יענעם געענטפערט שארף, וויציג און שטעכיג אזוי, אז יענער, דאקטאר רייכמאן, איז ממש צו׳הרג׳עט געווארען פון זיינע שארפע ארגומענטען . . .

און צוקלאפט יענעם אין זיינע געדאנקען, איז דאקטאר עפשטיין׳ען לייכטער געווארען אויפ׳ן הארצען.

— ער וועט שוין כאפען פון מיר!

— האט ער זיך א בעריהם געטהאן פאר זיך אליין מיט א שמייכעל — און דוקא, ווען ליובא וועט דערביי זיין! . . . דאן וועט זיא שוין . . .

און זיך בערוהיגט אויף זיין נצחון איבער דאקטאר רייכמאן׳ען, האט דאקטאר עפשטיין גענומען טראכטען וועגען ליובא׳ן און וועגען זיינע געפיהלען צו איהר, וואס זיינען היא לעצטע צייט געווארען אלץ רעטזעלהאפטער, אלץ אונפערשטענדליכער פאר איהם . . .

— שוין־זשע בין איך פערליעבט אין איהר? — האט ער זיך געפרעגט— נארישקייטען, איך האב נור מיטלייד מיט איהר, זיא איז אזא ליעבענקע, אזא אונשולדיגע! — האט ער זיך געענטפערט — און זיא לײדעט אזוי! . . .

ער איז ניט אריין אין הויז און איז אוועק ווייטער איבער׳ן טראטואר.

דער פראסט איז געווארען שטארקער. א בייסענדיג ווינטעל האט דאקטאר עפשטיין׳ען געשציפעלט דיא שפיצען פון דיא אויערען, וויא מיט שארפע, פראסטיגע פינגער. דאקטאר עפשטיין האט אויפגעשטעלט דעם קראגען פון זיין אויבערראק און איז געגאנגען ווייטער.

ארום איז געווען שטיל. צייטענ־

ווייז נור פלעגט איבערדרייסען די שטילקייט א דורכלויפענדיגע קאר און דאן פלעגט דאס ריטמישעס קלאפען פון די פערדישע קאפיטעס אן דעם ברוק און דאס קלינגען פון דעם קאנדוקטאר מערקווירדיג שארף אבהילכען אין דער ביינאכטיגער פראסטיגער לופט.

דער הימעל איז געווארען נאך העלער און דיא זילבערנע שטערענדלאך אויף איהם האבען זיך פער׳סוד׳עט דורכגעוואונקען . . .

— ווען איך וואלט ניט געליעבט מאשא׳ן — האט דאקטאר עפשטיין געטראכט ווייטער, געהענדיג איבער׳ן טראטואר : — אבער איך ליעב זיא... איך ווייס, אז איך ליעב זיא . . . קיין מאל, דאכט זיך, האב איך זיא שטארקער ניט געליעבט ! . . .

און ער האט זיך דערמאהנט אן א ברענענדיגען מאמענט פון ליעבע צו זיין פרוי, וואס ער האט נאך געפיהלט מיט א פאאר טעג צוריק . . . און זיא האט פאר איהם אבגעלעבט, זיין פרוי מאשא, א קלאהרע, א ווייסע, א געזונטע, א בלאנדע, מיט ליכטיגע פייערלאך אין איהרע בלויע אויגען, פול קאכעדיגער און בערוישענדיגער ליעבע...

— מאשורקא, דיך ליעב איך, דיך !

— האט ער מיט א ווארימען געפיהל גערעדט צו איהר אין זיינע געדאנקען :

— מיט ליובא׳ן איז מיר נור אנגענעהם... איך האב אויף איהר רחמנות — האט ער זיך אין זיינע געדאנקען וויא פערענטפערט פאר זיין פרוי...

באלד אבער איז פאר איהם ארויסגעשוואומען ליובא אין איהר שעהנע רייצענדע פיגור מיט איהרע שווארצע, ברענענדיגע אויגען און מיט איהר צורמישטען שמייכעל אויפ׳ן ליעבען חן׳עורדיגען פנים, און אין זיין הארצען האט גענומען עפעס ציהען, נאיען און ציטערען, וויא אן אלטע פערגעסענע בענקעניש.. דאס בילד פון זיין פרוי איז אבגעטראטען, אויסגעלאשען געווארען, וויא א העלער בייגאכטיגער שטערען געגען דעם בלענדענדיגען, פרישען, יונגען פנים פון דער ערוואכטער זונן...

— וויא שעהן זיא איז, וויא ליעב !

— האט ער ניט געטראכט, נור געפיהלט מיט זיין גאנצען וועזען, און אין זיין פאנטאזיע האט זיך פלוצים אבגעמאלט ליובא אין יענער לאגע, וויא ער האט זיך ערשט פארגעשטעלט זיין פרוי. ער קושט און לאסצעט זיא...

— פוי, וואס פאר א שווייגערײ ! — האט ער זיך א כאפ געטהאן — ווען מען זאל קענען דעם מענשענס געדאנקען לייענען, וואס פאר א מיאוס׳ע חיה מען וואלט דאן דערזעהען !... מען דארף געהן אהיים...

ער האט זיך צוריקגעקעהרט, געזוכט צו פערטרייבען פון זיך ליובא׳ס בילד און ניט געקענט. געזוכט ארויסרופען פאר זיך זיין פרוי׳ס בילד און איהם איז ניט געלונגען. ליובא האט זיך פאר זיינע אויגען געטראגען, איז ניט אבגעטראטען...

— וואס וואלט געווען, ווען איך וואלט זיך טאקי אין איהר פערליעבט ?

— האט ער ווייטער געטראכט — נארנישט !... מאשא וואלט דאן פערשטאנען... אונזער הייראטה איז דאך א פרייע... כל זמן מיר האבען געליעבט איינער דעם אנדערן, האבען מיר געלעבט צוזאמען... אויפגעהערט צו ליעבען, פונאנדערגעגאנגען זיך... מענשען וואלטען גערעדט... וואס וואלטען זיי גערעדט ?... צושיידט זיך מיט דער ווייב, נו, איז וואס ?... א נייעס, וואס ?... זיא וואלט אפשר א סקאנדאל געמאכט ? נייז, ניט מאשא !... פון וואס טראכט איך ? — האט ער זיך פלוצים א כאפ געטהאן — נארישקייטען, ווען איך וואלט אפילו וויא געליעבט ליובא׳ן,

וואלט איך עס ניט געטהאן!... נײן, נײן, ניט מאשא'ן, זיא וואלט דערפון געליטען... איך ליעב זיא... איך בין פיעל פערפליכטעט איהר... ווען ניט איהר ארבייטען אין שאפ, איהר שטיצען מיך, וואלט איך איצט ניט געווען קיין דאקטאר... און אפשר ליעב איך איהר דערפאר, ווייל זי האט מיך געשטיצט?... דאן איז עס דאך ניט קיין ליעבע, ניט דיא ריכטיגע ליעבע — האבען זיך דיא געדאנקען ביי איהם געפלאנטערט אין מוח — פאר וואס ניט דיא ריכטיגע?... איך ליעב זיא... זיכער!... היינט פארוואס ליובא'ן?... פארוואס האב איך פיעל מאל געהאט צו טהאן מיט אנדערע פרויען?... אט ערשט לעצטע וואך אין אפפיס מיט... מיט... ווען מען ליעבט די אייגענע פרוי... נארישע קייטען, דאס טהוען אלע מענער!... עס איז טאקע א שווינעריי, אבער... אבער... מיט דער ליעבע צו דער איינענער פרוי האט עס גאר ניט צו טהאן... מיט יענער... מיט יענער...

פאר זיינע אויגען האט ווידער אבגעלעבט ליובא און איהם צומישט דעם לעצטען געדאנק...

זיא האט זיך איהם פארגעשטעלט, וויא זיא קומט צו איהם און קלאגט זיך אויף עפעס... ער רופט זיא אריין צו זיך אין אפיס און אונטערזוכט איהר קראנקהייט...

ער איז געווארען אויפגערעגט.

— טפוי, וואס פאר א שווינעריי!

— האט זיך ביי איהם ארויסגעריסען הויך אויפ'ן קול.

אין דיעזער צייט איז ער געווען נעבען זיין הויז, ער האט אויפגעשלאגען דיא טהיר און איז אריין אין קארידאר, וועלכער איז אויסגעלייגט געווען מיט רויטען טעפיך און בעלייכטעט פון א רויטער שיין, וואס האבען פון זיך געווארפען צוויי גאזברענערס אונטער רויטע קאלפאקען...

ער האט זיך אויסגעטהאן און. אויפהענגענדיג זיין אויבערראק און הוט אויף דיא הענגערס אין קארידאר, האט ער דערהערט פון צימער בעקאנטע פרויען־שטימען.

— איך פערשטעה, ווען א מענש אפפערט זיך אויף פאר א גרויסע אידעע. פאר א בעפרייטער מענשהייט. אבער אויפאפפערען דיא געפיהלען פאר א פערשימעלטע מאראל, — דאס איז מעהר וויא לעכערליך, דאס איז איינפאך אן אידיאטיסטווא! — האט זיך געהערט א פרויען־שטימע, וועלכע האט געקלונגען מערקווירדיג העל, שארף און ליידענשאפטליך: — דאס קערפערליכע האט אזא רעכט אויפ'ן לעבען, וויא דאס גייסטיגע!... נאך מעהר: דאס גייסטיגע האט נור דאן א זינן, ווען עס שטרעבט צו בעפרייען דאס קערפערליכע פון דיא זאגענאנטע מאראלישע קייטען....

— ליזא איז דא — האט דאקטאר עפשטיין א טראכט געטהאן, דערקענענדיג דיא מערקווירדיגע פרויען־שטימע: — זיא איז גערעכט: ווען ניט דיא מאראלישע קייטען, וואלט דער מענש...

ער האט ניט געענדיגט זיין געדאנק, ווייל אין דיעזער צייט האט זיך דערהערט מאשא'ס צוהיצטער קול:

— אבער, ליזא, ווען דער מענש זאל ניט בעהערשען אין זיך זיינע טהירישע אינסטינקטען, דאן וואלט ער געווען דיא אויסגעלאסענסטע חיה!...

— זיא האט אויך רעכט — האט דאקטאר עפשטיין א טראכט געטהאן און איז אריין אין הויז...

ווען דאקטאר עפשטיין איז אריין אין עס־צימער, זיינען דיא פרויען אנשוויגען געווארען.

מאשא, א דיקע, רונדע ווייבעלע פון מיטעלען וואוקס, אויפ'ן אויסזעהען

יאהר עטליכע און צוואנציג אלט, מיט א קלארען, ווייסען פנים מיט ראזעווע חן־גריבעלאך אויף דיא רונדע באקען, מיט בלויע אויגען און א בלאנדען קאפ, האט איהם לאסצענדיג בעגריעסט מיט פרעהליכע אויגען, זיצענדיג אויף דער זאפע, דעם בלאנדען קאפ צוגעשפארט צום וואנד.

ליזא, וועלכע איז געזעסען געגען איהר אויף א שאקעל־שטוהל, האט צו איהם א מאך געטהאן מיט'ן רויטען קאפ.

זיא איז געווען זייערע א בעקאנטע, אן אנארכיסטקע און האט אויסגעקוקט א יאהר דרייסיג אלט.

געקומען מיט צעהן יאהר צוריק פון ווילנא קיין ניו יארק אן אויסגעשטורירטע אקושערין, איז זיא דא אין א קורצע צייט ארום אריינגעטראטען אין דיא אנארכיסטישע גרופפע און איז געווארען איינע פון איהרע טהעטיגסטע מיטגליעדער.

זיא אליין איז קיינמאל ניט ארויסגעטראטען עפענטליך אלס רעדנערין, הגם זיא איז פון דער נאטור בעגאבט געווען מיט א געוויסען רעדנער טאלאנט, מיט א מערקווירדיגער שטימע און דיקציע, נור האט אגיטירט איהרע אידעען פריוואט, צווישען איינצעלנע פערזאנען. דערפאר אבער האט זיא זיך עפענטליך אויפגעפיהרט אונאבהענגיג, פריי, לויט איהרע אידעען, ניט קימערענדיג זיך ניט וועגען ליטווישע רייד און זאגאר ניט וועגען זייער פעראכטונג...

א הויכע, א דיקע, מיט א גראבליכער מענערשער האלטונג, מיט א גיפס־ווייכען, קינדערש־צארטען פנים, וואס איז בעזאנדערס שארף ארויסגעטראטען אונטער דיא קורץ־געשארענע רויטע האאר, וויא ביי א מאן, מיט קעצישע אויגען, וואס האבען אפט אויפגעבלישטשעט מיט א געלבליך־פעטען פייערל — האט זיא געמאכט דעם געמישטען איינדרוק פון פרוי, מאן און קאץ...

זיא איז געזעסען, מעשה מאן, איבערגעווארפען א פוס איבער א פוס, דאס שווארצע קלייד פערדרייהט און שטייף אנגעצויגען אויף דער דיקער איבערגעווארפענער קניע, האט זיך געוויעגט אויפ'ן שאקעל־שטוהל און געקוקט פאר זיך פערטראכט מיט איהרע קעצישע אויגען.

נעבען איהר איז געשטאנען מאשאס איינגסטע שוועסטער אסתר, א מיידעל א יאהר ניינצעהן, א בלאנדע, זעהר עהנליך צו מאשא'ן, נור א מאגערע, און איהרע בלויע אויגען האבען געקוקט אויף ליזא'ן פערחלום'ט און בעגייסטערט.

אסתר איז נאך געווען א גרינע, ערשט א יאהר אין לאנד. אין דער־היים אין ביאליסטאק האט זיא געענדיגט א גימנאזיום און שפעטער אנטהייל גענומען אין דער רעוואלוציאנערער בעוועגונג, ניט בעלאנגענדיג צו קיין בעשטימטער פארטיי. נאך'ן פאגראם, וואס האט חרוב געמאכט דאס הויז און פערמעגען פון איהרע עלטערן, איז זיא מיט זיי געקומען קיין ניו יארק. איהר פאטער האט גענומען פעדלען מיט טהעע און קאפע און שנאפס צווישען זיינע לאנדסלייט און זיא, אסתר, האט זיך אויסגעלערנט ארבייטען שניפסלאך און האט געארבייט אין א שאפ.

מיט ליזא'ן האט זיא זיך בעקאנט מיט א קורצער צייט צוריק ביי איהר שוועסטער אין הויז און יענע האט אויף איהר געמאכט אזא איינדרוק מיט איהרע דרייסטע געדאנקען און מוטהיגער אויפפיהרונג, אז זיא האט יענע כמעט פערגעטערט.

דאס צימער איז העל בעלייכטעט געווען פון גאז, וואס האט געברענט אונטער א גרויסען, קאלירטען אבאַ־

זשור איבער'ן טיש, וועלכער איז איבערגעדעקט געווען מיט א רויט־געבלומטער טישטוך.

פון א ווינקעל האבען געפינקעלט און געגאסען זיך אין פערשיעדענע געמישטע קאלירען און פארבען די זילבערנע און קריסטאלנע געשיר, וואס זיינען געשטאנען אויף א רייכען בופעט, שפיעלענדיג זיך מיט דער שיין פון דעם גאז־לייכטער...

דאקטאר עפשטיין האט געדריקט די האנד ליזא'ן און אסתר'ן און, זעצענדיג זיך אויף דער זאפא נעבען זיין פרוי, האט ער זיך אבגערופען:

— וויא איך האב געהערט, איז ביי אייך דא א הייסע העבאטע...

— אך, דאקטאר — האט ליזא געענטפערט האלב אין ערנסט און האלב אין שפאס — אייער פרוי איז געווארען זעהר קאנסערוואטיוו... זינט זיא האט התונה געהאט מיט אייך, האט זיא גאר געקראגען אנדערע געדאנקען, אזוינע אלטע, פערשימעלטע, קליינבירגערליכע. וואס פון מאשא'ן איז געווארען!...

מאשא האט זיך פרעהליך צולאכט. אכתר האט א שמייכעל געטהאן. און דאקטאר עפשטיין האט אנגעקוקט מאשא'ן מיט לאכענדיגע אויגען און געזאגט:

— אזוי, מיין ווייב, מיר זיינען צוועק ריקווערטס, הא?...

— ניט דוא — האט מאשא געענטפערט מיט אן איינגעהאלטענעם שמיי־ וואס איז שייך צו דער געשלעכטס־פראגע אין דער טהעאריע פון וואריעטי (פערשיעדענהייט) און ניט נור אין דער טהעאריע אליין!...

— איז דאס שלעכט? — האט ער אונטערגעכאפט מיט א שטיפערישער מינע.

— וויא פאר וועמען... — האט זיא געענטפערט שוין ערנסט.

— אייפערזיכטיג, מיין ווייבעלע?

-- האט ער שטיל און מיט א פערגנבטען קול געפרעגט, וויסענדיג, אז זיא רעדט אזוי אויס אייפערזוכט צו איהם און פיהלענדיג זיך אזוי גוט, אזוי אנגענעהם פון דעם דאזיגען געדאנק...

— אוי, געה שוין! — האט זיא מיט אונגעדולד אויסגעשריען און אויפגעהויבען זיך פון ארט: — אייפערזיכטיג... עס איז דא צו וועמען!...

דאקטאר עפשטיין האט זיך פרעהליך צולאכט.

— איך גלויב ניט, אז מאשא זאל זיין אייפערזיכטיג — האט זיך אריינגעמישט ליזא מיט לייכטער איראניע אין קול.

מאשא האט פערשטאנען איהר איראניע און, פערשטיקענדיג אין זיך די בעליידיגונג, האט זיא מיט געמאכטער פרעהליכקייט געזאגט:

— אך, ליזא, אומשטיינס געזאגט, צו וועמען קען איך דא זיין אייפערזיכטיג?... ווען מיין מאן וואלט זיך כאטש געטראפען מיט שענע פרויען!...

— דאס האט זיא אויסגעשאסען אין מיר!... — האט זיך ליזא צולאכט, און אקוראט וויא זיא וואלט מאשא'ן געוואלט איבערציינגען אין איהר שעהנקייט, האט זיא זיך א הייב געטהאן פון שאקעל־שטוהל אין איהר גאנצען הויכען וואוקס, א שאקעל געטהאן מיט די רויטע האאר אויפ'ן קאפ און, א ציהטאענדיג זיך ליידענשאפטליך מיט דער שלאנקער טאליע און אויסשטעלענדיג אין פאראוים איהר הויכען ביוסט, האט זיא צוגעלייגט, קוקענדיג אויף מאשא'ן מיט איהרע קעצישע אויגען:

— וויא שעהמט איהר זיך ניט גאר צו ריידען פון דעם!... די אייפערזוכט איז א צייכען פון שקלאפעריי... די אמת'ע פרייע פרוי איז קיינמאל ניט אייפערזיכטיג...

— בין איך דאך טאקי אן אמת'ע פרייע פרוי, ווען איך בין ניט אייפערזיכטיג?... — האט מאשא זיך אבגערופען מיט אן אנגענעהמען שמייכעל.

דאקטאר עפשטיין האט זיך אויפגעהויבען פון ארט און, צוגעהענדיג צו מאשא'ן, האט ער איהר א זאג געטהאן איפ'ן אויער:

— נו, און צו ליובא עטינבערג?...

— איך שענק איהר דיך אין גאנצען אוועק! — האט זיא געענטפערט און אזוי וויא ער האט בשעת דעם געקוקט אויף איהר מיט א קאמישער מינע, האט זיא ניט אויסגעהאלטען און זיך צולאכט אויפ'ן קול.

— נו, וואס איז געווארען פון אייער דעבאטע? — האט זיך פלוצים אבגערופען אסתר מיט א פערשעהמטער מינע אויף איהר יונגען, כמעט נאך קינדערשען פנים, קוקענדיג אויף ליזא'ן מיט גרויסען דרך ארץ.

— וואס זאל בלייבען? — האט ליזא געענטפערט — אייער שוועסטער גלויבט שוין ניט מעהר אין דעם, אין וואס זיא האט אמאל געגלויבט...

— מען ווערט עלטער, ווערט מען קליגער — האט מאשא ארייגעווארפען.

— דו מיינסט קינדערשער, מאשא?

— האט ליזא אונטערגעכאפט.

— און קינדערשער אויך, דאס הייסט ריינער...

— אי, אי, ריינער! — האט זיך צולאכט ליזא — אן דעם האב איך גאר פערגעסען!... עס לעבע דיא מאראל!..

— אט אזוי, קינדערלאך — האט זיך דאקטאר עפשטיין פרעהלאך אריינגעמישט — שטעלט זיך, שנעלט זיך איינער דער אנדערער אזוי גוט אן דיא נעזער... וועגען וואס אייגענטליך, איז ביי איך דיא דעבאטע?...

— מאשא גלויבט שוין ניט אין פרייע ליעבע — האט ליזא געזאגט.

— פרייע ליעבע איז זעהר אן אנגענעהמער אידעאל... מאשא פערשטעהט ניט, וואס אנגענעהם איז! — האט דאקטאר עפשטיין געזאגט מיט א קאמישען טאן.

— דאקטאר, ווארום מאכט איהר שפאס? — האט אסתר זיך א כאפ געטהאן און איז רויט געווארען.

— איך מיין עס אהן שפאס, אסתר!

— האט ער געענטפערט.

— נארישקייטען! — האט זיך מאשא א כאפ געטהאן מיט היץ — קיין פרייע ליעבע איז ניטא, קען ניט זיין!... אין דיא ווערטער „פרייע ליעבע" גופא ליעגט שוין אן אונזיניגער ווידערשפרוך אקוראט וויא מען זאל זאגען: „הייסער אייז"... אז מען ליעבט א מענשען, איז דאס געפיהל שוין ניט פריי, דאן איז דאס העכסטע גליק אין דעם געפיהל פון פערשקלאפונג צו דעם מענשען. וואס מען ליעבט, און א פערשקלאפטעס געפיהל איז, דאכט זיך, ניט קיין פרייעס.

— גאנץ לאגיש! — האט אונטערגעכאפט דאקטאר עפשטיין און עס איז שווער געווען צו פערשטעהען, צי ער מיינט עס ערנסט, צי ער שפאסט.

— און דאך האט איהר אויך געהייראטעט פריי? — האט אסתר שוין געזאגט.

— פריי הייראטען איז ניט קיין פרייע ליעבע — האט מאשא געענטפערט — מען קען הייראטהען פריי, אהן דיא רעליגיעזע און אנדערע צערעמאניעס, און דאך ליעבען איבערגעבען און טריי...

— פונדעסטוועגען — האט זיך אבגערופען דאקטאר עפשטיין, דערמאנענדיג זיך פלוצים אן ליובא'ן:—פון דעסטוועגען האבען מיר דאן אויך גערעדט, בשעת מיר זיינען זיך צונויפגעקומען, אז ד' ליעבע דארף זיין פריי, ווי א פויגעל... אז כל זמן מען ליעבט איינער דעם אנדער'ן, דארף מען לעבען צוזאמען. האט

אבער עמיצער פון בײדען אויפגעהערט צו ליעבען, מוז מען זיך צוגעהן...

מאשא'ן האט ווען געטהאן, ווארום ער בענוצט דעם ווארט „צונויפגעקומען" אנשטאט „חתונה געהאט", און זיא האט געענטפערט מיט פערשטיקטער אויפרעגונג אין קול:

— דאס האב איך דאן געזאגט... דוא אבער האסט מיר דאן גאנץ אנדערע נארישקייטען געזאגט... אז דוא וועסט מיך ליעבען אייביג, אייביג... אז דוא קענסט אהן מיר ניט לעבען... דוא געדענקסט?...

דאקטאר עפשטיין האט זיך צור־לאכט:

— אמת, איך געדענק!...

— ווען דוא געדענקסט עס, בין איך צופריעדען — האט מאשא זיך אבגערופען מיט א ליכטיגען שמייכעל אין די בלויע אויגען און א קוק געטהאן פערגנב'עט אויף ליזא'ן, אקוראט וויא זיא וואלט זאגען: „דוא הערסט?... דיין פילאזאפיע איז דא ארויסגעווארפען!..."

— דיא זאך איז דיא — האט אין א ווײלע ארום זיך אבגערופען ליזא — מיר ריידען וועגען צוויי בעזונדערע פראגען. דוא, מאשא, רעדסט וועגען א געפיהל וואס איז נאך פארהאן, און איך רייד וועגען א געפיהל, וואס איז שוין מעהר ניטא... נאטירליך, איך בין מיט דיר אויף איינפערשטאנדען, אז ווען מאן און פרוי ליעבען זיך, דארפען זיי זיך ניט צושיידען... אבער וויא איז דער דין, ווען איינער פון זיי האט אויפגעהערט צו ליעבען, צו ער האט זיך גאר פערליעבט אין אן אנדערע, אדער זיא אין אן אנדערען?... וויא זאלען זיי דאן האנדלען?... און נאך עפעס: האט ווירקליך דער מאן דאס אייגענטום רעכט אויף דעם קערפער פון זיין פרוי אדער זיא אויף דעם קערפער פון איהר מאן, אקוראט וויא א קצב אויף דעם פלייש פון דער בהמה, וואס ער האט געקויפט?... אט וועגען דעם האבען מיר פריהער גערעדט...

— ווייסטו וואס, ליזא — האט זיך מאשא א כאפ געטהאן — לאז מיך גאר צופריעדען מיט דיינע דעבאטען! דוא פיהר זיך וויא דוא דענקסט אם ריכטיגסטען, און איך וועל זיך פיהרען, וויא איך דענק אם בעסטען... פערפאלגען, איך בין שוין פאר דיינע אידעען פערלארען!... וואס קען איך מיר העלפען, אז דער קאנסערוואטיווער גייסט האט זיך אריינגעכאפט אין מיין מוח!... אסתר — האט זיא זיך א קעהר געטהאן צו איהר שוועסטער — עס ווערט שוין שפעט... אויב דוא ווילסט קויפען א הוט, טא קום גלייך.

— איך געה! — האט אסתר געענטפערט און איז שנעל ארויס פון צימער.

— ברייננג מיין מאנטעל און הוט אויך — האט איהר מאשא נאכגעשריען.

— ווארט, איך געה אויך מיט אייך — האט ליזא זיך אבגערופען — איך דארף נור זעהן דיין מאן אויף א פאאר מינוטען.

מאשא האט אין הארצען שטארק ניט געוואלט, אז ליזא זאל פערבלייבען אליין מיט איהר מאן. זיא איז געווען עטוואס אייפערזיכטיג צו איהר, וויא צו יעדער פרוי, מיט וועלכער איהר מאן איז געשטאנען אין פריינדליכע בעציהונגען. זיא האט עס אבער ניט ארויסגעוויזען. זיא איז געווען צו שטאלץ פאר דעם.

— נישט־קשה, דוא קענסט בלייבען דא מיט מיין מאן — האט זיא געזאגט מיט געמאכטער פרעהליכקייט — איך בין ניט אייפערזיכטיג!...

אסתר איז אריין אן אנגעטהאנעטע און געבראכט דעם מאנטעל און הוט פאר מאשא'ן.

דאקטאר עפשטיין האט געהאלפען זיין פרוי אנטהאן דעם מאנטעל. זיא האט איהם געדאנקט און, אנטהאנדיג די הוט אויפ'ן בלאנדען קאפ, האט זיא בלומרשט פריי און אונגעצוואונגען דערלאנגט ליזא'ן דיא האנד, וועלכע יענע האט פעסט א דריק געטהאן, מעשה מאז, און איז ארויס מיט אסתר'ן פון הויז.

— אט אזוי, דאקטאר — האט זיך דאן אבגערופען ליזא מיט א שעלמישען שמייכעל, ווען זיא איז געבליעבען אליין מיט איהם: — אייער ווייב'ס טהעאריע איז גאר ניט שלעכט פאר אייך...

— יא — האט ער זיך צולאכט.

— ערענסט, וויא גיך דיא מענשען ענדערען זייערע אידעען — האט זיא געזאגט.

— יעדער מענש ענדערט זיך — האט ער בעמערקט.

— ניט יעדער — האט זיא אויסגעשריען מיט היץ — נור שוואכע מענשען, מיט שוואכע מוחות און שוואכע הערצער!...

דאקטאר עפשטיין האט א קוק געטהאן אויף איהר הויבען ביוסט און געענטפערט מיט א שמייכעל:

— יא, מאנכע מענשען האבען שוואכע הערצער און מאנכע — גאנץ שטארקע....

זיא האט געכאפט זיין בליק און א שמייכעל געטהאן.

— וויא שוואך איהר זייט, מענער!

— האט זיא בעמערקט.

— א פעהלער, מיט וועלכען דיא נאטור האט אונז בעשאפען — האט ער זיך אבגערופען.

— איך בעשולדיג אייך ניט, חלילה — האט זיא זיך צולאכט —— אט דעם זעלבען פעהלער האבען מיר פרויען אויך... און איך האלט עס גאר ניט פאר א פעהלער. פערקעהרט, איך האלט עס פאר דיא נשמה פון'ם לעבען... ווי דער מאגען פאדערט ברויט, דיא לעפצען — וואסער, אזוי פאדערט דער גאנצער מענש ליעבע...

— איך בין פאלקאם מיט אייך איינפערשטאנדען — האט ער זיך ווידער צולאכט.

— וואס לאכט איהר? — האט זיא זיך פלוצים א קעהר געטהאן צו איהם מיט אן ערענסטער מינע, אנקוקענדיג איהם אויפגערעגט מיט איהרע קעצישע אויגען.

— איך טאר גאר ניט לאכען? — האט ער זיך אבגערופען און זיך צולאכט נאך העכער.

— פוי!... איהר לאכט אזוי ציניש — האט זיא געזאגט אויפגערעגט — אז עס בעליידיגט מיך!... נו, געווים, ביי אייך, מיין הערר, איז עס ניט קיין פראגע פון א פרינציפ, פון אן אידעאל... איהר שטעלט דערביי גאר ניט איין, קיינער וועט אייך דערפאר ניט פעראכטען... וואס הארט עס וועמען, ווען איהר דאקטאר עפשטיין, א מאן, וועט האבען נאך אביסעלע פערגעניגען!....

— וואס פאלט אייך איין, ליזא?...

— אט דאס פיהל איך אין אייער צינישען געלעכטער! — האט זיא געזאגט אויפגערעגט.

— עס דאכט זיך אייך...

— מיר דאכט זיך שוין גאר ניט —

— האט זיא איהם אונטערבראכען — מערקווירדיג, איך האב בעמערקט, אז דיא ערשטע, וואס פעראכטען דיא פרייע פרוי, זיינען דיא אייגענע גענאסען און גראד יענע, וואס האבען זיא אויסגענוצט אם מעהרסטען... זיי האבען נור ניט דעם מוטה און זיינען ניט עהרליך גענוג, אום ארויסצוווייזען זייער פעראכטונג צו דער פרוי עפענטליך, וויא

אנדערע, ניט גענאסען, וואלטען עס געטהאן!...

— איך האף, ליזא, אז איהר מיינט עס ניט מיך — האט ער זיך אבגערופען מיט אן ערנסטען אויסדרוק אין זיינע קארע אויגען — איך בעוואונדער אייך, ליזא... ווירקליך, איך קוק אויף אייך, וויא אויף אן אונגעוועהנליכע פערזענליכקייט מיט א שטארקען ווילען, וועלכע האנדעלט פריי, אפען און שטאלץ לויט איהרע געפיהלען און איבערצייגונגען...

זיא האט געקוקט אויף איהם מיט פערטראכטע אויגען און געשוויעגען. דאן האט זיא א מאך געטהאן מיט א האנד.

— עה, וואס קימערט עס מיך!... איך האנדעל וויא איך פערשטעה און פיהל... ביי זיי איז טהעאריע א בעזונדער זאך און דאס לעבען וויעדער א בעזונדער זאך... ביי מיר אבער איז טהעאריע און לעבען איין זאך... און אייגענטליך ווער זיינען זיי? — האט זיא זיך אונטערבראכען מיט פעראכטונג אין קול — דאקטאר רייכמאן איז שוין אוים אנארכיסט, טראכט גאר פון א אידישער מלוכה אין ציון... און גענאסע בלאק, פון דעם איז דאך גאר ניטא וואס צו ריידען, דיעזער איז אן איינפאכער שארלאטאן... אמאל אז דיא אנארכיסטישע לעקציעס האבען זיך בעצאהלט, האט ער געהאלטען אנארכיסטישע לעקציעס... איצט אבער, ווען דער עולם איז מעהר פעראינטערעסירט מיט'ן טהעאטער און אפערא'ס האלט ער פאר זיי לעקציעס איבער דעם טהעאטער, איבער אפערא'ס, וויא מעלבא זינגט, וויא יענער אקטיאר שפיעלט. כאטש פון זינגער און זינגערינס האט ער ביז אהער געהערט דעם באס און דיא ציעג אין זיין קליין־שטעדטעל און פון שוישפיעלער — דיא פורים־שפיעלער ביי זיין טאטען צו דער סעודה...

דאקטאר עפשטיין האט פרעהלאך געלאכט.

— איהר לאכט הא? און מיר טהוט וועה, ווען איך זעה, ווער מיינע גענאסען זיינען און וואס פון זיי איז געווארען!

— האט זיא געזאגט און זיך אונטערבראכען — אבער גענוג פון דעם!... איהר ווייסט, וועגען וואס איך וויל אייך זעהען?...

— יא?... לאזט הערען...

— איך קליב צוזאמען אויף דעם אפיציער איוואנאוו'ן... איהר האט דאך, וואהרשיינליך, געהערט פון איהם?

— דער, וואס איז לעצטע וואך געקומען?...

— יא, דערזעלבער... ער איז א רעוואלוציאנער און בעת דיא פאגראמען האט ער פערטהיידיגט דיא אידען מיט זיינע סאלדאטען...

— אויב אזוי מוז ער ווירקליך זיין א זעלטענער מענש — האט דאקטאר עפשטיין א שמייכעל געטהאן.

— איך וויל, איהר זאלט מיר געבען א פאר דאלאר...

— איך וועל געבען — האט ער געענטפערט — נור מערקווירדיג... מאנכעסמאל דאכט זיך מיר, אז דאקטאר רייכמאנ'ס פראגע איז גאר ניט אזוי אויסער וועג... ער פרעגט:

דיא לעצטע צייט קומען צו אונז פיעל קריסטען פון רוסלאנד, וואס דערצעהלען, אז זיי האבען דארט פערטהיידיגט אידען... — שטעלט זיך דיא פראגע: ווען דיא אידען האבען דארט געהאט אזוי פיעל פערטהיידיגער, וויא קומט עס, וואס מען האט אזוי וועניג געהערט פון זיי און וואס מען האט אזוי פיעל אידען צוהרג'עט?...

— דאקטאר, אזא פראגע פאסט זיך פאר דאקטאר רייכמאן דעם ציוניסט צו

פרעגען, אַבער ניט פאַר אייך צו וויר־דערהאַלטען — האט זיא געזאַגט.

— איך זאַג ניט, אז מען דאַרף זיי ניט אונטערשטיצען... מיר אלע אונ־טערשטיצען זיי און וועלען זיי אונטער־שטיצען, איהר ווייסט עס אזוי גוט, ווי איך... צווישען אונז זיינען זאַגאַר פאַר־האַן אַזעלכע וויא אידעלסאַן, וועלכער האט געוואָרפען זיין ארבייט און גיט אַב זיין גאַנצע צייט, אום צו פערזאָר־גען דיא גרינע קריסטען פון רוסלאַנד מיט ארבייט, וואָהנונגען און אַנדערע לעבענס־מיטלען... איהר קענט זיך אָבער ניט פערבעהאַלטען פון דעם גע־דאַנק, אַז זייערע ברידער האָבען ער־מאָרדעט אונזערע... און דאַן שטעלט זיך אַוועק ביי אייך אַנאַנדער פראַגע נעגען אייער אייגענעם ווילען: אויב אונזערע אידען וואָלטען צו זיי געקומען, צי וואָלטען זיי אונזערע אויך אזוי גע־שטיצט?...

— איך קען ניט הערען, וויא איהר רעדט, דאָקטאָר! — האט ליזא אויס־געשריען — איהר רעדט, וויא אַ אי־דישער שאָוויניסט!... דיעזע אַלע קריסטען, וואָס זיינען אַנטלאָפען פון רוסלאַנד, זיינען אין דיא אויגען פון דער רוסישער רעגיערונג נאָך ערגער ווי דיא „זשידעס", רעוואָלוציאָנערען זיי־נען זיי, און אויף אונז ליעגט די פליכט צו אונטערשטיצען זיי.... ווי שעהמט איהר זיך ניט, דאָקטאָר, צו מאַכען אַן אונטערשיעד צווישען איד און קריסט — איהר זייט דאָך עפּעס אַ סאָציאַ־ליסט?...

— איך מאַך קיין אונטערשיעד, ליזאַ, איך האָב עס ניט געזאָגט... איך בין דער לעצטער, צו מאַכען אַן אונ־טערשיעד צווישען גוי און איד... דריי דאָלאַר וועט גענוג זיין? — האט ער נעפרעגט, אריינלעגענדיג דיא האַנד אין קעשענע.

— וויעפיעל איהר קענט, אזוי פיעל ניט — האט זיא געענטפערט.

ער האט איהר דערלאַנגט דריי דאָלאַר.

— נו, איצט דאַרף מען שוין געהן

— האט זיא געזאָגט, אריינלעגענדיג דאָס געלד אין פּאַרטמאָנע, וואָס איז געלעגען אויפ'ן טיש.

— וואָס איילט איהר? פּער־ברענגט נאָך אַ ווײַלע. קומט, זעצט זיך צו — איז ער צוגעגאַנגען צו איהר און אָנגעהמענדיג זיא ביי דער טאַליע און אריינקוקענדיג מיט בלישצענדיגע אוי־געען אין איהרע קעציישע, האט ער זיא צוגעפיהרט צו דער זאָפע.

— זיצט — האט ער ארויסגע־שעפּצעט פערשטיקט.

און האט זיך אוועקגעזעצט נעבען איהר.

— נו, זיצען מיר! — האט ליזא שטיל געזאָגט — נו, וואָס ווייטער?...

אין איהרע קעצישע אויגען האט זיך אָנגעצונדען דאָס געלבליך־פּעט פּייערל. זיא האט געקוקט אויף איהם און געשמייכעלט.

— ווייטער? — האט ער ארויס־געשעפּצעט פערשטיקט און אָנשפּאַרענ־דיג זיך מיט זיין שעהנעם בערדיל אַ לאַ פראַנסע אָן איהר הויכען, שטייפען ביוסט, האט ער צו איהר ארויפגעקוקט מיט הייסע און בעטענדיגע אויגען.

— ליזא, איך האָב אייך שוין לאַנג ניט געזעהען — האט ער געשעפּצעט, פול ליידענשאַפט.

— ניט אמת, ערשט לעצטע וואָך האט איהר מיך געזעהען — האט זיא געענטפערט, שמייכלענדיג.

— איך מיין... איך האָב אייך שוין לאַנג... ניט גע־קושט...

— בעהערשט זיך דאָקטאָר! — האט זיא זיך אַבגערופען און אין איהר העלען קול האט זיך דערהערט אַ הייזע־ריגע, פערשטיקטע נאָטקע: — בע־הערשט זיך און דערפאַר וועט אייך אייער מאָראַלישע ווייב מעהר ליעב האָבען...

און געזאָגט עס, האט זיא זיך

שטיל צולאכט, אבגעשטופט איהם פון זיך און אויפגעהויבען זיך פון ארט.

ער איז אויך אויפגעשפרונגען.

— ליזא!...

זיא האט זיך צולאכט העכער.

— וויא איהר שרייט עם „ליזא“, אקוראט וויא א נארישער באק!...

ער האט זיא ווידער אנגעכאפט ביי דער טאליע און זיא געצויגען צו זיך.

— דאקטאר, איך ווער בייז! — האט זיא געזאגט מיט אונגעדולד אין קול און איהרע אויגען האבען בייז א בלישצע געטהאן: איך פיהל איצט צו אייך אן עקעל, לאזט אב!....

ער האט זיא אבגעלאזען, שמייכלענדיג צומישט און נאריש, און זיך אנידערגעזעצט אויפ'ן שאקעל-שטוהל.

— אט אזוי, זיצט רוהיג און לערענט זיך אויס צו בעהערשען — האט זיא דאן צוגעלייגט, מיט אזא טאן, וועלכער האט געקלונגען אי ערענסט, אי קאמיש.

— איהר מאכט זיך היינט לוסטיג איבער מיר, הא? — האט ער ארויסגערעדט, שמייכלענדיג נאך אלץ צומישט.

— מיר פאלט גאר ניט איין, איך מיין עס גאנץ ערענסט — האט זיא געענטפערט און, פערברעכענדיג ביידע הענד הינטער איהר וויסען, שטארקען נאקען, האט זיא זיך ליידענשאפטליך א ציה געטהאן מיט איהר גאנצען קערפער, אויסשטעלענדיג אין פאראויס איהר רייכען ביוסט, און צוגעלייגט פערטראכט. אקוראט ווי זיא וואלט זיך אן עפעס דערמאנט.

— נישקשה, איך בעהערש זיך אויך אמאל...

— איהר?...

— יא, יא, ווען מיין אינדיווידועלע פרייהייט איז אין געפאהר—האט ליזא געענטפערט.

— וואס מיינט איהר?...

— איך מיין — האט זיא איהם ערקלערט — ווען איך ווייס, אז מיין ליעבע איז א צייטווייליגע, א מאמענטאנע, דאן בעהערש איך ניט מיינע געפיהלען... ווען איך פיהל אבער, אז מיין ליעבע איז א צו טיעפע, אז זיא וועט מיך פערשקלאפען צו א מענשען פאר א לאנגע, לאנגע צייט, דאן... אה, ניין!... קיין שקלאפין וועט ליזא קיינמאל ניט זיין צו קיין געפיהל, צו קיין מענשען, מעג זיא אפילו פערברענט ווערען פון איהר אייגענעם פייער, ליזא מוז זיין פריי... קיין ליעבע טאר ניט שטערען ליזא'ס רעוואלוציאנערע ארבייט!...

— פון דעסטוועגען, גלויב איך, ווען איהר זאלט זיך אמאל ווירקליך אזוי פערליעבען אין א מענשען, דאן וואלט איהר פון קיין אנדער זאך ניט געטראכט — האט זיך דאקטאר עפשטיין אבגערופען.

— איהר מיינט אזוי? — האט זיא זיך א כאפ געטהאן און זיך צולאכט — אוי, איהר שוואכער מענשעלע וואס איהר זייט, איהר קענט זיך גאר ניט פארשטעלען, וויא אזוי מענשען קענען זיין שטארק!... נאך גאר ניט לאנג האב איך עפוואס אזוינס דורכגעלעבט...

— ניט לאנג?...

— יא — האט זיא ארויסגערעדט פערטראכט — לעצטען יאהר נאך... איך האב זיך געטראפען מיט נאך גאר א יונגען-מאן, א יאהר עטליכע און צוואנציג אלט... אין רוסלאנד איז ער געווען א רעוואלוציאנער, דא האט ער זיך גענומען פארבערייטען צום קאלעדזש, וויל אן אינזשעניער ווערען.... איך האב איהם געוואלט ראטעווען פאר דער בעוועגונג, האב איך זיך גענומען מיט איהם טרעפען אפטער... א מערקווירדיג שעהנער יונגערמאן, הויך, שלאנק, און שטארק, מיט אויגען שטיקער פייער... דאן האב איך גענומען בעמערקען, אז ער איז ערענסט פערליעבט אין מיר און איך אליין האב אויך גענומען פיהלען, אז איך ציטער פון איין געדאנק וועגען איהם... אז

איך פערליער מיין קאָפּ און מיין ווי־לען... עס איז אזוי ווייט געקומען, אז אָפט פלעגט ביי מיר זיין אַ פראַגע, צו זאָל איך געהן אויף אַ מיטינג, אָדער געהען זעהען איהם... דאָן האָב איך זיך אין דיא הענד אריינגענומען און זיך געזאָגט: „ליזאַ, דוא מוזט זיך ראַטעווען... אַניט ביזטו ניט ווערט דעם נאָמען פון אַ רעוואָלוציאָנערקע... גיסטו ווייטער פרייהייט דיין געפיהל צו איהם, ביזטו פערשקלאַפּט אויף אייביג!“... און איך האָב בעשלאָסען ניט צי זעהן איהם מעהר, אויסצומיידען איהם, און... איך האָב געזיעגט!... און ער איז אַזאַ שעהנער, אַזאַ ליעבער, אין זיינע אויגען אזוי פיעל פייער! — האָט פלוצים איהר שטימע גענומען קלינגען מיט הייזעריגע, פערשטיקטע נאָטקעס: — נאָך איצט דאַכט זיך מיר אַ מאָל, אז איך וואָלט געשטאָרבען פאַר נאָך איין מינוט גליק מיט איהם!...

איהר גיפּס־ווייסער, קינדערש־צאַרטער פּנים האָט זיך צופלאַמט און זיך וויא אויסגעצויגען, אויף איהם האָ־בען זיך אוועקגעלעגט שאַרפע שטרי־כען און דאָס געלבליך־פעט פייערל האָט ווידער ארויסגעטראָטען אין איהרע קעצישע אויגען העלער און הייסער...

—איהר פערשטעהט שוין ? —האָט זיא פערשטיקט ארויסגערעדט, איז צוגעגאַנגען צו איהם און אָנשפּאַרענדיג זיך שווער מיט ביידע הענד אָן זיינע אקסלען, האָט זיא אריינגעקוקט מיט איהרע ברענענדע קעצישע אויגען אין זיינע, אטהעמענדיג איהם היים און קאָ־כענדיג אין פּנים.

און דערפיהלט, וויא זיא האָט זיך אָנגעצונדען, האָט ער מיט אַנגע־צויגענע נערווען זיא אַ כאַפּ געטהאָן צו זיך און אוועקגעזעצט זיא אויף דיא קניע.

זיא האָט זיך ארומגעכאַפּט מיט ביידע ארעמס ארום זיין נאַקען, איינ־געגעסען זיך מיט דיא ליפּען אין זיינע

און האָט זיי געזויגט, געזויגט, קרעכ־צענדיג בשעת דעם מיט אזעלכע טענער, וואָס האָבען געקלונגען וויא דאָס פער־שטיקטע מיאַוקען פון אַ קאַץ...

אין דיעזער צייט האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פון עלעקטרישען גלעקעל, זיא האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן פון זיינע קניע, וויא אַ ווילדע, צו־רייצטע קאַץ:

— אָט איז דיר...

ער איז אויך אויפגעשפרונגען פון אָרט און האָט זיך אומגעקוקט אויף דער טהיר מיט צומישטע אויגען. — !געהט אריין אין אָפּפּים — האָט ער געזאָגט — טאָמער איז עס מאשאַ, וועל איך אייך בעגלייטען אהיים און טאָמער אַ פּאַציענט —

ער האָט ניט געענדיגט און איז ארויסגעלאָפען פון צימער.

און זיא, מיט אַ צופלאַמטען פּנים און אויגען, וואנקענדיג אויף די פיס, וויא אַ שיכור'ע, איז אוועק אין טהיר לינקס, וואו דער אָפּפּים האָט זיך געפונען.

דאָרט האָט זיא זיך אוועקגעזעצט אויף אַ שטוהל און זיך געזוכט צו בערוהיגען אויף'ן פאַל, טאָמער קומט אריין מאשאַ...

באלד איז ער אריינגעקומען מיט אַ שמייכעל. — מען רופט מיך צו אַ קראַנקען — האָט ער געזאָגט און צו־געריגעלט דיא טהיר פון אָפּפּים.

דאָרט האָבען העל געברענט צוויי גאַז־ברענערס און דיא שטאָלענע דאָק־טערסקע אינסטרומענטען האָבען גלאַנ־ציג ארויסגעבלישצעט דורך דיא גלע־זערנע טהירלאַך פון'ם אלמעריל, וואו זיי זיינען געלעגען אויף דיקע גלעזערנע פּאָליצעס.

ער האָט זיא ווידער צוגעצויגען צו זיך.

— דרייהט אריין דיא גאַז — האָט

זיא ארויסגעשעפּצעט הײס, פערשטיקט און הייזעריג.

און אין א ווײלע ארום האבען אין דעם פינסטערען אפּיס איהרע קעציּשע אויגען געברענט נאך העלער . . . וויא פייערלאך פון געלע, פעטע אויל־קנייטלאך האבען זיי ארויסגעשיינט דורך דער פינסטערניש . . . און אין איהר פערשטיקטען קרעכצען האט זיך נאך דייטליכער געהערט דאס מיאוקען פון א קאץ . . .

9

געהענדיג אין קאפּע־הויז מיט דאקטאר רייכמאן'ען און ליובא'ן, האט זיך דער שרייבער הורקין פּלוצים אבגערופּען מיט וועהטאג אין קול:

— מיט וואס פאר א פעראכטונג דאקטאר עפּשטיין האט עס גערעדט פון דער אידישער ליטעראטור און איהרע שרייבער! . . . נו, געה בעגייסטער זיך און העלף שאפען א גוטע אידישע ליטעראטור, ווען דיא אידישע אינטעליגענץ פעראכטעט דײן שאפען און דער אידישער לעזער . . . עך! — האט ער פערצווייפעלט א מאך געטהאן מיט א האנד און איז אנטשוויגען געווארען.

— הורקין, נור ניט אראבגעפאלען ביי זיך! — האט דאקטאר רייכמאן גוטמוטהיג געזאגט — אט זאל דיא זעלביגע אידישע אינטעליגענץ זיך דערוויסען, אז איערע א פּאאר ערצעהלונגען זיינען איבערזעצט געווארען אויף אנאנדער שפּראך, דאן וועט זיא שוין קוקען אויף אייך מיט דרך ארץ, כמעט וויא אויף א שלעכטען ניט אידישען שרייבער! . . . — האט ער זיך גוטמוטהיג צולאכט.

— אבער פארוואס זאל עס זיין אזוי? — האט זיך ליובא אבגערופען שטיל.

— דער גלות, מיסס עטינבערג, איז אין דעם שולדיג — האט דאקטאר רייכמאן געענטפערט.

— אייגענטליך, פאר וואס רופען מיר אזעלכע וויא דאקטאר עפּשטיין „אונזער אינטעליגענץ?" — האט הורקין פּלוצלונג אויסגעשריען מיט נערוועזיטעט אין קול — וואס פאר אן אינטעליגענץ איז זיא אונזערע? . . . ביי א פאלק הייסט „אינטעליגענץ" יענע קינדער זיינע, וואס קענען זיין קולטור, וואס ארבייטען פאר איהר, וואס ליעבען זיא, מיט איין ווארט, דיא קולטור טרעגער פון א פאלק, דיא זיינען וואס מיר רופען „דיא אינטעליגענץ" פון א פאלק . . . און אונזערע זאגענאנטע אינטעליגענטען? . . . וואס וויסען ז י י פון אונזער קולטור? זיי ווילען פון איהר ניט וויסען, זיי פעראכטען זיא . . . וויא אזוי קענען מיר זיי רופען אונזער „אידישע אינטעליגענץ?" . . . זיי זיינען אידיש געבארענע דאקטוירים, אידיש־געבארענע אדוואקאטען, אבער פאר קיין פאלגישט קיין אינטעליגענץ פון אידישען פאלק . . . זיי זיינען אפילו ניט קיין בעוואוסטזיניגע אסימיליאטארען! . . .

ליובא האט זיך געפיהלט אונאנגענעהם, וואס הורקין רעדט מיט אזא פעראכטונג וועגען דאקטאר עפּשטיין'ען. זיא וואלט זיך פאר יענעם אנגענומען, אבער זיא האט ניט געוואוסט, וויא אזוי און וואס צו זאגען. דאקטאר רייכמאן האט אויך געשוויגען.

אזוי זיינען זיי געגאנגען נאך א ווײלע, יעדער פון זיי ארײנגעטהאן אין זיך, און זייערע טריט איבער'ן טראטואר האבען הילכיג אבגעקלונגען אין דער שטילער, העלער, פראסטיגער נאכט.

עס איז געווארען קעלטער, דער פראסט האט זיך פערנומען מיט רוגזה. דיא משוגע'נע שילדען פון דיא דאפּטוי־

רים און דענטיסטען אויף דיא איסט־בראדוויער הייזער האבען געבלישצעט אויף'ן פראסט, וויא מיט שנעע־שפרינ־קעלאך בעשאטען . . .

ליובא האט אנגעשטעלט דעם קאראקולענעם קאלנער פון איהר מאנ־טעל און טיעפער אריינגערוקט דיא הענד אין דער קאראקולענער מופטע.

— אייערע טענות, הורקין, זיינען אפילו גערעכטע — האט זיך אין א ווייר־לע ארום אבגערופען דאקטאר רייכמאן, פערטראכט: — אבער אויף זיי קען נור זיין איין ענטפער: אז אינטעלי־גענץ אין אייער זינן קענען מיר נור דאן האבען, ווען מיר וועלען אן אייגענעם לאנד האבען . . . דאן וועט אונזער אינטעליגענץ טהייער' האלטען דיא גייסטיגע אוצרות פון איהר פאלק, ווייל זיי וועלען פאר איהר האבען א פראק־טישען ווערטה . . . כל זמן אבער מיר וועלען לעבען אין גלות, וועט א פראקטישען ווערטה פאר זיי האבען נור דיא פרעמדע גייסטיגע אוצרות, נור דיא פרעמדע קולטור . . . אונזער אייגענע קולטור וועט פערבלייבען בלויז אן אונפראקטישער אידעאל, וועלכער וועט קיין קיום ניט האבען . . . דערפאר טענה איך: אויב מיר ווילען האבען אן אמת'ע אידישע אינטעליגענץ, אן אידישע קולטור, וואס זאל א קיום האבען, מוזען מיר צוערשט האבען אן אייגענעם אידישען לאנד! . . .

— יא, א לאנד — האט ארויסגע־רעדט פערזארגט הורקין — א קליינע קלייניגקייט — א לא—אנד! וואו קריגט מען עס?

— זארגט זיך נור ניט, הורקין!— האט דאקטאר רייכמאן איהם פרעהלאך א קלאפ געטהאן איבער'ן אקסעל: — מיר וועלען נאך א מאל מיט אייך שפא־צירען איבער דיא גאסען פון ירושלים און רידען איבער ליטעראטור . . . און איהר, מיסס עטינבערג — האט דאק־טאר רייכמאן זיך א סעהר געטהאן צו איהר מיט זיין קינדערש־גוטמוטהיגען שמייכעל — וועט אויך זיין מיט אונז.

— איך? — האט ליובא געזאגט מיט א שמייכעל — אויב נור דארט וועלען זיין העמדען־פאבריקען, פאהר איך מיט אייך קיין ירושלים, אבגע־מאכט!

אלע דריי האבען זיך צולאכט, דאקטאר רייכמאן אויף'ן קול, הורקין אין זיך און ליובא'ס געלעכטער האט אבגעקלונגען אין דער טרוקענער, פראָ־סטיגער לופט העל און הילכיג, וויא א זילבערנער גלעקעלע.

זיי זיינען צוגעגאנגען צו א קאפע־הויז דיא פענסטער מיט פערשיעדענע געבעקס אונטער קורצע, ווייסע פארהאנ־גען זיינען געווען העל בעלויכטען מיט עלעקטערישען ליכט.

אט דא איז דיא „קיבעצארניע" — האט דאקטאר רייכמאן זיך געווענדעט צו ליובא'ן, אנווייזענדיג מיט א האנד אויף דעם קאפע־הויז.

—וואס מיינט עס? — האט ליו־בא נייגעריג געפרעגט, אנשטעלענדיג אויף איהם איהרע גרויסע, שווארצע אוי־גען.

— דא קיבעצעט מען זיך, ד. ה. מען קריכט איינער דעם צווייטען אין גרגרת אריין און אמאל טאקי מיט ניט גאנ'ן זויבערע הענד... דא קלייבען זיך, גע־וויינליך, צונויף פערשידענע פון אונזע־רע „קעפ" און וויזען ארויס דעם תהו־ובהו פון זייערע מוחות... האט דאקטאר רייכמאן איהר ערקלעהרט, שמייכלענדיג מיט זיין קינדערש־גוטען שמייכעל.

— מיך ווילט זיך עפעס אהער ניט אריינגעהן! — האט ליובא געזאגט.

— קומט אריין — האט זיך פלוצים אריינגעמישט הורקין — איהר וועט דא מיפען אינטערעסאנטע טיפען.

— איהר מוזט מיט אונז אריינגעהן,

מיסס עטינבערג — האט דאקטאר רייכמאן זיא אנגענומען ביים ארעם — האט ניט מורא, אייך וועט מען ניט קיבעצען... ערענסט, איהר מוזט זיך בעקענען מיט אונזער קיבעצארניע, אויב איהר ווילט קענען דעם אידישען קווארטאל אין ניו־יארק... דארט ווערט בעשלאסען די וועלט־פאליטיק... דארט ווערען אריינגעגעבען אטעסטאטען די ליטעראטען, די אקטיארען, די בעריהמטע אפערא־זינגער... דארט הילכען אפט פעטש אין נאמען פון אן אידעע, ריכטיגע פעטש. הגם מיט אן אידעאלען אונטערשלאג... קומט, מיסס עטינבערג, איהר וועט דארט טרעפען א סך מענשען מיט בעקאנטע נעמען, אפילו בעקאנטע נעמען אהן מענשען אויך!... — האט ער זיך צולאכט.

ווען דאקטאר רייכמאן האט דיא מהיר געעפענט, האט זיך געגען איהם א ריס געטהאן א טומעל פון שטימען און א ווייסע פארע, וויא פון א שוויץ־באד.

דער בעל־הבית פון קאפע־הויז, א הויכער, לאנגער איד מיט א נאז פון נעזער־לאנד און דיקע שווארצע וואנצעס, וועלכער איז געשטאנען נעבען טיהר מיט אן אנגעגרייטען ברייטען שמייכעל אויף דיא דיקע וואנצעס פאר זיינע קונדען, האט זיך ראפטאם פערנייגט פאר דאקטאר רייכמאן'ען און איז אזוי ראפטאם אוועקגעלאפען אין פאראויס, קוקענדיג אויף אלע זייטען און זוכענדיג א לעדיגען טישעל פאר דיא אנגעקומענע קונדען.

די לעצטע זיינען אוועק נאך איהם.

אויף'ן סוף האט דער בעל־הבית דערזעהען א לעדיגען טישעל, איז צוגעלאפען צו איהם און, אראבגעכאפט פון איהם מיט אן אימפעט דעם טישטוך מיט ברעקלאך און מיט רויטע, בארשט־פלעקען, האט ער א געשריי געטאהן צו איינעם פון דיא בעדיענער, מען זאל א ריינע טישטוך דערלאנגען.

דערווייל האט דאקטאר רייכמאן נעהאלפען ליובא'ן אויסטאן איהר מאנטעל און, אויפגעהאנגען איהם אויף דער וואנד, האט ער זיך אליין גענומען אויסטאן. הודקין האט אויך אויפגעהאנגען זיין ראק אויף דער וואנד.

און ליובא, מיט אנגעברענטע באקען פון פראסט, מיט רויטע אויערען, ארום וועלכען עס האבען זיך געקרויזט שווארצע זיידענע לאקען פון איהרע האר, מיט שווארצע, ברענענדיגע אויגען, א הויכע, א שלאנקע, האט זיך מיט נייגיעריגקייט ארומגעקוקט אויף אלע זייטען.

אלע טישלאך זיינען געווען בעזעצט.. פון אלע און אין אלע זייטען האט זיך געטראגען א געפילדער... פון דער גרויסער עלעקטרישער לאמפע, וואס איז ארונטערגעהאנגען פון מיטען באלקען, האט זיך געגאסען א העלעם ליכט. דיא לופט איז געווען א שווערע, א געפרעסטע, עס האט געשמעקט מיט רויך פון סיגארעטען און סיגארען, מיט צוגעברענטען פלייש, מיט געפילטע פיש און מיט נאך עפעס זיעס־זויערעס...

ליובא'ס אויגען האבען זיך אבגעשטעלט אויף עטליכע יונגע לייט, וואס זיינען געזעסען ארום א טישעל.

נאך דיא בעלעבטע, צוהיצטע פנים־מער פון דיא יונגע לייט, נאך זייערע בלישצענדיגע אויגען, נאך זייער נערוועזען מאכען מיט דיא הענד, נאך דיא ארומטאנצענדיגע הוטס דא אויף דיא פאטילניצעס און דא אויף דיא שטערענס, איבער דיא אויגען און איבערדויפט, נאך דיא צארטע עפיטעטען: אידיאט, חמור, יאלד, טאמאני נאכשלעפער אויף־מיר־סאציאליסט און אזוי ווייטער, מיט וועלכע דיא יונגע לייט האבען מכבד געווען איינער דעם אנדערען מיט גרויס היטץ און מיט נאך גרעסערער כונה, האט מען געקענט זעהען, ערשטענס, אז דער ויכוח איז אן ערענסטער, א הייבער און, צווייטענס, אז דיא דיספוטאנטען זיינען אנהענגער פון פערשיעדענע ריכטונגען אין דער ארבייטער־בעוועגונג...

— ווער זיינען זיי? — האט ליובא זיך געווענדעט צו הודקין'ען.

— אידישע יונגע לייט, וואס געהערען צו דיא צוויי בעזונדערע היגע סאר

ציאליסטישע פארטייען. זיי דעבאטירען אוודאי וועד פון דיא ביידע פארטייען איז דיא ריכטיגע סאציאליסטישע — האט הודקין געענטפערט.

דער טיש איז געווען געגרייט, זיי האבען זיך אוועקגעזעצט און דאקטאר רייכמאן האט בעשטעלט דריי קאפעס.

— נו, וויא געפעהלט אייך דא ? — האט דאקטאר רייכמאן זיך געווענדעט צו ליובא'ן.

ליובא האט געוואלט עפּעס ענטפערען, נור אין דיזער צייט האט זיך דערהערט א הינטער איהר אן אויפגעד רעגטער קוויטש :

— וואַ־אס ? מעלבא איז ניט אזוי גוט וויא זעמבריך?... לץ וואס איהר זייט ! איהר האט עפּעס א געהערט? איהר ווייסט, וואס עס איז אזוינס קאלאוואַטור ? פון וואנען האט איהר זיך גענומען אזא מבין אויף מוזיק ?...

ליובא, דאקטאר רייכמאן און הודקין האבען זיך אומגעקוקט אהינטער און דערזעהען ביי א טישעל א יונגען מאן, א קליינעם, א מאגערען, מיט שמאלע שפּיציגע פלייצעס, אנגעטאן ארעם, שפּרינגט אונטער אויף זיין שטול ארויף און אראב וויא א צושראקענער האהן, און דער מאַגערער פנים איז ביי איהם צופלאמט און דיא אויגען בלישצען ביי איהם, האבען זיך ארויסגעקייקעלט און ער קוויטשעט אויף א פרויען־קול :

— האסטו געהערט, בינדזשיק איז אייך א מבין אויף זינגערינס !... לץ !...

דיא פערזאן געגען איהם, וואס ער האט גערופען בינדזשיק, איז געווען א דיקער, שטארקער מאן, מיט ברייטע אקסלען און מיט א גראבען, רייך־געגאלטען פנים און מיט גרויסע, רוהיגע אָקסענע אויגען. ער האט געקוקט אויף איהם קאלט־בלוטיג און געשמייכעלט.

— דו ביזט א מבין, הא ? — האט ער ארויסגערעדט רוהיג אויף א טיעפער באסאווער שטימע : — א קלאג טאקי צו קאלומבוס'ען !... וויפיעל מאל ביזטו געווען אין דער אפערא, הא, שלמה ?

— איך ? ! אך, לץ וואס איהר זייט ! — האט דער מאגערער יונגערמאן, וואס מען האט גערופען שלמה, א קוויטש געטאהן און, אונטערשפּרינגענדיג אויף זיין שטוהל, האט ער אזא האק געטהאן מיט א האנד איבער'ן טישעל, אז דיא ווייסע צוקערניצע, וואָס איז געשטאנען אויף'ן מיטען, האט מיט א קלינגעריי א פּ...הר געטהאן אויף דעם אנדער זייט טישעל און דער בעל־הבית פון קאפעהויז, וועלכער איז געשטאנען ניט ווייט נעבען א קונד מיט א ברייטען שמייכעל, האט זיך א קעהר געטאהן צו שלמה'ן מיט דער פראגע : טהעע אָדער קאפע?..

אבער שלמה האט איהם ניט געהערט.

— אט איך וועט אייך דריי דאלער געגען אייער איינעם — האט ער געקוויטשעט, ארויסשלעפּענדיג דריי דאלער פון קעשענע, און פון זיין מויל האט געשפּריצט אויף בינדזשיק'ן : — אט מזומן'ע דריי דאלאר... אז אין א יאהר געהט איהר ניט אזוי פיעל מאל אין אפערא, וויפיעל איך אין איין וואך!...

— א רחמנות אויף דיינע געלד, שלמה ! — האט יענער ארויסגריטשעט קאלטבלוטיג.

— ווייסט איהר וואס ? — האט זיך שלמה געקאכט מיט נאך מעהר היטץ און נאך שניידענדיגער געקוויטשעט. — איך וועט אייך די דריי דאלאר, אז איהר ווייסט גאר ניט, וואס א טאן איז !..

— געה, דו ביזט אַן אידיאט ! — האט יענער געענטפערט און אויפגעהייבען זיך פון ארט, איז ער צוגעגאנגען צו א צווייטען טישעל, וואו עטליכע מענשען האבען געשפּיעלט אין דאמינא, און זיך אוועקגעזעצט.

— זאלט איהר זשע ווייטער געדענקען — האט איהם שלמה נאכגעקוויטשעט, מאכענדיג נאך איהם מיט א פינגער : — אז מיט שלמה'ן דארף מען ויסען וויא צו ריידען וועגען מוזיק !...

און ארייגעלייגט דיא דריי דאלער צוריק אין קעשענע, איז ער אויך אויפגעשטאנען פון ארט און איז אריבער צו אנאנדער טישעל, וואו א אידעשער שריי־

בער, מיט א פערקרימטען, זויערן פּנים און מיט א מינע, אזוי וויא ער וואָלט געליטען שטאַרקע קרעמפּפען, איז געזעסען כּים א יונגען־מאַן און געגאָסען פּעך און שוועבעל אויף אַנדערע אידישע שרייבער וואָס האָבען געהאַט מעהר ערפאָלג פון איהם.

בּיי דעם טישעל, וואו שלמה איז פריהער געזעסען, איז געבליבען זיצען נור איין פּאָרשוין, אַן עלטערער איד מיט ווייסע לאַנגע האָאַר, וויא ליין, מיט א ווייסען, רונדען בערדעל, מיט גלאַנציגע, רויטע בעקעלאַך, אזוי וויא ער וואָלט נור וואָס פון א שוויץ־באָד ארויסגעקומען, און מיט ברילען אויף דיא אויגען.

דיא גאַנצע צייט, בעת שלמה האָט זיך ארומגעריסען מיט כינדזשיק'ן וועגען דיא צוויי אָפּערא־זינגעריגס, האָט ער, דער אַלטער, זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו זייער ויכוח און, שמייכלענדיג מיט א מין אונזיניגען שמייכעל, האָט ער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

איצט איז ער געזעסען מיט בּיידע עלענבויגענס אנגעלייגט אויף'ן ברעג טיש און געקוקט איבער א גלאָז טהעע, וואָס איז געשטאַנען פאַר איהם, און, שמייכלענדיג מיט זיין אונזיניגען שמייכעל אין גלאָז אריין, האָט ער געהאַלטען אין איין שאָקלען מיט'ן ווייסען קאָפּ.

— אוי, עס איז דאָך עפּעס טאַקי דאָ גאָר לעבעדיג ! — האָט זיך ליובא צולאַכט.

—איא, אינטערעסאַנט ? — האָט זיך דאָקטאָר רייכמאַן אָבגערופען — איהר ווייסט, ווער דער שלמה איז ?... מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט ער געהייסען שלמה באַקונין און איז געוועזן אזא הייסער אנארכיסט, וויא ער איז איצט אַן אָפּערא־געהער . . . דאַן האָט ער אויך אויסגעגעבען זיין גאַנצען וועגענטליבען געהאַלט אויף דער אנאַרכיסטישער בעוועגונג, וויא איצט אויף דער אָפּערא . . . ער איז א שניידער און פערדיענט ניט שלעכט. דערמאָלט, אז מען פלעגט זאָגען, למשל, אז קאַרל מאַרקס איז א גרעסערע פערזענליכקייט, וויא דער אנאַרכיסט באַקונין, פלעגט ער זיך אויך אנצינדען, וויא איצט פאַר זיין בעליעבטע אָפּערא־זינגערין . . .

— מערקווירדיג ! — האָט ליובא זיך פערוואונדערט — איז ער עפּעס אַן אינטעליגענטנער מענש ?

— ניין, דאָס גראָדע ניט. ער לעזט קוים אַן אידישע צייטונג — האָט דאָקטאָר רייכמאַן געענטפערט — ער איז אָבער א בעגייסטערטע נאַטור, א טרוימער . . . איך וואָלט געזאָגט, אז ער איז א געבאָרענער חסיד . . . ביי אונז, אידען, זיינען דאָ פיעל אזעלכע נאַטורען צווישען אַלע קלאַסען פון אונזער פאָלק . . .

— דאָס גאַנצע אידישע פאָלק איז א פאָלק פון טרוימער — האָט בעמערקט הודקין — מען דאַרף זיך נור דערמאָהנען אַן דיא טויזענד יאָהריגע טרוימען פון א משיח . . .

דאָקטאָר רייכמאַן האָט זיך פערטראַכט און גענומען שציפּלען זיינע וואָנצעס. דער בעל הבית פון קאַפּעהויז האָט פאַר זיי אוועקגעשטעלט צו גלעזער קאַפּע אויפ'ן טיש און איז אוועק.

— און ווער איז דיעזער אַלטינקער ? — האָט ליובא פּלוצים א פרעג געטהאָן, קוקענדיג נייגעריג אויף דעם אַלטען מיט דיא רויטע גלאַנציגע בעקלאַך און מיט דיא ווייסע האָאַר, וועלכער איז איצט געזעסען אָבגעוואָרפען זיך מיט'ן רוקען אַן ווענטעל פון שטוהל אין א בהרחבה'דיגער פּאָזע מיט א סיגאַרעט אין מויל.

— דער, אין דיא ברילען, מיט

דעם ווייסען בערדעל ? — האט דאקטאר רייכמאן שטיל געפרעגט — אויף א טרוימער — האט ער איהר ערקלעהרט — טרוימט, אז ער איז דער גרעסטער פלייטען־שפיעלער, איז אבער געבארען פאר דער צייט . . . דער היינטיגער דור, זאגט ער, קען נאך איהם ניט פערשטעהען, איז נאך ניט מוזיקאליש גענוג, איהם צו פערשטעהען . . .

אין דיעזער צייט האט דער אלטינקער בעמערקט, אז זיי קוקען אויף איהם, האט ער זיך אויסגעגלייכט אויפ׳ן שטול און, שמייכלענדיג מיט זיין אונזיניגען שמייכעל, האט ער א מאך געטהאן צו דאקטאר רייכמאן׳ען מיט׳ן קאפ. דאן האט ער זיך אויפגעהויבען פון ארט און, טרעטענדיג מאדנע, מיט דיא קניע אויסגעבויגען, אונטערהאנצענדיג, און דרעהענדיג מיט דיא פלייצעס, אזוי וויא א מיידעל א קאקעטקע, איז ער צוגעגאנגען צו זייער טיש און געזאגט, א שארטהאנדיג מיט דיא פיס און פערנייגענדיג זיך:

— גוטען אבענד, דאקטאר ! . . . האט איהר געהערט שלמה׳ס ויכוח וועגען מוזיק ? נו, זאגט אליין, קען איך שוין שפיעלען אויף מיין פלייטע, ווען אזוינע, וויא שלמה, וויא אט דער . . . זיינען מוזיק־קריטיקער ? וואס זאגט איהר. הא ? . . . נו, הא ? . . .

— איך וויים ניט, איך פערשטעה ניט קיין מוזיק — האט דאקטאר רייכמאן געענטפערט.

— אה־אה ! — האט דער אלטער זיך א כאפ געטהאן — איהר פערשטעהט ניט . . . איהר פערשטעהט קיינער ניט... מוזיק איז אזא זאך . . . איז אזא... וואס מען דארף הערען אט מיט . . . אט מיט דעם . . . — האט ער אנגעוויעזען מיט א פינגער אויף׳ן הארצען — ניט מיט דיא אויערען, פע ! . . . ווארום מוזיק — ער האט דערביי צוגעליינט אלע פינף פינגער צום מויל און גענומען מיט זיי מאכען, אקוראט וויא ער וואלט מיט זיי אויף א פלייטע געשפיעלט : — ווארום מוזיק רעדט מיט׳ן הארצען, מיט דער נשמה . . . ערדעל, וויך, צארט . . . — האט ער געדרעהט מיט דיא פינגער ארום דיא ליפען, אזוי וויא ער וואלט מיט זיי אויסגעדרייהט א געוויסען מאטיוו: — ניטא פאר וועמען צו שפיעלען, ניטא!... איך מוז ווארטען ! איך מוז ווארטען !

— האט ער זיך פלוצים אונטערבראכען און, שאקלענדיג מיט דעם ווייסען קאפ, איז ער אוועק צוריק אויף זיין פלאץ מיט אויסגעבויגענע פיס, אונטערטאנצענדיג און דרייהענדיג מיט דיא פלייצעס, האט זיך געזעצט אויף זיין שטול און גענומען זופען זיין טהעע, געזופט און געדויכערט זיין סיגארעט און געשאקעלט מיט זיין ווייסען קאפ...

— א מאניאק ? — האט ליובא שטיל געפרעגט.

— אפשר א פערלארענער אידישער זשעני — האט דאקטאר רייכמאן געענטפערט.

— אידדי־א־אט ! — האט זיך דערהערט א געשריי פון דעם טישעל, וואו דיא צוהיצטע יונגע לייטלאך זיינען געזעסען : — אויך א סאציאליסט ! . . .

— מעלבא שפיעלט קומענדען מאנטאג אין לא־באהעם — האט אבגעקלונגען שלמה׳ס קוויטש פון א ווייטען טישעל.

— א פאס־קוד־ניא־אק ! — האט געשיפעט, וויא א שלאנג, דער שרייבער מיט דעם פערקרימטען, זויערען פנים, זיצענדיג ביי זיין טישעל מיט נאך איינעם א יונגענמאן : — א פאסקודניא־אק, קען אפילו ניט אנשרייבען קיין צוויי ווערטער . . . א פאסקודניא־אק, איך האב איהם פ־פיינד,

א פּאָסקוד־ניאַ־אַק! — האָט ער געהאַל־
טען אין איין שיפּען, וויא א שלאַנג, קרימענדיג אזוי דעם פּנים, אזוי וויא איהם וואלט אנגעכאַפּט שטאַרקע קרעמפּפען און גלעטענדיג מיט צוויי פינגער דיא געלע האָאַר אויף'ן קאָפּ: — א פּאָס־קוד־ניא־אַק . . .

— אידיאָט, דער דאַבעל זעקס!

— האָט זיך דערהערט פון דער זייט, וואו מען האָט געשפּיעלט דאָמינאָ, און אויפגערעגטער, הייזעריגליכער קול.

— א גלאָז הייסע טהע מיט לעמאָן, העיו! — האָט פון ערגעץ הילכיג אָב־געקלונגען א באַריטאָן.

— ניטשע'ס איבערמענש איז ניט מעהר וויא א ניעדערטרעכטיגער, גאָט'ס פערדאַמטער עגאָאיסט! — האָט פון אנאנדער זייט ענערגיש אָבגעקלונגען א טיעפע באַסאָווע שטימע.

— איבּסען איז דער אמת'ער דראַמאַטורג, און מעהר קיינער ניט! — האָט געשריען צוהיצט א פּרויען־קול.

— כאַ, כאַ, כאַ... כע, כע, כע... כי, כי, כי,,, הו, הו, הו!... — האָט זיך אין דער זעלבער צייט דערהערט א פּער־שיידענער געלעכטער פון דער זייט, וואו מען האָט געשפּיעלט דאָמינאָ, און דיא אלע קולות מיט'ן געלעכטער האָבען אָבגעהילכט אָט אלע צוזאמען, צונויפגעגאָסען אין איין בעטויבענדען טומעל, און אָט איינציגווייז, איינס נאָכ'ן אנדער־רען, אמאָל דער פריהער און אמאָל דער שפּעטער....

— אוי, דאָס איז דאָך עפּעס א משוגעים הויז! — האָט ליובאַ ארויס־גערעדט.

— עס פעהלען נאָך היינט איינינע עקזעמפּליארען — האָט זיך דאָקטאָר רייכמאַן צולאַכט — עס פעהלט דא מיסטער ספּון, אן אינטערעסאַנטער טיפּ פון א אידען... איז א מין קהל'שער באָס איז פול אויף אלע אונטערנעהמונגען פון אונזער אינטעליגענץ. לאָזט ניט דורך קיין איין באַל, קיין איין אינטער־טיינמענט און אלע מאָל און אומעדום שפּאַרט ער זיך אויבען־אָן.. אזוי איז ער א גאַנץ נישקשה'דיגער איד, קריעגט זיך מיט קיינעם ניט, איז מיט אלעם און אלעמען מסכים: מיט א ציוניסט איז ער א ציוניסט, מיט אן אנארכיסט איז ער אנארכיסט, מיט א סאָציאַל־דעמאָ־קראַט איז ער אודאי א סאָציאַל־דעמאָ־קראַט, ווער רעדט נאָך מיט א פּשוט'ען דעמאָקראַט צי א פּשוט'ען רעפּובליקאַ־נער — איז ער אוד'אי איינער פון זייע־רע... ער איז א פאַבריקאַנט און איז גאַנץ רייך, האָט אָבער איין קליינע שוואַכקייט — ער איז אויך א טרוימער.. ער קען דייטש און דענקט, אז ער איז א גרויסער דייטשער דיכטער, א צווייי־טער היינע... נו, איז ער מזכה אלע זיינע בעקאַנטע מיט זיינע דייטשעשע שירים... פייערט אן אינטעליגענט זיין געבורטסטאָג, ספּון איז דאָ מיט זיין שיר... מאַכט מען א יובילעאום א שרייבער — ספּון ווידמעט איהם זיין שיר... גיט א שרייבער ארויס א בוך, ספּון איז דאָ מיט זיין שיר. קומט א פּראָמינענטער גאַסט פון רוסלאַנד, בע־געגענט איהם ספּון'ס שיר!...

— א גאַנץ אינטערעסאַנטער טיפּ— האָט ליובאַ זיך צולאַכט.

— וואַרט, ער וועט זיך מיט אייך בעקענען, וועט ער פאַר אייך אויך אָנ־שרייבען א שיר — האָט דאָקטאָר רייכ־מאַן געזאָגט.

— פאַר מיר? — האָט ליובאַ העל א לאַך געטהאָן — אָבער איך פערשטעה דאָך ניט קיין דייטש. . .

— דאָס שאַדעט ניט, מיסטער ספּון וועט אייך שוין אליין איבערזעצען אויף... איהר וועט שוין מוזען בעגייס־טערט ווערען פון זיין דיכטער־טאַ־לאַנט... אפילו אן אנגעזעהענעם רוסע

וועט ער זיך אויך ניט אבזאגען צו
מזכה זיין מיט זיינעם א דייטשישען
שיר — האט זיך דאקטאר רייכמאן גוט־
מוטהיג צולאכט.

אין דערזעלבער צייט איז הודקין
געזעסען נעבען זיי און האט מיט פער־
טראכטע אויגען געקוקט אויף דעם
שרייבער מיט דעם פערקרימטען, זויע־
רען פנים, וועלכער האט נאך אלץ גע־
רעדט מיט דעם זעלבען יונגענמאן,
זיצענדיג ביי דעם זעלבען טישעל.

הודקין האט זיי ביידען געקענט.
דער שרייבער מיט'ן פערקרימטען, זויע־
רען פנים האט געהייסען זילבערשטיין
איז געווען פון דיא עלטערע שרייבער
און געשריעבען אי ערצעהלונגען, אי
פילאזאפישע ארטיקלען, אי נאטור־ווי־
סענשאפטליכע, אי היסטארישע, אי
דראמען, אי קריטיק איבער ליטעראטור,
אי אפילו נייעס איבערזעצט פון דיא
ענגלישע צייטונגען אין דיא אידישע,
און פון אלעם האט ער קוים געצויגען
חיונה פאר זיין ווייב און קינדער...

קיין טאלאנט האט ער ניט ארויס־
געוויעזען אין קיין זאך ניט, דערפאר
אבער האט ער געהאט זעהר א קרענק־
ליכע אויגען־ליעבע און ער איז שטענ־
דיג ארומגעגאנגען א צורייצטער, א ביי־
זער, מיט א פנים פון א יאשצערקע און
געשפיגט גאל אויף יעדען אידישען
שרייבער, וועלכער האט זיך מיט וואס
עס־איז אויסגעצייכענט. זייענדיג אין
גאנצען עפעס וויא פערגאלט, פלעגט
ער מיט אזא גיפט ארויסשיפען דאס
ווארט „פאסקודניאק" היינט אויף דעם
בעקאנטען שרייבער און מארגען אויף
אנאנדערן, וויא א צורייצטע שלאנג...
דער צווייטער יונגערמאן, וואס איז מיט
איהם געזעסען, א בלאנדער, אין ברי־
לען, איז געווען א שרייבער, א אנ־
פאנגער, און איהם איז אונאנגענעהם
געווען צו הערען, ווי זילבערשטיין מאכט
א תל פון דיא אלטע, בעקאנטע שריי־
בער, טרויערענדיג צו פערנעהמען אמאל
זייער פלאץ...

הודקין האט זיך פון זיי ביידען
געהאלטען פון ווייטען. אלס א שרייבער
מיט א טאלאנט און רעפוטאציע, האט
ער זיך, ערשטענס, געגען זיי געהאלטען
שטאלץ און, צווייטענס, האט ער גע־
וואוסט, אז זיי האסען איהם אויס
סנאה...

— זעהט, וויא זילבערשטיין זיצט —
האט ער זיך געווענדעט צו דאקטאר
רייכמאנ'ען — אויף וועמען גיעסט ער
דארט זיין גאל?...

— לאזט איהם צופריעדען — האט
דאקטאר רייכמאן געענטפערט — ער
איז א קראנקער מענש.

— ווער איז דאס זילבערשטיין? —
האט ליובא געפרעגט.

— א שרייבער... א פילאזאף, א
בעלעטריסט, א דראמאטורג, א ליטע־
ראטור־קריטיקער און וואס איהר ווילט
אליין, אפילו א שטערנזעהער אויך!
— האט הודקין געענטפערט מיט איראָ־
ניע אין קול.

— איהר לאכט? — האט ליובא
געפרעגט מיט א שמייכעל.

— אך, רעדט ניט מיט אן אידי־
שען שרייבער וועגען זיינעם א קאלעגע,
איהר וועט קיינמאל פון איהם ניט
הערען קיין גוטען ווארט וועגען א צווי־
טען שרייבער — האט זיך דאקטאר
רייכמאן אריינגעמישט, און זיינע קינ־
דערש - פער'חלום'טע אויגען האבען
גענומען קוקען ערנסט און ער האט
אנגעהויבען שציפלען זיינע שווארץ־
גרויע וואנצעס.

— ניט אמת, דאקטאר! — האט
זיך הודקין א כאפ געטהאן צורייצט —
איהר ווייסט, אז מיר פערזענליך איז
טהייער יעדער גוטער ערנסטער אידי־
שער שרייבער!...

— מיינט איהר עם ערענסט, דאקטאר — האט זיך ליובא געווענדעט צו דאקטאר רייכמאנ'ען — אז די אידישע שרייבער האבען ניט קיין גוטען ווארט איינער פאר'ן אנדערהען?...

— גאנץ ערנסט, מיסס שטיינבערג... זיי וואלטען איינער דעם אנדערען לעבעדיגע אויפגעגעסען...

— ווארום?...

— א מאל מחמת פשוט'ען הונגער... ווייל זיי האבען ווענינג וואס אנדערש צו עסען — האט דאקטאר רייכמאן געענטפערט — און א מאל מחמת קנאה, מחמת פערביטערקייט, מחמת יאוש... און איבערהויפט מחמת, ווייל זיי קומט אויס צו ארבייטען אונטער דיא אבנארמאלסטע בעדינגונגען...

— אט איך וועל אייך ערקלערען, ווארום — האט זיך הורקין פלוצים א כאפ געטהאן מיט היץ אונטערברעכענדיג דאקטאר רייכמאנען, אקוראט וויא ער וואלט וועלען זאגען: „לאזט מיך, עס איז מיין ווערטאג“, — דיא אידישע שרייבער האבען דא א בעשרענקטען פעלד צו ארבייטען... זעלטען וועד עס ארבייט דאס, צו וואס ער איז פעהיג... א געבארענער סקיצען־שרייבער מוז שרייבען וויסענשאפטליכע ארטיקלען... א שרייבער פון שווערע האמעטנע ארטיקלען מוז שרייבען ראמאנען... ראמאנען שרייבער — נייעס... נייעס־שרייבער סקיצען, ראמאנען, ליטעראטור־קריטיק, פאליטישע ארטיקלען, פילאזאפישע אבהאנדלונגען און חשר טייפעל ווייסט, וואס ניט!... און ווייסט איהר, ווארום דאס איז אזוי? — האט ער זיך אלץ מעהר און מעהר צוהיצט, ריידענדיג נערוועז, מיט צוהאקטע פראזען: — ווייל דיא אידישע שרייבער ליידען אי עקאנאמיש, אי גייסטיג, אחוץ דעם מיטגעפיהל און שטיצע פון אז אינטעליגענטען עלעמענט... אחוץ אן ערנסטער ליטעראטור קריטיק, אן ערקלעהרעריז, א וועג ווייזעריז... איהר האט גאר קיין בעגריעף ניט, ווער עס שרייבט דא ביי אונז ליטעראטור־קריטיס און וויא!... ווער ניט? יעדער. ווער עס האט נור גענוג חוצפה!... יעדער. ווענען מען הייסט נור און וויא מען הייסט!... זעלטען טרעפט איהר ביי אונז אן עהרליכע מיינונג, זעלטען — פערשטענדנים ווענען דעם, וואס מען שרייבט!... און אונזער לעזער גלויבט אלעמען אדער גלויבט קיינעם ניט.. דיא פרעסע א דעמאראליזירטע, א סענסאציאנעלע... דיא שרייבער, געצוואונגען צו ארבייטען אונטער איהר השגחה, האבען דעם רעספעקט פערלארען אי צו זיך, אי צו זייערע חברים, זיי האסען זיך, האסען איינער דעם אנדער'ן, וויא איין קראנקער, פערצווייפעלטער מענש חעם צווייטען... זוכען ארונטערצורייסען איינער דעם אנדערן. טאמער וועט מען דעם צווייטענס פלאץ קענען פערנעהמען... איינער זוכט צו בויען זיין גרויסקייט אויף דעם צווייטענ'ס נישטיגקייט... און דערפאר קענען זיך קיין נייע ליטערארישע קרעפטען ניט ענטוויקלען... וואו?... וויא אזוי?... קיין אינטעליגענץ ניטא.. קיין שטיצע ניטא... דער לעזער איז גלייכגילטיג... קיין בעגייסטערונג ניטא. קיין ערמוטהיגונג... א קראנקער באדען, א שטיקענדיגע אטמאספערא!...

און ווען ער איז אנשווינען געווארען, האט זיין פנים געפלאמט און זיינע אויגען האבען נערוועז געבלישצעט און געצוקט. ער האט זיך בעוועגט אויף זיין שטוהל אהער און אהין, אקוראט ווי אינווענינג אין איהם וואלט אלעם אויפגעקאכט...

— אט ערשט איצט דערקען איך אין איהם א שרייבער — האט ליובא

א טראכט געמאכט, קוקענדיג הודקין'ען מיט א ליכטיגען שמייכעל.

א ווײלע האבען זיי אלע דריי געשוויגען. ארום זיי האט זיך דער טומעל געטראגען, וויא פריהער, אט שטארקער און אט שוואכער, אט פון איין זייט און אט פון דער אנדערער... דיא לופט איז געווארען געשטיקטער, דער רויך פון סיגארען און סיגארעטען האט זיך געשלענגעלט און געצווייגען פון אלע און איין אלע זייטען. פון קיך האבען זיך געטראגען אלערליי ריחות...

דאן האט זיך דאקטאר רייכמאן אבגערופען:

— יא אמת. איהר, הודקין, האט מאקי א ריכטיגען בילד געגעבען פון אונזער ליטעראטור און איהרע שרייבער אין אמעריקא. אבער ווער איז שולדיג פאר אט דעם דאזיגען צושטאנד?

— ווער? — האט זיך הודקין א כאפ געטהאן — אונזער פערפלוכטע אינטעליגענץ, אט ווער!... ווען זיא וואלט זיך אינטערעסירט מיט אונזער פרעסע, מיט אונזער טהעאטער... וואָרום — האט ער זיך אונטערבראכען מיט היץ — אונטערשטיצט זיא ניט די עטליכע גוטע שרייבער, וואס שטרייטען פאר א גוטע אידישע ליטעראטור? זיא וואלט דאן אט דיא עטליכע שרייבער מעהר ערמוטהיגט און וואלט נאך אנדערע נייע יונגע כוחות ארויסגערופען! אט ווילען מיר ארויסגעבען אן ערענסטען ליטערארישען זשורנאל. ווער פון דער זאגענאנטער אידישער אינטעליגענץ וועט זיך מיט דעם אינטערעסירען? צו איהר האט דאך געזעהען, וויא דאקטאר עפשטיין...

— וואס בעווייזט עס? — האט איהם דאקטאר רייכמאן אונטערבראכען מיט א געלאסענעם קול, שציפלענדיג זיינע וואנצעס: — עס בעווייזט נור, אז מיין טענה, וויא איך האב פריהער שוין געזאגט, איז א ריכטיגע... מיט דער אידישער ליטעראטור, ווי מיט אן אידישער קולטור אין אלגעמיין, וועט זיך נור דאן אונזער אידישע אינטעליגענץ אינטערעסירען, ווען זיא, אונזער אידישע אינטעליגענץ, וועט פאר איהר האבען א פראקטישען ווערטה. פשוט גערעדט, ווען זיא וועט זיך איהר בעצאָלען... עס איז שוין אן אלטער כלל „אם אין קמח, אין תורה" — וואו עס איז קיין ברויט ניטא, דארט קען קיין תורה ניט בליהען... און אזא פראקטישען ווערטה האט ניט דיא אידישע ליטעראטור פאר דער אידישער אינטעליגענץ אין גלות, קען ניט האבען... אום אונזער ליטעראטור זאל בליהען און וואקסען, מוז אין איהר שפראך גערעדט ווערען אין דיא שוהלען און אוניווערזיטעטען. מוז זיא אליין ערציהען און ארויסגעבען אן אינטעליגענץ, אן אידיש־שפרעכענדיגע, פראפעסיאנעלע אינטעליגענץ... און דאס קען נור געמאלט זיין דאן, ווען דיא אידען וועלען האבען זייער אייגענעם לאנד... יענע, וואס ריידען ווענגען אן אידישער קולטור אין גלות, בויען לופטשלעסער אין חלום... גלויבט מיר, אפילו א אידישער שעקספיער אויפ'ן גלות־באדען, כל זמן ער וועט שרייבען אין אידיש, וועט תמיד האבען ווייניגער ווערטה אי ביי אונזער אינטעליגענץ, אי ביי זיך אליין אפילו, וויא דער קלענסטער שרייבערל פון דעם הערשענדען פאלק, צווישען וועלכען מיר וואוינען...

ער איז אנשוויגען געווארען און געקוקט פאר זיך פערחלום'ט, פערטראכט, שציפלענדיג זיינע וואנצעס. הודקין האט א טיעפען זיפץ געטהאן און ליובא האט א טראכט געטהאן ווענגען דאקטאר רייכמאן: — וואס פאר

אז אינטערעסאנטער, אינטעליגענטער מענש ער איז!...

א מאגערער, בלייכער איד, וועלכער איז פריהער די גאנצע צייט געזעסען און געשפיעלט ביי דעם דאמינא־טישעל, איינגעהויקערט אין גאנצען אויף זיין שטוהל. איז איצט געזעסען מיט'ן פנים צו ליובא'ן און געקוקט אויף איהר מיט קליינע, שווארצינקע, כיטרע־בלישצענדיגע און ביסטרע אויגלעך, ווי ביי א ווילדען יאסטרעב. ער איז געווען א מאן אין די מיטעלע יאהרען, מיט א שווארץ־געקרויזטען קאפ, מיט א ריינגעגאלטען און קלוגען פנים און מיט א לענגליכען, שפיציגען און שארפען קינבאק. אין זיין גאנצען מאגערען, איינגעהויקערטען וועזען, אין דעם בליק פון זיינע קליינע, פלינקע אויגלאך, אין דעם אויסדרוק פון זיין בלייכען פנים מיט דעם שארפען, שפיציגען קינבאק און אין דעם ביטרען שמייכעל, וואס האט געשפיעלט ארום די ווינקלאך פון זיינע ליפען אהן וואנצעס — איז געלעגען עטוואס אזוינס, וואס האט שטארק דערמאנט אי אן א ווילדען יאסטרעב, אי אן סתם א קלוגען, וואוילען יונג...

ליובא האט בעמערקט אויף זיך זיין בליק און זיא האט געפרעגט ביי דאקטאר רייכמאן'ען, ווער ער איז.

דאקטאר רייכמאן האט א קוק געטהאן אויף איהם און א מאך געטהאן צו איהם פריינדליך מיט'ן קאפ. דער מאן האט אפגעענטפערט מיט א פריינדליכען און ביטרען שמייכעל.

— דאס איז בלאק — האט דאקטאר רייכמאן זיך א קעהר געטהאן צו ליובא'ן.

— בלאק וועלכער לייענט לעקציעס איבער טעאטער און אפערא? — האט ליובא געפרעגט.

— יא, דערזעלבער בלאק — האט געענטפערט דאקטאר רייכמאן מיט לייכטער איראניע אין קול.

— וויא ער קוקט אויס — האט זיך ליובא אבגערופען — עפעס גאר ניט, וויא איינער, וואס לייענט לעקציעס...

— קיין לעקציעס אין דעם ערנסטען זינן לייענט ער טאקי ניט — האט דאקטאר רייכמאן געענטפערט — דער עולם אבער הערט איהם גערן... ער האט א גלאטען צינגעל און א נאמען האט ער אויך פון די אמאליגע יאהרען, ווען ער האט נאך אליין געגלויבט אין דעם, וואס ער האט גערעדט...

— איך גלויב ניט, אויב ער האט ווען עס איז געהאט עהרליכע איבערצייגונגען — האט זיך ביי די ווערטער הודקין א כאפ געטהאן מיט כעס — א מאן א ציניקער, מיט א גיפטיגער צונג, אהן שום גלויבען אין קיין זאך, רעדט מיט אפלאמב וועגען ווערק וועלכע ער האט קיינמאל ניט געלעזען, וועגען טהעאטער און אפערא, וואס ער האט קיינמאל ניט פערשטאנען — אזא מענש האט קיינמאל ניט געקענט האבען זיינע עהרליכע איבערצייגונגען!...

— איהר קענט איהם ניט, הודקין — האט דאקטאר רייכמאן זיך אבגערופען — ער האט אמאל יא געהאט איבערצייגונגען, איז געווען אן איבערצייגטער אנארכיסט, האט געפיהלט און גערעדט עהרליך... נור מיט איהם האט פאסירט דאסזעלבע, וואס מיט מיר און די מעהרסטע פון אונזערע אידישע ראדיקאלען, וואס האבען פריהער געלעבט ניט מיט דעם לעבען און אידעאלען פון אונזער אייגענעם פאלק, פון זיין „איך", נור מיט דעם אבגעשטראהלטען לעבען און אידעאלען פון... פרעמדע פעלקער, פון פרעמדע „איך'ס" און פאסירט האט מיט אונז אט וואס: אין דעם בלוטיגען אבשיין פון די לעצטע פאגראמען אין רוסלאנד האבען מיר פליצים דערפיהלט אונזער אייגענעם „איך" און דאן האבען מיר וויע־

דער אמאל דערזעהען דעם אבגעשטראהלטען „איך“ באנקראט מיט אלע זיינע הויכע אידעאלען וועגען א פרייער און בעפרייטער מענשהייט, פונקט וויא אונזער ראדיקאלע אינטעליגענץ נאך די פאגראמען אין אנפאנג פון דיא אכציגער יאהרען אין רוסלאנד... מיר האבען דערפיהלט, אז ריידען וועגען א בעפרייטער מענשהייט אין דער צייט, ווען מען צושפאלט מוחות פון אונשולדיגע אידישע עופה'לאך, ווען מען שלאגט טשוועקעס אין אידישע קעפ, אין אידישע אויגען, רייסט אויף בייכער ביי אידישע פרויען — אין אזא צייט חלום'ען וועגען סאלידאריטעט צווישען פעלקער, איז איינפאך געשפיעלט זיך אין אונזיניגע פראזען... אבגעזעהען פון דעם, וואס דאס האט ניט געטהאן און צוליעב וועלכע פינסטערע צוועקען, איז דער פאקט אליין, אז ווי־וואס איז דער איד דיא כפרה, האט אונז געצוואונגען צו פערטראכטען זיך... דער פועל יוצא פון דעם איז געווען: מאנכע, וויא איך למשל, האבען דערפיהלט און פערשטאנען, אז מען מוז פריהער פאר אלעם ארבייטען פאר דעם אייגענעם פאלק, פאר זיין גענצליכער בעפרייאונג פון די גלות־לענדער, און אנדערע, וויא בלאק האבען אויף אלעם א מאך געטהאן מיט'ן האנד, פערליערענדיג דעם גלויבען אין אלעם, און זיינען געווארען ציניקער, פערשפאטען זיך און אנדערע, פערברענגען זייער צייט אין דאמינאשפיעלען, אין קארטען און אין מאכען חוזק אייגער פון דעם אנדערן... וואלטען זיי ניט געווען קיין אידען, וואלטען זיי זיך איז שיכרות אריינגעלאזען...

אין דיזער צייט האט זיך בלאק אויפגעהייבען פון זיין שטול און מיט א סיגארעט אין מויל, טרעטענדיג מיט שמילע טריט און מיט אן איינגעהויקערטען רוקען, אקוראט וויא א קאץ, וואס גנב'עט זיך צו א מויז, וועלכע זיא האט דערזעהען ערגעץ אין א ווינקעלע, האט ער זיך צוגע'גנב'עט צו זייער טיש און זיך אוועקגעזעצט, אנשפארענדיג זיך מיט ביידע עלענבויגענס אן טיש און שמייכלענדיג ביטרע דאקטאר רייכמאן'ען אין פנים.

— וואס הערט זיך עפעס אין ירושלים, דאקטאר? — האט ער געפרעגט מיט א הייזעריגליכען קול, שמייכלענדיג ביטערע.

— קיין דאבעל זעקסער איז, דאכט זיך, דארט ניטא! — האט דאקטאר רייכמאן געענטפערט מיט זיין גוטמוטיגען שמייכעל.

— שלע־עכט־ט! פאהר איך טאקי ניט אהין! — האט בלאק אויסגעשריען מיט א קאמישער מינע — סיידען איהר פערשפרעכט מיר, ווען איהר וועט זיין גובערנאטאר פון ירושלים, וועט...

— וועט זיין אן עבירה אייער פאהרען אהין — האט דאקטאר רייכמאן אונטערגעכאפט — ווארום מען וועט אייך זיכער ניט אריינלאזען....

ליובא האט זיך צולאכט. הודקין האט אויך א שמייכעל געטהאן.

— דאס גלויב איך שוין, אז אין אן אידישער מלוכה וועט מען קיין רעכטען מענשען ניט אריינלאזען... אי, דאקטאר, דאקטאר, עס ווילט זיך אייך הפנים זיין א מיניסטער? און אפשר גאר טאקי א גאנצער קיסר, הא? — האט זיך בלאק „געקיבעצט.“

— וואס בלאפט איהר, בלאק? — האט זיך אריינגעמישט הודקין.

— ווער בלאפט? — האט זיך באק א קעהר געטהאן צו איהם גאנץ גוטמוטהיג — אז איהר זייט א אידיאט און פערשטעהט ניט קיין ערענסט...

הודקין איז צומישט געווארען, האט זיך אומגעקוקט אויף ליובא'ן, וועלכע איז געזעסען מיט גרויסע, פערוואונ־

דערמיט אויגען, וואס האבען, דאכט זיך, וויא געפרעגט — וואס איז דאס? — און דאן האט ער זיך ווידער א קעהר געטהאן צו בלאק'ן און מיט אן אויסדרוק פון פעראכטונג אויף זיין פנים האט ער שטיל געזאגט:

— איהר זייט אליין א אידיאט, א בלאפער...

בלאק האט ביטרע א קוק געטהאן אויף איהם און דאן זיך א קעהר געטהאן צו דאקטאר רייכמאן'ען:

— האט איהר געלעזען, דאקטאר, הודקין'ס מעשיות? נו?... א גוטער קאליקע, הא?...

— וואס קיבעצט איהר זיך, דער טייפעל זאל אייך נעהמען! — האט זיך דאקטאר רייכמאן גוטמוטהיג צולאכט.

— ווער קיבעצט זיך? — האט בלאק אויסגעשריען כלומרש'ט מיט אן ערענסטער מינע — איך מיין גאנץ ערענסט... א וויסטע קאליקע... יעדער שנעק וואלט בעסערע מעשיות געקענט אנשרייבען אפילו אין חלום... מען זאגט אפילו, אז ער לאטכענט במחילה, זיינע מעשיות ביי דיא גוי'אישע שרייבער. אבער דאס גלויב איך ניט... ערשטענס, וועלען דיא גוי'אישע שרייבער ניט פיאטשקען אזא שוואטץ און ווידער... אום צו לאטכענען, דארף מען דאך קענען לעזען זייערע שווארצע פינטלאך און הודקין איז דאך א גראבער יונג, אן עם־הארץ...

הודקין איז געזעסען א צומישטער, רויט וויא א בוריק, האט געקוקט אויף ליובא'ן, אויף דאקטאר רייכמאן'ען און אויף בלאק'ן און הילפלאז געשמייכעלט. עס האט איהם פערדראסען, וואס ער האט זיך פערפיהרט מיט בלאק'ן מיט אזא בריטאן... ליובא קען טאקי מיינען, אז ער גנב'עט זיינע ערצעהלונגען און איבערהויפט, וויא אזוי וואגט יענער צו ריידען וועגען איהם אזוי און אין אזא מאן!..

— אט איך וועל איהם באלד א שפיי טהאן אין פנים — האט ער געטראכט מיט האס צו בלאק'ן — אט באלד נאך איין ווארט... נאך איין ווארט...

אין דערזעלבער צייט אבער האט ער געפיהלט, אז ווען ער וועט עס טהאן, וועט ער נור ארויסווייזען זיין הילפלאזיגקייט געגען בלאק'ס צונג, וועט זיך לעכערליך מאכען און ער האט געקוקט ארום זיך מיט א הילפלאזען, נארישען שמייכעל, און בלאק'ס יעדעס ווארט האט זיך אריינגעזעצט אין זיין נשמה, וויא א שארפע שפילקע...

אויף'ן סוף איז ער געפאלען אויף א פלאן: האט געזאגט דאקטאר רייכמאן'ן און ליובא'ן, אז ער געהט ארויס קויפען א צייטונג, וועט זיך באלד צוריק קעהרען און, נעהמענדיג זיין ראק, האט ער פערלאזען דעם קאפע־הויז.

— וואס איז עס מיט איך, בלאק? — האט זיך דאן געווענדעט צו איהם דאקטאר רייכמאן — וואס האלט איהר זיך אין איין קיבעצען? קיין ערענסטערע זאך קענט איהר שוין ניט געפינען?

— דאקטאר. איך האב אימער געקיבעצט... אמאל האב איך געקיבעצט דער רעליגיאן, דעם שטאאט און דעם קאפיטאליזמוס, ביז איך האב איינגעזעהען, אז עס איז א נעכטיגער טאג. האב איך דאן גענומען קיבעצען אט דיא אלע עזלען — האט ער געוויזען מיט דיא הענד ארום זיך — אט דיא פיהלען טאקי א קיבעץ און עס איז ווענינער געפעהרליך און פרייהליכער אויך... ווארום לעזט איהר ניט פאר אמאל אן ערנסטע לעקציע, ווי אין אמאליגע צייטען? —

— אן ערנסטע לעקציע? סיידען איבער פרייע ליעבע — האט בלאק א שמייכעל געטהאן — לוינט זיך אבער ניט... ווארום, צום שווארץ יאהר, מען זעהט גאר ניט קיין שעהנע מיידלאך און

ווייבלאך... איך מיין ניט אייך, פרייליין, ענטשולדיגט! — האט ער זיך א קעהר געטאהן מיט א גנב'שען שמייכעל צו ליובא'ן.

זיא איז רויט געווארען און צר־מישט א שמייכעל געטאהן.

— וואס איז עס פאר א טייפעל ?— האט זיא א טראכט געטהאן.

— איך וועל אייך פארשטעלען — האט דאקטאר רייכמאן זיך א כאפ גע־טהאן — מיסס עטינבערג... מיסטער בלאק...

— זעהר אנגענעהם — האט בלאק א דריק געטהאן ליובא'ן דיא האנד, אויס־ציהענדיג זיינע איבער'ן טיש :— צו בעקענען זיך מיט אזא שעהנער פריי־לין...

— איהר קיבעצט מיך אויך ?— האט זיך ליובא פרעהליך צולאכט.

— נאך ניט איצט, מיסס עטינ־בערג — האט בלאק געענטפערט — אט מיר וועלען זיך אביסעלע נעהענטער בע־קענען, דאן... וועט איהר מסתמא אויך פיהלען מיינע שארפע, גיפטיגע פיילען — האט ער צוגעלייגט מיט א קאמישער מינע.

— בלאק, איהר וועט זיך נאך אמאל ווידער איבעראנדערשען, וועט זיך ווידער בעגייסטערען מיט אן אידעאל — האט דאקטאר רייכמאן געזאגט.

— אי, דאקטאר, נור נאראנים קע־נען זיך היינטיגע צייטען בעגייסטערען פאר אידעאלען... פאר דעם קלוגען מענ־שען איז פארהאן נור איין אידעאל און דאס איז : גאר קיין אידעאל ניט הא־בען און צו שווימען מיט'ן שטראם פון'ם לעבען, צי מיט א בלאטיגען, צי מיט א ריינערן, ווי עס לאזט זיך... און, שווי־מענדיג, כאפען, וואס עס פאלט נור אריין אין האנד... אבער, איך בין, דאכט זיך, געווארען אביסעלע ערנסט — האט ער פלוצים אונטערבראכען און א קעהר געטהאן זיך מיט'ן פנים און דיא ריכטונג, וואו עס איז געזעסען דער שרייבער זילבערשטיין האט ער איהם א רוף געטאהן מיט א הייזירעגליכען קול:

— זילבערשטיין זייט אזוי גוט...

— וואס איז ? — האט יענער גע־פרעגט, ניט ריהרענדיג זיך פון ארט און קוקענדיג אויף בלאק'ן מיט זיין געוועהנ־ליכער זויערער מינע.

— א וויכטיגע זאך, קומט אהער!...

זילבערשטיין האט זיך אויפגעהויבען פון ארט און פעררייכטענדיג דעם קראגען אויף'ן האלז צוליעב דער שעהנער מיי־דעל, וואס איז געזעסען געגען באק'ן (ער האט צווישען אנדערע שוואכקייטען געהאט נאך א שוואכקייט : ער האט געדענקט, אז פאר מיידלאך און ווייב־לאך איז ער אן אמת'ער גזלן; אז וויא נור זיי טהוען א קוק אויף איהם, אזוי גלייך פערליעבען זיי זיך אין איהם), איז ער צוגעגאנגען צו באק'ן, מאדנע קאטשענדיג זיך אין גאנג אויף דיא פיס, ארויף און אראב, אהער און אהין, אקו־ראט וויא ער וואלט געטראטען בערגע־לע ארויף און בערגעלע אראב...

— וואס איז ? — האט ער גע־פרעגט, אבשטעלענדיג זיך פון וויטען פון בלאק'ן און זיין גאנצער פנים איז געווען איין גרויסער, זויערער פראגע־צייכען.

— האט איהר געלעזען דיא לעצטע נייעס וועגען עדיסאן'ען ? — האט זיך באק צו איהם געווענדעט מיט אן ערנסט־מער מינע.

— ניין, וואס איז ?...

— עדיסאן האט דאך צוּבראכען אלע מאדעלען פון זיינע נייע ערפינדונגען און האט ערקלעהרט, אז אויס : מעהר ארבייט ער שוין ניט אויף נייע ערפינ־דונגען...

— וואס הייסט ?

— מען האט פאר איהם איבער־

זעצט אייער אן ארטיקעל וועגען זיינע ערפינדונגען, האט דער ארטיקעל איהם אזוי צומישט דעם מוח, אז ער האט זיך געכאפט, ער פערשטעהט אליין ניט זיינע ערפינדונגען... נו, נו, האט דער אלטער פון פערצווייפלונג צובראכען אלע זיינע נייע מאדעלען און ערקלעהרט, אז אויס, ניט מעהר!... האט בלאק ארויסגערעדט מיט א נאאיווער מינע.

זילבערשטיין איז רויט געווארען און מאכענדיג אזא מינע, אקוראט וויא עס וואלט איהם אנגעכאפט א שטארקער קראמפף, האט ער ארויסגעשיפעט:

— איך האב אייך אין ד־ר־ה־ער־רד־ד, פאם־ם־קודניא־אק!...

און איז אוועק צוריק צו זיין טישעל, קאטשענדיג זיך אויף זיינע פים אהער און אהין, ארויף און אראב.

ליובא האט אבגעקעהרט דעם קאפ און געלאכט אין זיך. דאקטאר רייכמאן האט געשציפעלט זיינע וואנצעס און געשמייכעלט. בלאק האט נאכגעפאלגט זילבערשטיינ'ען מיט זיינע קליינע כיטרע אויגען און אויך כיטרע געשמייכעלט.

— נו, וואס איז עס פאר א וויץ?

— האט דאקטאר רייכמאן זיך אבגערופען.

— נו, יא, א וויטץ דארף מען פערשטעהן, דאקטאר! — האט זיך בלאק א קעהר געטהאן צו איהם.

אין דיעזער צייט האט זיך הורקין צוריקגעקעהרט, אין גאנצען פערשאמט מיט שנעע.

— אין דרויסען איז א פערגעניגען, א שנעע פאלט... עס איז ווייך, ווייס און נעבעלדיג — האט ער געזאגט, צוגעהענדיג צו דאקטאר רייכמאן און ליובא'ן און אבקלאפענדיג דעם שנעע פון זיין ראק.

דאקטאר רייכמאן האט זיך אויפגעהויבען פון ארט.

— איך גלויב, אז עס איז שוין צייט צו געהן אהיים — האט ער געזאגט.

— יא, דאקטאר! — האט זיך ליובא אויך א כאפ געטהאן פון ארט.

זיי האבען זיך גענומען אנטאן.

ווען דאקטאר רייכמאן האט זיך פונאנדערגעזעגענט מיט'ן בעל הבית פון קאפע־הויז, איז צו איהם צוגעשפרונגען שלמה מיט אן אימפעט:

— דאקטאר, איהר געהט שוין?... איך וויל אייך נור זאגען, אז מעלבא זינגט קומענדיגע וואך דעם לעצטען מאל אין סיזאן... איהר מוזט זיא געהן הערען... טראוויאטא, דאקטאר, דארט ווייזט זיא, וואס זיא קען!...

— איך האב דאך גאר געהערט, שלמה — האט זיך בלאק אריינגעמישט, שטעהענדיג נעבען ליובא'ן: — אז מיט מעלבא'ן איז גאר דיא גאנצע מעשה א בלאף, אז זיא קען גאר ניט און האט קיינמאל ניט געקענט זינגען. וואס זאגט איהר, שלמה, הא?...

— מיסטער בלאק, שלמה'ן קיבעצט מען ניט. שלמה נעהמט ניט אן קיין בלאפס! — האט יענער ארויסגעקוויטשעט, אויסציהענדיג זיך מיט זיין גאנצען מאגערען, שפיציגען קערפער אויף דיא שפיץ־פינגער און מאכענדיג מיט א פינגער בלאק'ן גלייך אין פנים אריין.

שלמה'ס קוויטש האט צו זיך צוגעצויגען דיא מענשען פון דיא אנדערע טישלאך, וועלכע זיינען צוגעלאפען און זיך ארומגעשטעלט ארום בלאק'ן און שלמה'ן, ווער מיט א שמייכעל און ווער מיט א געלעכטער און ווער אונטערהעצענדיג שלמה'ן: גיעב בלאק'ן. גיעב!... רייב איהם גוט אן, שלמה, א מארדע!...

דיא צוהיצטע יונגע לייטלאך, וואס האבען זיך פריהער ארומגעריסען ביי זייער טישעל, האבענדיג דעם ויכוח אי־

בער דער ארבייטער בעוועגונג אין אמעריקא, מיט פערדרוקטע העטס אויף די פאטילניצעס און בלישצענדיגע אויגען זיינען אויך צוגעלאפען מיט א ליארם און געפילדער. דער אלטינקער מיט דעם ווייסען בארד און האאר האט אויך צוגעטאנצט צו זיי מיט די קניע אויסגעבויגט, דרעהענדיג מיט די פלייצעס, און האט געקוקט אויף זיי דורך זיינע ברילען און געשמייכעלט מיט זיין אונזיניגען שמייכעל. אפילו דער לאנגער בעל הבית פון קאפע־הויז האט זיך אויך אבגעשטעלט נעבען זיי מיט א שמייכעל, דאכט זיך, א וויאסט דיא ברייט...

נור איין זילבערשטיין איז זיך געבליעבען זיצען אויף זיין ארט און, קוקענדיג פון ווייטען אויף דער הויכער, שלאנקער ליובא'ן, וועלכע איז געשטאנען אן א זייט נעבען דאקטאר רייכמאנ'ען אין איהר לאנגען מאנטעל מיט דער קאראקולענער הוט אויפ'ן קאפ. און מיט איהר מופטע ביי דעם הויכען ביוסט, האט ער געטראכט מיט האס וועגען בלאק'ן און געמורמעלט: פאס־ס־קוד־ניא־אק!...

דערווייל איז געווארען לעבעדיגער. אלע אין איינעם האבען גענומען ריידען, לאכען, מאכען מיט דיא הענד און קיבעצען זיך:

דער אלטער האט געשריען:

— איך קען ניט שפיעלען אויף מיין פלייטע, ווען אזעלכע לייטע...

— שלמה'ן בלאפט מען ניט! — האט שלמה'ס קול געקוויטשעט.

— שלמה בלייבט שלמה! — האט זיך געהערט בלאק'ס קול.

— כא, כא, כע, כע, הו־הו־הו — האט געהילכט א פערשיערענער געלעכטער.

און אין א ווייל שפעטער, ווען ליובא איז ארויס פון קאפע־הויז מיט דאקטאר רייכמא'ען און הודקינ'ען, האט זיא זיך געפיהלט, וויא פון א משוגעים־הויז ארויסגעריסען זיך...

— אוי, וואס זיינען עס עפעס פאר א מענשען ביי אייך! — האט זיא אויסגעשריען און זיך צולאכט.

— מענשען, איבערהויפט אידען, וואס זוכען אויסצודריקען זייער גייסטיגען „איך" וויא עס־איז, אויף וועלכען ניט־איז אופן — האט דאקטאר רייכמאן געענטפערט.

א שנעע האט געשאטען... וויא פון ווייסע, זיידענע קוויטען האט דער שנעע א ריזיג־ווייסען שלייער צווישען הימעל און ערד געוועבט... ווארהין נור מען האט אן אויג געווארפען, האט מען דעם צארטען, שטילען וועבען פון דעם ווייסען שלייער געזעהען... ווייס אונטען, ווייס אויבען, ווייס, ווייס אויף אלע זייטען... דיא מענשען און פערד האבען זיך בעוועגט וויא סארע שאטענס הינטער דעם ווייסען שלייער... דיא פייערלאך פון דיא עלעקטרישע לאמפען האבען געבלישצעט מיט א דונקעל־געלער שיין... דיא הויכע טענעמענט־הייזער, וויא ריזיגע סארע בערג, האבען זיך אבגערוקט אלץ ווייטער, אלץ טיעפער הינטער דעם ווייסען שלייער...

— איך וועל אייך בעגלייטען ביז גרענד סטריט — האט זיך דאקטאר רייכמאן געווענדעט צו ליובא'ן — פון דארט וועט אייך הודקין אבפיהרען אהיים...

— איך דאנק אייך, דאקטאר — האט ליובא זיך אבגערופען, פיהלענדיג זיך אזוי לייכט פון דעם ארומיגען ווייסען בילד און האט צוגעלייגט מיט א מין בענקעניש אין קול: — וויא גוט, וויא שעהן עס איז איצט אין דרויסען!... ווען איך וואלט זיך ניט געשעהמט, וואלט איך זיך געלאזט לויפען, צו איך וואלט זיך גאר א ווארף

געטהאַן אויף'ן שנעע און וואָלט אַ מענ־
שעלע געמאַכט ! . . .

— נו, טהוט עס ! — האָט זיך דאָק־
טאָר רייכמאַן צולאַכט.

— זאָל איך ? . . .

זיא האָט זיך אָבגעשטעלט, גע־
וואָלט זיך אַ וואַרף טהאָן אויף'ן שנעע
מיט אַ פרייליכען און הילכענדיגען קול
און קייקלען זיך, און ארויסלאָזען
פריי און אונגעצוואונגען פון דער נשמה
אַרויס. זיא האָט שוין דעם מויל גע־
עפענט : — האַ־אַ־אַ ! . . . . — האָט
זיא אויסגעשריען, האָט זיך אָבער גלייך
אַ כאַפּ געטהאָן, זיך אונטערבראָכען
און דערשטיקט אין זיך דעם דאָזיגען
הייסען יוגענדליכען פערלאַנג . . .

— ווייס איך — האָט זיא ארויס־
גערעדט — אין אמעריקא טהארען
אַזוינע נאַרישקייטען זיך ניט וועלען !...

— דיא יוגענד, האַ ? — האָט זיך
דאָקטאָר רייכמאַן פערהלאַך צולאַכט.

— יאָ, דאָקטאָר — האָט זיא גע־
ענטפערט — דיא יוגענד, וועלכע פער־
וועלקט ! . . . קומט ! . . .

הודקין האָט זיך אויך צולאַכט.

— וואָס זאָגט איהר, דאָקטאָר, זיא
איז אויך אַ פערוועלקטע יוגענד ? . . .
ווען זיא וואָלט עס כאָטש וועגען מיר
געזאָגט ! . . .

אין דיעזער צייט האָבען זיי זיך
אַנגעשטויסען אויף אַ קליינעם, מאָגע־
רען מענשעלע מיט לאַנגע האָאָר אונ־
טער אַ גרויסען אָפענעם שירעם :

— האַ, פּראָפעסאָר, גוט'ן אָבענד !
— האָט דאָקטאָר רייכמאַן אויסגע־
שריען.

דאָס קליין, מאָגער מענשעלע האָט
זיך פלינק אַ דרעה געטהאָן אונטער'ן
שירעם.

— האַ, גוט'ן אָבענד, דאָקטאָר —
האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן מיט אַן
אָמפּעט, ריידענדיג אין איין אָטהעם,
אַזוי וויא ער וואָלט מורא געהאַט,
טאָמער פערגעסט ער, וואָס ער מוז
זאָגען : — איך געה איצט פון אַ גרוי־
סען קאָנצערט... איך האָב געזונגען,
געשפּיעלט מיינע אַ נייע קאָמפּאָזיציע...
אַ געניאַלע זאַך . . . אַ נייעס . . . אַ
ירושלים מאַרטש . . . אין דריי טהייל...
פאַר שטימע, פּיאַנאָ און פּיעדעל . . .
דיא קריטיקער שרייען, אַז עס איז אַ
גוואַלד . . . קויפט עס פאַר אייערע
קינדער . . . איהר קריגט עס אין אַלע
מוזיק־געשעפטען און ביי מיר אין הויז
אויף דער ערשטער סטריט . . . קאָסט
נור פופצעהן סענט . . . אָדער שאַ . . .
קומט גאָר אַ מאָל אַרויף צו מיר און
איך וועל עס אייך פאָרזינגען, פאָר־
שפּיעלען . . . גוטע נאַכט ! . . .

און געזאָגט עס, איז דאָס קליין,
מאָגער מענשעלע אונטער דעם גרויסען
שירעם פערשוואונדען הינטער דעם
הייסען שלייער.

— דאָס איז פּראָפעסאָר פּאָמפּע, אַ
מוזיקער. געהערט אויך צו דער גאַ־
לערע טיפּען פון דער קיבעצאַרניע, אַ
געמיש פון ערענסט און לעכערליכקייט,
פון טאַלאַנט און רעקלאַמע, פון אמת'ער
בעגייסטערונג און שרייענדיגען בלאָף
— האָט דאָקטאָר רייכמאַן ערקלערט
ליובאַ'ן.

זיי זיינען צוגעגאַנגען צו גרענד
סטריט. דאָקטאָר רייכמאַן האָט זיך
גענומען געזעגענען מיט ליובאַ'ן און
הודקין'ען, דריקענדיג זיי דיא האַנד.

— קומט אַ מאָל אַרויף צו מיר,
מיסס שטיינבערג ! — האָט דאָקטאָר
רייכמאַן געזאָגט.

— ביי אַ געלעגענהייט דאָקטאָר —
האָט זיא געענטפערט.

— יאָ — האָט ער זיך אַ כאַפּ גע־
טהאָן — איך האָב גאָר פערגעסען, מיסס
שטיינבערג . . . האָט איהר שוין איבער־
געלעזען הודקין'ס ערצעהלונגען ? . . .

הודקין האט זיך דערביי א צאפיל געטהאן.

— יא, דאקטאר — האט זיא געענטפערט און א קוק געטהאן פריינדליך אויף הודקין'ען, וועלכער איז געשטאנען אין גאנצען א סארער פון דעם שנעע, מיט ווייסע פוכעלאך אין דיא האאר און אויף דיא ברעמען, און געשמייכעלט וויא צומישט.

— נו ? . . . וויא געפעלט איך ?

— זעהר גוט — האט ליובא געענטפערט מיט ווארימקייט אין קול — מאנכע ערצעהלונגען זיינען, נאך מיין מיינונג, א וואונדער . . .

און איהרע ווערטער האבען אזא איינדרוק געמאכט אויף הודקין'ען, אקוראט ווי א צארטע פלאטצענדיגע האנד וואלט איהם איבער דער נשמה א גלעט געטהאן, און דורך דעם ווייסען נעבעל האבען זיינע אויגען ארויסגעשטראהלט אזוי פריילאך און גליקליך.

— יא, ער איז אן אמת'ער טאלאנט, אונזער פריינד הודקין — האט דאקטאר רייכמאן געזאגט — אבער וואס העלפט עס ? א אידישער שרייבער ! גוטע נאכט !

און ער איז פערשוואונדען הינטער דעם ווייסען שלייער פון דער שנעעיגער נאכט . . .

ליובא און הודקין זיינען דאן אוועק ווייטער. און, געהענדיג נעבען איהם, האט ליובא איהם דערצעהלט מיט התפעלות פון דעם איינדרוק, וואס עס האבען אויף איהר געמאכט זיינע ערצעהלונגען. דיא נשמה איז ביי איהם אוועק טאנצען, הערענדיג ליובא'ן, און ער האט דערפיהלט צו איהר אזא דאנקבארקייט און ווארימקייט . . . ווען ער וואלט אזוי ניט געליעבט זיין הינדעלען, וואלט ער זיך אין ליובא'ן, דאכט זיך איצט פערליעבט, אזוי גליקליך האבען איהם געמאכט איהרע ווערטער. איהם דעם אידישען שרייבער, וועמען עס האט זיך גאנץ אפט געדאכט, אז קיינער, קיינער, אויסער זיין הינדעלען און דאקטאר רייכמאן'ען פערשטעהט איהם ניט. וויל איהם ניט פערשטעהען און, איבערהויפט, אינטערעסירט זיך ניט מיט איהם און ניט מיט זיין שריבען . . .

— איך ענדיג איצט מיין ערשטע דראמע — האט ער פלוצים געזאגט מיט בעגייסטערונג — עס וועט זיין א גרויס ווערק . . . איך פערקויף עס צו א טהעאטער און דאן . . . און דאן . . .

ער האט געוואלט זאגען : — „און דאן האב איך חתונה מיט מיין הינדעלען.” האט זיך אבער פערכאפט און איז אנטשוויגען געווארען.

— און דאן וועט איהר זיין אלל־רייט ? — האט ליובא אונטערגעכאפט.

— יא, זעהר אלל־רייט ! — האט ער געענטפערט און זיך הארציג צוּלאכט.

נעבען איהר הויז האט ער זיך מיט איהר צושיידט.

— עס איז מיר זעהר אנגענעהם אייער בעקאנטשאפט — האט ער געזאגט מיט ווארעמקייט אין קול, דריקענדיג איהר האנד.

— און מיר אויך. דאנקע. גוטע נאכט.

און געזאגט עס, איז ליובא פערשוואונדען הינטער דער גרויסער טהיר פון'ם טענעמענט־הויז.

— וואס פאר א וואוילע זיא איז !

— האט הודקין א טראכט געטהאן ווערען ליובא'ן, געהענדיג, איינגעוויקעלט פון דעם שנעע־נעבעל, אהיים :

— מען דארף הינדעלען בעקענען מיט איהר . . . הינדעלע מוז שוין אוודאי שלאפען. אניט וואלט איך איצט געגאנגען צו איהר . . . מען דארף איהר איבערלעזען מיין דראמע. דאן ערשט

ווען זיא קענען ריכטיג אָבשעצען מיין
קראפט . . .

און ער האָט גענומען טראכטען ווע־
גען זיין דראמע, וועגען געוויסע סצע־
מעקנעק'ן, און ער האָט זיי שוין אזוי
נעס אין איהר, און ווידער וועגען היני־
געדאנק, וואָס ליובא ארבייט ביי
ווייסען שנעע־שלייער פון דער נאכט...
טען פון זיין דראמע, האָבען זיך גע־
נומען טראָגען פאר זיינע אויגען און
הינדעלע, אי דיא פערשיידענע געשטאל־
מישען זיך, און פלעסטען זיך אין דעם
רעלען און ליובא'ן, און ווידער וועגען
זיין דראמע, און זיי אלע, אי ליובא, אי
הודקין האָט געטרוימט . . .

10

עס זיינען אוועק נאָך עטליכע וואָ־
כען. עטינבערג און זיין פרוי האָבען
זיך שוין א ביסעל צוגעוואוינט צו דעם
געדאנק, וואָס ליובא ארבייט ביי מעקנעקען
עטינבערג אליין האָט אויך אָנגעפאנגען
מעהר צו פערדיענען ביי זיינע סיגאָ־
רען — זיעבען דאָלאר א וואָך — און
אין איצט נאָך זיכערהער געווען, אז ער
וועט אין גיכען עפענען א סיגאר פאָ־
בריק. ער דארף נור ריכטיג אויסגע־
פינען, וויפיעל געלד ער דארף האָבען
פאר אן אָנפאנג . . .

דער אלטער אהרן פלעגט קומען יע־
דען זונטאג געוואָהר ווערען זיי. ער
האָט זיך שוין מעהר ניט געקלאָגט פאר
זיי אויף זיין זוהן מעקנעק'ן; פאר־
קעהרט, ער האָט זיי דערצעהלט, אז
זינט ליובא איז אין שאפ אָנגעקומען,
איז זיין זוהן גאָר אַנאַנדער מענש גע־
ווארען, שעמט זיך שוין ניט מעהר
ארום אזוי מיט איהם, גייט פריהער,
רעדט מיט איהם, וויא מיט זייטען א
טאטען און דערצעהלט איהם א מאָל
וועגען געשעפט אויך . . .

— אט אצינד האָב איך ווידער גע־
נומען פיהלען, אז איך בין טאטע א
טאטע און ניט קיין כלב! — האָט דער
אלטער דערצעהלט און זיינע רויטע אוי־
גען האָבען בעת דעם געבלישצעט מיט
פרייד . . .

דערפאר האָט זיך ליובא געפיהלט
שטארק ניט בעקוועם ביי מעקנעק'ן אין
שאפ. מעקנעק האָט זיא אלץ מעהר
און מעהר פערפאָלגט מיט זיין פריינד־
שאפט און דיא דיקע רייטשעל מיט
איהר האָס.

קומט זיא אין דער־פריה אין שאפ,
טרעפט זיא שוין ביי דער טהיר מעק־
נעק'ן און יעדען טאָג אנדערש אויסגע־
פוצט, און ער קוקט אויף איהר אזוי
מאָדנע מיט זיינע ווייסע אויגען, אי
פריילאך, אי אונמוטהיג, דאכט זיך,
בעת ער זאָגט איהר „גוט מארגען" . . .
דאן שטעלט ער זיך אוועק נעבען איהר
ביים טיש און רעדט צו איהר וועגען
אלעס, אלעס אין דער וועלט: אי
וועגען געשעפט, אי וועגען דעם וועט־
טער, אי וועגען רוסלאנד, אי וועגען
אמעריקא, אי וועגען פאָליטיק אפילו
און בעת דעם סטארעט ער זיך צו רייד־
דען שעהן, מיט געקליעבענע ווערטער,
א סך מאָל מיט אזוינע פראזען, וואָס
ער האָט זיך אָנגעכאפט אין דער גע־
שעפטס־וועלט, צי אין אידישען טהעא־
טער, וועלכע ער אליין פערשטעהט
ניט . . .

און בעת ער רעדט צו איהר אזוי,
ווילט זיך איהר א מאָל פונאנדערלאָ־
כען זיך איהם אין פנים אריין און אויס־
שרייען: „אבראשא סמיטשיק, וויא
קאָמיש איהר זייט!" און א סך מאָל,
ווען ער רעדט, דאכט זיך איהר אויס,
וויא א גרויסע פליעג וואָלט זיך ארום
איהרע אויערען געדרייהט מיט א דער־
עסענדיגען, שטאלענעם זשוזשען . . .
און א מאָל אין מיטען זיין ריידען האָט־
פיהלט זיא אויף זיך פלוצים א הייסע

בליס פון זיינע ווייסע אויגען, דאן דערוועקט זיך אין איהר צו איהם אן עקעל. אזוי וויא בשעת ער דערלאנגט איהר זיין רויט־האאריגע האנד . . .

זיא ענטפערט איהם אבער, זיא קען זיך ניט העלפען, זיא מוז איהם ענטפערען, אז ער רעדט צו איהר, ענטפערט איהם אפילו גאנץ זעלטען, איין ווארט אויף צעהן . . . און טהוט זיא א מאל א פרייען שמייכעל בעת'ן ריידען, צולאכט ער זיך דאן הויך אויף'ן קול מיט א מאדנעם געלעכטער, וואס הייבט זיך אן גראב אויף דיא אונטערשטע טענער און ענדיגט זיך מיט א קוויטש אויף דיא סאמע אויבערשטע. ליובא קוקט אן איהם דאן פערוואונדערט מיט איהרע גרויסע, שווארצע אויגען. אין קיעוו האט זיא געהאט א רויטען הינטעלע, קראסאווטשיק האט מען איהם גערופען, און יעדעס מאל, ווען קראסאווטשיק פלעגט זיא דערזעהען, פלעגט ער נעהמען שפרינגען און דרייהען זיך ארום איהר, און פערגעהן זיך מיט אזא פרייהליכען בילען, וואס איז שטארק ענהליך געווען צו מעקנעק'ס לאכען . . . .

— מערקווירדיג! — וואונדערט זיא זיך.

דיא דיקע רייטשעל האט זיך געקאכט . . . הגם מעקנעק האט נאך אנגעהאלטען מיט איהר דיא „פריינדשאפט“, האט זיא מיט איהר פרויען־אינסטינקט געפיהלט אין מעקנעק'ס בעציהונגען צו ליובא'ן אן ערנסטערען געפיהל, וויא אין זיין פריינדשאפט צו איהר, א סך א טיעפערען און ריינערען, פול רעספעקט . . .

— צו איז עס ניט א מאל ליעבע? . . . — האט זיא געטראכט און געפיהלט צו זיי ביידען א טיעפען האס.

אין אזא צייט האט געברענט און געקאכט אין איהר. און אויב מעקנעק איז נאך געשטאנען נעבען ליובא'ן, האט זיא, רייטשעל, איהר כעס אויסגעלאזען צו דיא ארבייטערין'ס, וואס פלעגען צו איהר צוטראגען דיא פארטיגע ארבייט עקזאמינירען . . . האט געשריען, געליארעמט, געווארפען דיא העמדער דיא ארבייטערינס אין פנים אריין און געגעבען צוריק זיי דיא ארבייט פערריכטען . . .

— וואס איז עס געווארען מיט רייטשלען? —פלעגען איינינגע ארבייטערינס זיך וואונדערען, טראגענדיג די ארבייט צוריק צו זייערע מאשינען.

אנדערע ארבייטערינס פלעגען זיא דאן שילטען מיט טויטע קללות, בעת זיי פלעגען קריגען זייער ארבייט צוריק:

— אזא גראבע שטיק פלייש! וואס הארט עס איהר, ווען מיר וועלען זיך נאך מעהר מארטערען, ווען מיר וועלען ווייניגער פערדיענען . . . א גאנצע פריצה געווארען, אז פאלען זאל פון איהר דאס פלייש שטיקערווייז!..

און ווידער אנדערע ארבייטערינס, פון דיא עלטערע „הענד“, וואס האבען געוואוסט וועגען מעקנעק'ס פערהעלטניסע צו איהר, האבען זיך געסוד'עט צווישען זיך מיט געהיימע מינעם:

— עס ברענט אויף איהר די הויט... עפעס איז מיסטער מעקנעק צופיעל פריינדליך מיט מיסס עטינבערג . . .

— יא, יא, איך האב עס אויך בעמערקט . . . אוי, וואלט עס געווען א שעהנע זאך! . . .

— יענע איז פיעל שעהנער פון רייטשלען . . .

— א חנ'עווריגע . . . און וואס פאר א פיגור, זעה נור!

— נו, יא, אניט וואלט זיא דאך ביי מעקנעק'ן ניט געארבייט פון וואך... כא! כא! כא! . . .

— כא, כא. כא ! פון וואנען ווייסטו, בעסי, או פון וואך ? . . .

— יא, בעסי, טאמער . . .

— רעדט ניט אזוי, קינדער . . . מיסס עטינבערג קוקט ניט אוים אזא... זיא האט אזא ערעלען, אינטעליגענט־נעם פנים . . .

— דאס וועט מיסטער מעקנעק'ן ניט פערשאדען . . .

— איך מיין אזוי ! . . .

— פע, מיידלאך, שעהמט זיך ! . . .

— אוי, א גרינע !

— אוי, ווען דאס איז אמת, אויב רייטשעל . . . איך ווארף דאן אריין אין צדקה־פושקע ! . . .

— און איך וועל איהר דאן אריינ־שיקען א קאמישע קארטעל, אויף וועלכער עס וועט זיין אויסגעמאהלט א לאנגע, לאנגע צונג . . .

— איך אויך ! . . .

— טאקי, טאקי, מען וועט עס דאר־פען טהאן ! . . . כא, כא, כא ! . . .

— כא ! כא ! כא ! — האבען זיך גע'סוד'עט און געלאכט און דורכגע־ווינקט זיך אט דיא אלע ארבייטערינס און האבען זיך געפרעהט, וואס רייט־שעל פערליהרט מעקנעק'ס פריינדשאפט...

און אז מעקנעק נעהט אוועק צו זיך אין אפיס, דאן ווארפט זיך רייטשעל ארויף אויף ליובא'ן מיט האס אין קול :

— האסטו געזעהען א גרעפין ? איך ווער צוריסען פון דער ארבייט און זיא שמועה זיך און רעדט ! . . .

דער לאנגער פארמאן מיט דיא אר־בעל פערקאשערט הויך איבער דיא עלענבויגענס, וואס שטעהט אויף'ן אנדער'ן עק טיש, טהוט א ווינק צו איהר מיט זיינע שארפע, ביטרע אויג־לאך, זיא זאל ליובא'ן צורוה לאזען ; אבער רייטשעל וויל זיא ניט צורוה לא־זען, זיא זוכט צו דערגעהען איהר דיא יאהרען. טאמער וועט זיא אויך אזא'ן אופן פערטרייבען ליובא'ן פון שאפ...

— מען פערלאזט זיך אויף איהר איבערקוקען דיא ארבייט — טהוט רייטשעל צו זיך א כאפ א בינטעל אפ־געבראכטע העמדער און הייבט זיי אן צו ווארפען און שליידערען אויף'ן טיש:

— זעהט נור, דזשעק — שרייט זיא צום פארמאן — וואס פאר אן ארבייט זיא האט צוגענומען ! ... קרום, לאם. א זייהם, א נאט א ביסעל ! . . . זעהט נור ! כא, כא, כא ! — טהוט זיא א כאפ א העמד, צולאכענדיג זיך אזוי, אז איהר גאנצער דיקער קערפער טרוי־סעלט זיך פון געלעכטער, און זיא לויפט צו צום פארמאן מיט דעם העמד פונאנדערגענומען און ווייזט איהם :

— זעהט אן ארבייט, הא ? . . . זיא וועט פון מיסטער מעקנעק'ן מאכען א לייט, ווען זיא וועט אזא ארבייט צונעה־מען ! . . .

דער פארמאן בעטראכט דאס העמד און ענטפערט מיט א ביטרען שמייכעל:

— עס איז אלל־רייט, וואס ווילט איהר ?

— דזשעק, וואס רעדט איהר ! איהר זייט בלינד ? — זאגט רייטשעל אזוי, ארויפטרעטענדיג איהם אויף'ן פוס, טהוט זיא איהם א ווארנק מיט דיא בלויע אויגען, ער זאל אויך זא־גען, וויא זיא . . .

ער אבער, וויסענדיג ליובא'ס תקיפות ביי מעקנעק'ן, שפיעלט „פא־ליטיק", און ער מאכט :

— עס וועט אוועקגעהן, נישקשה ! איז איין העמד ניט אזוי געראטען ! . . .

— אלל־רייט ! אלל־רייט ! — טהוט רייטשעל א בלישצע אויף איהם מיט די אויגען — פונמיינטוועגען . . .

און זיא קעהרט זיך אום צוריק אויף איהר ארט און, א שמיץ גע־טהאן דאס העמד אויף'ן טיש, טהוט

זיא זיך א קעהר צו ליובא'ן און זאגט:

— עס איז אלל־רייט, מיסס עטינבערג, דיא ארבייט איז נאך צו גוט!...

און זיא צולאכט זיך פרעך, קוקענדיג אויף ליובא'ן מיט טיעפען האס.

ליובא ענטפערט איהר ניט, געוועהנליך, קעהרט זיך אפ פון איהר מיט בעראכטונג, אין הארצען אבער גריזשעט דארט ביי איהר א ווארים, זי פיהלט זיך אזוי בעליידיגט פון דעם געדאנק אליין, אז זיא מוז שטעהן נעבען אזא וויא רייטשעל און אויסהערען איהרע רייד היינט, מארגן, א גאנצע וואך, א גאנצען חודש אהן אן ענד...

— אוי, וואס פאר א גיהנום! — טראכט זיא און מוטשעט זיך.

וואס זאל זיא טהאן?... אוועקגעהן פון שאפ דערלאזט דאס הארץ ניט. אין אנאנדער שאפ וועט זיא אפילו קיין העלפט געלד ניט פערדיענען. וויא ביי מעקנעק'ן.

ווען זי וואלט אליין דא געוועזן אהן דיא עלטערען, וואלט זיא זיך שוין וועגנען דיא געלד ניט געקימערט. אבער אזוי, וויא עס איז איצט... דיא עלטערען האבען זיך גענומען פיהלען לייכטער, זינט זיא ברענגט אריין אין הויז דיא צעהן דאלער יעדע וואך... זיא קען ניט אוועקגעהן, זיא מוז דא בלייבען!... סיידען דערצעהלען מעקנעק'ן?... ער, קען זיין, וואלט געמאכט א סוף צו יענער'ס פערפאלגונגען... אבער ווי פער־מסר'ט מען יענע פאר איהם? ניין, עס איז צו ניעדריג, צו עקעלדיג, אונטער איהר ווירדע! זיא זאל פער'מסר'ן, זיא, ליובא, און וועמען און פאר וועמען?! ניין, ניין!...

און זיא האט געשטיקט אין זיך די בעליידיגונגען, געמוטשעט זיך, ניט דערצעהלט ניט אין דער היים. אפילו דאקטאר עפשטיין'ען, וועלכער האט זיא דיא לעצטע צייט בעזוכט אפטער, אויך ניט...

איינמאל מיטאג־צייט רופט אריין מיסטער מעקנעק זיין אלטען טאטען צו זיך אין אפיס און מאכט צו איהם:

— טאטע, דוא האסט מיר געזאגט, אז היינט איז מיסס עטינבערג'ס געבורטס־טאג...

— יא, מיין זוהן — האט דער אלטער אהרן א מאך געטהאן מיט'ן ווייסען קאפ — צוואנציג יאהר ווערט איהר היינט, ביז הונדערט און צוואנציג...

— איך וויל איהר מאכען א פרעזענט — האט מעקנעק געזאגט.

— טאקי, טאקי, מיין זוהן — האט זיך דער אלטער א כאפ געטהאן מיט התפעלות — אין דער־היים, דוא ווייסט דאך, וואס פאר א טהייערע מתנות זיא פלעגט קריגען!...

— איך האב געקויפט א בריליאנטענעם רינג... וועט זיא אבער ביי מיר וועלען נעהמען?...

— איך וועל זיא איינריידען, זיא וועט נעהמען! — האט דער אלטער אהרן אויסגעשריען מיט שמחה אין זיינע רויטע אויגען.

— ניין, דוא רייד ניט מיט איהר — האט מעקנעק ארויסגערעדט, קוקענדיג פערטראכט מיט זיינע ווייסע אויגען פאר זיך: — ביי גאש! (ביי גאט) — האט ער זיך אונטערבראכען און איז אנשווייגען געווארען.

— ווייז מיר, מיין זוהן, א קוק טהאן אויף'ן רינגעלע — האט דער אלטער אהרן ארויסגערעדט מיט זעהר א ווייכען קול.

מעקנעק האט ארויסגענומען פון קעשענע א קליינע שווארצע קעסטעלע און דערלאנגט זיין טאטען. דאן האט ער גענומען געהען צוטראגען איבער'ן אפיס הין און צוריק, טרעטענדיג ווייך און לאנגזאם איבער'ן קאוויאר און דרעהענדיג מיט דער רויט־האריגער האנד זיינע דינינקע, רויטינקע וואנצעס.

דער אלטער האט דערוויילע ארויסגענומען פון קעסטעלע א פינקלענדיגען רינג און, דרעהענדיג איהם אויף אלע זייטען, האט ער מיט התפעלות געזאיקעט:

— אי, אי, א טהייער שטיקעל סחורה און שאבאש ! . . . שעהן, פער־ניצען זאל זיא געזונטערהייט ! . . . אי, אי, אפילו עטינבערג וועט זיך מיט אזא רינגעלע ניט דארפען שעהמען ! . . .

— טאטע ! — האט מעקנעק פלור־צים אונטערבראָכען זיין התפעלות, אָב־שטעלענדיג זיך נעבען איהם מיט דיא ווייסע אויגען פערטראכט : — טאטע, האט ליובא א מאָל גערעדט מיט דיר פון מיר ? . . .

— ניין, מיין זוהן, וואס זאל זיא ריידען ? . . .

— קיין מאָל ניט ? . . .

— ניין.

— קיין איין וואָרט ניט ? . . .

— וואס קען זיא ריידען, מיין זוהן ? . . . דוא בעהאנדעלסט זיא גאנץ גוט . . . זיא קען צו דיר גאָר נישט האָבען . . .

— און עטינבערג אליין ? רעדט ער א מאָל פון מיר, הא, טאטע ? . . .

— נו, אוודאי רעדט ער . . . פאר־וואס זאל ער ניט ריידען ? . . .

— וואס רעדט ער, טאטע ?

— אָט, אז דוא ביזט, דאנקען גאָט, א גביר, א . . . א פאבריקאנט, דאנקען גאָט, און . . . שאבאש ! . . .

מעקנעק'ס ווייסע אויגען האָבען פריילאך גענומען בלישצען און ער האט געזאָגט :

— ווייס ער, אז איך בין רייך ?... און וויפיעל שאצט ער מיך ?

— אז דוא ביזט רייך, דאנקען גאָט, ווייסט ער אוודאי, אָבער וויפיעל דוא ביזט ווערטה ווייסט ער ניט . . . ער האָט ביי מיר א מאָל געפרעגט, וויפיעל דוא פערמאגסט, האָב איך איהם געזאָגט, אז איך ווייס ניט, אָט וויא דער אמת איז, און שאבאש ! . . .

— ער האָט ביי דיר געפרעגט, וויפיעל איך פערמאָג, הא ? דוא האָסט איהם געדארפט זאָגען . . . פון דריי־כיג ביז פערציג טויזענד . . . ניין ! — האָט ער זיך א כאַפּ געטהאָן — זאג איהם, אז איך פערמאג פופציג טויזענד און מיין געשעפט וואקסט וואָס א יאָהר אלץ גרעסער און גרעסער . . .

— נו, געלויבט איז גאָט, מיין זוהן ! — האָט דער אלטער זיך אָבגע־רופען.

— דוא זאָג עס איהם טאטע ! איך וויל, ער זאָל עס וויסען . . .

— גוט, מיין זוהן, גוט . . . פאר־וואָס געהסטו צו איהם אליין ניט אריין? דוא האָסט דאָך איהם נאָך גאָר ניט געזעהען ! . . .

— איך ווייס אליין ניט . . . עפּעס איז מיר שווער צו געהען צו איהם . . . עס דאכט זיך מיר רק, אז איך וועל ביי איהם ניט זיין קיין גוטער גאסט... אָבער איך וועל אריינגעהען צו איהם... איך האָב ביי זיך אָבגעמאכט . . . ביי גאָט, איך מוז צו איהם אריינגעהען !...

ער האָט ווידער גענומען געהען צוטראָגען איבער'ן אָפּיס הין און צוריק און געדרעהט דיא רויטינקע וואָנצעס.

— טאטע, וויא דענקסטו ? — האָט ער זיך פלוצים איינגעגעסען מיט זיינע ווייסע אויגען אין זיין טאטענ'ס גרויען פּנים : — וויא דענקסטו, ווען איך . . . ווען איך . . . זאל זאָגען עטינ־בערג'ן, אז איך . . . אז איך . . .

— האָט ער גענומען שטאמלען און ניט געענדיגט.

— וואָס ווילסטו זאָגען עטינבערג'ן, מיין זוהן ? — האָט דער אלטער איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט מיט זיינע רויטע אויגען.

— הא ? גאָר נישט, טאטע, גאָר נישט ! — דאָט ער זיך א כאַפּ געטאָהן צוטראָגען, טראכטענדיג דערביי : — ניין, אפריהער מוז איך זאָגען ליובא'ן, אז איך ליעב זיא... איך וויל אפריהער הערען, וואָס זיא וועט ענטפערען.. דאן ערשט קומט עטינבערג...

— איך פערשטעה דיך ניט, מיין זוהן — האָט דער אלטער אונטערברא־כען זיינע געדאנקען — וואָס האָסטו געזאָגט ?...

— גאָר נישט, גאָר נישט ! איך וועל געהן איהר געבען דעם פּרעזענט ! —

האָט מעקנעק פלינק זיך א קעהר געטאָהן צו זיין מאַטען און נעהמענדיג דיא קעסטעלע מיט'ן רינג פון יענעמס הענד איז ער מיט שנעלע טריט ארויס פון אָפיס און דער אלטער אהרן נאָך איהם.

באלד אָבער האָט ער פון וויטען דערזעהען דיא דיקע רייטשלען ביי'ם טיש, האָט ער זיך אָבגעשטעלט.

— דער טייפעל זאָל זי נעהמען — האָט ער א טראכט געטאָהן — זיא וועט נאָך בעמערקען, וועל איך זיך נאכדעם פון איהר ניט קענען אָבטשעפּען... ביי גאש, מען מוז פון איהר פּטור ווערען, צום טייפעל!..

— מאַטע — האָט ער זיך א קעהר געטאָהן צום אלטען — איך וועל איהר בעסער געבען דעם פּרעזענט אין אָפיס, שיק זיא אריין!...

און געזאָגט עס, האָט ער זיך צוריקגעקעהרט אין אָפיס און, אוועקזעצענדיג זיך אויף'ן שאָקעל שטוהל פאר'ן טיש, האָט ער מיט אויפרעגונג גענומען ווארטען אויף ליובא'ן.

— „וועט זי נעהמען פון מיר דעם פּרעזענט ? — האָט ער געטראכט — אפשר וועט זיא ניט וועלען ?.. אז איך לאד זיא אמאָל אין טהעאטער צי אין אָפּערא, ווי' זיא ניט געהן, אפשר וועט זיא דעם פּרעזענט אויך ניט וועלען נעהמען ?... ביי גאש, פארוואָס איז זיא אזוי שטאָלץ ?.. נו, זיא דארף זיין שטאָלץ, זיא מעג זיין שטאָלץ.. א געבילדעטע בארישניא... א ריכטיגע מאַמזעל... עטינבערג'ס א טאָכטער... איך וויים דאָך... נו, מעג זיא זיין שטאָלץ... איך בין געווים ניט אזוי געבילדעט, וויא זיא... ווען איך וואָלט געווען געבילדעט וויא זיא, עה, ביי גאש!... דאן איינס, צוויי, דריי, און חתונה געהאַט מיט איהר!... איך וואָלט געווען אזוי גליקליך, איך וואָלט זיא אזוי געליעבט, מיט בריליאַנטען וואָלט איך זיא אנגעשטאָפּט!... איך וואָלט געהאַט דאן וואָס צו ווייזען פאר דיא ביזנעס־לייט... מעקנעק איז ניט אבי ווער, ער האָט א ווייב א ריכטיגע לעדי, ביי גאש, שעהן און געבילדעט, און... קען דיא אלע מאַנירען... זיי וואָלטען אלע ציפּוקעט געוואָרען!...

א קלאַפּען אין דער גלעזערנער טיר האָט איבערגעריסען זיינע געדאַנקען און ער איז אויפגעשפּרונגען פון שאָקעל־שטוהל.

— זיא! — האָט ער א טראכט געטהאן — וואָס זאָגט מען ?... מען דארף דאָך עפּעס זאָגען!...

ער האָט אנגעשטעלט זיינע ווייסע אויגען אויף דיא טהיר.

ליובא איז אריינגעקומען, א פרישע, א בליהענדע מיט פּעררויטעלטע באַקען און בלישצענדיגע אויגען.

— איהר ווילט מיך זעהן ? — האָט זיא געפרעגט מיט איהר חן'עודיגען שמייכעל.

— וואָס זאָגט מען ? — האָט ער ווידער א טראכט געטהאָן. באלד אָבער האָט ער זיך ראַפּטאַם פערנייגט פאר איהר און, דריקענדיג איהר האַנד מיט זיין רויט־האָריגער, האָט ער ארויסגערעדט:

— מיסס עטינבערג, איך גראַטולירע מיט איהרען געבורטסטאָג, וואָסוועלכער איז היינט... און... עה... עה...

— וואָס ווייטער ? — האָט ער א טראכט געטהאָן מיט פערצווייפלונג — ביי גאש, דער טייפעל זאָל מיך נעהמען. וויא־זואָס, איז באלד אוים לשון!...

ליובא האָט איהם אָנגעקוקט מיט איהרע גרויסע שווארצע אויגען פערוואונדערט.

— דערפאר האָט איהר מיך גערופען ?... איך דאנק אייך, מיסטער מעקנעק — האָט זיא צוגעלייגט און פריינדליך געשמייכעלט.

— איך וויל זיי... שה... עה... —

האט מעקנעק געזוכט צו ריידען שפעהן, וויא אן אינטעליגענטער מענש: — איך וויל זיי... עה... עה... פרעזענטירען מיט א פרעזענט, וואס־וועלכער... עה... עה... וועט פערשאפען דאס הייסט מיין אייגענער פערזענליכקייט... א גראסען פערגעניגען...

— וואס מיינט איהר? — האט זיא געפרעגט און איהרע שווארצע אויגען האבען געקוקט אויף איהם נאך מעהר פערוואונדערט.

— אט דאס האב איך פאר אייך געקויפט! — האט ער פלוצים ארויסגערעדט מיט אימפעט, ארויסשטרעקענדיג צו איהר דיא רויט־האריגע האנד מיט'ן רינג: — מיסס סטינבערג, איהר וועט טהאן א געפאלען מיין פערזענליכקייט, ווען איהר וועט נעהמען דעם פרעזענט...

ליובא איז צומישט געווארען. איהר פנים איז רויט געווארען, וויא צונטער, און איהרע שווארצע אויגען האבען געקוקט אויף איהם גרויסע, ארויסגעגלאצטע.

און אז מעקנעק האט דערזעהען, וויא זיא איז צומישט, האט ער זיך אויך דערפיהלט שטארק ניט בעקוועם, דאך האט ער אלץ געהאלטען דיא האנד מיט'ן רינג ארויסגעשטרעקט צו איהר און געמורמעלט:

— עה... נעהמט, מיסס סטינבערג. עה, נעהמט!...

זיא האט זיך א כאפ געטהאן און וויעדער גענומען שמייכלען.

— איך דאנק אייך, מיסטער מעקנעק — האט זיא ארויסגערעדט שטיל — איך נעהם ניט קיין פרעזענטען ביי קיינעם ניט... איהר מוזט מיר ענטשולדיגען...

און דערזעהען, אז זיא שמייכעלט ווידער, האט מעקנעק זיך געבאכט מעהר מוטה און גענומען זיא איינרייחען פעסטער און איינגעשפארטער:

— מיסס סטינבערג, ביי גאש, איך פערשטעה אייך ניט!... א פרעזענט ביי גאש, נעהמט יעדער!... מיסס סטינבערג, איהר בעליידיגט מיך, עהרענווארט!... נו, נעהמט, איהר מוזט נעהמען! — האט ער איהר געשטארט דעם רינגעל אין האנד.

— ניין, ניין, מיסטער מעקנעק, איך וועל ניט נעהמען! — האט זיא געזאגט מיט א פעסטען טאן.

ער איז געבליעבען שטעהן און א דריק געטהאן מיט דיא שמאלע אקסלען.

— ענטשולדיגט, איהר זייט אזא מאדנע... לאד איך אייך אמאל אין טהעאטער, צו אין אפערא, ווילט איהר ניט געהן... אייך שטעהט הפנים ניט אן! — האט זיך ביי איהם פלוצים געגען זיין אייגענעם ווילען ארויסגעריסען, און ער איז רויט געווארען.

זיא האט זיך דערפיהלט אונאנגענעהם פון זיינע לעצטע ווערטער און האט וויעדער געצוואונגען א שמייכעל געטהאן.

— וואס רעדט איהר, מיסטער מעקנעק? וואס הייסט מיר שטעהט ניט אן?... פערקעהרט, איך בין אייך זעהר דאנקבאר און האלט עס פאר א פריינדשאפט פון אייער זייט, וואס איהר ווילט מיר פערשאפען פערגעניגען, נור...

— נור? — האט ער אונטערגעכאפט, קוקענדיג פערטראכט מיט זיינע ווייסע אויגען אויף איהר ליעבען, חנ'עוודיגען פנים און ערגערענדיג זיך, וואָרום ער האט ארויסגערעדט, אז איהר שטעהט ניט אן...

— נור? — האט זיא אויך איבערגעפרעגט, פיהלענדיג זיך שוועהר מיט איהם און טראכטענדיג: — רבונו של עולם, וואס וויל ער פון מיין קאפ האבען!...

אויפ'ן סוף האט זיא געענטפערט:

— ביז איצט האב איך ניט געקענט,

— און איצט וועט איהר קענען? — האט ער זיך א כאפ געטהאן.

— יא — האט זיא א לאך געטהאן

— ווען איהר וועט נור וועלען, וועל איך מיט אייך געהן אין טהעאטער... קען איך איצט געהן? איך האב נאך פיעל ארבייט — האט זיא זיך אונטערבראכען.

— נעהמט דעם פרעזענט!...

— ניין, ניין, איך דאנק אייך! — האט זיא א שאקעל געטהאן מיט איהר שווארצען, שעהנעם קאפ — פרעזענטען נעהם איך נור פון... אבער, גוד ביי!... איך האב היינט פיעל ארבייט! — האט זיא זיך ווידער אונטערבראכען און איז מיט שנעלע טריט ארויס פון אפיס.

ער איז א ווײלע געשטאנען און געקוקט מיט זיינע ווייסע אויגען אויף דיא גלעזערנע טהיר, הינטער וועלכער ליובא איז פערשוואונדען. דאן האט ער א דריק געטהאן מיט דיא אקסלען און א שפיי געטהאן.

— וואס רייסט זיא אזוי דיא נאז? — האט ער זיך אויפגערעגט און גענומען טראכטען בייז, פערביטערט: — וואס מיינט זיא, אז זי איז אין קיעוו?...

ער האט בעהאלטען דעם רינגעלע אין קעשענע און גענומען געהן מיט שנעלע טריט איבער'ן אפיס הין און צוריק.

— פרעזענטען נעהם איך נור פון... — האט ער אין זיינע געדאנקען וויעדערהאלט איהרע ווערטער און איז נאך מעהר אויפגערעגט געווארען: — א שפאס, זיא נעהמט ניט קיין פרעזענטען פון אבי וועמען... ווער איז זיא, ביי נאש!... א שלעפערקע, אן ארבייטערין!... טויזענדער אזעלכע, וויא זיא, זיינען דא אין ניו יארק!... דער טייפעל זאל מיך נעהמען, וואס טראכט איך פון איהר?... נו, אז זיא וועט מיך ניט וועלען?... אויסקלייגען זיך און שמארבען, וואס?... און אפשר האט זיא שוין איינעם?... אזא שעהנע מאמזעל... דאן וואס דרעה איך זיך א מוח?...

אין דיעזער צייט איז אין אפיס אריינגעקומען דער אלטער אהרן.

— נו, האסט איהר געגעבען דעם רינגעל? — האט ער געפרעגט.

— איהר שטעהט ניט אן! — האט מעקנעק א געשריי געטהאן — צום טייפעל, איך בין א דעם פול, א עזעל!...

דער אלטער אהרן האט אנגעקוקט איהם פערוואונדערט מיט זיינע רויטע אויגען.

— וואס ביזטו בייז, אייבעלע? — האט ער שטיל געפרעגט.

מעקנעק האט ניט געענטפערט, איז צוגעגאנגען צום פענסטער און האט א ווײלע ארויסגעקוקט אויף דיא אנטקעגענדיגע סארע וואנד פון דער צווייטער פאבריק, דאן האט ער זיך א קעהר געטהאן צו זיין פאטער.

— טאטע — האט ער ארויסגערעדט מיט א לייכטען ציטערען אין קול — קענסטו מיר ניט זאגען, ווער קומט צו זיי אריין?...

— צו וועמען, מיין זוהן?...

— אט צו שטיינבערג'ן...

— צו שטיינבערג'ן? — האט דער אלטער איבערגעפרעגט — וואס איז?... איך קום צו איהם אריין...

— איך פרעג ניט וועגען דיר — האט מעקנעק איהם נערוועז איבערגעשלאגען — איך מיין... עפעס מענשען, מענשען, ניט אזוינע וויא דוא...

— אודאי. איך האב עטליכע מאל דארט געטראפען דאקטאר עפשטיין'ען און נאך א יונגענמאן — האט דער אלטער געזאגט.

מעקנעק'ן האט א קלאפ געטהאן אין הארצען.

— אט אין דיר! — האט ער א

טראכט געטהאן — זיא איז געוויס פער־
ליעבט!...

— א דאקטאר, הא? — האט ער ארויסגערעדט — און דער צווייטער איז מסתמא אויך א דאקטאר... מאמע, מיט וועמען האבען זיי פערבראכט, אט דיא... דאקטוירים?...

— וואס הייסט מיט וועמען? — האט דער אלטער געפרעגט, קוקענדיג אויף מעקנעק'ן אלץ מעהר און מעהר פערוואונדערט....

— בפרשטעהסט גאר ניט, וואס מען רעדט צו דיר? — איז מעקנעק גע־ווארען נערוועז — מיט ליובא'ן האבען זיי דאך פערבראכט, מיט ליובא'ן, ניט מיט דיר?...

— נו, אודאי מיט ליובא'ן... איך פערשטעה דיך ניט, מיין זוהן...

— האסטו אמאל געטראפען, אז ליובא זאל אליין זיצען מיט איינעם פון דיא יונגע לייט ערגעץ אין א בעזונדער צימער?...

— זיא זיצט אלע מאל אליין מיט דאקטאר עפשטיין'ען אין פראנט־צימער — האט דער אלטער געענטפערט — ווען נור איך טרעף איהם דארט...

— אזוי? — האט זיך מעקנעק א כאפ געטהאן — מעג טאקי דער רוח אריין — האט ער א בלישצע געטהאן מיט זיינע ווייסע אויגען.

דער אלטער אהרן האט אויסגע־גלאצט אויף איהם זיינע רויטע אויי־גען צושראקען.

— אייבעלע, וואס איז?...

— און דוא האסט מיר ניט געקענט זאגען, אז דער דאקטאר קומט צו איהר אריין, הא? — האט ער אויסגעשריען מיט כעס — אלעס האסטו מיר געקענט זאגען, אז אויף עטינבערג'ן איז א רחמנות, אז ליובא'ן דארף מען געבען לייכטערע ארבייט... זיא וועט ביי מיר מעהר קיין ארבייט ניט האבען — האט ער זיך פלוצים אונטערבראכען — זאל זיא געהן רייסען די נאז, וואו אנדערש! זיא טויג פאר מיר ניט... זיא פיהרט מיר איבער דיא ארבייט, רייטשעל איז גערעכט!...

דער אלטער האט פון שרעק גענו־מען פינטלען מיט דיא אויגען.

— אייבעלע — האט ער געשטא־מעלט — גאט איז מיט דיר, וואס הייסט?...

— איך וויל ניט האבען קיין עהרע — האט זיך מעקנעק אלץ מעהר און מעהר געקאכט — איך וויל ניט האבען קיין עהרע, זיא זאל מיט מיר א ווארט אויסריידען!... וואס מיינט זיא, אז דא איז קיעוו?... אין דיא העל מיט איהר!... זיא איז א שלעפערקע, מיט מיין מיסט קויף איך אב אי זיא, אי איהר טאטען, אי אפשר דעם דאקטאר אויך, טפוי! — האט ער א שפיי גע־טהאן.

— אבער, אייבעלע, וואס אזוינס האט זיא דיר געטהאן?...

— גאר נישט, גאר נישט, געה, געה! — האט ער געזאגט גראב — געה, טהו דיין ארבייט, אויס, א סוף!...

ער האט זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן שאקעל־שטוהל, ארויפגעלייגט ביידע פיס אויפ'ן טיש און גענומען נערוועז פייפען.

— אייבעלע — האט דער אלטער ווידער ארויסגערעדט.

— איך האב דאך דיר עפעס גע־זאגט — האט מעקנעק אונטערבראכען זיין פייפען — געה!...

דער אלטער האט אראבגעלאזען דעם קאפ און איז ארויס פון אפיס.

— זיא איז פערליעבט, פערליעבט! — האט דאן מעקנעק גענומען טראכטען מיט בימערניש — און איך, דעם פול, בעט זיך ביי איהר, זיא זאל ביי מיר פרעזענטען געהמען... צווי הונדערטער

בעצאהלט פאר דעם רינגעלע, א רוח אין מיין הארצען אריין, ביי גאש!...

אין דיעזער צייט האט זיך די גלעזערנע טהיר האסטיג אן עפען געטהאן, און אין אפים איז ארייגעלאפען דיא דיקע, בלאנדע רייטשעל, אויפגערעגט, מיט בלישצענדיגע אויגען, האלטענדיג א העמד אין דיא הענד.

— אט, קוקט! — האט זיא ארויסגערעדט פערסאפעט, צונעהמענדיג דאס העמד, און איהר הויכער ביוסט האט זיך בעת דעם שווער בעוועגט ארויף און אראפ: — איהר מוזט אליין זעהן מיט אייערע אויגען, א גיט גלויבט איהר מיר ניט!... זעהט, וואס פאר אן ארבייט זיא נעהמט צו!... זעהט דא, און דא, און דא... נו?...

זיא איז אנשוויעגען געווארען און געקוקט אויף איהם מיט איהרע בלויע אויגען, וואס האבען אויסגעדריקט בלומרשט'דיגע ענטריסט׳ג...

ער האט געקוקט אויפ'ן העמד מיט אויפגערעגטע אויגען. דאן האט ער ארונטערגענומען דיא פיס פון'ם טיש און אויפגעהויבען זיך פון ארט.

— ביי גאש — האט ער שטיל ארויסגערעדט — זיא מאכט דאך מיך מאקי אונגליקליך!...

ער איז זיך דורכגעגאנגען דעם אפים היין און צוריק, רייטשעל האט איהם נאכגעפאלגט מיט דיא אויגען.

— האסטו עס איהר געוויעזען? — האט ער זיך ווידער אפגעשטעלט נעבען איהר.

— וואס הייסט, איך וועל איהר וויזען? — האט רייטשעל געענטפערט — איהר האט דאך מיר אויסדריקליך געזאגט, אז איך זאל זיא לאזען צורוה!.. איך פערשטעה ניט — האט זיא צוגעלייגט מיט אויפרעגונג אין קול — איהר ווילט זיא האבען אין שאפ, טא שטעלט בעסער אוועק פאר איהר א וויכע שטוהל און זאל זיא דעם גאנצען טאג זיצען, וויא א גרעפין, און זיך ניט מטשען אין דער ארבייט!... איהר זעהט דאך אליין, אז זיא מאכט אייך אונגליקליך!...

— אלל רייט, אלל רייט — האט ער ארויסגעמורמעלט — איך וועל זיא אין גאנצען אוועקשיקען...

— הא? — האט זיך רייטשעל א כאפ געטהאן — וואס זאגט איהר?...

— עס איז שוין אלל רייט — האט ער געזאגט פעסטער — איך דארף ניט האבען קיין געבילדעטע מאמזעל'ס אין שאפ... זאל זיא!...

ער האט א מאך געטהאן מיט א זאנד און גענומען ווידער געהען אי־בער'ן אפים היין און צוריק.

— זאל זיא!... אז זיא טויג ניט, אז איך האב פון איהר ניט קיין נוצען... זאל זיא!...

אין רייטשעל'ס בלויע אויגען האט אויף א מאמענט דיא פרייד א שיין געטהאן, אבער נור אויף א מאמענט. גלייך האט זיא געמאכט אן ערענסטע מינע און געזאגט:

— וואס ווייסט איהר, וואס פאר א צרות זיא האט אנגעטאן... ניט אימער איז מיר אנגענעהם געווען אייך דערצעהלען... איבערהויפט, ווען איך האב געזעהען, אז דאס הארט אייך ניט... אוי, וואס פאר א קרענקונגען איך האב פון דעם געהאט, וויעפיעל געזונד עס האט מיך געקאסט!...

— אלל רייט, רייטשעל, אלל רייט!

— האט ער געמורמעלט און נערוועז גערעהט זיינע רויטינקע וואנצעס...

— איהר וועט זיא מאקי אוועקשיקען? — האט רייטשעל געפרעגט מיט פערשטיקטער אויפרעגונג אין קול.

— געווים, געווים, וואס דארף איך זיא? נאך היינט!...

— נאָך הײנט ?... רײטשעל האָט פּרעהליך אַ שטראַהל געטהאָן אויף איהם מיט איהרע בלויע אויגען און אַ װאַרף טהאָענדיג דאָס העמד אויפ'ן טיש, האָט זיא מיט אַ קאָקעטישער מינע זיך אַ דרעה געטהאָן פאַר איהם און אַוועקגעשוועבט איבער'ן צימער צום שפּיעגעל.

דאָרט האָט זיא זיך אַוועקגעשטעלט, אַ קעהר געטהאָן זיך צום שפּיעגעל מיט איין פּלייצע, מיט דער צווייטער, האָט זיך אָנגענומען פון הינטען ביי דער טאַליע, איז אָבגעטראָטען פון'ם שפּיעגעל עטליכע טריט הינטערווײלעכץ און טאַפּענדיג מיט בײדע הענד אַרום טאַליע האָט זיא זיך ווידער אַ דרעה געטהאָן מיט איין זייט, מיט'ן אַנדער'ן און דאַן אויסגעשריען:

— אוי, מיין פּריזור, וויא עס זעהט אויס!... פּליז — האָט זיא זיך האַלב אַ קעהר געטהאָן צו מעקנעק'ען מיט אַ קאָקעטישער מינע: — שליסט צו אויף אַ ווײלע דיא טהיר, איך מוז מײנע האָאַר פיקסען...

מעקנעק האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט. ער איז געשטאַנען ביים טיש מיט דיא ווײסע אויגען אויסגעגלאָצט פאַר זיך און האָט זיא, דאַכט זיך, ניט געהערט.

זיא האָט זיך פלינק אַ כאַפּ געטהאָן, איז אַליין צוגעגאַנגען צו דער גלעזערנע טהיר און אַ דרעה געטהאָן דעם שליסעל. דאַן האָט זיא זיך צוריקגעקעהרט און, פערבייגעהענדיג מעקנעק'ן, האָט זיא, בלתמרשט ניט ווילענדיג, אַ שטויס געטהאָן איהם מיט איהר דיקער, וואַריִמער פּלייצע און ענטשולדיגענדיג זיך פאַר איהם, איז זיא צוגעגאַנגען צום שפּיעגעל.

פון איהר שטויס האָט ער זיך ליכט אַ טרייסעל געטהאָן און אָנגעשמעלט זײנע אויגען אויף איהר. ער האָט דערזעהען, וויא זיא האָט איהרע געדיכטע בלאָנדע האָאַר צולאָזען און וויא זיי האָבען זיך צושאָטען אין שווערע גאָלדענע לאָקען איבער איהרע פּלייצעס, איבער איהר רוקען, ביז איבער איהר טאַליע... ער איז געוואָרען אויפמערקזאַמער, אָט וויא אַ קאַץ, בעת זיא דערשפּירט פּלוצים אַ מויז, און אויף זיין ראָבען פּנים און אין די ווייסע אויגען האָט אַרויסגעטראָטען אַ טעמפּער, טהירישער אויסדרוק.

זיא האָט פון דער זייט אַ קוק געטהאָן אויף איהם, אויפהייבענדיג אַרויף איהרע פולע, רונדע אָרעמס און אויסשטעלענדיג אין פאָראויס איהר הויכען ביוסט. דאַן האָט זיא מיט בײדע הענד צונויפגענומען איהרע בלאָנדע האָאַר פון הינטען און ווידער זיי צולאָזען און נאָך אַ מאָל זיי צונויפגענומען און גלייך ווידער זיי צולאָזען. אַקוראַט וויא זיא וואָלט זיך געשפּיעלט מיט זיי . . . דערביי האָט זיא געמאַכט פערשיעדענע בעוועגונגען מיט'ן קערפּער, שטעלענדיג זיך אין פערשיעדענע אויפפאַלענדיגע פּאָזעס . . . געדרעהט מיט דיא פּלייצעס, געבויגט דיא טאַליע, אויסגעשטעלט רונד מיט אַ שטומען כישוף איהרע ברייטע היפּטען און געצויבערט מיט איהר ביוסט, וואָרפענדיג אין צווישען פער'גנב'עטע בליקען פון איהרע בלויע אויגען אויף איהם . . .

און מעקנעק האָט געקוקט און געקוקט אויף איהר.

— אָט דאָס איז אַ מויד ! — האָט ער אַ טראַכט געטהאָן, און דער טעמפּער, טהירישער אויסדרוק איז נאָך שאַרפער אַרויסגעטראָטען אויף זיין ראָבען פּנים, און זיינע ווייסע אויגען האָבען זיך וויא מיט אַ דינעם רויך פערצויגען: — אָט דאָס איז אַ מויד ! וואָס טויג מיר דיא געבילדעטע מאַמ־

ועלען, אין דיא העל מיט זיי ! . . .
און מיט אזא דארף מען דאך ניט חתונה
האבען אויך !

און בעמערקט איהרע א בעזונדער
אויפפאלענדיגע פאזע. האט ער מיט
התפעלות א טראכט געטהאן:

— ביי גאש ! . . .

פלוצים איז איהם איינגעפאלען, ער
וועט גאר איהר אוועקגעבען דעם רינגע־
לע. זאל זיא איהם האבען — זיא ליעבט
איהם טאקי ! . . .

ער האט אנגעטאפט דעם ווינגעלע
אין קעשענע.

— הא, טאקי געבען ? . . . אבער
עס קאסט דאך צוויי הונדערט . . .
משוגע בין איך, וואס ? א מכה ! . . .
וואס הייסט, צוויי הונדערטער ! . . .
מיט א צעהן־דאלארדיגען פרעזענט וועט
זיא זיך אויך ניט דערווערגען, נישט
קשה ! . . . אוי, איז דאס א מויד, א
רוח אין איהר הארץ אריין ! . . .

און געמאכט איהר אט דעם דאזי־
גען צארטען קאמפלימענט אין זיינע גע־
דאנקען, האט ער זיך צוגע׳גנב׳עט צו
איהר אויף דיא שפיץ־פינגער און זיא
אנגעכאפט ביי דער טאליע.

זיא האט דאן געהאלטען אין פער־
פלעכטען איהרע האאר אין א צאפ, האט
זיא איהם, כלומרשט ניט ווילענדיג א
שמיץ געטהאן מיט׳ן אנגענעהם־שמעקענדיגען
צאפ איבער׳ן פנים און אויס־
געשריען:

— וואס איז, וואס איז ? לאזט
מיר פערפלעכטען דיא האאר . . . איהר
מישט מיר ! . . .

אויף זיינע ליפען אונטער דיא
רויטינקע וואנצעס האט זיך אוועקגע־
לויגט א מינע, וויא ביי א קאץ, בעת
זיא בעלעקט זיך פון א געשמאקען בי־
סען, און ער האט געענטפערט:

— מען דארף ניט . . . מיט צולא־
זענע האאר ביזטו שעהנער, רייטשעל !..

— האט ער ארויסגעשפעצעט מיט א
הייסען אטהעם און אוועקגענומען איה־
רע הענד פון דיא האאר, וועלכע זיינען
ווידער צופאלען אין שווערע, גאלדענע
לאקען . . .

— אהא ! . . . — האט זיא זיך צור־
לאכט — שקאצעל קומט ! . . . נו,
טהוט מיר א קוש, און לאזט מיך גע־
העז ! . . .

ער האט זיא ווילד א כאפ געטהאן,
צוגעדריקט זי מיט איהר הויכען, שטיי־
פען ביוסט צו זיך און זיא געשלעפט צו
דער זאפע.

זיא האט זיך א ריס געטהאן פון
זיינע ארעמס.

—לאזט ! . . .

— רייטשעל, זיי ניט קיין נאר !—
האט ער ארויסגעשפעצעט הייזעריג, און
זיינע ווייסע אויגען האבען אויסגעקוקט
נאך מעהר פערנעבעלט און פערדרייכעהט
וויא ביי א שיכור׳ן.

— מיסטער, מיין העט האב איך
נאך ניט אפגענומען — האט זיא ארויס־
גערעדט לאנגזאם. פערקאשערענדיג
קאקעטיש דיא אויבערשטע ליפ, און א
וואונק געטהאן צו איהם מיט די בלויע
אויגען.

— דוא וועסט אפנעהמען . . . איך
וועל דיר היינט געבען געלד — האט
ער געשעפצעט.

— נו, וועט איהר מיך מארגען זע־
הען — האט זיא זיך אבגערופען און
זיך פערנויגט פאר איהם א ציה־טהאענ־
דיג דיא בלוזע ביים ביוסט.

— זיי ניט קיין נאר, רייטשעל !
ווען איך זאג . . .

— ארוים מיט דיא קלינגערס !...
— האט זיא אויסגעשטעלט צו איהם א
האנד.

ער האט זיא א כאפ געטהאן ביי
דער האנד און זיא ווידער גענומען
שלעפען . . . זיא האט זיך שוין מעהר

ניט געריסען פון זיינע הענד, האט נור געלאכט שטיל און פערשטיקט . . . און ער, שלעפענדיג זיא, האט הייס גע־שעפצעט :

— רייטשעל, אוי, א רוח אין דיין הארץ אריין, אין דיין נשמה אריין... אוי, ביי גאט ! . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . .

א ווייטע שפעטער, ווען מעקנעס איז ווידער געזעסען אליין אין אפיס, האט ער שוין ווענען ליובא׳ן געטראכט רוהיגער :

— וואס הייסט, איך וועל זיא אוועקשיקען ? . . . און טאמער איז זיא נאך אין קיינעם ניט פערליעבט ?... וואס פאר א בעווייזע האב איך, אז זיא האט שוין איינעם, הא ? . . . קיי־נע ! . . . היינט ווארום בין איך אזא דעם פול ? . . . גאר ניט וויא אזא ביזנעסמאן וויא איך דארף האנדלען, ביי גאט ! . . . אלעס מוז געטהאן ווע־רען אויף א ביזנעס וועג . . . אפריהער געפינט מען אוים, נאכהער, נו ! . . . שא ! — האט ער זיך פלוצים א כאפ געטהאן — זיא האט דאך מיר געזאגט, אז זיא וועט געהען מיט מיר אין טהעא־טער, ווען איך וועל זיא נור רופען... געהט עס ! . . . באלד טאקי לאד איך זיא איין פאר היינט אבענד . . . א גוטער געדאנק . . . אט אזוי וועל איך באלד אלעס אויסגעפינען — אהער אדער אהין, ניט געדרעהט זיך אומזיסט א מוח ! . . .

אין א האלבע שטונדע שפעטער, ווען ליובא איז געשטאנען אהינטער׳ן טיש און איבערגעקוקט דיא ארבייט, איז ער צוגעגאנגען צו איהר מיט א שמייכעל און אנשפארענדיג זיך מיט ביידע עלענבויגענס אן טיש, האט ער גענומען קוקען, וויא זיא עקזאמינירט דיא העמדער.

ליובא איז געווארען נערוועז פון זיין קוקען, ווארום זיא האט געוואוסט, אז רייטשעל איז ניט לאנג געוועזען ביי איהם מיט א מסירה אויף איהר און זיא האט געדענקט, אז זיין איצטיגער קור־קען האט א שייכות מיט יענער׳ס פער־מסר׳ן זיא . . . אויסערדעם האט זיא געפיהלט, אז מעקנעס בלאזט זיך אויף איהר ווייל זיא האט זיך אבגעזאגט פון זיין פרעזענט.

— ער קען נאך מיר גאר הייסען געהען אהיים . . . האט זיא א טראכט געטהאן און איז געווארען רויט.

ארום האט געפילדערט און געזשו־זשעט. עטליכע ארבייטערינס זיינען געשטאנען אויף דעם אנדער זייט טיש, וואו רייטשעל האט מיט א צופריעדענער מינע איבערגעקוקט ארבייט. דער פאר־מאן, מיט דיא ארבעל הויך־פערקא־שערט איבער דיא לאנגע מאגערע עלענבויגענס, איז ארומגעגאנגען אי־בער דער פאבריק צווישען דיא מאשי־נען, וויגענדיג זיך אויף זיינע לאנגע, כאגערע פיס.

ווען רייטשעל איז פארטיג געווא־רען מיט דיא ארבייטערינס, האט זיא פון ווייטען א ווינק געטהאן צו מעק־נעס׳ן, דענקענדיג, אז ער איז איצט געקומען זאגען ליובא׳ן, זיא זאל אהיים געהען. מעקנעס האט געכאפט איהר וואונק און געענטפערט איהר אין זיינע געדאנקען : — אין דיא העל געה, וואס ווינקסטו צו מיר ? . . .

אויף׳ן סוף האט ער זיך געווענדעט צו ליובא׳ן :

— מיסס עטינבערג, אלל־רייט, איך בין געקומען זיי זאגען, אז איך האלט זיי ביים ווארט . . . מיר געהען היינט אבענד אין א טהעאטער, אלל־רייט ? . . .

דאס איז געוועזען אזוי אונערוואר־טעט פאר ליובא׳ן, אז זיא איז צומישט געווארען און א היבשע ווייל האט

זיא ניט געוואוסט, וואס איהם צו ענטפערען.

פון איין זייט האט זיא זיך דערפרעהט, ווען עס איז איהר קלאהר געווארען, אז זיין איצטיגער קוקען, וויא זיא ארבייט, האט גיט צוטהאן מיט רייטשעל׳ס מסירה. פון דער צווייטער זייט אבער האט זיך איהר שטארק ניט געוואלט געהען מיט איהם אין טהעאטער, איבערהויפט היינטיגען אבענד, ווען דאקטאר עפשטיין וועט אוודאי קומען צו זיי פערברענגען לכבוד איהר געבורטס־טאג. . .

— וואס טהוט מען ? — האט זיא געטראכט — ניט געהען מיט איהם, וועט ער זיך נאך מעהר בעליידיגען... און א מאל קען עס מיך מאקי קאסטען דער פלאץ . . .

— נו, וואס זאגען זיי ? — האט מעקניעק ווידער געפרעגט.

— אפשר זאלען מיר עס אפלייגען אויף מארגען ? — האט זי שטיל ארויסגערעדט.

— פארוואס ניט היינט ? — האט ער זיך א כאפ געטהאן מיט פערדרוס אין קול, טראכטענדיג דערביי מיט כעס : — אט זיא זוכט זיך שוין ארויסצודרעהען !... אבער איך וויל זיך ניט לאזען מעהר בלאפען... נעווער אין יור לייף, מאמזעל !...

— היינט איז מיר אונאנגענעהם אוועקצוגעהען פון הויז — האט זיא שטיל געענטפערט — איהר ווייסט דאך... מיין געבורטסטאג... עס וועלען אודאי קומען בעקאנטע...

— אהא ! — האט ער א טראכט געטהאן — „בעקאנטע“... זיא מיינט עס יענעם... איהריגען !... אויב אזוי ועסטו דוקא געהן מיט מיר היינט אין טהעאטער מאמזעל ! — האט ער א טראכט געטהאן מיט האס און ארויסגערעדט :

— אבער זיי האבען דאך מיר פערשפראכען צו געהן, ווען נור איך וועל זיי איינלאדען... איך האלט זיי ביים ווארט, מיסס עטינבערג ! — האט ער געזאגט מיט א פעסטען טאן.

— איך האב ניט געמיינט היינט — האט זי זיך אבגערופען מיט א שמירכער.

ער האט א ווילע געשוויגען, קוקענדיג אויף איהר מיט זיינע ווייכע אויגען. דאן האט ער זיך א כאפ געטהאן, וויא דערמאנענדיג זיך פלוצים אן עפעס, און געפרעגט :

— ווער וועט ביי זיי זיין ?... וויא הייסען זיי, זייערע בעקאנטע ? וועט דאקטאר עפשטיין אויך זיין ?...

— וואהרשיינליך — האט זי שטיל געענטפערט און ארונטערגעלאזען דיא אויגען, פיהלענדיג זיך שטארק אונאנגענעהם פון זיינע פראגען.

— איז דאקטאר עפשטיין דערזעלבער, וואס... האט אמאל געארבייט ביי זייער פאטער ?...

— יא — האט זיא שטיל געענטפערט.

— איך געדענק איהם. איז ער נאך איצט אויך אזא דעם פול ? — האט ער געפרעגט מיט א ביטערער מינע.

זי האט איהם אנגעקוקט מיט גרויסע אויגען.

— וואס פעלט אייך איין ?...

— אהא, דיר לויינט ניט, מאמזעל ?

— האט ער א טראכט געטהאן, דערשטיקענדיג אין זיך דיא אויפרעגונג : — ועל איך דוקא !...

און ער האט זיך ווידער אבגערערפען מיט דערזעלבער ביטרער מינע :

—ער איז געווען א דעם פול, א גרויסער עזעל... הא־הו, כא־כא, כעע־ע ! — האט ער זיך צולאכט מיט זיין מאדנעם געלעכטער וועלכער האט זיך אנגעהויבען פון דיא אונטערשטע מע־

נער און געענדיגט זיך מיט דיא סאמע איבערשטע, דינע טענער, וואס פלעגט ליובא'ן תמיד הערמאנען אן דעם פרעה־ליכען האווקען פון איהר אמאליגען הינטעלע קראסאווטשיק: — הר־הו, כא, כא, כע־ע־ע!... איך געדענק, ער האט זיך אמאל אין קיעוו פערליעבט אין א מיידעל, איז ער געבליעבען מיט א גרויסע נאז... זיא האט איהם געזאגט: וועלכע ריכטיגע, געבילדעטע מאמזעל וועט עס וועלען זיך פערליעבען אין אזא עזעל... אט אזוי האט זיא איהם אפ־געפייערט, ביי גאש!... הר־הו, כא, כא, כע־ע־ע!...

ליובא'ן האט געעקעלט אי פון זיין לאכען, אי פון זיינע רייד. זיא איז גע־ווארען אזוי אויפגערעגט, אז זיא וואלט מיט פערגעניגען א שמיץ גע־טהאן דאס העמד, וואס זיא האט אין דיא הענד געהאלטען, איהם אין פנים אריין.

— אידיאט! — האט זיא א טראכט געטהאן מיט עקעל — ער לאכט אויך פון עפשטיין'ען!... מעקנעק! — האט זיא שיעור ניט א געשריי געטהאן איהם אין פנים אריין. אבער האט זיך בע־הערשט און זיך אבגערופען מיט פער־שטיקטער ביטערניש:

— אזוי? . . . א געבילדעטע מאמ־זעל האט זיך ניט געוואלט אין איהם פערליעבען?.... אין אמעריקא איז הפנים פארהאן מעהר גליק פאר אלע־מען... דא האט זיך אין איהם א שעה־נע געבילדעטע מאמזעל יא געוואלט פערליעבען און האט אפילו מיט איהם חתונה געהאט אויך!...

מעקנעק האט זיך א כאפ געטהאן, וויא אן אפגעבריהטער.

— וואס? חתונה געהאט?... ער איז דען פערהייראטעט?...

— אוודאי איז ער פערהייראטעט, ווען ער האט חתונה געהאט... — האט ליובא געענטפערט, און טיעף אין איהר נשמה האט א פערשטיקטע, פערבאר־גענע בענקעניש מיט א קרעכץ זיך א צאפעל געטהאן: — און ער האט זעהר א שעהנע און געבילדעטע פרוי...

מעקנעק'ס ווייסע אויגען האבען זיך פרעהליך גענומען בעוועגען, אקו־ראט וויא זיי וואלטען אוועק טאנצען א „דזשיק", און א צופריעדענער שמיי־כעל האט זיך אויסגעלעגט אונטער זיי־נע רויטינקע וואנצעס.

— היינט, ביי גאש, וואס דרעה איך א קאפ אי זיך, אי איהר? און וואס זידעל איך איהם?... האט ער א טראכט געטהאן, פיהלענדיג, אקוראט וויא ז'ין הארץ וואלט זיך פלוצים בעפרייט פון עפעס א שווערע משא...

— איך האב עס גאר ניט געוואוסט — האט ער ארויסגערעדט און צוגעלעגט — נו, אודאי, דא איז ער געווארען אנ־אנדער מענש, אויסגעמענשעלט זיך... אניט וואלט ער דאך ניט געווארען קיין דאקטאר!...

ליובא האט איהם מעהר ניט געענט־פערט און מיט א מין אימפעט געכאפט זיך איבערקוקען דיא העמדער, דרעהענ־דיג זיי אויפ'ן טיש אהער און אהין, דא מיט דיא ארבעל צו זיך און דא מיט'ן קאלנער...

מעקנעק האט געקוקט אויף איהר און זיינע ווייסע אויגען האבען זיא פרעהליך געלאסצעט. דאן האט ער גע־זאגט:

— יא, איהר האט רעכט, מיר ווע־לען מארגען געהן אין טהעאטער. היינט וועל איך אויך האבען דעם גרויסען פערגעניגען צו בעזוכען זיי און זייער פאטער... איך קליב זיך שוין לאנג צו בעזוכען זייער פאטער...

ליובא האט שנעל א בליק געטהאן אויף איהם — הא? — האט זיך ביי איהר ארויסגעריסען — איהר... איהר...

און געכאפט זיך, אז פון איהר מאַן קען ער זיך אנשטויסען, וויא אונאנגענעהם איז איהר זיין קומען צו זיי, איז זיא צומישט געווארען און, אונטערברעכענדיג זיך אין מיטען פראַזע, איז זיא אנשוויעגען געווארען.

ער האט אבער שוין דערפיהלט, אז עפעס איז זיא ניט צופריעדען מיט זיין קומען, איז דער פרעהליכער שמייכעל פערשוואונדען פון אונטער זיינע רויטינקע וואַנצעס און ער האט ארויסגערעדט מיט אַ ערנסטער מינע:

— ווארום?... זיי ווילען ניט, איך זאָל צו זיי קומען?...

— הא? — האט זיא זיך א כאַפּ געטהאָן, נאך מעהר צומישט, און איז רויט געווארען, וויא צונטער: — וואס הייסט?... פערקעהרט, עס איז מיר זעהר אנגענעהם און מיין פּאַפּאַ'ן וועט אויך זיין אנגענעהם, אייך צו זעהען ביי זיך... כאַ, כאַ, כאַ! — האט זיא זיך צולאכט נערוועז — וואס איך קען איינפאַלען, מיסטער מעקנעק!... איך פערזיכער אייך, מיר וועט עס זיין זעהר אנגענעהם...

זיינע ווייסע אויגען האבען ווידער אנגעהויבען פרעהלאך צו טאַנצען און ער האט געזאגט:

— אלזא, אַלל רייט, מיסס עטינבערג, היינט אבענד ביי זיי!...

— גאַטוניו — האט ליובא שפעטער א טראַכט געטהאָן, ווען ער איז אוועק אין אפיס: — ער האט נאך געפעהלט ביי אונז אין דער־היים!... עס וועט שוין היינט זיין א פערשטערטער אבענד... און דער פּאַפּאַ קען איהם נאך בעליידיגען אויך!... וואס טהוט מען?...

און איהרע גרויסע, שווארצע אויגען האבען בעת דעם אויסגעדריקט שרעק.

דיא דיקע רייטשעל, בעמערקענדיג פון ווייטען, וויא צושראָקען און צור־טראָגען זיא זעהט אויס, איז געווען זיכער, אז מעקנעק האט שוין איהר געהיימען געהען אהיים. איהרע בלויע אויגען האבען א בלישצע געטהאָן מיט נצחון און, א ווינק טהאענדיג פון ווייטען צום פּארמאַן און א מאך טהאענדיג אין ליובא'ס ריכטונג מיט'ן בלאָנדען קאָפּ, האט זיא ארויסגעשטעלט א שפּיץ פון איהר צונג לאַכענדיג מיט דיא בלויע אויגען און מיט'ן גאַנצען רונדען, דיקען, ווייסען פּנים...

11.

אין דעם זעלבען אבענד, ווען עטינבערג איז געקומען אהיים פון דער ארבייט, האט ער מיט זיך געבראַכט א בוקעט בלומען.

אַניוטאַ איז דעמאָלט געזעסען ביים טיש אין קיך און האט געלעזען א רוסישע צייטונג, וואס דאָקטאָר עפּשטיין האט מיט אַ אבענד צוריק דאַ איבערגעלאַזען.

דאס צימער איז דונקעל בעלייכטעט געווען מיט איין גאַז־ברענער. אויפ'ן הייסען אויווען זיינען געשטאַנען א פּאַאר טעפּלאך און א טהעע־קאַן און האבען געזשוזשעט מיט לאַנגע הייסע, זודיגע טענער.

— גוטען אבענד! — האט עטינבערג ארויסגערעדט, אוועקלעגענדיג דעם בוקעט בלומען אויפ'ן טיש: — ליובעטשקאַ איז נאך ניטאָ פון שאָפּ?...

— זיא וועט מסתמא באַלד קומען — האט אַניוטאַ געענטפערט, אוועקלעגענדיג דיא צייטונג.

— נו, יאָ — האט עטינבערג ארויסגעמורמעלט — ליובא'ס געבורטסטאַג אין אמעריקאַ!...

ער האט א זיפץ געטהאָן, איז ארויס אין שלאַף־צימער און, ארונטערנעהמענדיג פון זיך דיא פוטער און דיא הויכע קאַראַקולענע הוט, האט ער זיי דאָרט אין אַלמער אויפגעהאנגען.

אניוטא האט דערווייל נענומען דעם בוקעט בלומען פון'ם טיש און א שמעק געטהאן.

— צוואנציג יאהר היינט געווארען מיין ליובעטשקא!... טאכטער מיינע — האט דאס הארץ אין איהר ארויסגע־שעפצעט ווארעם און צערטליך — זיי גליקליך, זיי גליקליך!...

אין דערזעלבער צייט האט פאר איהר א שוועב געטהאן דיא אלטע היים, דיא שעהנע הויז, פערגאסען מיט העל־לען ליכט... זיא אליין, אן אויסגעפוצ־טע, א גליקליכע... ער, איהר מאן, מיט א שטראהלענדיגען פנים... א פולער זאאל מיט בלומען און ליובא, דיא שעהנ־סטע פון אלע בלומען...

זיא האט זיך א כאפ געטהאן פון ארט, א כאף געטהאן מיט א האנד, אזוי וויא זיא וואלט געטריעבען פון זיך יענע בילדער...

— ניט טראכטען, ניט טראכטען — האט זיא געשעפצעט, אוועקלייגענדיג דעם בוקעט בלומען אויפ'ן טיש און צו־געהענדיג צום אויווען: — געוועזען אמאל א שעהנער חלום, ניטא שוין מעהר דער שעהנער חלום, ניטא, ניטא!... אוי! — האט פלוצים מיט ברענענדיגער ליי־דענשאפט א קרעכץ געטהאן איהר הארץ: — ווען ליובא וואלט כאטש וויי־מער געחלום'ט יענעם שעהנעם חלום, ווען זיא, מיין טאכטער וואלט כאטש גליקליך געווען!... איך אליין וויל שוין ניט... דארף שוין ניט... איך אליין בין שוין צופריעדען, צופריעדען...

אין פון איהרע אויגען האבען זיך געקייקעלט טרעהרען, האבען זיך גע־קייקעלט און פערשוואונדען אין דיא נייע, טיעפע קנייטשען פון איהר פנים...

באלד אבער האט זיא דערהערט, אז איהר מאן קומט, האט זיא אויף דער שנעל אפגעווישט די טרעהרען פון דיא אויגען און מיט אלע כוחות זיך גע־צוואונגען צו שמייכלען...

עטינבערג איז אריינגעקומען און זיך געזעצט ביים טיש, גלעטענדיג צו־טראגען זיין שעהנעם שווארצען בארד.

— וועסטו טרינקען טהעע, בארים?

— האט אניוטא געפרעגט.

— הא? — האט ער זיך א כאפ געטהאן — וואס, אניוטקא? ...

— איך פרעג דיך, אויב דוא ווילסט טרינקען טהעע?

— יא, זיי אזוי גוט — האט ער גענומען געהען איבער'ן צימער הין און צוריק און זיך געגלעט צוטראגען זיין בארד.

אניוטא האט אוועקגעשטעלט א גלאז טהעע אויף'ן טיש.

— געה, טרינק, בארים... וואס ביזטו אזוי צוטראגען, נארוניו? — האט זיא ארויסגערעדט מיט א ווייכען קול, אנשטויסענדיג זיך וועגען וואס ער טראכט.

— עס טראכט זיך, אניוטקא — האט ער ארויסגערעדט שטיל און מיט בענ־קעניש אין קול: — עס טראכט זיך, צו דוא ווילסט, צו דוא ווילסט ניט... טייפעל, פארוואס קען זיך דער מענש ניט פערגעסען! ... ביזט געווארען ארעם, דוא האסט פערלארען אלעס, טא פערליר דעם זכרון אויך! ... איז ניין, דער זכרון בלייבט ביי דיר, און דוא מוזט געדענקען, דוא מוזט, אז א מאל ביזטו געווען ... עה, אקוראט וויא גאט וואלט זיך מיט דיר גערייצט! — האט ער זיך פלוצים אונטערבראכען און איז אנשוויגען געווארען.

— בארים, נו, איך בעט דיך, היינט זיי ניט אויפגערעגט צוליעב ליובא'ן — האט זיא ארויסגערעדט מיט געבעט אין קול.

— צוליעב ליובא'ן? — האט ער אונטערגעכאפט — וועגען וועמען דען

טראכט איך איצט, הא ? . . .דערמאהן זיך נור איהר געבורטסטאג דארט, דארט . . . טענץ, מוזיק, שאמפאניער, פרייד, געלעכטער און א הויז, א הויז, וואו האסטו דא געזעהען אזא הויז, וויא אונזערע יענע ? . . . און איהר געבורטסטאג דא, דא ! . . . א חזיר־שטאהל. א שאפ, אן אבראשא מעקנעק, אן אמעריקא ! . . . אך, אנירטא — האט ער ארויסגערעדט מיט וועהטאג און טיעפער בענקעניש אין קול — מיין גאנצען לעבען וואלט איך אוועקגעגעבען פאר נאך איין יאהר לעבען אין יענעם הויז אונזערען . . . איך וואלט כאטש פון וויטען געוואלט א קוק טהאן אויף יענעם הויז אונזערען, אויף אונזער גאס, אויף אונזער קיעוו . . . ווארום מיר דאכט זיך אלץ, אז דער ריכטיגער עטינבערג, דיא ריכטיגע אניוטא און דיא ריכטיגע ליובא זיינען דארט פערבליעבען, דארט זיך אבגעשטעלט, דא זיינען נור אונזערע שאטענס ! . . .

אניוטא האט זיך שיעור ניט צורווינט אויף'ן קול פון זיינע ווערטער. אין זיי האבען זיך געצאפעלט דיא יסורים און דיא בענקעניש פון איהר אייגענעם הארצען אויך. זיא אבער האט איצט אויך, וויא אלע מאל, געזוכט צו דערשטיקען אין זיך איהרע אייגענע ליידען און צו בערוהיגען איהם . . . זיא האט גענומען טראכטען, וואס ענטפערט מען איהם. דאן האט זיא זיך אבגערופען מיט אויפרעגונג אין קול :

— און איך וואלט נאך איצט אויך מורא געהאט א קוק צו טהאן אויף אונזער הויז, טאמער שטעהט דארט ערגעץ א חוליגאן מיט א מעסער, צו מיט א שטיק אייזען . . . בארים — האט זיא געזאגט מיט וואקסענדיגער אויפרעגונג. און אין איהר קול האבען זיך דערהערט פערשטיקטע טרעהרען : — בארים, מיר דאכט זיך, אז נאך איצט ארום יענעם הויז וואלגערען זיך דארט שטיקלאך און גאנצע שטיקער פון אונזער צושטערטען האב און גוטס, פון אונזער צושטערטען לעבען, אז דיא סליארען פון אונזערע בלוטיגע טרעהרען זיינען נאך דארט ניט פערטריקענט געווארען . . . אוי, רייד מיר ניט פון יענעם הויז ! פערברענט זאל עס ווערען, פערברענט, מיט דיא חוליגאנעס, מיט אלעם, אלעם, אלעם ! — האט זיך ביי איהר פלוצים ארויסגעריסען א פערשטיקטער יאמער, וועלכען זיא האט געוואלט אין זיך איינהאלטען און, ניט האבענדיג קיין כוחות פאר דעם, האט זיא זיך נאך ליידענשאפטליכער צורווינט און איז ארויסגעלאפען פון קיך אין פראנט־צימער.

עטינבערג איז געבליעבען שטעהען צומישט. אזא אויסברוך ביי אניוטא'ן האט ער נאך קיין מאל ניט געזעהען. ער האט זיך געוואלט בערוהיגען, רופען זיא, אבער אנשטאט דעם האבען זיינע ליפען מיט דעם לאנגען בארד גענומען ציטערען און, ארויסלאזענדיג א מין פערשטיקטען כריפ, האט ער גענומען שטארק סאפען מיט דער נאז און פינטלען מיט דיא אויגען, פערלאפענג מיט טרעהרען . . .

אין א ווייל ארום, ווען זיא איז אריינגעקומען צוריק אין קיך, האט ער שוין זיא גענומען טרויסטען.

— ניש־קשה, אניוטא — האט ער איהר געגלעט דיא פלייצע — מיר וועלען גאנץ זיין . . . היינט איז אונז בעסער וויא פאר א יאהרען . . . איך פערדיען בעסער און ליובא פערדיענט... איבער א יאהר אין דיעזער צייט, האף איך, וועט אונז גאר גוט זיין . . . איך וועל האבען אן אייגענע פאבריק פון סיגארען און . . . אפשר וועלען מיר

נאר ביז יענער צייט קענען פאהרען צו־ ריק אהיים, קיין קיעוו . . . אפשר וועט דיא דומא זיך ארויסווייזען מענשליך צו אידען . . . ווער ווייסט. וואס ביז יע־ נער צייט וועט גאט געבען ? . . .

אין דיעזער צייט האבען זיך דער־ הערט טריט אויף דיא טרעפ. אניוטא האט זיך א כאפ געטהאן.

— ליובא געהט ! . . . שא, איצט רוהיג ! . . .מאך א פרעהליכע מינע... זאלען מיר איהר כאטש היינט אין דער־היים ניט פערשטערען דעם גע־ בורטסטאג ! . . .

ליובא איז אריינגעקומען. עטינ־ בערג האט זיך א ווארף געטהאן געגען איהר.

— גוט'ן אבענד, קינדעלע ! —האט ער זיא צערטליך א כאפ געטהאן און צוגעדריקט צו זיך : — וואס ווילסטו זאל איך דיר ווינשען, מיין קינד ? — האט ער ארויסגערעדט מיט א ציטערענ־ דיגען קול און איהר א קוש געטהאן.

— ווינש מיר, פאפא, א גוטען שאפ און שטענדיגע ארבייט ! — האט זיך ליובא צולאכט.

— נו, נו, רייד ניט אזוי, נארעניו ! — האט ער ביטער א שמייכעל געטהאן, העלפענדיג איהר אויסטהאן דיא פוטער, דיא הוט און אריינהענגענדיג עס אין קליידער־אלמער.

— נו, ליובא ? — איז דאן צו־ געגאנגען צו איהר אניוטא מיט ווארימע אויגען, אננעהמענדיג זיא פאר א האנד: — נו ?... דיין מאמע ווינשט דיר...

און דערפיהלט, אז זיא וועט זיך באלד ווידער צו־וויינען, האט אניוטא פיעבעריש א כאפ געטהאן צו זיך ליובא'ן און קושענדיג זיא מיט היץ, מיט א מין אימפעט, האט זיא אין איהרע קושען דערשטיקט איהרע טרעהרען.

— מאמעניו, מאמעניו ! — האט נור ליובא געשעפצעט, ענטפערענדי־ איהר מוטער מיט צארטע קושען, און זיי ביידע, אי דיא מאמע, אי דיא טאכטער, האבען זיך אזוי גוט פערשטאנען אהן איבריגע ווערטער...

— און איצט, ליובינקא, זעץ זיך און טרינק טהעע ! — האט זיך דאן אניוטא א כאפ געטאהן, צולויפענדיג צום אויוון.

ליובא האט דערזעהען דעם בוקעט בלומען אויפ'ן טיש, האט זיא פרעהליך גענומען שמייכלען.

— אוי, וואס פאר א שעהנע בלו־ מען ! — האט זיא מיט פרייד אויסגע־ רופען, צוגעהענדיג צום טיש און נעה־ מענדיג דעם בוקעט בלומען :— דאס האסטו דאך געבראכט, פאפא, הא ? — האט זיא זיך דאן א קעהר געטאהן מיט א שטראהלענדיגען פנים צו עטינבערג'ן, וועלכער איז געשטאנען אין טיהר מיט זיין הויכער, ברייטער פיגור און געקוקט אויף איהר מיט א צערטליכען און טרוי־ עריגען שמייכעל.

— אזעלכע בלומען וויא אין קיעוו האב איך דא ניט געקענט קריגען, מיין קינד — האט ער געענטפערט מיט דעם זעלבען צערטליכען און טרויעריגען שמייכעל און זיך א גלעט געטאהן דעם בארד.

— שעהנע בלומען, פאפא, איך דאנק דיר ! — האט ליובא זיך אבגערו־ פען, ציהענדיג מיט'ן נאזעל דיא פרישע ריחות פון'ם בוקעט:— מען דארף איהם אריינשטעלען אין וואסער...

— שפעטער, ליובא, שפעטער — האט זיך אריינגעמישט אניוטא — טרינק אפריהער דיין טהעע.. און דיין טהעע, באריס, ווערט אויך קאלט.

— זעץ זיך טאקי ליובעטשקא, און מיר וועלען טרינקען טהעע — האט עטינבערג זיך אפגערופען, און זיי ביידע האבען זיך אוועקגעזעצט ביי'ם טיש.

— ווייסטו וועמען איך האב פרי־ הער געטראפען ? דאקטאר רייכמאן'ען. ער האט געזאגט, אז ער וועט דא היינט זיין — האט עטינבערג פלוצים געזאגט, ווען ער האט אויסגעטרונקען זיין גלאז

טהעע :— אַט דאָס איז א מענש ! — האָט ער צוגעלייגט מיט התפעלות — דער איינציגער ריכטיגער מענש אין גאַנץ אַמעריקא... און א ריכטיגער דאָקטאָר אויך, ווארום אין רוסלאנד האָט ער אויך געשטודירט אין אַן אוניווערזיטעט, א דאָקטאָר ניט פון אַן אמעריקאַנישען אוניווערסיטעט !...

— יע, — האָט ליובא בעמערקט

— דאָקטאָר רייכמאַן איז זעהר א ליעבער מענש...

— מען האָט עפּעס געדאַרפט אַנגרויטען — האָט אַניוטא געזאָגט — דאָקטאָר עפּשטיין וועט אוודאי אויך קומען...

— וואלאדיא וועט אוודאי קומען — האָט שטינבערג זיך אָבגערופען — אָבער פאר איהם וואָלט איך גאָר נישט אָנגעגרייט, א גלאָז טהעע איז גענוג פאר איהם.. זעהסטו, פאר דאָקטאָר רייכמאַן'ען וואָלט מען עפּעס יאָ געדאַרפט אָנגרייטען... אַניוטא — האָט ער זיך אויפגעהויבען פון אָרט — אפשר וואָלטען מיר... א פּאָאר פלעשער שאַמפּאַניער געקויפט ?.. הא, וואָס זאָגסטו? אלץ איינס ארימע לייט... לכל־הפחות היינט אביסעל פערברענגען... כאָטש זאָל זיין עטוואָס פּאַכאזשע, וויא אמאָל, הא ? וואָס זאָגסטו, הא ?

ליובא האָט זיך צולאַכט אויפ'ן קול און אַניוטא האָט איהם אָנגעקוקט מיט א שמייכעל און געענטפערט :

— געה, דו נארוניו, וויא קומט אין אמעריקא ריכטיגע שאַמפּאַניער ?..

ליובא האָט זיך נאָך העכער צולאַכט.

שטינבערג האָט ביסטרע א קוק געטהאָן אויף ליובא'ן און ארויסגעמורמעלט אין באָרד אריין :

— זעה נור, וויא זיא לאַכט פון איהר פּאַפּא'ן ! וואָס לאַכסטו, ליובא ?

—האָט ער א געשריי געטהאָן מיט פערדרוס אין קול.

— גאָר נישט, פּאַפּא, גאָר נישט — האָט זיא זיך א כאַפּ געטהאָן, אונטערברעכענדיג איהר געלעכטער :— עס איז מיר גוט אויפ'ן הארצען, לאָך איך. פּאַפּא — האָט זיא פּלוצים געזאָגט מיט אַן ערנסטער מינע — איך האָב צו דיר א ביטע און היינט צוליעב מיין געבורטסטאָג מוזטו מיר זיא ערפילען...

אי ער, אי אַניוטא האָבען זיא אָנגעקוקט מיט פרעגענדיגע אויגען.

— א ביטע ? וואָס אַן ערך ? — האָט ער געפרעגט.

— דו מוזט מיר אפּיהער פערשפּרעכען, אז דוא וועסט מיין ביטע ערפילען — האָט זיא געזאָגט מיט איהר ליעבען שמייכעל אין איהרע שווארצע אויגען.

ער האָט זיך צולאַכט גוטמוטהיג.

— גאָט ווייסט, צי איך וועל קענען דיין ביטע ערפילען. אפשר וועסטו ביי מיר בעטען א מיליאָן דאָלאר ?... אָבער גוט — האָט ער צוגעלייגט מיט א שמייכעל — זאָג, בעט, און איך וועל אלעס טהאָן...

— ווען באָרים שטינבערג פערשפּרעכט, האלט ער אימער זיין פערשפּרעכען — האָט ליובא זיך אָבגערופען— און איך האָף, אז היינט וועט ער אויך זיין פערשפּרעכען האלטען..

— נו, נו, זעה נור, וואָס פאר א פּאָרבערייטונגען זיא מאַכט עס אביסעל, אקוראַט וויא זיא וואָלט זיך עפּעס געקליעבען דערצעהלען וועגען איהרען א חתן !— האָט זיך שטינבערג ווידער צולאַכט — נו...

— אָבער געדענק, פּאַפּא, אז איך האָב דיין פערשפּרעכען...

— נו, רייד־זשע ארויס ! — איי ער געוואָרען אונגעדולדיג.

— פּאַפּא, ... וועט היינט ביי אונז זיין א גאַסט, וועלכען איך וויל, דוא זאָלסט אויפנעהמען פריינדליך — האָט ליובא ארויסגערעדט מיט נעבעם אין קול.

— אבראשא ! — איז ביי אַניוטא'ן דורכגעפלויגען אין מוח, און עס האָט איהר אין הארצען א זעץ געטהאָן.

— ווער איז דער גאסט ? — האט עטינבערג געפרעגט.

— ער, מיסטער מעקנעק — האט ליובא שטיל געענטפערט און, בעמערקט וויא איהר פאטער האט זיך א טרויסעל געטאהן און ווייט אויסגעגלאצט זיינע אויגען, איז זיא אויפגעשפרונגען פון ארט און, צולויפענדיג צו איהם, האט זי זיך ארומגעכאפט מיט ביידע ארעמס ארום זיין נאקען און ארויסגערעדט מיט א גוטען שמייכעל :

— בארים עטינבערג, גוטער פאמאטשקע, דו האסט מיר פערשפראכען...

— נו, נו — האט ער געמורמעלט צומישט — איך האלט.. איך האלט... אבראשא פאדליעץ וויל קומען... ווייזען מיר... אז ער.. אז ער... נו, זאל ער קומען... זאל ער קומען... איך האלט מיין פערשפרעכען.. איך האלט...

ער האט זיך בעפרייט פון ליובא'ס ארעמס און איז אויפגעשטאנען פון ארט.

— דאס אלעס, וואס דוא האסט געוואלט ? נו, געוויס, ארויסטרייבען פון'ם הויז וועל איך איהם ניט — האט ער גערעדט — אבער.. אבער... פארוואס דוקא היינט ? ער וואלט בעסער געקומען מארגען, צי איבער אכט־טאג.. ווייסטו וואס, ליובא ? — האט ער זיך פלוצים א כאפ געטאהן — איך וועל אויף היינטיגען אבענד גאר אוועקגעהן פון הויז.. איך פיהל, אז איך קען איהם ניט אנקוקען... איך קען ניט, דו פערשטעהסט !..

— בארים, זיי ניט משוגע ! — האט אניוטא, וועלכע האט שוין ארומגעטראכט דיא גאנצע סיטואציאן, זיך אריינגעמישט : — פארוואס זאל ער עפעס צו אונז ניט קומען ? מיר האבען איהם קיין שלעכטס ניט געטאהן און ער אונז אויך ניט... דו האסט געדארפט ערווארטען, ער זאל אמאל אונז בעזוכען... און איך בעט דיך אויך, בארים, אז דוא זאלסט זיין מיט איהם פריינדליך...

— פריינדליך, הא ? — האט ער זיך שטיל צולאכט מיט גאל — וויא פריינדליך, ווילסטו זאל איך מיט איהם זיין ?... אפשר אוועקשטעלען זיך פאר איהם אהן א היטעל, אזוי וויא ער פלעגט אמאל פאר מיר שטעהען ?... אדער גאר א קוש טהון זיין הענטעלע און זאגען ! :

— שפייזער אונזערער, דו אמעריקאנסקער מיסטער מעקנעק, מיר דאנקען דיר פאר דיא עהרע, וואס דו האסט אונז אנגעטאהן, וואס דו ביזט געקומען אונז בעזוכען !.. כא, כא, כא ! — האט ער זיך ווידער שטיל צולאכט, און פלוצים, אזוי וויא אן עפעס זיך דערמאהנט, האט ער אונטערבראכען זיין געלעכטער אין, א קוק טהאענדיג אויף אניוטא'ן, האט ער שטיל ארויסגערעדט :

— דוא געדענקסט איהם, אניוטא, הא ?... אבראשא־פאדליעץ, לויף און שפאן איין דיא פערד !... און איצט... איצט... א וואזשנער גאסט !... זעהן איהם אוועק אויבען־אן !... א־מער־די־קא ! — האט ער ארויסגעשעפצעט מיט האס און מיט וועהטאג.

— אמעריקא, יא, בארים, אמעריקא !... —האט זיך אניוטא א כאפ געטהאן מיט אונגעדולד אין קול — זאלסטו טאקי געדענקען, אז מיר לעבען אין אמעריקא און ניט אין קיעוו... בארים — איז זיא צו איהם צוגעגאנגען מיט אן אויסדרוק פון שרעק אין דיא אויגען — פערגעס ניט, אז זייט ליובא ארבייט ביי איהם... פערגעס ניט, אז דיא מינדסטע בעליידיגונג פון דיין זייט קען קאסטען... פערגעס ניט, בארים !...

— נו, נו, גוט, גוט — האט ער געמורמעלט — גוט, גוט !...

ליובא איז דיא גאנצע צייט געשטאנען אן אויפגערעגטע נעבען טיש און האט מיט צושראקענע אויגען נאכגעפאלגט איהר פאטער. אויפ'ן סוף האט זיא געצוואונגען א שמייכעל געטהאן.

— מאמע, לאז איהם צורוה. דער

פאפא איז ניט קיין קינד. אויסער דעם, איז דער פאפא גענוג ערעלמאן און ער וועט ניט בעליידיגען א מענשען, וואס וועט קומען צו איהם צו גאכט. ניט אמת, פאפאטשקא ? — איז זיא צוגעלאפען צו איהם און ארויפגעלעגט איהר קליין הענטעלע איהם אויפ'ן בריי־טען אקסעל.

ער האט זיא אנגעקוקט צוטראגען און א ווילע געשוויעגען. דאן האט ער א דריק געטהאן מיט דיא פלייצעס און א מאך געטהאן מיט'ן קאפ.

— נו, נו. עס איז שוין גוט, גוט!

— האט ער געענטפערט שטיל — איך וועל האלטען מיין פערשפרעכען... דיין פאפא האלט אימער זיין פערשפרעכען... כאטש עס איז מיר זעהר שווער צו שמייכלען א מענשען, אויף וועלכען עס וואלט זיך מיר וועלען א שפיי טהאן!... אבער, אבער... זאל זיין אזוי!...

ביים סאפער עסען זיינען זיי אלע דריי געזעסען צוטראגען, יעדער פער־נומען מיט דיא געדאנקען וועגען היינ־טיגען אבענד.

שטינבערג האט אונרוהיג געטראכט:

— נו, וואס זאגט מען דעם פאד־ליעץ?... וואס רעדט מען צו איהם?... אפשר וועט ער גאר האלטען דיא נאז פעררייסען... וואס דעמאלט, הא?... וואס דעמאלט? — האט ער געטראכט, קוים איינזיצענדיג ביים טיש פון אויפ־רעגונג.

אניוטא האט געטראכט: מען דארף עפעס אנגרייטען פאר דיא געסט... וואס אן ערך?... און ליובא — אז זיא וועט דעם גאנצען אבענד מוזען היטען איהר פאטער, ער זאל מעק־נעק'ן ניט בעליידיגען...

שפעטער א ווילע איז אניוטא אוועק אין גאס עפעס איינקויפען. ליו־בא האט זיך גענומען צוקלייבען דאס הויז און שטינבערג איז אריין אין פראנט־צימער און, אוועקשטעלענדיג זיך פאר'ן שפיעגעל, האט ער זיך גענר מען בעטראכטען, קלערענדיג בעת דעם:

— בין איך דערזעלביגער שטינבערג?... האב איך זיך עפעס פיעל געענדערט?... וועט דער פאדליעץ מיך דערקענען?...

און בעמערקט טיעפע, בלויע פאסען אונטער דיא אויגען, האט ער ארויסגע־מורמעלט:

— אמעריקא, שטאב טעביא טשארט פאבראל!...

באלד האט זיך אניוטא צוריקגע־קעהרט פון גאס מיט א קערבעלע פרוכ־טען און פערשיעדענע געבעקס.

— אניוטא — האט זיך שטינבערג צו איהר געווענדעט — דוא וואלסט זיך אביסעלע איבערגעטאן... טהו אן דיין...

— וואס זאל איך אנטאן, באָרים?

— האט זיא געפרעגט מיט א טרויעריגען שמייכעל — אפשר דאס באלנע קלייד?...

— הא? — האט ער ארויסגעמור־מעלט — דוא האסט דאך עפעס... זיי־דענע... א שווארצע, א בלויע...

— ווייס איך, וואס דיר חלום'ט זיך! — האט זיא זיך פערביטערט צו־לאכט — זיי האבען אפילו אמעריקא ניט אנגעזעהען . . . צוריסען, צושני־טען נאך אין דער־היים! . . .

שטינבערג האט א זיפץ געטהאן.

— פאפא! — האט זיך ליובא אריינגעמישט, אריינשטעלענדיג דעם בוקעט בלומען אין א גלעזערנע כלי מיט וואסער: — דוא וואלסט זיך בעסער איבערגעטהאן . . . גער, פאפא, עס ווערט שוין שפעט . . .

און געזאגט עס, האט זיא אריינ־געטראגען דיא גלעזערנע כלי מיט דיא בלומען אין פראנט צימער און אוועק־געשטעלט אויף'ן טיש.

דער ערשטער איז געקומען יענעם אבענד דאקטאר עפשטיין. ער האט

אויף **געבראכט א בוקעט** בלומען. מיט א צופלאמטען פנים און מיט א קלאפענדיגען הארצען האט איהם ליובא בעדאנקט.

עטינבערג, אן אויסגעפוצטער, מיט א ברייט פונאנדערגעקאמטען באָרד, מיט דיא ברייטע פלייצעס הויך פערריסען, האט איהם היינט אויך אויפגענומען פיעל פריינדליכער, וויא געוועהנליך, האט איהם שטארק געשאקעלט ביידע הענד און געדאנקט:

— ספאסיבא, וואלאדיא, וואס דוא ביזט געקומען . . . זעץ זיך, מילאסטי פראסים! — האט ער איהם אנגעוויזען אויף א שטול ביים טיש אין פראנט־צימער.

אין פראנט־צימער האבען געברענט צוויי גאז־ברענערס, אניוטא האט אנגעצונדען א דריטען, און אין צימער איז געווארען העלער און ליכטיגער.

דאן זיינען געקומען דאקטאר רייכמאן און הודקין און מיט זיי א יונגע מיידעלע, אויף׳ן אויסזעהען כמעט נאך א קינד, א קליינעס און א מאגערס, א העלס און א ליכטיגס, מיט שטילע, בלויע, טויבען־אויגען.

אי עטינבערג, אי אניוטא, אי ליובא זיינען זיי אנטקעגען געלאפען.

— איך האב מיט זיך געבראכט הודקין׳ען מיט זיין כלה — האט דאקטאר רייכמאן ארויסגערעדט, פארשעמענדיג פאר זיי דיא יונגע מיידעלע.

עטינבערג, וועלכער האט שוין געקענט הודקין׳ען פון פריהער, האט מיט פערוואונדערונג געדריקט הודקין׳ס כלה דיא האנד און אויסגעשריען:

— וואס רעדט איהר, דאקטאר, זיא איז הודקין׳ס כלה?... זיא קוקט דאך גאר אוים א קינד?...

— א זומער־פייגעלע דארף ניט זיין גרעסער — האט זיך דאקטאר רייכמאן גוטמוטהיג צולאכט.

— טאקי א זומער־פייגעלע, א באבאטשקא! — האט עטינבערג אונטערגעכאפט און זיך צולאכט.

הודקין און זיין כלה האבען פערשעהמט געשמייכעלט.

— וויא ליעב זיא זעהט אוים! — האט אניוטא ארויסגעשעפצעט, ווענדענדיג זיך מיט א גוטען שמייכעל צו ליובא׳ן.

— יא, — האט ליובא געענטפערט מיט התפעלות און צולויפענדיג צו דער יונגער מיידעלע, האט זיא שמייכלענדיג מיט איהר חן׳עוודיגען שמייכעל, ארויסגערעדט:

— מהוט זיך פונאנדער... גיט מיר אייער הוט...

— איך דאנק אייך — האט יענע ארויסגערעדט שטיל און פערשעהמט, קוקענדיג אין ליובא׳ן מיט איהרע שטילע, בלויע טויבענ־אויגען און ווען זיא האט זיך פונאנדערגעטאן און אראבגענומען דיא הוט פון איהר העל־בלאנדען קאפ, האט זיא אויסגעזעהען נאך קלענער און צארטער, נאך העלער און ליכטיגער.

אין א ווײלע ארום, ווען זיי אלע זיינען שוין געזעסען ארום טיש, האט זיך ליובא צוגעבויגט צו הודקין׳ען און ארויסגעשעפצעט:

— פון דער כלה, וואס איהר האט זיך אויסגעוועהלט, זעה איך טאקי, אז איהר זייט א פאעט...

— איא? — האט זיך הודקין א כאפ געטהאן מיט שטראהלענדע אויגען און צוגעלעגט:

— זיא איז מיין מוזע!...

און געזאגט עס, האט ער מיט ליעבע א קוק געטהאן אויף זיין כלה, וואס איז געזעסען געגען איהם נעבען דאקטאר רייכמאן׳ען, און א שמייכעל געטהאן צו איהר.

זיא האט איהם אויך געענטפערט

ביים א שטילען און ליכטיגען שמייכעל.

אניוטא און ליובא האבען דער־
לאנגט טהעע צום טיש, פרוכטען און
פערשיעדענע געבעקס.

— טרינקט, גאספאדא, דעם טהעע
— האט עטינבערג זיך אבגערופען — איי־
בער א יאהר וועט איהר ביי מיר טרינ־
קען שאמפאניער.

ער איז איצט געוועזן גוט אויפגע־
לעגט און האט גוטמוטהיג געשמייכעלט
צו אלעמען, איבערהויפט צו דאקטאר
רייכמאנ'ען, צו וועלכען ער האט אליין
צוגערוקט דיא צוקערניצע מיט צוקער.

ליובא האט זיך אוועקגעזעצט הינ־
טער דאקטאר עפשטיין'ען און, צובוי־
גענדיג זיך צו איהם, האט זיא ארויס־
געשעפצעט:

— דאקטאר, מיר ערווארטען היינט
נאך א גאסט...

— וועמען? — האט ער זיך האלב
א קעהר געטהאן צו איהר אויפ'ן שטוהל.

— מיין בעל הבית, מיסטער מעק־
נעק'ן — האט זיא שטיל געענטפערט
מיט אן איראנישען שמייכעל.

— וואס רעדט איהר? — האט ער
ארויסגעשעפצעט.

— וואס איהר הערט... ער האט
מיר היינט א פרעזענט אויף פארגעשלא־
גען — האט זיא איהם דערצעהלט מיט
א געהייכטער מינע — א רינג... און מען
זאגט נאך, אז ער איז ניט קיין זשענ־
טעלמאן! — האט זיא זיך שטיל צו־
לאכט.

און דערהערט עס, איז עפשטיין'ען
מיט אמאל שווער געווארען אויפ'ן
הארצען: עפעס האט אין איהם זיך א
צאפעל געטהאן און גענומען ציהען און
שטעכען, און בענקען...

— צו איז ער אמאל ניט פערליעבט
אין איהר! — האט עפשטיין א טראכט
געטהאן.

אייגענטליך האט ער שוין א סך
מאל פון דעם געדענקט, הגם קיינמאל
ניט אזוי קלאר, אזוי בעוואוסט, ווי אין
דעם דאזיגען מאמענט. אימער, ווען
ליובא פלעגט איהם דערצעהלען וועגען
מעקנעק'ס פריינדשאפט צו איהר,
פלעגט ביי איהם דורכלויפען אין מוח:
טאמער איז יענער... פלעגט אבער
גלייך דערשטיקען אין זיך דעם דאזיגען
געדאנק, איבעררייסענדיג איהם אין מי־
טען... עפעס האט איהם ביז איצט אפ־
געהאלטען ארייננצוטראכטען זיך אין
דעם דאזיגען געדאנק, עפעס, וואס איז
געלעגען אין א געהיימען ווינקעלע פון
זיין נשמה... ערשט איצט, ווען ליובא
האט איהם דערצעהלט, אז יענער האט
איהר פארגעשלאגען א רינג, האט ער
צום ערשטען מאל א טראכט געטהאן
קלאר און בעוואוסט: צו איז יענער ניט
פערליעבט אין איהר...

ער האט געקוקט אויף ליובא'ן מיט
צומישטע אויגען, און אין זיין נשמה
האט געצויגען אזא שצעמענדיגע בענ־
קעניש...

— צו איז ער ניט פערליעבט אין
איהר? — האט זיך ביי איהם שיעור
ניט ארויסגעריסען; אבער דאזעלבע
געהיימע „עפעס", וואס האט איהם —
ביז דעם איצטיגען מאמענט אפגעהאל־
טען פון צו טראכטען וועגען מעקנעק'ס
ליעבע צו ליובא'ן, האט איהם איצט
אויך אפגעהאלטען פון ארויסצוזאגען
אט דעם דאזיגען געדאנק פאר ליובא'ן.
ער האט נור געצוואונגען א שמייכעל
געטהאן און ארויסגערעדט:

— אינ־טער־רע־סאנט!...

ליובא'ן האט זיך אינסטינקטיוו אי־
בערגעגעבען זיין שצעמענדיגע בענקע־
ניש און איהר איז אויך שווער געווארען
אויפ'ן הארצען.

זיא האט זיך אויפגעהויבען פון
ארט און, טראכטענדיג, ווי אזוי פער־
טרייבט מען דעם אומעט, איז זי צו־

געגאנגען צו הינדעלען, הודקין׳ס כלה, און פערפיהרט מיט איהר א געשפרעך.

— וועגען וואס טראכט איך? — האט עפשטיין, נאכקוקענדיג מיט זיינע קארע אויגען פערבענקט נאך ליובא׳ן, בייז א קלער געטהאן: — טייפעל, שויך זשע בין איך טאקי אין איהר ערענסט פערליעבט?...

און ער האט זיך מיט א מין אומ־פעט א כאפ געטהאן הערען, וואס עטינ־בערג האט גערעדט מיט דאקטאר רייכ־מאן׳ען, סטארענדיג זיך צו טראכטען וועגען עפעס אנדערש...

עטינבערג האט גערעדט וועגען רוס־לאנד, גערעדט מיט אזא ליעבע און בענקעניש:

— רוסלאנד — האט ער אויסגע־רעדט מיט אזא ליעבע, אקוראט וויא ער וואלט דערמאנט דעם נאמען פון זיין אייגענער מוטער, וועלכע ער וואלט משוגע ליעב געהאט: — רוסלאנד!... וויא קען מען פערגלייכען רוסלאנד צו אמעריקא!... דערמאנט זיך נור דאק־טאר, איהר זייט דאך עפעס ניט קיין אמעריקאנישער דאקטאר, איהר זייט דאך עפעס א ריכטיגער... וויא קענט איהר אפלייקענען, אז רוסלאנד איז א גן עדן און אמעריקא איז א גהינום?!... דערמאנט זיך נור, וויא מענשען לעבען דארט און וויא מענשען לעבען דא... אט פרעגט וואלאדיא׳ן, וויא איך האב געלעבט אין דער היים... זאל מען מיר אנווייזען כאטש איינעם, וואס זאל דא, אין אמעריקא, לעבען, וויא איך האב אין קיעוו געלעבט!... אז זיי פערשטע־הען דא גאר ניט, וויא צו לעבען, חזרים!... אט דער בעל הבית פון דעם חזיר־שטאהל, וואו איך וואהן, זאגט מען, האט העכער דריי הונדערט טויזענד דאלאר זיין קאפיטאל... נו, וואלט איהר אנקוקען אן אידען... א גאנג אביסעל, א ריידען, אן אויסזעהען — איך שווער אייך, דאקטאר, אז אין דער־היים וואלט ער ניט געוואגט איבערצו־טרעטען אפילו מיין שוועל!... נו, און דאס איז אן אמעריקאנישער עושר!... פרעגט איהם, וואס פערלעבט ער, וויע־פיעל צימערען פערוואהנט ער, וואס עסט ער, וואס טרינקט ער און וויע־פיעל נדבות האט ער אויף זיין לעבען געגעבען?...

— נו, עס זיינען פאראן פערשיע־דענע, מיסטער עטינבערג — האט איהם רייכמאן אונטערבראכען — איהר קענט גראד איינעם אזא און איך קען פיעל, וואס פיהרען זיך אויף אנדערש...

— וואו זיינען זיי? — האט עטינ־בערג אויסגעשריען מיט היץ — ווייזט מיר אן כאטש איינעם, וואס זאל זיך דא לעבען, וויא א מענש?... אך — האט ער זיך אויפגעהויבען פון ארט — איהר וועט עס מיך ניט איינרייידען, דאקטאר!... אז דא קען מען גאר ניט לעבען ריכטיג!... נעהמט דיא היגע הייזער, זיינען זיי עפעס וואוינונגען פאר מענשען?... הויכע, גרויע טורמעס, איינע וויא דיא אנדערע, מיט פינסטערע קאמערלאך פאר ארעסטאנטען!... און די מענשען זיינען דאך דא טאקי ארעס־טאנטען! — האט ער אויסגעשריען מיט וועהטאג — דעם גאנצען טאג פער־שפארט אין דיא פאבריקען, געארבייט, געפראצעוועט פון אין דער־פריה ביז ביינאכט... פון בעט אין פאבריק, פון פאבריק אין בעט, א גהינום, ניט קיין לעבען!...

— נו, אין דיעזער הינזיכט איז נאך אין רוסלאנד ערגער — האט זיך אריינ־געמישט דאקטאר עפשטיין — דארט ארבייטען דיא ארבייטער נאך לענגערע שטונדען און פערדיענען נאך פיעל ווע־ניגער.

— אבער ווער ארבייט דארט, וואו־לאדיא? — האט זיך עטינבערג צוהיצט

— ארבייטער, דער „משׂאָרני נאַראָד!"... דאָ אָבער, אין דעם אַמעריקאַנישען גהינום, ארבייטען דאָך אַלע, וויא דיא קאַטאָרזשניקעס, אַלע, אָהן אויסנאַהם!.. וואָס רייד איך — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן מיט גאַל — דאָ איז דאָך פּונקט פערקעהרט: דער היימישער ארבייטער איז דאָ אַ דאָקטאָר, צו אַ פאַבריקאַנט און דער היימישער ע[illegible]ר איז דאָ... אַ וואָס?...

ער האָט אַראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ און שטיל מיט בענקעניש ארויסגעקרעכצט:

— אַך, רוסלאַנד, רוסלאַנד!..

און איז ארויס פון פראַנט־צימער...

— מען מוז זיין פּאָרזיכטיג מיט איהם — האָט עפּשטיין אַ טראַכט געטהאָן — זאָנסט וועט ער מיך נאָך היינט בעליידיגען פאַר אַלעמען!..

— וויא ער בענקט נאָך רוסלאַנד — האָט הינדעלע זיך שטיל אָפּגערופען, ווענדענדיג זיך צו דאָקטאָר רייכמאַנ'ען.

— יאָ — האָט ער געענטפערט, שציפּלענדיג פערטראַכט זיינע וואָנצעס און אַ קעהר טהאָענדיג זיך צו ליובאַ'ן, וועלכע איז געשטאַנען נעבען איהר מוטער הינטער זיין רוקען, האָט ער געזאָגט:

— וויא אייער פאָטער בענקט נאָך אַלץ נאָך רוסלאַנד! . . .

— ער מעג בענקען, דאָקטאָר! — האָט ליובאַ געענטפערט מיט אַ טרויעריגען שמייכעל.

— יאָ! האָט אַניוטאַ אויך אונטערגעכאַפּט, און אַ טיעפען זיפץ געטהאָן.

הורקין וועלכער האָט זיך דיא גאַנצע צייט צוגעהערט צו עטינבערג'ן מיט גרויסער אויפמערקזאַמקייט, ווייל ער האָט זיך געקליעבען שילדערען אַזאַ כאַראַקטער, וויא עטינבערג'ן, אין זיינער אַ ערצעהלונג, ראָט, ווען יענער איז ארויס פון פראַנט־צימער, זיך אָפּגערופען פערוואונדערט:

— מערקווירדיג!... וויא קען ער אַזוי בענקען נאָך רוסלאַנד, ער, אַ קרבן פון דיא פּאָגראָמען!..

— דאָקטאָר — האָט עפּשטיין זיך פּלוצים אַ קעהר געטהאָן צו רייכמאַנ'ען — מיסטער עטינבערג'ס בענקעניש איז אַ שטאַרקער ארגומענט געגען אייערע אידעען...

— צום ביישפּיעל? — האָט דאָקטאָר רייכמאַן איהם אָנגעקוקט מיט זיינע ערענסט־פערחלום'טע אויגען.

— מיסטער עטינבערג'ס בענקעניש נאָך רוסלאַנד בעווייזט, אַז דער איד איז צוגעבונדען צו דעם לאַנד, וואו ער איז געבאָרען מיט אַלע פעדים פון זיין האַרצען און נשמה... אַז אפילו דיא שרעקליכסטע פּאָגראָמען קענען ניט צוורייסען אָט דיא דאָזיגע פאָטערלאַנדישע פעדים, וויא איך וואָלט עס גערופען — האָט עפּשטיין געענטפערט.

— גאַנץ ריכטיג — האָט ליובאַ זיך שטיל אָפּגערופען, ווענדענדיג זיך צו איהר מוטער.

— דאָס איז גאָר ניט קיין ארגומענט געגען מיין אידעע — האָט זיך דאָקטאָר רייכמאַן אָפּגערופען, שציפּלענדיג זערטראַכט זיינע וואָנצעס: — קיינער לייקענט ניט, אַז דער איד איז צוגעבונדען צו דעם לאַנד, וואו ער איז געבאָרען... ער איז נאָך צופיעל צוגעבונדען, ליידער! — אַניט וואָלט זיין שיקזאַל געוועזען גאָר אַנאַנדערער... מיין טענה איז אָבער, אַז דער איד מוז געבאָרען ווערען אויף זיין אייגענעם לאַנד, דאַן וועט זיין האַרץ און נשמה זיין צוגעבונדען מיט פאָטערלענדישע פעדים, וויא איהר רופט עס צו זיינעם אַן אמת'ן פאָטערלאַנד, וואו אַזוינע פּאָגראָם־קרבנות, וויא מיסטער עטינבערג, וועלען

זיין אן אונמעגליכקייט... פערשטעהט איהר שוין, דאקטאר ?...

— ניט גאנץ קלאר — האט עפשטיין געענטפערט.

— דאקטאר רייכמאן איז גערעכט — האט אניוטא שטיל געזאגט.

— ווארט, מיר וועלען הערען דאקטאר עפשטיין'ס ארגומענט — האט ליובא זיך שטיל אבגערופען, און איהר האט זיך איצט אזוי געוואלט, אז דאקטאר עפשטיין זאל דיעזען מאל זיעגען איבער דאקטאר רייכמאנ'ען.

— איהר פערשטעהט, הודקין, וואס איך האב געזאגט ? — האט דאקטאר רייכמאן זיך געווענדעט מיט א שמייכעל צו הודקינ'ען.

— זעהר קלאר, דאקטאר ! — האט הודקין געענטפערט, אומיסטנע אונטערשטרייכענדיג די ווערטער „זעהר קלאר" אויס שנאה צו עפשטיינ'ען.

— נו, נאט רליף, הודקין פערשטעהט אייך זעהר קלאר — האט עפשטיין זיך אפגערופען מיט איראניע אין קול, פערשטעהענדיג, אז הודקין מיט זיין ענטפער האט געציעלט אין איהם: — איך אבער האב ניט אזא קלארען קאפ, וויא מיסטער הודקין, ליידער, און פערשטעה אייך ניט אזוי קלאר, וויא ער, עס איז ניט מיין שולד, דאקטאר !...

הינדעלע האט ביי דיעזע ווערטער שנעל א קוק געטהאן אויף הודקינ'ען געגען איהר מיט איהרע שטילע טויבענאויגען און זאנפט און ליכטיג א שמייכעל געטהאן צו איהם, אקוראט וויא זיא וואלט גערעדט: — קימער זיך ניט, וואס ער לאכט פון דיר, ער קען דיך ניט, ער פערשטעהט דיך ניט... איך קען דיך, איך פערשטעה דיך און דערפאר ליעב איך דיך !...

— איהר זאגט — האט עפשטיין גערעדט ווייטער — אז דער איד מוז געבארען ווערען אויף זיין אייגענעם לאנד, דאן וועט ער זיין אזוי און אזוי, עט צעטרא !... איינפערשטאנדען !... וויא אזוי אבער קען עס געשעהען ?... נו, איך וויל אויף א ווילע צוגעבען, אז אייער חלום וועגען א לאנד אין טערקיי איז מקוים געווארען. אלל־רייט, דאקטאר רייכמאן האט שוין דאס לאנד אין קעשענע, ער דארף נור פאר איהם האבען דיא צוקינפטיגע טערקען, צו אידען... ווענדעט ער זיך דאן צו דיא שטינבערגס : — קומט רבותי, איך האב א לאנד פאר אייך !... דיא שטינבערגס זיינען אבער געבארען אין רוסלאנד, זיינען זיי צוגעבונדען צו רוסלאנד מיט אלע זייערע געפיהלען, קענען זיי ניט און ווילען ניט געהן אין דאקטאר רייכמאנ'ס לאנד... ווענדעט זיך דאקטאר רייכמאן צו דיא אידען פון דייטשלאנד, פון פראנקרייך און פון אנדערע ציוויליזירטע לענדער : — קומט מיינע הערען איך האב א לאנד פאר אייך ! זיינען אבער יענע האלב אסימילירטע אדער גאנץ אסימילירטע אידען, אי מיט זייער ערציהונג, אי מיט זייערע געפיהלען, מעהר דייטשען, מעהר פראנצויזען, מעהר ענגלענדער און אזוי ווייטער, אלס אידען... פאלגען זיי אויך ניט דאקטאר רייכמאנ'ען און ווילען זיך ניט אפרייסען פון דיא לענדער, צו וועלכע זיי זיינען צוגעבונדען מיט לייב און זעעלע... זיי ווילען ניט, און טהוט זיי עפעס !... וואס דען ? אזוי ווי דאקטאר רייכמאן וואוינט דערווייל אין אמעריקא און ניט צווישען דיא טערקען, ווענדעט ער זיך דאן צו דיא אמעריקאנישגעביהטיגע אידען, אדער אפילו צו דיא, וואס זיינען אהער געקומען קליינערהייט און זיינען ערצויגען געווארען אין דיא היגע שולען : — קומט, דזשענטעלמען, איך האב א לאנד פאר אייך !... און איך האב מורא, דאקטאר, אז דיא דא־

זיגע הינע ווייסע חברה'ניקעס וועלען אויף דעם ענטפערען דאקטאר רייכמאנ'ן מיט... א פּאאר בלוי־ע אוי־גע־ען!...

דיא לעצטע ווערטער האט ער ארויסגערעדט אזוי קאמיש, אז אלע האַ־בען זיך צולאכט, אפילו הודקין האט אויך געמוזט א שמייכעל טהאן.

— נו? — האט זיך ליובא געווענ־דעט מיט פרעהליכע אויגען צו איהר מוטער — אט האט ער געגעבען אן אר־גומענט!...

— ער האט זיך אויסגעלערנט ריי־דען — האט אניוטא בעמערקט מיט א שמייכעל.

דאקטאר רייכמאן האט גוטמוטהיג געשמייכעלט און געשציפּעלט זיינע וואנצעס. דאן האט ער זיך אפּגערופען מיט א געלאסענעם קול:

— ווען דאקטאר רייכמאן זאל זיך מיט דעם ווענדען צו פערשיעדענע אי־דען גלאט אזוי זיך, אוים אייגענעם שגעון, וועט ער בלייבען א נאר און אפשר נאך טאקי מיט א פּאאר בלויע אויגען אויך... ווען אבער ניט דאקטאר רייכמאן, נור דאס לעבען ווענדעט זיך מיט דעם צו דיא אידען, דאן איז א נאר דער, וועלכער פערשטעהט ניט דעם לעבען און וויל איהם ניט הערען... און מיט בלויע אויגען וועט דאן בלײ־בען ניט דאס לעבען, נור יענער נאר, וואס וויל איהם ניט פערשטעהען!...

— בראווא! — האט הודקין אויס־געשריען בעגייסטערט, קוקענדיג מיט נצחון אויף עפּשטיין'ען.

הינדעלע האט אויף געקוקט ארום זיך מיט אן איינגעהאלטענער התפעלות און ליבטיג געשמייכעלט. ליובא איז רויט געווארען און געשמייכעלט פער־שעהמט. אניוטא האט פריינדליך גע־קוקט אויף רייכמאנ'ען און צוגעשאקעלט מיט'ן קאפּ, אזוי וויא זיא וואלט איהם געזאגט, אז זיא איז מיט איהם איינ־פערשטאנדען.

און דאקטאר עפּשטיין האט געסקט מיט זיינע קלוגע קארע אויגען רייכמאנ'ן גלייך אין פּנים און איראניש געשמייכעלט. דאן האט ער ארויסגערעדט:

— א פּשט'ל, דאקטאר, און ניט מעהר!...

אין דיעזער צייט איז אין פראנט־צימער אריינגעקומען עטינבערג.

— גאספּאדא, גאספּאדא, ווארום פערזוכט איהר ניט דיא פּרוכטען? — האט ער אויסגעשריען, צוגעהענדיג צו דאקטאר רייכמאנ'ען און ארויפלעגענדיג יענעם דיא האנד אויפ'ן אקסעל: — בימע, עסט, דאקטאר!...

— מיסטער עטינבערג — האט זיך דאקטאר רייכמאן א קעהר געטהאן צו איהם — קומט אייך אמאל ארויף אויף דיא געדאנקען, אז אידען מוזען האבען זייער אייגענעם לאנד, אז אויף זייער אייגענעם לאנד וואלטען זיי ניט גע־ליטען ניט פון פּאגראמען און ניט פון אנדערע פערפאלגונגען?...

— אודאי, אודאי דאקטאר. — האט זיך עטינבערג א כאפּ געטאהן מיט היץ — אוי אן אייגענעם לאנד!... איך האב ביי זיך שוין אליין אויך פיעל מאל גע־טראכט: גוואלד, ווען מיר וואלטען גע־ווען געבארענע רוסען צו כאטש אידען געבארען אין אן אייגענעם לאנד, וואל־טען מיר דאך ניט געוואוסט פון אן אמעריקא און דיא אלע צרות!...

— הייסט עס, מיסטער עטינבערג, ווען אידען זאלען האבען זייער לאנד, וואלט איהר זיך דארטען בעזעצט? — האט דאקטאר רייכמאן ווידער גע־פרעגט.

— וואס פרעגט איהר, דאקטאר! — האט עטינבערג געענטפערט מיט היץ — אן אייגענעם לאנד, ווער וואלט עס ניט געפּארען אין אן אייגענעם לאנד?

— איהר הערט, דאקטאר? — האט

זיך רייכמאַן אַ קעהר געטהאַן צו דאָק־
טאָר עפּשטיין׳ען.

עפּשטיין האָט קלוג אַ שמייכעל גע־
טהאַן און זיך דאַן אויך געווענדעט צו
עטינבערג׳ן:

— מיסטער עטינבערג, וואָלט איהר
מיט דריי יאָהר צוריק, איידער דער
פּאָגראָם האָט אייך רואינירט, אויך
פערביטען רוסלאַנד אויף אַן אַנדערען
לאַנד, אַן אידעשען צום ביישפּיעל?

— ביזטו משוגע, וואָלאַדיא? —
האָט עטינבערג זיך אָפּגערופען — וואָס
הייסט פערבייטען רוסלאַנד? דו, וואָ־
לאַדיא, ווייסט דאָך, וויא איך האָב
דאָרט געלעבט!... אַ קלייניגקייט רוס־
לאַנד, וואו איז נאָך פּאַרהאַן אויף דער
גאַנצער וועלט אַזאַ טהייערעס לאַנד,
וויא רוסלאַנד איז!...

— אַט איז אייך, דאָקטאָר! —
האָט זיך עפּשטיין צולאַכט און ליובאַ
און אַניוטאַ נאָך איהם.

— און דאָך איז ער געצוואונגען
געווען צו פערלאָזען רוסלאַנד! — האָט
דאָקטאָר רייכמאַן זיך פּלוצלונג צוהיצט
— טאַקי דאָס „טהייערסטע לאַנד“ אויף
דער גאַנצער וועלט, און דאָך לעבען
דאָרט איז מיסטער עטינבערג׳ן געווען
אונמעגליך... סטייטש, ווארום?... דאָק־
טאָר רייכמאַן האָט דאָך איהם ניט גע־
הייסען אַנטלויפען פון דעם „טהייערס־
טען לאַנד?“ היינט ווארום איז ער
אַנטלאָפען פון דאָרט? ווער, דאָקטאָר,
ענטפערט! — האָט איהם גענויט צו
דעם?....

— וואָס הייסט ווער? — האָט זיך
עטינבערג אַ כאַפּ געטהאַן — דיא פּאָ־
גראָמען!... אַז זיי האָבען מיך אונ־
גליקליך געמאַכט! — האָט ער ארויס־
געקרעכצט.

— אַט דאָס, וואָס איך טענה! —
האָט רייכמאַן אונטערגעכאַפּט — דיא
פּאָגראָמען און דיא אַנדערע פערפאָל־
גונגען, קורץ: דאָס לעבען אין גלות,
אַט ווער עס רעדט מיט טויזענדער פייַ־
ערדיגע צינגער צו דיא אידען, אַז זיי
מוזען האָבען זייער אייגענעם לאַנד!...

— נו, ניט אימער וועלען זיין פּאָ־
גראָמען אין רוסלאַנד — האָט דאָקטאָר
עפּשטיין זיך אָפּגערופען — אין אַ בע־
פרייטער רוסלאַנד, וואו אידען וועלען
האָבען אַלע פּאָליטישע רעכטע, וועט
קיין באָדען ניט זיין פאַר פּאָגראָמען. און
וואו די מאַסען וועלען זיין אויפגעקלערט
וועט קיין באָדען ניט זיין פאַר׳ן אַנטי־
סעמיטיזמוס. דערפאַר זאָג איך: אַנ־
שטאַט אַ נייעם לאַנד, דאַרפען דיא
רוסישע אידען האָבען אַ ב ע נ י י ט ע ן
לאַנד...

— דאָס אַלטע ליעדעל! — האָט
זיך רייכמאַן צולאַכט, נערוועז שציפּ־
לענדיג זיינע וואָנצעס: — ווען דיא
אידען וועלען האָבען אַלע פּאָליטישע
רעכטע!... און ביי אַלע פּאָליטישע רעכ־
טע קען דען ניט בליהען אַ געזעלשאַפט־
ליכער אַנטיסעמיטיזמוס, קען דען ניט
ענטשטעהן דער שרעקליכסטער, עקאָ־
נאָמישער אַנטיסעמיטיזמוס?... נעהמט
אַלס ביישפּיעל דיא נייעסטע ערשיינונג
אין רוסיש פּוילען און אין דיא אַנדערע
געגענדען, וואו דיא אידען ציהען זייער
היונה פון מסחור — דיא ערשיינונג פון
דיא זאַגענאַנטע בשותפות׳דיגע געשעפ־
טען, וועלכע דיא אַנטיסעמיטען עפענען
מיט דעם אויסדריקליכען צוועק, צו
באָיקאָטירען דיא אידישע געשעפטען.
אוועקצונעהמען ביי אידען זייער לעצטע
מיטעל צום לעבען און דאָס קען דאָך
געשעהן אויך, ווען אידען וועלען שוין
אפילו האָבען פּאָליטישע רעכטע!
ווערט דאָך דיזער מיטעל פון באָיקאָ־
טירען אידישע געשעפטען שוין לאַנג
אַנגעווענדעט פון דיא אַנטיסעמיטען אין
דיא מעריב־אייראָפּעאישע לענדער, וואו
אידען האָבען פּאָליטישע רעכטע!... און

וויפיעל פאבריקען באיקאטירען אידישע „הענד“ אין אלע לענדער! און צו וויפיעל פאבען לאזט מען אין גאנצען ניט צו קיין אידען!... היינט דער געזעלשאפטליכער אנטיסעמיטיזמוס, וואו און אין וועלכען לאנד איז ער ניטא!.... נעהמט אפילו אונזער אמעריקא, דאס פרייעסטע לאנד פון אלע לענדער, וואו אידען האבען אלע רעכטע ניט נור אויפ׳ן פאפיער, וואו מיר אידען, זיינען א גרויסע פאליטישע מאכט; וואו מיר האבען אפילו אונזערען א מיניסטער אין וואשינגטאנער קאבינעט, — נו, איז שוין דא אלעס אלל רייט?... זיינען דא ניטא קיין פאבריקען, און געשעפטען, וואו מען נעהמט ניט צו קיין אידען? און קיין געזעלשאפטליכער אנטיסעמיטיזמוס איז דא ניט פארהאן?... פרעגט וועגען דעם אונזערע רייכע יהודים און, אויב זיי וועלען זיך ניט שעהמען, וועלען זיי אייך דערצעהלען, וויפיעל בעליידיגונגען זיי האבען טאג־טעגליך ארונטערצושלינגען פון דעם דאזיגען געזעלשאפטליכען אנטיסעמיטיזמוס!... און צו וואס ביי זיי פרעגען? — האט זיך דאקטאר רייכמאן א כאפ געטהאן נערוועז — זעהען מיר דען ניט אפט אליין, וויא ער ערשיינט ביי אונז אין דער פרייער אמעריקא מיט א גיפטיגען שיפען דא דארט און דא אין אנאנדער פלאץ, היינט אין אזא פארמע און מארגען אין אנאנדערער?... אמת טאקי, ער, דער אנטיסעמיטיזמוס, בעהאלט זיך דא באלד, אבער א בעהאלטענע מכה איז ניט קיין אויסגעקורירטע מכה און קיינמאל קען מען ניט זיין זיכער, אז דיא דאזיגע בעהאלטענע מכה וועט שפעטער ווידער ניט ארויסשלאגען אין א געפעהרליכער פארמע!... און איבערהויפט לאזט זיך ניט אזא מכה, ווי דער אנטיסעמיטיזמוס, ניט בעהאלטען און ניט קורירען, ניט מיט קיין אויפקלערונגען פון דער זאגענאנטער ציוויליזאציאן און ניט מיט קיין אבשפרעכונגען פון דער זאגענאנטער סאָלידאריטעט און הומאניטעט... א כראָנישע מכה, וואס אייטערט זייט פיעל הונדערטער יאהרען און וועלכע האט פערגיפטעט דאס בלוט און דעם מארך פון פעלקער... איך וואלט געזאגט — האט דאקטאר רייכמאן אויסגעשריען הינגעריסען — אז עס איז אן אלטע קריסטליך־היסטארישע מכה, וועלכע קען נור קורירט ווערען מיט א נייער אידיש־היסטארישער רפואה!...

אלע האבען זיך צוגעהערט צו איהם אויפמערקזאם. הינדעלע הינגעריסען, אין גאנצען א ליכטיגע א שטראהלענדיגע, מיט אן אויסדרוק פון פערגניגען אין דיא שטילע טויבען־אויגען. הודקין מיט א געפיהל פון ליעבע און אן אויסדרוק פון אכטונג אויף זיין פנים צו איהם, רייכמאן׳ען. עטינבערג האט געטראכט: — קענטיג, אז א רוסישער געבילדעטער מאן רעדט. ער קען פערשטעקען אלע אמעריקאנישע דאקטוירים אין ארבעל.

אניוטא מיט ליובא׳ן האבען זיך גע׳סוד׳עט: — אן אינטערעסאנטער מענש! א סימפאטישער מענש! ...

איין דאקטאר עפשטיין האט גלייכגילטיג געשמייכעלט, צוהערענדיג זיך צו איהם. ער האט געוואלט עפעס זאגען, נור אין דיעזער צייט האט זיך דערהערט א קלאפען אין טהיר. ליובא האט זיך א צאפעל געטהאן.

— ער! . . . — איז דורכגעפלויגען אין איהר מוח. אניוטא איז אויך צומישט געווארען און עטינבערג, וועלכער האט אין גאנצען פערגעסען אן מעקנעק׳ן, האט זיך אומגעקוקט פערוואונדערט.

— פאפא, מעקנעק! . . . געדענק, וואס דוא האסט מיר פערשפראכען...

איך בעט דיך ! — האט זיך ליובא א ווארף געטהאן צו איהם און איז ארויס־געלאפען פון פראנט־צימער.

איצט ערשט האט זיך עטינבערג דערמאהנט אן מעקנעק'ן און איז געווא־רען צומישט.

— וואס איז דער מעהר ? — האט רייכמאן זיך צו איהם א קעהר גע־טהאן.

— מיין יונג אבראשא קומט ! — האט זיך ביי איהם ארויסגעריסען.

— בארים ! — איז צו איהם צו־געגאנגען אניוטא מיט שרעק אין די אויגען — וואס רעדסטו ? — האט זיא ארויסגעשעפּצעט.

— הא ? — האט ער זיך א כאפּ גע־טהאן — איך האב גאר נישט געמיינט... גוט ! . . . שווייג, בארים ! — האט ער זיך א קלאפּ געטהאן מיט א האנד אי־בער די ליפּען — א־מע־ריי־ק־קא ! . . .

עפּשטיין איז אויך געווארען נער־ווען און האט געקוקט אויפגערעגט אויף די טהיר.

דאס איז טאקי געווען מעקנעק. די גאנצע צייט אויף'ן וועג צו עטינבערג'ן, האט איהם דאס הארץ געקלאפּט. וויא אזוי וועט איהם זיין פריהערדיגער בעל הבית אויפנעהמען. עס קען נאך א מאל געבען, יענער זאל איהם בעליידי־גען אויך . . . ווען אבער ער איז אריין אין דעם שמאלען האלב־פינסטערען קאָ־רידאר פון דעם הויכען טענעמענט־הויז, וואו עטינבערג האט געוואוינט, איז ער ביי זיך געווארען דרייסטער. גיש־קשה, ניט דער אמאליגער פריץ וואוינט דא!... און אז ער האט גענומען קריכען אויף די טרעפּ איין שטאק נאך'ן אנדערן, איז וואס העכער ער איז געקראכען, אלץ ניעדריגער און אונבעדייטענדער האט זיך עטינבערג איהם גענומען דאכטען און אלץ העכער און בעדייטענדער האט ער אליין געוואקסען אין זיינע אייגענע אויגען . . . און ווען ער האט ערדייכט דעם לעצטען שטאק אונטער'ן דאך, האט ער שוין געטראכט : — נארישקייטען, דא דארף ע ר פאר מיר האבען רע־ספּעקט, ניט איך פאר איהם ! . . . איך איך בין איך און וואס איז ער ? . . . מען מוז זיך האלטען וויא א ביזנעס־מאן ! . . .

און, אננעהמענדיג א שטאלצע פּאָ־זע, האט ער אנגעקלאפּט אין טהיר.

און ווען ליובא האט איהם געעפענט, האט ער ארונטערגענומען די הוט פון דעם רויטען קאפּ און זיך העפליך פער־נייגט פאר איהר.

— גוט'ן אבענד, מיסס עטינ־בערג ! . . .

— קומט אריין, קומט אריין ! — האט זיא געזאגט, שמייכלענדיג צו־מישט.

ער איז אריינגעגאנגען אין הויז מיט א שטאלצער האלטונג, קוקענדיג דרייסט מיט זיינע ווייסע אויגען און שמייכלענ־דיג פריי מיט זיין ראבען פּנים.

ער האט אויסגעטהאן דעם אוי־בערראק און, אפּגעבענדיג איהם ליו־בא'ן מיט א העפליכען פערנויגען זיך, איז ער אוועק אין פראנט־צימער, טראכ־טענדיג בעת דעם : — נור געהאלטען זיך ניט וויא א גרינער ! . . .

ער האט פון וויטען דערזעהען דארט ארום טיש די אלע פערקליבענע געסט. עטינבערג איז געזעסען הינ־טער דאקטאר רייכמאן'ס רוקען. אניוטא האט מיט איהם עפּעס אריינגע'טענה'ט. מעקנעק האט זיי באלד ניט בעמערקט. פּלוצים האט זיך עטינבערג אויפגע־שטעלט אין זיין גאנצען הויכען וואוקס, מיט דעם ברייט פונאנדערגעקאמטען בארד און מיט די ברייטע פּלייצעס הויך פּעררייסען, מעקנעק'ן האט א זעץ געטהאן אין הארצען, און ער איז גע־

בליעבען שטעהען אין טהיר מיט א צומישטען, נארישען שמייכעל. אלע און אלעס אין צימער האט זיך מיט א מאל וויא פערצויגען פאר זיינע אויגען מיט א ווייסען נעבעל. נור איינער איז פאר איהם ארויסגעטראטען קלאהר און דייטליך. ער, זיין פריהערדיגער בעל הבית, באריס עטינבערג. ער האט יענעם גלייך דערקענט — דער זעלבער שטאלצער עטינבערג . . . דיא זעלביגע האלטונג . . . דיא זעלביגע שטרענגע אויגען . . . און וואס מעהר ער האט אויף עטינבערג'ן געקוקט אלץ שטאלצער איז יענער פאר איהם געוואקסען, אלץ קלענליכער און שפל'דיגער האט ער זיך אליין געפיהלט און אלץ צומישטער איז ער געווארען.

וויא אין חלום האט ער געהערט ליובא'ס קול : — פאפא, דאס איז מיסטער מעקנעק ! . . . דאן אניוטא'ס קול:
— באריס, דאס איז דאך אבראשא !...

דאן איז עטינבערג צו איהם צוגעגאנגען נאהענט מיט שטאלצע טריט און איהם דערלאנגט דיא האנד.

— אבראשא ? — האט ער ארויסגערעדט אויף רוסיש — אזוי, דאס איז אבראשא ? . . . איך האב דיך גאר ניט דערקענט ! . . . עס פרעהט מיך, עס פרעהט מיך ! . . . א גאסט, א גאסט — האט ער גערעדט אויפגערעגט אויף רוסיש — פאזשאלויסטא, פאזשאלויסטא, קום, זיץ, זיץ ! . . . איך האב גאר ניט געגלויבט, אז דוא זעהסט אויס אזוי . . . גאר א נייער ! . . .

מעקנעק האט צומישט געשמייכעלט און עפעס געמורמעלט...

— וואס מאכט איהר, אבראשא ?

— איז אניוטא צו איהם צוגעגאנגען מיט א געצוואונגענעם שמייכעל, טראכטענדיג בעת דעם מיט ביטערניש : — גאר ניט דער אלטער אבראשא . . . וויא ער לויפט עס א ביסעל . . . זיין אמעריקא ! . . . —

— הא, מאהאם ! — האט זיך מעקנעק א כאפ געטהאן — וויא געהט עס, וויא געהט עס ? — האט ער געמורמעלט, דריקענדיג איהר האנד און נויגענדיג זיך, און טראכטענדיג : — טפוי, טייפעל, וואס שרעק איך זיך ? . . . איך וועל דא לאנג ניט זיצען ! . . .

— וויא זאל עס געהען אין אמעריקא ? — האט אניוטא איהם געענטפערט און געצוואונגען געשמייכעלט.

עטינבערג איז דערווייל צוגעגאנגען צו דאקטאר רייכמאן'ען און ארויסגערעדט שטיל מיט א ציטערענדיג קול :

— אט מיין אמאליגער יונג . . . אן אמעריקאנסקער עושר, אן אמעריקאנסקער מיוחס, דער פאדליעץ !...

— איך קען איהם אויך — האט הינדעלע זיך שטיל געווענדעט צו רייכמאן'ען — לעצטען יאהר האב איך ביי איהם אין שאפ געארבייט.

דאקטאר עפשטיין האט געקוקט דא אויף מעקנעק'ן און דא אויף ליובא'ן און אויפגערעגט געשמייכעלט.

— איך וועל אייך פארשטעלען — האט זיך ליובא פלוצים אפגערופען — מיסטער מעקנעק . . . דאקטאר עפשטיין ! . . .

— איהר קענט זיך -- האט זיך אריינגעמישט אניוטא מיט א שמייכעל.

— אה ! — האט זיך מעקנעק א כאפ געטהאן, א טראט געטהאן צו עפשטיין'ען און איהם געדריקט דיא האנד. עפשטיין האט זיך האלב אויפגעהייבען פון ארט און ארויסגערעדט אין א האלב אפלאכענדיגען טאן :

— עס פערשאפט מיר גרויס עהרע און פערגעניגען . . .

— ביידע מיוחסים אין אמעריקא !

— האט עטינבערג ארויסגעמורמעלט אונטער דער נאז און אויפגערעגט א ציה

נעטהאן דעם באָרד מיט ביידע הענד.

— מיסטער מעקנעק . . . דאָקטאָר רייכמאַן ! — האָט ליובא ווייטער פאָרגעשטעלט.

— א דאָקטאָר ! — האָט עטינבערג אונטערבראָכען מיט אַן אימפּאָנירענדיגען טאָן און א קוק געטהאָן אויף מעקנעק'ן מיט אַזוינע אויגען, וועלכע האָבען, דאכט זיך, ווייא גערעדט : — איך בין נאָך אַלץ עטינבערג און צו מיר קומט ניט אריין אבי ווער ! . . .

— מיסטער מעקנעק... מיסטער הודקין ! — האָט ליובא'ס קול ווידער העל געקלונגען.

— א פּיסאטעל, א שרייבער !— האָט עטינבערג איהר נאכגעזאָגט מיט'ן זעלביגען אימפּאָנירענדיגען טאָן.

— מיסטער מעקנעק... מיסס.... ענטשולדיגט — האָט זיך ליובא געווענדעט צו הודקין'ען ניט ווייט פון איהר — וויא איז דער נאָמען פון אייערער... איך האָב פערגעסען...

— מיסס בלומבערג — האָט ער געענטפערט און א קוק געטהאָן מיט ליעבע אויף זיין כלה.

— מיסטער מעקנעק... מיסס בלומבערג ! — האָט ליובא איבערגעזאָגט.

— דעם שרייבער'ס כלה ! — האָט עטינבערג איהר נאכגעזאָגט.

מעקנעק האָט זיך פאר יעדען בעזונדער העפליך פערנייגט און זיך געפיהלט אַלץ שווערער און שווערער אי פון עטינבערג'ס טאָן, אי פון אַלעם ארום איהם.

ליובא האָט פאר איהם אוועקגעשטעלט א שטוהל צווישען הודקין'ען און עפּשטיין'ען. אניוטא האָט פאר איהם אוועקגעשטעלט א גלאָז טהעע אויפ'ן טיש און ער, נאָך אַלץ צומישט, האָט זיך געזעצט, טראַכטענדיג :— איך וועל זיצען נאָך עטליכע מינוט, אויסטרינקען דיא גלאָז טהעע און דאַן אוועקגעהן... וועל אנאנדערס מאָל קומען, ווען קיין געסט וועלען ניט זיין...

עטינבערג האָט זיך געזעצט אויף זיין פריהערדיגען פּלאַץ הינטער רייכמאַן'ען און, קוקענדיג אויפגערעגט איבער רייכמאַן'ס פּלייצע אויף מעקנעק'ן, האָט ער געגלעט דעם באָרד און געטראַכט מיט גאַל :

— אי־אי, וויא דאָס רעדעלע האָט זיך א דרעה געטאָהן !..

אניוטא איז צו איהם צוגעגאנגען און האָט איהם מיט דיא אויגען געבעטען, ער זאָל זיין פריינדליכער צו מעקנעק'ן.

— גזלן, מאך צו איהם א פריינדליכע מינע ! — האָבען איהרע אויגען וויא געבעטען זיך ביי איהם.

אין צימער האָט געהערשט א שווערע שטילקייט. קיינער האָט ניט גערעדט. דאָקטאָר רייכמאַן האָט געקוקט פאר זיך מיט קינדערש־פערחלום'טע אויגען און געשציפּעלט זיינע וואָנצעס, עפּשטיין האָט פער'גנב'עט געקוקט אויף מעקנעק'ן נעבען זיך מיט א שלעכט פערבאָרגענער איראָניע אין זיינע קארע אויגען, הודקין האָט זיך איבערגעקוקט מיט הינדעלען. איהרע שטילע טויבען־אויגען האָבען איהם, שמייכלענדיג, עפּעס דערצעהלט, ער האָט אָבער ניט געוואוסט, וואָס... ליובא און אניוטא האָבען זיך אויך איבערגעקוקט צומישט, דאָס ארומיגע שווייגען האָט זיי ביידען זיך אויסגעוויזען שווערער נאָך, וויא מעקנעק'ן, און זיי נערוועז געמאכט. זיי האָבען געפיהלט, אזוי וויא איבער'ן צימער וואָלט זיך פּלוצים גענומען טראָגען א שווערער, כמורער, נשמה־שטיקענדיגער וואָלקען...

— ווארום טרינקט איהר ניט דעם טהעע, מיינע הערן ? — האָט פּלוצים אניוטא אָפּגערופען זיך מיט א געמאכטען שמייכעל : — מיסטער מעקנעק, טרינקט אייער טהעע, ביטע!...

און זיא האָט פער'גנב'עט א ציח געטאָהן עטינבערג'ן פאר'ן ארבעל.

— יע, יע! — האט עטינבערג אויסגעשריען איבער דאקטאר רייכ־מאן'ס אקסעל — אבראשא, טרינק דיין טהעע, שעהם זיך ניט... דו שעהמסט זיך אויך, וואס?...

ליובא האט זיך א טרייסעל געטאן פון איהר פאטער'ס לעצטע ווערטער און זיא איז צוגעלאפען צו מעקנעק'ן און, צובויגענדיג זיך צו איהם, האט זיא ארויסגערעדט :

— מיסטער מעקנעק, טרינקט, אייער טהעע ווערט קאלט.

— אה, דאנקע, דאנקע, מיר ווילט זיך ניט — האט ער ארויסגעשעפּצעט נאך מעהר צומישט אי פון אניוטא'ס בעטען, אי פון עטינבערג'ס בעמערקונג.

— וואס הייסט, א גלאז טהעע, ווי זאגט מען זיך אפּ? — האט אניוטא זיך אבגערופען מיט א פריינדליכען שמייכעל, שטעהענדיג פון ווייטען, נע־בען איהר מאן.

— אלל רייט, אלל רייט, איך טרינק! — האט מעקנעק ארויסגעמור־מעלט און, טראכטענדיג : — דער טייַ־פעל האט מיך אהער פערשלעפּט — האט ער גענומען טרינקען דעם טהעע מיט א צומישטער מינע.

ארום האט מען ווידער גענומען ריידען : רייכמאן מיט הינדעלען, ליו־בא אי מיט הודקין'ען, אי מיט רייכ־מאן'ען. און אניוטא מיט עטינבערג'ן. דאס ארומיגע ריידען האט מעקנעק'ען אביסעל געבראכט צו זיך. ער האט פער־גנב'עט גענומען קוקען ארום זיך, בע־טראכט דיא דונקעלע ווענד פון'ם צי־מער, דעם ווייסען באלקען מיט א גרוי־סען געלען פלעק, א פערבליעבענער ציי־כען פון דעם זומערדיגען רעגען, וואס האט ארייגערונען דורך'ן דאך. דאן האט ער פער'גנב'עט א קוק געטאהן אויף דאקטאר רייכמאן'ען געגען איהם, אויף הינדעלען, און זיינע אויגען זיינען געבליעבען שטעהען אויף איהר. עפּעס איז זיא איהם אויסגעקומען בעקאנט... וואו האט ער זיא געזעהן?

און פּלוצים האט ער אויסגעגלאצט אויף איהר זיינע ווייסע אויגען פער־וואונדערט.

— ביי גאש! — האט ער א טראכט געטהאן, דערקענענדיג זיא : — דאס איז דאך איינע פון מיינע „הענד!...“ ערשט פאר־א־יאהרען ביי מיר געארבייט... איך האב זיא אוועקגע־שיקט, ווייל זיא האט ווייניג אויסגעאר־בייט ;... אזוי גאר, דאס איז דיא „גע־זעלשאפט?..“ מעג טאקי דער רוח אריין אין מיין הארצען, וואס איך דענק אז גאט ווייסט, ווער אט דיא געסט זיי־נען!...

און גלייך טאקי זיינען זיי אלע געפאלען אין זיינע אויגען און ער האט גענומען קוקען ארום זיך אלץ דרייסטער אלץ פרייער, זאגאר פרעך...

— ווער זיינען זיי, ביי גאש? איך קען זיי אלעמען געבען צו פערדינען א דאלאר.. אפילו דיא דאקטוירים ווע־לען מיר אויך פאר מיין דאלאר טהאן אלעס, וואס איך וועל נור פערלאנגען פון זיי!...

און טראכטענדיג אזוי, האט ער זיך מיט אמאל א קעהר געטאהן צו דאקטאר עפּשטיין'ען מיט דיא ווערטער :

— אזוי? הייסט עס, איהר זייט דא א דאקטאר געווארען, הא?...

— הא? איהר זאגט עפּעס? — האט דאקטאר עפּשטיין זיך אבגערופען מיט א האלב־שפּאטישען שמייכעל.

— איך זאג : און איהר זייט דא א דאקטאר געווארען!...

— וואס וואונדערט איהר זיך אזוי? — האט דאקטאר רייכמאן גע־פרעגט.

— איך וואונדער זיך גאר ניט — האט מעקנעק געענטפערט מיט א ביט־רען שמייכעל — אין אמעריקא קען יע־דער צו וואס קומען... מען דארף נור זיין דער ריכטיגער מענש...

— יא, דער ריכטיגער מענש — האט עפשטיין זיך אבגערופען מיט איראניע אין קול — איהר זייט, וויא עס שיינט, צופריעדען מיט אמעריקא...

— זעהר צופריעדען — האט מעקנעק אונטערגעכאפט מיט זיין ביטרען שמייכעל — איך האב צו אמעריקא ניט צוגעלעגט און אמעריקא האט צו מיר אויך ניט צוגעלעגט...

— וואס מיינט איהר?...

— איך מיין, ווען העכער צוויי הונדערט „הענד“ פערדיענען ביי מיר אויף א לעבען, דערלייגט ניט אמעריקא צו מיר...

— דערלעגט איהר צו אייערע צוויי הונדערט הענד? — האט עפשטיין זיך אפגערופען, פיהלענדיג א האס צו איהם, איצט נאך מעהר פאר זיין בעריהמען זיך.

— נו, אזא שלעכטער ביזנעסמאן בין איך ניט! — האט מעקנעק א שמייכעל געטהאן און צוגעלעגט כלומרשט גאנץ אונשולדיג, אבער זעהר ביטרע:

— ווען איך זאל צולעגען צו מיינע „הענד“, וואלט מיין געשעפט איצט ניט ווערטה געווען קיין 75 טויזענד...

— 75 טויזענד? — האט עפשטיין ניט ווילענדיג אויסגעשריען און אויסגעגלאצט אויף איהם דיא אויגען.

— אהא, וואס דען האסטו געמיינט?... איך פייף אויף דיא דאקטוירים! — האט מעקנעק א טראכט געטהאן מיט א צופריעדענעם שמייכעל און, אויסגלייכענדיג זיך שטאלץ אויף זיין שטוהל, האט ער ארויסגערעדט:

— 75 טויזענד איז אויך געלד?... כל זמן איך וועל ניט האבען דיא גאנצע הונדערט טויזענד, וועל איך זיך רעכענען פאר אן ארימאן...

— וואס טויג אייך אזוי פיעל געלד? — האט ביי עפשטיינען זיך ארויסגעריסען, און ער האט א טראכט געטהאן מיט קנאה און האס: — חיות דוא, ווער וועט הנאה האבען פון דיין געלד?...

— וואס הייסט, וואס טויג מיר אזוי פיעל געלד? געלד קען יעדען צוניטץ קומען, אפילו אייך אויך, כאטש איהר זייט א דאקטאר... מען דארף נור פערשטעהען, וויא אריינצוקריעגען דאס געלד — האט מעקנעק ביטרע געענטפערט און זיינע ווייסע אויגען האבען געקוקט אויף דאקטאר עפשטיין'ען שטאלץ און פרעך.

עפשטיין איז געווארען נערוועז.

— וואס פאר א העסליכע בעשעפעניס! — האט ער א טראכט געטהאן און פלוצים דערמאנט זיך אן דעם רינג, וואס ער מעקנעק, האט היינט פארגעשלאגען ליובא'ן, האט ער א בלישצע געטהאן אויף איהם מיט דיא אויגען און, אנדרפענדיג איהם „רויטער אידיאט“ אין די געדאנקען, האט ער זיך מיט א שווערען געמיטה אויפגעהויבען פון אהט און איז ארויסגעגאנגען פון פראנט־צימער.

ליובא, וועלכע איז אין דיעזער צייט געשטאנען נעבען איהר מוטער, האט בעמערקט, וויא עפשטיין איז ארויס פון פראנט־צימער, איז זיא גלייך ארויס נאך איהם.

מעקנעק האט זיך דאן א קעהר געטהאן צו זיין שכן פון דער צווייטער זייט, צו הודקינ'ען, און געוואלט מיט איהם פערפיהרען א געשפרעך, דער לעצטער אבער איז פערטהאן געווען אין א געשפרעך מיט דאקטאר רייכמאנ'ען און הינדעלען געגען איהם. הודקין האט עפעס גערעדט מיט היץ, מיט התפעלות און זיינע אויגען האבען בשעת דעם געברענט גאר ניט וויא געוועהנליך. מעקנעק האט זיך צוגעהערט.

— דער סוזשעט פון מיין דראמע איז זעהר אן אינטערעסאנטער — האט הודקין גערעדט — דער מאן האט זיך

פערליעבט אין א פרעמדער פרוי און לעבט מיט איהר... זיין אייגענע פרוי, פיעל איינגער און אינטעליגענטער פון איהם, בעמערקט עס און ליידעט און שטיקט אין זיך דיא ליידען יאהרען־לאנג, ביז זיא הייבט אן איהם צו האַסען, איהר מאן... דאן טרעפט זיא זיך מיט אן אינטעליגענטען יונגענמאן, אן אידעאליסט, און אין פערלויף פון דער צייט פערליעבען זיי זיך איינער אין דעם אנדערן... דיא פרוי אבער האט א קינד. קעמפפט זיא צוליעב דעם קינד געגען איהר ליעבע צו דעם יונגענמאן, קעמפפט און ליידעט. נאך שטארקער, נאך טיעפער, וויא פריהער, און בלייבט טריי איהר מאן... אויף דיא ליעבעס־ערקלערונגען פון דעם יונגענמאן רופט זיך אפ איהר הארץ, אבער איהרע ליפען בעטען זיך ביי איהם רחמים, ער זאל זיא פערגעסען, ער זאל זיא ניט מוטשען... און אזוי קעמפפט זיא געגען איהר אייגענעם הארצען א לאנגע צייט, ביז איינמאל דערוויסט זיך איהר מאן וועגען איהר אונשולדיגע ליעבע, טרעט ער דאן ארוים געגען איהר מיט געוואלדען און געשרייען: וויא וואגט זיא, א פערהייראטעטע פרוי, צו ליעבען א פרעמדען מאן ?!... איא, אן אינטערעסאנטער סוזשעט, דאקטאר? — האט הודקין אויסגעשריען מיט התפעלות.

— זעהר אן אינטערעסאנטער — האט רייכמאן זיך אפגערופען — ער ענטהאלט אין זיך א גרויסע וואהרהייט בנגוע צו דער פרויען־פראגע . . .

— דאס איז א מייסטערווערק ! — האט אונטערגעכאפט הינדעלע בעגייסטערט, און איהרע שטילע טויבען־אויגען האבען געשטראהלט מיט גליק: — ער מוז עס פאר אייך לעזען, דאקטאר, ער האט נאך אזא ווערק ניט געשריעבען ! . . .

— מיין ערשטע דראמע ! — האט הודקין געשמייכעלט.

— משיגעים ! — האט מעקנעס א טראכט געטהאן, קוקענדיג מיט זיינע ווייסע אויגען דא אויף הודקין'ען און דא אויף רייכמאן'ען : — פון וואס זיי ווערען דא נתפעל ! . . . א מעשה אויסגעטראכט איז אויך א ביזנעס ! . . . וואס־ווען ? ביי גאש ! . . . ער וואלט בעסער געטראכט פון א נייעם רעקעל — האט מעקנעס א שמייכעל געטהאן אין זיך, בעטראכטענדיג דעם אלטען רעקעל אויף הודקין'ען.

— און ווען לייענט איהר עס פאר דיא אקטיארען ? — האט דאקטאר רייכמאן געפרעגט.

— מארגען — האט הודקין געענטפערט — איך לייען פאר מיסטער נ... אליין — האט הודקין אנגערופען א נאמען פון א בעריהמטען אידישען שטערן.

— דיא פיעסע וועט מאכען א פורור ! — האט הינדעלע ארויסגעשעפצעט פערטראכט, שמייכלענדיג ליכטיג און גליקליך.

און דערהערט דעם נאמען פון דעם בעריהמטען אידישען אקטיאר, האבען מעקנעקס ווייסע אויגען גענומען קוקען מיט מעהר דרך ארץ אויף הודקין'ען.

— דאס איז דאך הפנים א ביזנעס אויך ? — האט ער א טראכט געטהאן, א קעהר טהאנדיג זיך צו הודקין'ען, האט ער מיט דרך ארץ ארויסגערעדט :

— א שעהנע געשיכטע ! ביי גאש, בון זייער אייגענעם קאפ, הא ? . . . אבער דער מאן האט עס כשר פערדיענט . . . אז ער איז אזא, מעג דאס ווייב אויך זיין אזא . . . וויא זאגט דער גוי : „דוא מיר אין קאשע און איך דיר אין דער קאפוסטע" . . . זיי האבען עס ריכטיג געמאכט ! . . . כו, כו, כו—כא, כא, כע, כע, כע־ע־ע ! — האט ער זיך פלוצים צולאכט מיט זיין מארנעם געלעכטער, וואס איז ענליך געווען צו דעם האווקען פון א הינטעלע.

אלע האבען זיך אומגעקוקט אויף איהם מיט גרויסע אויגען. הינדעלע האט זיך א טרויסעל געטהאן, אפילו שטינבערג אליין האט זיך אויך א כאפ געטהאן פון זיין ארט און געקוקט אויף איהם מיט גרויסע, פערוואונדערטע אויגען.

און דערפיהלט אויף זיך זייערע אלעמענס בליקען, האט מעקנעק אונטערבראכען אין מיטען זיין געלעכטער און אומגעקוקט זיך צומישט.

— דוא לאכסט עס אזוי? — האט שטינבערג ארויסגעשאסען — און איך האב געמיינט, אז . . . האסטו געהערט א מין געלעכטער אין אמעריקא! . . .

אלע האבען זיך צולאכט אויף'ן קול. מעקנעק איז נאך מעהר צומישט געווארען.

— מען דארף געהען! — האט מעקנעק א טראכט געטהאן — ער האט מיך בעליידיגט! . . .

פלוצים האט ער זיך א כאפ געטהאן:

—אוועקגעהען גאר? ניט מעקנעם! . . . ווען מען וויל עפעס אויספיהרען, געהט מען ניט אוועק. דאס וואלט ניט געווען מעשה ביזנעסמאן . . . ווער זיינען זיי, ביי גאש? . . . איך שפיי אויף זיי אלעמען! . . . ער מיינט, אז דא איז איהם רוסלאנד! . . . דא איז אמעריקא, מיסטער שטינבערג!— האט ער א טראכט געטהאן מיט האס— אמעריקא! — האט ער ווידערהאלט אין זיינע געדאנקען, פיהלענדיג זיך ווידער אזוי שטאלץ און או געצוואונגען, וויא פריהער, און קוקענדיג ארום זיך פרעך און מיט שפאט.

אין דער זעלבער צייט האט אניוטא ארומגעטראכט, וויא אזוי מען פערגלעט דעם איינדרוק, וואס אויף מעקנעק'ן האט געמוזט מאכען איהר מאן'ס בעמערקונג. און אויף'ן סוף האט זיא זיך אפגערופען מיט א געצוואונגענעם שמייכעל:

— עס איז גוט, ווען עס לאכט זיך אין אמעריקא! . . .

— אה, יע! — האט אונטערגעכאפט דאקטאר רייכמאן, וועלכער האט פריהער בעמערקט וויא אניוטא האט א ציה געטהאן שטינבערג'ן פאר'ן ארבעל און פערשטאנען, וואס דא קומט פאר: — לאכען איז איבערהויפט געזונד! — האט ער צוגעלייגט, ווענדענדיג זיך צו מעקנעק'ן מיט זיין קינדערש-גוטען שמייכעל.

— איך בין פאלקאם איינפערשטאנדען מיט זיי, דאקטאר! — האט מעקנעק זיך אויך אפגערופען שוין מיט א העפליכער מינע: — איך, דאקטאר, וייסען זיי — האט ער זיך געסטארעט צו ריידען אינטעליגענט — וואס-וועלכער. גאט זיי דאנק, האב אין אמעריקא עפעס אויפגעטהאן, האב איך, דאס הייסט, איך מיט מיין פערזענליכקייט, ניט וואס צו קלאגען . . . אז עס איז גוט אויף'ן הארצען, לאכט מען. ניט אזוי, דאקטאר, הא?

— געוויס! — האט דאקטאר רייכמאן געענטפערט, לאכענדיג מיט'ן הארצען

הודקין מיט הינדעלען האבען זיך דורכגעווארפען מיט דיא אויגען.

— דוא הערסט א שפראך? —האבען זיינע אויגען מיט א שמייכעל גערעדט.

— קוק ניט אויף מיר, ווארום איך וועל זיך באלד ווידער צולאכען . . .
— האבען גערעדט איהרע בלויע טויבען-אויגען.

און אי ער, אי זיא האבען געשטיקט אין זיך דעם געלעכטער.

ליובא איז אריינגעקומען. שפעטער

# די אימיגראנטען

א ביסעל — דאקטאר עפשטיין.

— נו, ווער וויל נאך טהעע ? — האט ליובא געפרעגט מיט צוברעכטע באקען — מיסטער מעקנעק, וועט איהר טרינקען נאך א גלאז טהעע ? — איז זיא צו איהם צוגעגאנגען.

— ניין, דאנקע. איך מוז שוין גע־הען ! — האט ער זיך אויפגעהייבען פון ארט.

— וואס איילט איהר ? — האט ליו־בא געפרעגט, און איהר הארץ האט זיך געבעטען : „געהט נאקי, מיסטער מעק־נעק, געהט און קומט ניט מעהר ! . . ."

— אט, מיר וועלען שוין אנאנ־דערסמאל לענגער פערברענגען ביי אייך — האט ער געענטפערט מיט א העפליכען שמייכעל.

— א גוטע בשורה ! — האט ליובא א טראכט געטהאן און א קוק געטהאן אויף עפשטיין'ען הינטער איהר.

— וואס מאכט עפעס זייער ליידי, דאקטאר ? — האט זיך מעקנעק פלוצים א קעהר געטהאן צו עפשטיין'ען.

— מיין ווייב ? — האט עפשטיין אויסגעגלאצט אויף איהם דיא אויגען — ווארום, איהר קענט זיא דען ?

— אה, ניין, איך פרעג זיי נור אזוי — האט מעקנעק געענטפערט מיט א כיטרען שמייכעל — ווי ביי א לאנדס־מאן, וויא ביי אן אלטען בעקאנטען . . .

— אה — האט זיך עפשטיין צו־לאכט, אנקוקענדיג איהם שפאטיש :

— מיין ווייב איז אלל־רייט . . .

—אויב זי איז אלל־רייט, איז אלל־רייט — האט מעקנעק אונטערגעכאפט פרעהליך און אטראכט געטהאן : —אט אזוי, ווען דוא ביזט פערהייראטעט, האב איך דיך אין דיא העל ! . . .

אניוטא, ווען זיא האט דערהערט, אז מעקנעק געהט אוועק, האט זיא זיך שנעל א קעהר געטהאן צו עטינבערג'ן און ארויסגעשעפצעט :

— בארים, ער געהט אוועק, ווייז איהם א פריינדליכע מינע, לאז איהם איין צו קומען, קוילע אונז ניט ! . . . בארים, דא איז אמעריקא ! . . .

— נו, נו, האט ער געשעפצעט— שוין גוט, שוין גוט, איך וועל שוין זיין זיין פריינד ! . . . אוי, אמעריקא ! — האט ער ארויסגעשעפצעט מיט האס, א פיהר טהאנדיג נערוועז מיט דיא ברייט־טע אקסלען, האט זיך אויסגעגלייכט, פערריסען דויך דיא פליצעס און גע־נומען שטעלען שווערע, הילבענדיגע טריט צו מעקנעק'ן.

אניוטא נאך איהם מיט א שמייר־כעל.

— דוא געהסט שוין אוועק, אבראשא ? — איז עטינבערג צוגעגאנגען צו מעקנעק'ן — וואס איילסטו זיך ? נו, יא — האט ער זיך אונטערבראכען — דא ביי מיר איז ניט אזוי פרעהלאך, אין דער־היים איז ליובא'ס געבורטסטאג פרעהליכער געפייערט געווארען !... דו האסט שוין מסתמא פערגעסען, הא ?...

זיין טאן, זיין שטאלצע האלטונג און זיין פראגע האבען ווידער צומישט מעקנעק'ן. ער, מעקנעק, האט זיך ניט געקענט העלפען. כל זמן עטינבערג איז געזעסען אין הינטערגרונד, האט ער זיך געקענט צווינגען צו זיין דרייסט און פעסט און שטאלץ ביי זיך. באלד אבער וויא עטינבערג איז פאר איהם ארויס־געטראטען אין פארדערגרונד, האט ער זיך פערלארען און צומישט געווארען. מיט זיין האלטונג און זיין מעכטיגע פי־גור האט עטינבערג איהם געשטיקט, ווי אין ד'רעד איהם אריינגעדריקט, קלע־נער איהם געמאכט, גאר קליין, דאכט זיך... ניט אויף איין מינוט האט ער זיך געקענט בעפרייען איצט, ווען עטינ־בערג איז פאר איהם געשטאנען און גערעדט צו איהם, פון דעם געדאנק, אז זיין שטאלצער אמאליגער בעל הבית

עטינבערג שטעהט פאר איהם און רעדט...

— ווען איך וואלט זיין פיגור געהאט — האט ער געטראכט — ווען איך וואלט זיך געקענט אזוי האלטען...

און טראכטענדיג אזוי, האט ער נאך שארפער געפיהלט עטינבערג'ס גרויסקייט און זיין אייגענע נישטיגקייט אין פערגלייך צו יענעם...

אניוטא האט פריינדליך געקוקט אויף איהם.

— פערברענגט ביי אונז נאך א ווײלע... מיר האבען זיך שוין אזוי לאנג ניט געזעהען — האט זיא גערעדט מיט א פריינדליכען טאן.

— איך דאנק אייך, מאדאם, מיר וועלען קומען אנאנדערס מאל — האט מעקנעק געענטפערט און געשמייכעלט צומישט.

— וואס מאכט דיין טאטע? פאר־וואס איז ער מיט דיר ניט געקומען? — האט עטינבערג פלוצים א פרעג געטהאן — שעהמסט זיך מיט איהם, הא? נישקשה, אן עהרליכער מאן, דער געטרייעסטער מענש ביי מיר געווען, דארפסט זיך מיט איהם ניט שעהמען!...

אניוטא האט א ציה געטהאן איהר מאן פאר'ן ארבעל.

מעקנעק איז נאך מעהר צומישט געווארען פון דעם, וואס עטינבערג האט דערמאנט זיין טאטען.

— ער וועט זיין נעגען א שידוך מיט מיר — האט מעקנעק א טראכט געטהאן — איך קען איהם!... און אפשר — איז איהם ארויף אנאנדער געדאנק אויף'ן זינען, בעמערקענדיג דיא טיפע שווארצע קנייטשען אונטער עטינבערג'ס אויגען: — אפשר... ווער קען וויסען!... איז יא, יא, אניט איז... ניט געפיעדעלט!...

— גוד נייט!...

אניוטא, ליובא און עטינבערג האבען איהם בעגלייט ביז דער טהיר.

— גוד נייט. קומט [illegible]! — האט איהם אניוטא נאכגעשריען.

און ווען ער איז אוועק, האבען זיי אלע פרייער אפגעצויגען דעם אטהעם. ליובא האט אויפגעהויבען ביידע הענד אין דער הויך און מיט זיי א מאך געטהאן.

— דאנקען גאט, פטור געווארען!...

— ער איז, דאכט זיך, אוועק ניט א ברוגז'ער — האט אניוטא ארויסגערעדט.

— נו, און ווען א ברוגז'ער? — האט עטינבערג ארויסגעמורמעלט — גאה בעט איהם איבער, נו!...

— אוי גאה שוין, דוא ווייסט גלאט ניט אויף וואס פיר א וועלט דוא ביזט!
— האט אניוטא זיך אבגערופען צורייצט און איז אריין אין פראנט־ציממער. ליובא און עטינבערג נאך איהר.

— ער איז שוין אוועק? — האט זיך דאקטאר עפשטיין געווענדעט צו ליובא'ן, באלד וויא זיא איז אריין מיט איהר פאטער און מוטער אין פראנט־ציממער: — א זעלטענע חיה!...

— אייערע אמעריקאנסקע גבירים!
האט עטינבערג ארויסגעמורמעלט אין בארד אריין.

— דער אירישער נאמען מעקנעק, פאסט זיך טאקי צו איהם! — האט עפשטיין זיך צולאכט, א קוק טהאענדיג אויף ליובא'ן.

— ער איז ניט דער איינציגער איד אין אמעריקא, וואס זוכט צו בעהאלטען זיין אידעשע אבשטאמונג אונטער אבי וועלכען ניט איז אידישען נאמען — האט דאקטאר רייכמאן זיך פלוצים אבגערופען — בעסערע אידען פון איהם, אינטעליגענטערע, האבען דאס זעלבע געטהאן און טהוען עס יעדען טאג... א כאראקטעריסטישער סימפטאם פאר די צוקונפט פון אידען אין אמעריקא!...

די געסט זיינען נאך א ווײלע געזעסן, אבער דער פריהערדיגער לעבעדיגער אינטערעס צו ריידען און דעבאטירען איז ביי זיי שוין איצט מעהר ניט געווען. וועגען וואס זיי האבען ניט גענומען ריידען, האט זיך ביי זיי ניט געקלעבט. זיי אלע האבען זיך גענומען פיהלען לאנגוויילינ און שווער, אקוראט וויא מעקנעק וואלט איבערגעלאזט הינטער זיך א שווערע כמארע.. יעדער פון זיי האט געוואלט אוועקגעהען, אבער יעדער פון זיי האט געווארט אויף אנאנדערען. יענער זאל זיך דער ערשטער אויפהייבען פון ארט...

אויף׳ן סוף האט זיך דאקטאר רייכמאן אויפגעהויבען און די איבעריגע נאך איהם.

— דאנק פאר׳ן בעזוך ! — האט עטינבערג געזאגט, דריקענדיג יעדען בעזונדער די האנד.

—איבער א יאהר, ווען איהר וועט רייך זיין — האט דאקטאר רייכמאן זיך אפגערופען — וועלען מיר טאקי טרינקען שאמפאניער אויף אייער טאכטער׳ס געבורטס־טאג.

— אי, דאקטאר — האט עטינבערג א מאך געטהאן פערצווייפעלט מיט א האנד — איך גלויב שוין ניט ! . . . ווען איך וואלט געווען א יונג פון דער־היים, וואלט איך געקענט גלויבען . . . אבער אזוי ? . . . עה, ניטא פאר וועמען דאס הארץ צו ווייזען ! . . .

און ווען די געסט זיינען אוועק, האט ער אראפגעלאזט דעם קאפ און ארויסגעמורמעלט :

— נו, שוין נאך ליובא׳ס געבורטס־טאג אויך ! . . .

אניוטא האט א זיפץ געטהאן און ליובא האט זיך א כאפ געטהאן אויפראמען פון׳ם טיש, און אין איהר נשמה האט עפעס טרויעריג געציטערט, גענאיעט און געצויגען . . .

אויף׳ן סוף האט אניוטא ארויסגערעדט :

— נו, מען קען זיך עפעס העלפען?! געה שלאפען, מארים ! . . .

זיא האט אריינגעדרעהט די נאזברענערס אין פראנט־צימער, און דארט האט זיך צושפרייט אזא חושך, וויא ביי זיי אלעמען אויף דער נשמה . . .

12

אין דער זעלבער צייט האט הודקין בעגלויט הינדעלען אהיים.

אנגעשפארט אן זיין ארעם, האט הינדעלע זיך געטוליעט צו איהם, און, צוהערענדיג זיך צו דעם, וואס ער האט גערעדט, האט איהר קליין הערצעלע פרעהליך געטאנצט און איהרע טויבען־אויגען האבען איהם ווארעם און ליכטיג געלאסצעט.

ער האט גערעדט פון זיין פיעסע, וואס ער וועט מארגען פארלעזען, און פון זייער ביידענס שעהנע צוקונפט... ער וועט די פיעסע זיכער פערקויפען און זיא וועט זיכער אן ערפאלג האבען:... דאן ערשט וועט ער ריכטיג אנערקענט ווערען און דאן וועט זיא, הינדעלע, זיין זיין ליעבע ווייבעלע און זיי ביידע וועלען דאן זיין אזוי גליקליך, אזוי גליקליך . . .

און זיינע ווערטער האבען פרעהליך אבגעקלונגען אין איהר נשמה און דארט האט געהוליעט און געטיאכט, און וויינען און לאכען האט זיך איהר געוואלט, אי רעדען אליין פון זיין גרויסער צוקונפט און פון איהר נאך גרעסערען גליק, אי שווייגען און נור הערען, וואס ער רעדט פון זיין גליק, פון איהר גליק, פון זייער ביידענס גליק . . .

און זיא האט זיך נאך פעסטער געטוליעט צו איהם, פערדיסען, וויא א קינד, די אויגען צו איהם און איהר

גאנצער פנים'ל האט פערקלערט גע־
שמייכעלט.

און דיא נאכט האט זיך זיי אויך אויסגעוויעזען אזוי שעהן, אזוי בע־כישוף'דיג שעהן. דער הימעל איז אויסגעשאטען געווען מיט שטערענד־לאך, וויא מיט בריליאנטענע אויגע־לאך... און יעדעס אויגעלע האט גע־ווינקט צו זיי אזוי העלל און פרעהליך, אקוראט וויא עס וואלט זיך מיט זיי צוזאמען געפרעהט. דיא עלעקטרישע לאנטערנעס האבען פון זיך אויך גע־ווארפען עפעס גאר אנאנדערע שיין, א פאנטאסטיש־העלע, וויא א בע'כישופ־טע שיין. קיין פראסט איז ניט געווען, נור א קיהלער ווינטעלע, וואס האט זיי געלאסקעט, וויא מיט דיא ווייכע, צאר־טע הענד פון פריהלינג... דיא פער־בייגעהער האבען עפעס אויך געטראגען צופריעדענע, גליקליכע מינעס אויף זייע־ערע פנים'ער. אלעס, אלעס איז זיי און ארום זיי איז געווען צופריעדען און געפרעהט זיך, הימעל און ערד...

— וויא שעהן איז דאס לעבען און ווי גוט עס איז צו לעבען! — האט זיא ארויסגעהויכט, וויא דער העלער יונגער פריהלינג, און פעסט א דריק געטהאן זיין האנד.

ער האט זיא צוגעפיהרט צו דעם הויכען טענעמענט־הויז אויף מאנרא סטריט, וואו זיא האט געוואוינט. דארט איז געווען שטיל, קיין פערבייגעהער האט מען ניט געזעהען. דיא גאס טהיר פון יענעם טענעמענט־הויז איז גע־ווען אפען. אהינטער דער טהיר איז געווען פינסטער.

— שוין שפעט — האט ער געזאגט

— איך וועל איצט ניט ארויפגעהען צו דיר.

— אלץ איינס וועל איך היינט שוין ניט קענען שלאפען — האט זיא ארויס־געשעפצעט.

— ווארום, הינדעלע?...

— איך פיהל, אז איך וועל ניט קענען... איך וועל דיא גאנצע נאכט טראכטען און טראכטען וועגען דיר און דיין פיעסע... אוי, אלעקס — האט זיא ארויסגעשעפצעט — איך וואלט אזוי געוואלט, אז דיא צייט זאל אריי־בער, דער מארגען זאל קומען, דער מארגען!...

— איך אויך, הינדעלע...

— ווייסטו וואס, אלעקס — האט זי' זיך א כאפ געטהאן — לאמיר גאר ארומגעהען א גאנצע נאכט...

ער האט זיך צולאכט.

— וואס פאלט דיר איין, הינדעלע?

— נו, איך בעט דיך, אלעקס! — האט זיא זיך צוגעדריקט צו איהם וויא א קינד: — איך פיהל, אז ביז מארגען וועט מיר זיין אזוי שווער אליין... אלעקס—האט זיא זיך פלוצים אונטער־בראכען מיט אונרוה אין קול —דענקס־טו, אז נ... וועט דיא פיעסע זיכער געפעלען זיין?...

ער האט זיך צולאכט.

— אוי דו, דו! — האט ער איהר א גלעט געטהאן דיא בעקלאך — און דו צווייפעלסט?...

— איך צווייפעל ניט, אלעקס — האט זיא ארויסגערעדט מיט ווארימקייט

— איך ווייס, אז דאס דאזיגע ווע־ס דיינס איז א גרויסע, אן ערהאבענע... קיין איינער פון אונזערע דראמאטורגען איז ניט אימשטאנד צו שאפען אזא ווערק. אבער... דאס הארץ ציטערט אין מיר אזוי!...

— ווארום? — האט ער געפרעגט, און זיין הארץ האט אויך עפעס אונרו־היג א ציטער געטהאן.

— מען זאגט, אז דיא אידישע אק־טיארען פערשטעהען ניט, וואס זיי לע־זען — האט זיא ארויסגערעדט מיט א

ציטערענדיגען קול — אפשר ווילען זיי דיינע אויך....

— זיי ניט קיין נארוניו, הינדעלע — האט ער זיא אונטערבראכען מיט בעגייסטערונג אין קול — זיי ווילען פערשטעהן מיין פיעסע... אלעס אין איהר איז אזוי קלאר, אזוי בולט, דיא כאראקטערע, דיא סצענעס, די אידעע... אזוי אונוויסענד זיינען דיא אקטיארען ניט, קענען ניט זיין!... הינדעלע — האט ער זיא אנגעכאפט פאר ביידע הענט־לאך — געדענק, וואס איך זאג דיר: דיא פיעסע וועט אנגענומען ווערען, וועט געשטעלט ווערען, וועט האבען דעם גרעסטען ערפאלג... דאן וועל איך אנאנ־דערע ווערק שאפען נאך א גרעסערע, וויא דאס דאזיגע, פיעל א גרעסערע, הינדעלע!... דו ווייסט גאר ניט, הינדע־לע, וואס איך וואלט געקענט שאפען אונטער גינסטיגע אומשטענדען... מיין נשמה איז פול מיט בילדער... איך וואלט געקענט עטוואס אזוינס שאפען, עטוואס אזוינס — האט ער אויסגעשריען און זיינע אויגען האבען געקוקט פערטראכט און בעגייסטערט.

— יא, יא, אלעקס! — האט זיא אונטערגעכאפט מיט טיעפען גלויבען אין קול און איהרע שטילע טויבען־אוי־גען האבען געבלישצעט, וויא דיא ברי־ליאנטענע אויגעלאך אויפ'ן הימעל: — דו וועסט נאך שאפען גרעסערע ווערק, איך וויים... דו וועסט בעריהמט ווערען, דו וועסט איבערזעצט ווערען אין אלע שפראכען און אפשר... אפשר וועסטו נאך אליין אויך נעהמען א מאל שריי־בען אין א לעבעדיגע שפראך — האט זיא גע'חלום'ט און געשמייכעלט העל און ליכטיג.

ער האט זיך צולאכט.

— און דיא אידישע שפראך איז ניט קיין לעבעדיגע? — האט ער זיך אפגערופען.

— יא, אבער...

— נו, נו, שווייג, נארוניו — האט ער זיא אונטערבראכען און פערשטעלט איהר דעם מויל מיט א האנד: — דיא אידישע שפראך איז אזוי שעהן און אזוי לעבעדיג, וויא אלע אנדערע שפראכען. — גוטע נאכט! — האט ער בעפרייט איהר מויל — איך וויל נאך היינט איבערקוקען דיא פיעסע, איידער איך לעג זיא פאר. ווען דו ווילסט, קענסטו איך געהען מיט מיר צו נ... מארגען...

— דוא וועסט מיך נעהמען? — האט זיא זיך א כאפ געטהאן מיט התפעלות — יא, יא, אלעקס, נעהם מיך מיט... איך וועל סיי וסיי מארגען ניט קענען געהן ארבייטען...

ער האט א טראכט געטהאן.

— ניין, הינדעלע — האט ער ארויס־גערעדט פערטראכט — איך דענק, איך וועל בעסער געהן אליין... עס פאסט עפעס ניט צו געהן מיט דיר.

זיא האט ארונטערגעלאזט דעם קאפ און נאכגעביג ארויסגעשעפצעט:

— וויא דוא פערשטעהסט...

זיא איז אריין אין דעם פינסטערען קארידאר. ער נאך איהר. דארט האט ער זיא צוגעדריקט צו זיך און א קוש געטהאן.

— גוטע נאכט, הינדעלע!

— גוטע נאכט! — האט געענט־פערט איהר צארטער קוש.

## 13

אויף מארגען האלב נאך צעהן אין דער פריה איז הודקין צוגעגאנגען צו דעם שעהנעם הויז, וואו דער בעריהמ־טער אידישער אקטיאר נ. האט גע־וואוינט.

א אויפגערעגטער, א נערוועזער, מיט א קלאפענדיגען הארצען, האט ער

א דריק געטהאָן אויפ׳ן עלעקטערישען קנאָפּ, איבער וועלכען עס האָט געבליש־צעט א קליינער בענגולדעטער שילד מיט דעם אקטיאָר׳ס נאָמען. הינטער דער צוגעשלאָסענער גלעזערנער טהיר האָט זיך באלד בעוויזען א יונגערמאַן מיט פּאָדלפּאָוואַטע אויגען. דער יונגערמאַן האָט זיך אפריהער גוט איינגעקוקט דורך דער גלעזערנער טהיר אין הודקינ׳ען און דאַן ערשט דיא טהיר געעפענט.

— וועמען דאַרפט איהר? — האָט דער יונגערמאַן געפרעגט.

— מיסטער ג. — האָט הודקין גע־ענטפערט.

— זיי שלאָפען, איהר קענט זיי ניט זעהען — האָט דער יונגערמאַן געענט־פערט, ארויסרייידענדיג דעם ווארט „זיי“ מיט אזא יראת הכבוד, אקוראט וויא א חסיד וואָלט פון זיין רבי׳ן גערעדט...

— אָבער ער האָט דאָך מיך בע־שטעלט, איך זאָל קומען האלב נאָך צעהן — האָט הודקין זיך אָפּגערופען.

— זיי שלאָפען — האָט געענטפערט דער יונגערמאַן איינגעשפּאַרט, און זיין פּנים האָט אָנגענומען א טעמפּען אויס־דרוק וויא ביי א ביקעל...

— וויא לאַנג, דענקט איהר, וועט ער שלאָפען?...

— איך וויים ניט, זיי שלאָפען! — האָט יענער געטענה׳ט זיינס און שוין געקוקט ביי אויף הודקינ׳ען הודקין האָט געוואָלט עפּעס זאָגען, נור יענער האָט איהם ניט גע־לאָזט אויסריידען, זיך א כאַפּ טהאָענ־דיג, וויא אַן אָפּגעבריעמער, און ארויס־גערעדט שנעל און אין אָטהעם:

— מיסטער, מיסטער, זייט ניט קיין יאָלד, זייט ניט קיין לץ, געהט, געהט, זיי שלאָפען, איהר וועט זיי זעהן אין טהעאַטער, אויב זיי וועלען אייך וועלען זעהען!...

הודקין איז געבליעבען שטעהן א צומישטער. אויף אזא קבלת פּנים האָט ער זיך גאָר ניט געריכט... ער האָט שוין געוואָלט אוועקגעהען, נור אין דיע־זער צייט האָט זיך דערהערט פון אויי־בען פון דיא טרעפּ א פרויען־קול:

— משה, ווער איז דאָרט?...

דער יונגערמאַן האָט געענטפערט מיט כעס:

— עפּעס, כ׳וויים, א מאַן, וויל זעהן מיסטער ג....

— זאָגט, אַז הודקין דער שרייבער וויל איהם זעהען — האָט הודקין זיך אָפּגערופען.

און דערהערט דעם נאָמען, האָט דער יונגערמאַן זיך א כאַפּ געטהאָן און איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט.

— איהר זייט מיסטער הודקין דער שרייבער? — האָט ער ארויסגערעדט שוין מיט גאָר אַנאַנדער טאָן.

— יע.

— היינט פאַרוואָס האָט איהר מיר גלייך ניט געזאָגט? — האָט יענער ארויסגע־ערדט מיט דרך ארץ — זיי האָ־בען אייך בעשטעלט? א פּיעסקע, האַ?

— האָט ער צוגעלייגט, קוקענדיג שוין אויף הודקינ׳ען פריינדליך, כמעט מיט ליעבע: — קומט, קומט, זיי וועלען באלד אויפשטעהן...

הודקין איז אוועק נאָך איהם ארויף דיא ווייכע מיט פּלוש בעדעקטע טרעפּ.

— טהוט זיך פונאַנדער... גיט מיר אייער הוט, אייער ראָק — האָט דער יונגערמאַן גערעדט אין איין אָטהעם, ארייגפיהרענדיג הודקינ׳ען אין א שעה־נעם, גראָמען צימער:

— זיי וועלען באלד אויפשטעהן!...

הודקין האָט יענעם דערלאַנגט זיין ראָק און הוט, יענער איז מיט דעם ארויסגעלאָפען און האָט זיך באלד צו־ריקגעקעהרט.

— עפּעס אַ גוטע פּיעסקע?... אַ רילעאַסטישע (רעאַליסטישע) מסתמא?
— האָט יענער געדערט מיט התפּעלות און זיין גאַנצער האַלב־אידיאַטישער פּנים מיט דיא פּאַרסליפּאַוואַטע אויגען האָט זיך בעוועגט און געשטראַהלט: — האָבען זיי, מיסטער נ... עפּעס אַ גרויסע ראָלע, האַ?...

— יע — האָט הודקין געענטפערט, קוקענדיג אויף יענעם פערוואונדערט.

— אַזוי? איז גוט, וועט דיא פּיעסע זיכער אויסנעהמען! — האָט דער יונגערמאַן אויסגעשריען מיט נאָך גרעסערער התפּעלות: — האָט דיא פרוי אויך אַ גרויסע ראָלע?...

— זעהר אַ גרויסע — האָט הודקין געענטפערט.

— אַזוי? — האָט דער יונגערמאַן זיך אַ כאַפּ געטהאָן און זיין התפּעלות איז פּלוצים פערשוואונדען, און ער האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ: — טויג ניט!...

— וואָרום? — האָט הודקין זיך פערוואונדעט.

— וואָרום? — האָט יענער איבערגעפרעגט שוין מיט דעם פריהערדיגען טעמפּען, האַלב־אידיאַטישען אויסדרוק אויפ'ן פּנים און אין דיא פּאַרסליפּאַוואַטע אויגען און געענטפערט:
— טויג ניט!...
— אָבער וואָרום טויג ניט?...
— טויג ניט — האָט יענער געטענה'ט זיינס און, צורוקענדיג זיך נאָהענט צו הודקינ'ען האָט ער אַרויסגעשעפּצעט, אַ קוק טהאָענדיג אַפריהער אַהינטער, אַקוראַט וויא ער וואָלט מורא געהאַט, עמיצער אַנאַנדערער זאָל ניט הערען, וואָס ער רעדט: — זיי זוכען אַ פּיעסע, וואו זיא זאָל האָבען אַ קליינע ראָלע... אין דער פריהערדיגער פּיעסע האָט זיא געהאַט אַ גרויסע ראָלע, האָט זיא אויסגענומען און זיי אַליין ניט... זוכען זיי איצט אַ פּיעסע, וואו זיי אַליין זאָלען אויסנעהמען, פערשטעהט איהר, האַ?... פאָלגט מיך, איידער איהר לייענט פאַר זיי אייער פּיעסע, מאַכט, אַז דיא פרוי זאָל האָבען אַ קליינע ראָלע, אַניט... טויג ניט! — האָט ער ענערגיש אַ שאָקעל געטהאָן דעם קאָפּ, אונטערשטרייכענדיג שטאַרק דיא ווערטער „טויג ניט"...

— און ווער זייט איהר? — האָט הודקין געפרעגט, פּעראינטערעסירענדיג זיך מיט יענעם אַלץ מעהר און מעהר.

— איך? — האָט דער יונגערמאַן איבערגעפרעגט און אַ לאַך געטהאָן אין זיך: — איך בין משה...
— אַן אַקטיאָר?

— אַן אַקטיאָר, אַהאַ! — האָט יענער אויסגעשריען, אַ לאַך־טהאָנדיג ווידער אין זיך, אַקוראַט וויא ער וואָלט זיין געלעכטער אַרונטערגעשלונגען, און אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ: — איך בין ניט קיין אַקטיאָר. איך בין אַזוי...

— וואָס אַזוי?... וואָס מיינט איהר?

— אַט אַזוי — האָט יענער געענטפערט מיט אַ האַלב־אידיאַטישען שמייכעל — איך בין... אַט פרעגט דיא באַיעס — האָט ער זיך פּלוצים אונטערבראָכען — זיי וועלען שוין אייך זאָגען, ווער משה איז!...
— וועלכע באַיעס זאָל איך פרעגען?...

— אַט די באַיעס, אונזערע באַיעס, פון טהעאַטער, אַט דיא פּאַטריאָטען מיין איך — האָט דער יונגערמאַן געענטפערט און ווידער אַ לאַך געטהאָן אין זיך.

הודקין האט זיך דאן דערמאהנט אן דיא אידישע טהעאטער־פאטריאטען, וועגען וועלכע ער האט זיך אזוי פיעל אנגעהערט. ער האט געהערט, אז יעדער בעוואוסטער אידישער אקטיאר אדער אקטעריסע האט „פאטריאטען", וועלכע זיינען צו זיי איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען. דיא דאזיגע פאטריא־טען פון פערשיעדענע אקטיארען און אקטעריסעס פיהרען א קאמפף איינער נעגען אנדער'ן פאר דיא קונסט פון זייער פערגעטערטען „שטערן", וויא דיא חסידים פון פערשיעדענע רביים פאר דיא הייליגקייט פון זייער פערגע־טערטען רב . . . ער האט דאן פער־שטאנען, אז משה איז איינער פון נ.'ס פאטריאטען.

— איהר זייט עפעס אן ארבייטער?
— האט הודקין ביי איהם געפרעגט.

— שור, א שניידער — האט יענער געענטפערט.

— איהר ארבייט ניט איצט?
משה האט א לאך געטהאן אין זיך.

— אז איך וויל, קען איך ארביי־טען — האט ער געענטפערט, שמייכ־לענדיג מיט זיין האלב־אידיאטישען שמייכעל: — איך בין א גוטער ארביי־טורער, קען פערדיענען אכצעהן דא־לאר א וואך. אבער . . . איך וויל ניט.
— ווארום עפעס ווילט איהר ניט?
— ווען איך ארבייט, קען איך געהן אין טהעאטער בלויז צוויי מאל א וואך — האט משה געענטפערט און ווידער א לאך געטהאן אין זיך.
— און אזוי געהט איהר יעדען אבענד? — האט הודקין געפרעגט.
— שור.
— און וואו נעהמט איהר געלד צום לעבען?...

— אט, אמאל כאפ איך פון „זייז" א דאלאר און אז עס ווערט גאר ענג אין קעשענע, געה איך ארבייטען, ארבייט אפ א וואך, מאך מיינע אכצעהן צוואנ־ציג דאלאר און...

— משה! — האט זיך אין דיזער צייט דערהערט פון א ווייטען צימער א פערשלאפענער קול פון א מאן.

— זיי! — האט משה א שפרונג געטהאן, אונטערברעכענדיג זיך אין מי־טען, און איז ארויסגעלאפען פון צימער.

הודקין האט דערקענט אין דעם פערשלאפענעם קול דעם אקטיאר נ.'ס שטימע, און עס האט איהם א קלאפ גע־טהאן אין הארצען.

— ער שטעהט אויף — האט ער אויפגערעגט א טראכט געטהאן און אנ־געטאפט זיין פיעסע אין בוזים־קעשענע.

ארום איז געווען שטיל. פון א וויי־טען צימער האט זיך דערהערט א הוס־טען און א כראקען און דאן איז ווידער שטיל געווארען.

— וועט איהם געפעלען זיין? — האט הודקין א טראכט געטהאן, פיהלענ־דיג, וויא דאס הארץ אין זיין ברוסט צי־טערט און צאפעלט זיך: — אפשר וועט ער ניט פערשטעהן? אפשר וועט ער זיין ניט גוט אויפגעלייגט?...

און דערפיהלט, אז ער ווערט צו שטארק נערוועז, האט ער געזוכט זיך צו בערוהיגען, צו טראכטען וועגען עטוואס אנדערש. ער האט גענומען בעטראכטען דעם צימער ארום זיך: — דיא רויטע וועגד, דיא רויטע זאפע, דיא שטוהלען מיט רויטען פלוש בעשלאגען, דעם פלור־שענעם טעפיך אונטער די פיס און דעם שרייב־טיש מיט א בלויען געוואנד אין מיטען צימער, אויף וועלכען עס זיינען געשטאנען דריי גיפסענע ביוסטען, צוויי

קלענערע און איין גרויסער ביוסט אין מיטען. די קלענערע זיינען געווען פון שעקספּיר און בעטהאָווען און דער גרייסער ביוסט צווישען זיי ביידען, וועלכער איז ארויסגעטראָטען ווייט איבער זיי מיט די פּלייצעס, איז געווען פון איהם אליין, אָדער פון „זיי" אליין, וויא משה וואָלט געזאָגט. דאָס הייסט טאַקי די אונשטערבליכקייט פון דעם אַקטיאָר נ. אליין...

און ווי הורקין איז ניט געווען נערוועז, האָט ער זיך שיער ניט צולאַכט אויפ'ן קול, בעת ער האָט עס דערזעהען.

עס האָבען זיך דערהערט שנעלע, איילענדיגע טריט, און משה איז ארייגעלאָפען אין צימער.

— זיי געהען! — האָט ער ארויסגערעדט פערסאָפּעט און מיט א פּנים, וועלכער האָט אויסגעדריקט אי ליעבע, אי התפעלות, אי נאָך עפּעס, וואָס האָט שטאַרק דערמאָנט די מינע פון א הונד, בעת ער דערהערט מיט'ן ווידעל געגען זיין אנקומענדיגען בעל הבית. האָט ער זיך אוועקגעשטעלט געגען טיר, דורך וועלכער יענער האָט געדאַרפט ארייקומען...

מיסטער נ. איז ארייגעקומען אין א שלאָף־ראָק און אין פּלושענע שטעקשיך. ער איז געווען א הויכער, היבש בעלייבטער מאַן אין די מיטעלע יאָהרען, מיט א שטאָלצען אויסזעהען און האַלטונג.

זייענדיג גוט אויפגעלייגט, ווייל די עבר'דיגע נאַכט האָט ער געוואונען הונדערט און פופציג דאָלאַר אין קאַרטען, האָט אויף זיין גלאַט־ראַזירטען און בעוועגליכען פּנים געשפּיעלט א צופריעדענער שמייכעל.

ער האָט פריינדליך געדריקט הורקין'ען די האַנד, ענטשולדיגענדיג זיך פאַר איהם, וואָס ער האָט איהם געלאָזט אויף זיך אזוי לאַנג וואַרטען.

— ווייסט איהר, איך שטודיר יעצט א נייע פּיעסע מיט א שווערער, פעראַנטוואָרטליכער ראָלע — האָט ער געזאָגט מיט אן ערנסטער מינע — אַרבייט איך איבער איהר גאַנצע נעכט... איך וויל שאַפען א נייעם כאַראַקטער!...

משה, וועלכער האָט געוואוסט, אז „זיי" שטודירען ניט איצט קיין נייע פּיעסע, אז די גאַנצע נאַכט פערברייגען „זיי" ביים קאַרטען־טיש, ווען ער האָט דערהערט, וויא זיי „יאָלדעווען" הורקין'ען, האָט ער זיך מיט התפעלות א קראַץ געטהאָן אין פּאַטיליניצע און א לאַף געטהאָן אין זיך: — הע־ע!...

דער „שטערן" האָט זיך שנעל א קעהר געטהאָן צו איהם.

— דו שלוקערצסט, משה? וואָס איז דער מעהר? — האָט ער זיך צו יענעם געווענדעט מיט אן אָפּלאַכענדיגען טאָן.

— הע—ע! — האָט יענער ווידער א לאַף געטהאָן אין זיך און ארונטערגעלאָזען זיינע פּאָדסליפּעוואַטע אויגען, צי ווייל ער האָט זיך פערשעהמט, צי ווייל ער האָט זיך געשראָקען, טאָמער פערשטעהען „זיי", וואָרום ער לאַכט און ווערען אויף איהם בייז...

— איינער פון מיינע פּאַטריאָטען — האָט זיך דער „שטערן" א קעהר געטהאָן צו הורקין'ען מיט א גוטמוטהיגען שמייכעל — כאָטש שלאָגט איהם מיט שטעקען'ס, וועט ער פון מיר ניט אוועקגעהן... איא, משה? — האָט ער זיך ווידער א קעהר געטהאָן צו יענעם.

—איך וועל פון זיי קיינמאָל ניט אוועקגעהען — האָט משה זיך אָפּגערופען און זיינע פּאָדסליפּעוואַטע אויגען האָבען גענומען קוקען רחמנות'דיג אויף דעם „שטערן" — וואוהין זאָל איך געהען? איז עפּעס אויסער „זיי" פאַראַן

אין ריכטיגער אקטיאר ?... וויפיעל מאל „זיי" האבען מיך פערטריבען, ביז איך אלץ געקומען צוריק... אז „זיי" זיי־נען פארט איין ריכטיגער אקטיאר ! — האט משה אויסגעשריען, א מאכטהאנ־דיג מיט ביידע הענד, אקוראט ווי ער וואלט געוואלט זאגען : — פערפאלען, אזוי איז עס !

הודקין, וועלכער אונטער דעם איינ־דרוק פון נ.'ס פריינדליכקייט און ניט־מוטהיגקייט, האט זיך שוין ניט גע־פיהלט אזוי נערוועז ווי פריהער, איז געשטאנען א פערוואונדערטער און גע־שמייכעלט.

—מערקווירדיג — האט ער זיך אפ־גערופען — זיינען אזוינע יונגע לייט פאראן א סך ?

—אין דיא הונדערטער — האט „ער „שטערן" געענטפערט — צווישען זיי וועט איהר זאגאר געפינען מאנכע נאכ׳ץ אינטעליגענטע יונגע לייט... זיי לעבען מיט'ן טהעאטער. די ביהנע איז זייער בית המקדש און דער אקטיאר איז זייער גאט.

משה, וועלכער האט געקוקט אויפ'ן „שטערן" מיט א פערליעבטער און האלב־אידיאטישער מינע, האט דא עפעס געוואלט זאגען, נור דער „שטערן" האט אויף איהם ביסטרע א קוק געטהאן און א מאדנעם הוסט געטהאן : — קהם ! קהם ! — פון וועלכען משה האט פער־שטאנען, אז „זיי" הייסען איהם זיך „ארויסטראגען" פון צימער.

און ער האט מאקי זיך לאנג ניט גע־לאזט בעטען און מיט א צושראקענעם אויסדרוק אויף דעם האלב־אידיאטישען פנים און מיט אן ארונטערגעלאזענעם קאפ, ווי א הונד מיט א טרויעריג־ארונ־טערגעלאזענעם קאפ און ווידעל, האט ער זיך פער'גנב'עט ארויסגעכאפט פון צימער.

דער „שטערן" האט איהם בעגלייט מיט ביסטרע אויגען, ביז ער איז פער־שוואונדען. דאן האט ער זיך גוטמוטהיג צולאכט :

—איהר זעהט ? אויף'ן וואונק האט ער פערשטאנען, וואס איך האב געמיינט — האט ער זיך א קעהר געטאהן צו הוד־קין'ען — אה, פון דיא פאטריאטען איז דא פיעל צו דערצעהלען — האט ער גע־רעדט ווייטער מיט א גוטמוטהיגען שמייכעל — זאל איך אמאל, צום בייש־פיעל, פערשאדען דעם מאגען, פיהלען דאן אלע מיינע פאטריאטען יאשצער־קעס אין בויך... פאל איך אמאל דורך אין א פיעסע, וויינען זיי... נעהם איך אויס אין א פיעסע, איז ביי זיי דאן דער גרעסטער יום־טוב... שפיעל איך אמאל א נייע פיעסע מיט דער ריכטי־גער „פראזע", ווען עס שפארט מיר קליאטשע פון'ם מויל און מיר ווילט זיך אריינכאפען דעם ארבעל אין מויל אוז האווקען און סקאוואטשען, און שפייען מיט יאשצערקעס און מיט שלאנגען, און מיט עקדישען אויפ'ן פערפאסער און אויפ'ן פובליקום, — דאן פיהלען עס גלייך מיינע פאטריא־טען און... אויף מארגען איז די נייע פיעסע פוטש ! א קאלטער ווינד בלאזט שוין אין טהעאטער, א קאלטער בר־מנן ליעגט שוין אויף דער ביהנע און אויף דער קומענדיגער וואך איז דער בר־מנן בעגראבען אין א טיעפען קבר מיט דעם פערפאסער צוזאמען !... איז אבער דיא נייע פיעסע אזא, וואס מען רופט א „באמבע", און זיא איז מיר געפעה־לען, דאן איז יעדער פון מיינע פאטרי־אטען אויך א בעזונדערע באמבע, און עס קנאקט אין טהעאטער, און עס לאר־רעמט מיט „הורא'ס" און „בראווא'ס־אי פאר דער פיעסע, אי פאר'ן פער־

פאסער און דיא פיעסע האט דאן ער־פאלג... וועט איהר רויכענען א סיגאר?

—האט דער „שטערן" זיך פלוצים אונ־טערבראכען. פעררויכענדיג א סיגאר און אנבאטענדיג איינעם הודקין'ען.

—דאנקע, איך רויכען ניט! —האט הודקין געענטפערט, וואונדערענדיג זיך אויף די מאדנע ווערטער און גאנצע פראזען, וואס דער „שטערן" האט גע־ברויכט אין זיין ריידען.

—אן אריגינעלער מענש מיט אן אריגינעלער שפראך און פון אן אריגי־נעלער וועלטעל! — האט הודקין א טראכט געטהאן.

—נו, יעצט וועלען מיר לעזען — האט דער „שטערן" פליצים זיך אבגע־רופען און אוועקגעזעצט זיך נעבען שרייב־טיש, האט ער אנגעוויזען הוד־קין'ען אויף א שטוהל נעבען זיך און א געשריי געטהאן: — משה!...

הודקין'ען האט א קלאפ געטהאן אין הארצען און, ארויסנעהמענדיג מיט ציטערנדיגע הענד זיין מאנוסקריפט פון אונטער בוזים, האט ער זיך געזעצט נעבען „שטערן".

—מ—ש—שה! — האט ווידער א רוף געטהאן דער „שטערן".

—הא—הא—הא? — האט זיך דער־הערט משה'ס קול פון א וויטען צימער און באלד איז יענער אריינגעלאפען מיט אן אימפעט, האלטענדיג זיין מויל ברייט אפען, און ארויסגעלאזען:

—הא—הא—הא?...

—זעץ זיך, דו וועסט הערען דיא פיעסע — האט דער „שטערן" זיך אב־געררופען מיט אן ערנסטער מינע און בעמערקט, ווי פערוואונדערט הודקין איז געווארען, האט ער צוגעלעגט מיט א נטמוטהיגען שמייכעל:

—נישרקשה, איהר מעגט פאר איהם לעזען. אזוי אגו ער טאקי אן אידיאט, אבער א פיעסע פערשטעהט ער בעסער פון א סך קריטיקער... ווען משה'ז גע־פעהלען אייער פיעסע, וועט זי אויס־נעהמען ביים פובליקום... לעזט!...

הודקין האט זיך נאך מעהר פער־וואונדערט.

—איהר מאכט שפאס? — האט ער ארויסגערעדט מיט א צומישטען שמיי־כעל.

—קיין שפאס, מיסטער הודקין, משה פערשטעהט א פיעסע! — האט דער „שטערן" געענטפערט מיט א פעס־טען טאן.

הודקין האט זיך דערפיהלט בעליי־דיגט, אבער אזוי ווי דאס איז געווען זיין ערשטע פיעסע, פון וועלכער ער האט זעהר פיעל ערווארטעט, האט ער זיך געמאכט הארץ און גענומען לעזען.

משה האט זיך געזעצט נעגען איהם אויף א שטוהל, האט וויט פונאנדער־געעפענט דעם מויל, אזוי ווי ער וואלט זיך געקליבען פערשלינגען די ווערטער פון הודקין'ס פיעסע, און זיך צוגע־הערט מיט א האלב־אידיאטישען אויכ־דרוק אין זייגע פארדליפטוואטע אוי־גען.

ביי דעם ערשטען אקט האט דער „שטערן" געשמייכעלט און געלאבט און איז געווען בעגייסטערט. משה, קוקענ־דיג אויף איהם, איז אויך בעגייסטערט געווען, האט אונטערגעטאנצט אויף זיין שטוהל, געלאכט מיט זיין אידיאטישען געלעכטער און גע'טענה'עט: — אוי גוט, גוט, א באמבע!...

נאך'ן צווייטען אקט האט דער „שטערן" זעהר פריינדליך א קוק געטאן אויף הודקין'ען און איהם ערקלערט אין אן אויטאריטעטנעם טאן:

— מיסטער הודקין, איהר זייט אונ־זער צוקינפטיגער גרויסער דראמאטורג,

נאטירליך, אויב דיא פיעסע וועט וור געשפיעלט ווערען פון מיר און מיין קאמפאניע... אויסער מיר קען קיינער נים אויפשטעלען אזא לעבענס־בילד...

און אז משה האט עס דערהערט, איז ער גאר ארויס פון דיא כלים, איז אויפ־געשפרונגען מיט א ווייט־געעפענטען מויל און צילויפענדיג צו הודקין'ען, האט ער איהם א גלעט געטהאן איבער'ן אקסעל און ארויסגערעדט:

— איהר טארט נים פערקויפען דיא פיעסע, אויסער זיי, אויב איהר ווילט עס זאל זיין א באמבע!...

ביי הודקין'ען איז דאס הארץ אוועק טאנצען. עס איז ביי איהם שוין מעהר קיין פראגע נים געווען, אז דיא פיעסע ווערט פון'ם „שטערן" אנגענו־מען... און מיט א פרעהליכערען האר־צען האט ער גענומען לעזען זיין דריטען אקט.

פלוצים האט זיך דער „שטערן" אנגעבלאזען און גענומען מאכען אזוינע מינעס אקוראט וויא ער וואלט געזוינט זויערען לעמאן... משה, אויף איהם קוק־קענדיג, האט גענומען מאכען אזוינע האוואיעס, אקוראט וויא ער וואלט גע־זופט עסיג... און ביים ענדע פון דעם אקט האט זיך דער „שטערן" שוין גע־דרעהט און געקארטשעט אין זיין שלאפ־ראק און משה, אויף איהם קוקענדיג, האט געקרימט נאך שטארקער דעם פנים און דיא אויגען, געווארפען בליקען, פול טיעפער פעראכטונג, אויף הודקין'ען און שוין געטראכט:

— אזא לץ אויף א שרייבער!...

אויפ'ן סוף האט דער „שטערן" אויפגעלעגט זיין האנד אויף הודקין'ס מאנוסקריפט און ארויסגערעדט מיט א פינסטערע מינע:

— גענוג!...

הודקין האט זיך א כאפ געטהאן פערוואונדערט.

— איהר קענט נים די ביהנע, יונגער־מאן... עס איז קיין פיעסע — האט דער „שטערן" ווייטער גערעדט — דיא פרוי האט גאר ביי אייך דיא סימפאטישע ראלע?... נו, און איך? איך זאל שפיע־לען איהר מאן, אזא חזיר?!... וואס זאגסטו, משה? — האט ער זיך א קעהר געטהאן צום פאטריאט.

משה האט זיך א כאפ געטהאן מיט אן אימפעט פון שטוהל און אויסגע־שריען מיט ענטריסטונג אין קול:

— אויך א פיעסע, וואס?...

און א קוק טהוענדיג מיט פעראכ־טונג אויף הודקין'ען, האט ער א מאך געטהאן מיט א האנד.

— איהר הערט? — האט זיך דער „שטערן" א קעהר געטהאן צו הודקין'ען, וועלכער איז געזעסען א נערוועזער מיט א צופלאמטען פנים און ברענענדיגע אויגען: — משה פערשטעהט אויך, אז איהר קענט נים דיא ביהנע...

ביי הודקין'ען האט דער קאפ גענו־מען שווינדלען

אבער ווארום? — האט ער שטיל ארויסגערעדט.

— ווארום? — האט דער „שטערן" איבערגעפרעגט און געענטפערט: — וויל, ווען איהר וואלט געקענט דיא ביהנע, וואלט איהר מיר נים געבראכט א פיעסע מיט א ראלע פון א לץ, א הונד, א חזיר!...

— וואס מיינט איהר? — האט הודקין ווידער געפרעגט, נים פערשטע־הענדיג איהם.

— איך מיין... ווען איך בין אזא הונד, אזא לץ און לעב מיט א פרעמדער פרוי, היינט וואס פאר א רעכט האב איך צו שרייען אויף מיין אייגענער

פרוי, ווען איך דערוויס זיך, אז זיא איז אויף פערליעבט — האט דער „שטערן" אויסגעשריען מיט היץ — ווער וועט מיט מיר האבען סימפאטיע ?...

— אבער אין דעם ליעגט דאך דיא אידעע פון דער פיעסע ! — האט זיך הודקין א כאפט געטהאן נערוועז — טראכט זיך נור אריין... א שטיק לע־בען שפיגעלט אין זיך אב אט דיא פיעסע... דיא גאנצע טראגעדיע פון דער פרוי !..

— וואס טראגעדיע, ווען טראגעדיע — האט דער „שטערן" אונטערגעכאפט מיט אונגעדולד אין קול — פערשטעהט איהר דען ניט, אז קיין סימפאטיע וועל איך ניט ארויסרופען מיט אזא ראלע, אז איך וועל אין איהר אויסקוקען וויא א ליץ, א חזיר ; אז איך וועל מוזען האווקען וויא א הונד און דאס פובליקום וועט מיך פערשפייען מיט גאל און מיט יאשצערקעס !... א פיעסע מוז מען קענען שרייבען... מען דארף שרייבען אזוי... וויא זאגט דער גרויסער שעקס־פיר ?... ליכט און שאטען... גראדענ־וויין... דא ליכט און דא שאטען — האט ער געוויזען מיט א האנד אויף איין וואנד און דער אנדערער — אט שטעלט זיך פאר: אט דא איז ליכט, דארף דארט זיין שאטען, דא שאטען, איז דארט ליכט... אלעס מוז זיין גרא־דענוויין... איהר פערשטעהט ניט, וואס עס הייסט א פיעסע... א פיעסע, פער־שטעהט איהר מיך, א פיעסע מוז זיין... מוז זיין, פערשטעהט איהר מיך, ליכט און שאטען... לעזט וועגען דעם, לעזט...

ער האט זיך אבגעשטעלט און גע־נומען טראכטען וועגען גרויסע נעמען פון שריפטשטעלער, וואס ער האט אויף זיין לעבען געהערט, און האט זיך גע־קענט דערמאנען נור אן צוויי...

— לעזט וועגען דעם — האט ער זיך דאן א כאפ געטהאן — שעקספיר'ן און היינע'ן !...

הודקין האט זיך אויפגעהויבען א צוטומעלטער. פאר זיינע אויגען האט זיך געטראגען א נעבעל, אין זיינע אויערן האט געקלונגען און זיך געמישט: ליכט, שאטען, שאטען, ליכט, שעקספיר, היינע, און זיין גאנצע נשמה האט גע־קרעכצט א פערוואונדעטע...

— משה, דערלאנג איהם זיין ראק ! — האט דער „שטערן" זיך אב־גערופען.

משה האט א בורטשע געטהאן :

— ער קען אליין ניט נעהמען, וואס? אויך א שרייבער !...

דאך אוים מורא פאר דעם „שטערן" האט ער דערלאנגט הודקין'ען דעם ראק און הוט.

און אין א וויילע שפעטער, ווען משה האט פערמאכט הינטער הודקין'ען דיא גאס־טהיר, בורטשענדיג : „אויך א שרייבער. שרייבט אויך פיעסען !"— האט הודקין געפיהלט זיך, אזוי וויא עמיצער וואלט מיט שווערע בלאטיגע שיך אריינגעקראכען אין זיין נשמה און וואלט זיך דארט פרעך צולעגט...

— גראבע יונגען, עם הארצים ! — האט ער געמורמעלט מיט ציטערענדיגע ליפען, און אין זיינע אויערן האבען זיך געמישט און געקלונגען : אויך א שרייבער : ליכט, שאטען... שעקספיר, היינע... שאטען, ליכט, אויך א שרייבער !...

און זיין נשמה האט געקרעכצט, געקרעכצט...

ווען הודקין איז געקומען צו זיך אויפ'ן קווארטיר, האט ער דארט גע־טראפען הינדעלע'ן. זייט א שטונדע איז זי שוין דארט געזעסען א נערוועזע, אן אויפגערעגטע און געווארט אויף איהם.

ווען ער איז אריין, האט זיא זיך א הייב געטהאן פון ארט. האט זיך אבער גלייך צוריק אוועקגעזעצט א בלייכע, מיט צושראקענע אויגען. אויף זיין פנים האט זיא איבערגעלעזען, אז דיא פיעסע איז ניט אנגענומען . . .

ער האט ארויסגענומען דעם מאנוסקריפט פון אונטער'ן בוזים און איהם בייז א שליידער געטהאן אויף'ן טיש. דאן האט ער אויסגעטהאן דעם ראק, דיא הוט און, ניט ריידענדיג קיין ווארט, האט ער גענומען געהען איבער'ן צימער הין און צוריק און זיין מאגערע פנים איז געווען בלייך און פערשוויצט, און זיינע אויגען האבען נערוועז געבלישצעט.

— אלעקס — האט הינדעלע ארויסגערעדט מיט א וויינען, קינדערשען קול —אלעקס !

און איהרע שטילע טייבען־אויגען האבען איהם נאכגעפאלגט מיט שטומען געבעט.

ער האט זיך ניט אפגעשטעלט, ניט אומגעקוקט זיך אפילו אויף איהר, האט נור פערצווייפעלט א מאך געטהאן מיט א האנד.

ער איז איצט געווען אזוי פערביטערט און פערצווייפעלט . . . דאס גראבע, בעליידיגענדיגע פערהאלטען זיך פון דעם אקטיאר און דעם האלב־אידיאטישען פאטריאט האט איהם איצט דערמאהנט אן דער לאגע פון שרייבער אין אלגעמיין ביי אידען . . . ער האט זיך דערמאהנט אן דעם פערעכטליכען און ציניזשען פערהאלטען זיך פון דער אידישער אינטעליגענץ צו דיא אידישע שרייבערייען . . . אן דיא גייסטיגע און ליטעראַרישע אינוואלידען, האט ער זיך דערמאהנט, וואס שטעהען אן דער שפיצע פון דער אידישער פרעסע, פון דער אידישער עפענטליכער מיינונג און וועלכע פערפאלגען און בעקעמפפען מיט פערביטערונג און קנאה פון איינגעשפארטע און בייזע עלטער אלעס, וואס איז יונג, פריש און לעבעדיג . . . און דיא אידישע קריטיקער, האט ער זיך דערמאהנט, וואס מיינען קיין מאל ניט, וואס זיי שרייבען און שרייבען קיין מאל ניט, וואס זיי מיינען . . . און אן דער גלייכגילטיגקייט פון דעם אידישען לעזער...

און צו אלעמען האט ער איצט געפיהלט א טיעפען האס, צו אלעמען, אפילו צו זיך אליין אויך.

— אלע זיינען זיי אזוי, אלע ! — האט ער געטראכט מיט האס — איינער ניט בעסער פון'ם אנדערן . . . גנאבע פרעך, אונוויסענדע, שארלאטאנעס, קריכען מיט גראבע, שמוציגע הענד אין דיין נשמה אריין און רייסען און פליקען ! . . . און איך, אידיאט ? . . . איך טרוים, איך חלום, איך שאף און בין בעגייסטערט . . . ציה דעם זאפט פון מיינע נערוועז, פון מיין מוח, פון מיין נשמה צוליעב וואס, פאר ועמען ? ! פאר וועמען ? ! — האט דיא בערביטערונג אין זיין נשמה ליידענשאפטליך א קרעכץ געטהאן — ווער דארף עס ?... ווער קימערט זיך וועגען דעם און ווער קימערט זיך אין גאנצען וועגען מיר ? !... שרייב, שרייב ניט, קיינער וועט דיר וועגען דעם ניט פרעגען... פגר, שטארב, קיינער וועט נאך דיר ניט קלאגען.. אן איבעריגער מענש, צום שווארץ יאהר, צו וואס לעב איך אין גאנצען...

ער האט ניט געהערט, וויא הינדעלע גנב'עט זיך צו איהם פון הינטען מיט א ליכטיגען שמייכעל און, ווען זיא האט איהם א כאפ געטהאן, האט ער זיך צושראקען און געקוקט אויף איהר און דערזעהען איהר שמייכלענדיגע, קינדערשע פנים'על...

— נו, [illegible], אלעקס — האט זיא גערעדט ווייך און צערטליך, לוסטענדיג

זיך צו איהם וויא א קינד: — נור ניט געזארגט... נו, איז דיין פיעסע ניט געפעהלען איהם, דערפאר מיינסטו, איז זיא שוין מעהר קיין גרויסע ווערק?... נארוניו, וואס פערשטעהט אן אידישער אקטיאר?...

— ליכט, שאטען, אויך א שרייבער, וואס?... ליכט, שאטען! — האט פלוצים ווידער אפגעקלונגען אין הודקינ'ס אויערען, און ער האט זיך ביטער צולאכט.

ווער דען פערשטעהט — דוא? איך?... — האט ער ארויסגערעדט נערוועז, צורייצט — וויים איך!... דוא וואלסט הערען דיא לעקציע, וואס דער אקטיאר האט פאר מיר געהאלטען!...

— א לעקציע? — האט זיא איבערגעפרעגט פערוואונדערט — וועגען וואס?

— וועגען וואס? איך וויים ניט אויף קלאר... ליכט, שאטען, ליכט און ווידער ליכט, און ווידער שאטען — האט ער גערעדט מיט ביטערניש, מיט גאל אין קול — אוי, וואס פאר א הוצפה, וואס פאר א פרעכע אונוויסענהייט!... איך פיהל זיך אזוי, הינדעלע, דוא הערסט? אזוי, וויא איך וואלט זיך אין א גאנצען ים פון שמוץ אויסגעבאדען!... וואס פאר אן עקעל, פוי!...וואלסט זעהען, ווען ער האט איינגעלאדען מבינות צו זאגען אויף מיין פיעסע... אן אידיאט, א פאלקאמענעם אידיאט; זיינעם א פאטריאט, מיט אייגען וויא ביי א הוהן... אז איהם וועט געפעלען זיין, וועט דעם פובליקום אויך געפעלען זיין! — האט מיר דער „שטערן" ערקלעהרט... פונקט וויא אין אונזערע צייטונגען: מען האלט דעם פובליקום פאר א גרויסען אידיאט און דיא גייסטיגע שפייז באר איהם מעסט מען און מען וועגט מיט א אידיאטישער מאס און וואג!...

און זיך דערמאנט ווידער אויף די צייטונגען, איז ער געווארען נאך נערוועזער און האט אויסגעשריען מיט האס:

— קרעמער אהן געוויסען און אהן א פונס פון הייליגעס אין זיך אומעדום, וויא אין דיא אידישע צייטונגען, אזוי אין דעם אידישען טהעאטער! . . . וואלט דיא אידישע פרעסע איהר חוב ערפילט, וואלט דער אידישער אקטיאר זיך מיט איהר מיינונג גערעכענט און דאס אידישע טהעאטער וואלט דאן אנדערש אויסגעזעהען . . . אזוי אבער, וויא דיא אידישע פרעסע פיהרט זיך אויף היינט, וויא איהרע קריטיקער שרייבען זייערע קריטיקען איבער דיא פיעסען אין אידישען טהעאטער און איבער דער אידישער ליטעראטור בכלל, האט ניט פאר איהר דער אידישער אקטיאר קיין רעספעקט קען ניט האבען און לאכט זיך פון איהר אויס! און וויא אזוי זאל ער פאר איהר יא האבען רעספעקט? וויא אזוי זאל ער זיך ניט אויסלאכען פון איהרע זאגענאנטע ליטעראטור־קריטיקער? זעהט ער דען ניט מיט וואס פאר אן יגרענסטקייט זיי שרייבען? . . . וויים ער דען ניט לכתחילה, ווער פון דיא דאזיגע זאגענאנטע קריטיקער וועט שרייבען גוט וועגען דעם ווערק פון יענעם שרייבער, און ווער שלעכט? האט ער דען ניט געזעהען, ווען דער קריטיקער איז גוט מיט דעם שרייבער, וועט ער ייענעם צום הימעל הייבען און ווען ער איז ביין אויף יענעם, וועט ער יענעם זוכען צו בעגראבען 90 קלאפטער אין ד'רערד?... וויסט דען ניט דער אקטיאר, אז „קריטיק" הייסט פערזענליכע רעכנונג מיט א געגנער, א פיינד? נו, וויא קען דאן אזא פרעסע, אזא קריטיק האבען אן איינפלוס אויף דער ביהנע? רעכענט זיך מאקי דאס אידישע טהעאטער בלויז מיט דעם געשמאק פון א משה'ן, פון

**אַן אידיאָט!...** דערפאַר אויף דיא עם האַרץ'שע חוצפה בנוגע צו דיא עטליכע ערנסטע שרייבער און זייערע ווערק און דערפאַר...

— אבער אַלעקס, טהייערינקער — האָט זיא איהם אונטערבראָכען מיט געבעט אין קול — נו, וועגען וואָס האָסטו זיך היינט דערמאָהנט? איז עס ביי דיר אַ נייעס?... בערוהיג זיך, איך בעט דיך, אַלעקס!...

ער האָט אַ מאַך געטהאָן מיט אַ האַנד, איז זיך דורכגעגאַנגען דאָס צימער הין און צוריק און דאַן, אָבשטעלענדיג זיך ווידער נעבען איהר, האָט ער אַרויסגעקרעכצט:

— מען דערמאָנט זיך, אַכט יאָהר אָבגעאַרבייט... געשריעבען און געשריעבען, געשאַפען און געשאַפען מיט ליעבע, מיט פייער, מיט דעם זאַפט פון מיינע נערווען, מיט דעם בלוט פון מיין האַרצען און מיט אַ פלאַמענדיגער נשמה, צעהנדליגע ערצעהלונגען, אנגעזאַטיגט מיט מיין מאַרך און בלוט האָב איך געשאַפען — און וואָס?! ווער אינטערעסירט זיך מיט זיי ווער קען זיי און ווער האָט זיי עהרליך אָבגעשאַצט?... דער שרייבער נויטיגט זיך אין אַנערקענונג... אין דער אַנערקענונג פון זיין אַרבייט שעפט ער זיין בעגייסטערונג פאַר'ן ווייטערען שאַפען,

— וואו איז מיין אַנערקענונג?... וואו און פון וואַנען זאָל איך בעגייסטערונג שעפען פאַר מיין אַרבייט?! דוא ווייסט דאָך, הינדעלע, וואָס בעסער איך שרייב, אַלץ מעהר קנאה רוף איך אַרויס ביי די ליטעראַרישע און גייסטיגע אינוואַלידען און אַלץ מעהר שצירען זיי אויף מיר זייערע אַלטע, צופוילטע צייהן!... אוי, וואָס פאַר אַ מין פערשאָלטענע בעשעפעניש דער אידשער שרייבער איז! דיא **בית־עולם ביימער פון דער אידישער** ליטעראַטור, וואָס וועלקען און דאַרען איבער עלענדע וויסטע קברים, האָב איך אָנגענומען פיר ביימער פון אַ גן־עדן, אי אַן אירדישען אין אַ הימעלשען, אונטער וועלכע אַ קליינע צאָהל, פון דער נאַטור אַליין אויסערוועהלטע גליקליכע מענשען, רוהען און לעבען אין כבוד און אין גדולה און איצט האָב איך טאַקע אי כבוד, אי גדולה!...

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש, אַרונטערגעלאָזען דעם קאָפ און אַרויסגערעדט מיט טיעפען וועהטאָג:

— איצט רוה איך אויף אַ קבר, אויף מיין אייגענעם קבר!...

הינדעלע'ס אויגען האָבען זיך פערגאָסען מיט טרעהרען. אַ ווײַלע האָט איהר קינדערשער פנים'ל אויסגעדריקט וועהטאָג און פערצווייפלונג. דאַן אָבער האָט זיא אַ שאָקעל געטהאָן מיט איהר העל־בלאָנדען קאָפ, פון איהר פנים'ל האָט גענומען שטראַהלען מיט אַ פרעהליכען און ליכטיגען שמייכעל. זי איז צו איהם צוגעלאָפען און, אַרומכאַפענדיג זיך מיט ביידע אָרעמס אַרום זיין נאַקען, האָט זיא זיך הילכיג צולאַכט.

— כאַ, כאַ, כאַ!... און דוא שעהמסט זיך ניט, אַלעקס, דוא?... זיין אַזוי פערצווייפעלט, ווייל אַן אונוויסענדער אַקטיאָר האָט דיין פיעסע ניט פערשטאַנען! אוי, דו נאַרעניו דוא, עס איז גוט אַזוי, דאַרפסט זיין צופריעדען, דאַרפסט זיין שטאָלץ אויף דעם: דאָס בעווייזט, אַז דוא האָסט אַ גרויסע ווערק געשאַפען!... וואָס גרעסערע ווערק דו וועסט שאַפען, אַלץ וועניגער וועט מען דיך פערשטעהען. ווייסטו דען עס אַליין ניט, הא? אוי, דוא, דוא, נאַרעניו דוא! — האָט זיא זיך צוגעדירקט צו איהם און איהם אַ קוש געטהאָן.

איהרע רייד האָבען אויף איהם גע־ווירקט, און איהם איז לייכטער געוואָרען אויף דער נשמה.

— דו פערשטעהסט מיך ניט, הינדעלע — האָט ער זיך אָבגערופען שוין ניט מיט אזא פערצווייפעלטען טאָן, ווי פריהער — איך רייד ניט פון דער פּיעסע אליין, נו, האָט ער זיא ניט אָנגענומען, בין איך ניט קיין פּיעסען־שרייבער, אבער א שרייבער בין איך דאָך, הא?... איך האָב דאָך עפּעס געשאפען, ניין?... פרעג איך, וואו איז מיין אנערקענונג? וואָלט אן אקטיאָר געוואגט צו רעדען צו מיר מיט אזא חוצפה, ווען איך וואָלט כאָטש וויפיעל עס איז אָבגעשאצט געוועזן לויט מיין ווערטה? וואָלט דען א פּאטריאָטישער אידיאָט געוואגט צו בעליידיגען מיך אזוי?... גאָט מיינער — האָט ער ווידער אויסגעשריען מיט פערצווייפלונג אין קול — ווען איך וואָלט זיך אכט יאָהר מיט אזוי פיעל ליעבע און מארך און פייער אָבגעגעבען צו א קרעמעל, צי צו פעדלעריי, איך וואָלט דאָך איצט געזעען אי רייך אי געאכטעט פון אלעמען, אפילו פון די גייסטיגע און ליטעראַרישע אינוואלידען און שארלאַטאנעם פון אונזער פּרעסע אויך.

— דאָס איז געווים אמת, — האָט הינדעלע געענטפערט — דערפאר זאָג איך דיר: טראכט ניט אזוי פיעל וועגען דער אידישער ליטעראַטור, גיעב זיך אָב מעהר צו דער... אלעקס, גלויב מיר, א גרויסע צוקונפט ערוואַרטעט דיך אין דער ענגלישער ליטעראַטור... דו וועסט זעהען, אלעקס, דו וועסט זעהען! — האָט זיא גערעדט מיט ווארימקייט און התפעלות.

— יא, יא, — האָט ער זיך א כאפּ געטהאָן — דו ביזט גערעכט, הינדעלע... מען מוז זיך א נעהם טהאָן צו דער ענגלישער שפּראַך... אנטלויפען פון דער אידישער ליטעראַטור... זיא איז א בית־עולם פאר טאַלאנטען... קיין ערנסטע לעזער ניטאָ, קיין עהרליכע קריטיק ניטאָ, גאר נישט, גאָר נישט!... יא, איך מוז אָנהייבען שרייבען אין ענגליש...

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט, אָנגעטאָן זיין הוט און גענומען זיין ראָק.

— דו געהסט ערגעץ, אלעקס?...

— קום, מיר וועלען זיך דורכגעהען, הינדעלע, איך ווער דאָ דער שטיקט — האָט ער געענטפערט.

אין א ווייל ערום האָבען זיי ביידע פערלאָזען דאָס צימער.

* * *

און די צייט לויפט. נאָך א מאָנאט איז פערלאָפען. אין פערלויף פון דעם דאָזיגען מאָנאט איז ליובא געווען מיט מעקנעק'ן עטליכע מאָל אין טהעאטער און אין דער אָפּערא.

דאָס ערשטע מאָל איז איהר געווען זעהר שווער צו געהן מיט איהם, דאן לייכטער, און שפּעטער איז זיא זאָגאר צופריעדען געוועזן, ווען ער האָט זי געלאַדען אין טהעאטער, צי אין אָפּעראַהויז. דאָרט איז פאָרט א העלע, ליכטיגע און פרעהליכע וועלט!... דאָרט האָט איהר יונגע נשמה אויפגעבליהט, אויפגעלעבט, פערגעסען זיך אן דער דריקענדיגער אַטמאָספערע אין שטוב, אָן דיא גראָבע, אונערטרעגליך־העסליכע בעליידיגונגען פון רייטשלען אין שאפּ און פון דער אונבעוואוסטער נאָגענדיגער בענקעניש נאָך דאָקטאָר עפּשטיין'ען... דערצו נאָך האָט מעקנעק זיך דיא גאנצע צייט פערהאַלטען צו איהר אזוי העפליך, אזוי דזשענטעלמעניש־ליעבענסווירדיג און מיט אזוי פיעל רעספּעקט, אז זי האָט שוין מעהר אזוי שארף ניט געפיהלט צו איהם דעם

פריהערדיגען פיזישען עקעל... צו מחמת דעם, צו מחמת, ווייל ער האָט איהר פערשאַפט אַ דעם גייסטיגען פערגעני־גען, צו מחמת פשוט, ווייל זיא האָט זיך מעהר צוגעוועהנט צו איהם, נור זיין ראַבער פנים מיט דיא רויטע וואַנצעס, מיט דיא ווייסע, כיטרע אויגען און זיינע רויט־האָאריגע הענד האָבען זיך איהר שוין מעהר ניט אויסגעוויזען אַזוי אָב־שטויסענד, ווי פריהער, און זי האָט גענומען קוקען אויף איהם וויא אויף אַן אַלטען בעקאַנטען, מהיילוויז וויא אויף אַ פריינד, און פיהלען זיך מיט איהם פרייער...

דערפאַר אָבער, פלעגט זיך אַמאָל טרעפען, געהענדיג מיט איהם אַהיים פון אַן אָפּערא, צי פון אַ דראַמאַ, פלעגט זיא פלוצים בעפאַלען אַזאַ אומעט און נאָגעניש... וואָס, ווען, האָט זיא אַליין ניט געוואוסט. נור עפּעס האָט אין איהר נשמה געציטערט און געצויגען, געבענקט, געבענקט און געבענקט... און תמיד אין אַזאַ צייט פלעגט זיא זיך דערמאָנען אָן עפּשטיינען און זיא פלעגט טראַכטען: ווען זיא וואָלט יענעם איצט געזעהען, וואָלט זיא פאַר יענעם דאָס הארץ אויס־גערעדט... וואָס אַזוינס זיא וואָלט פאַר יענעם אויסגערעדט, האָט זיא אַליין ניט געוואוסט, ניט געטראַכט אפילו פון דעם, נור זיא האָט געפיהלט, געפיהלט מיט איהר גאַנצען בענקענדיגען וועזען, אַז פאַר יענעם וואָלט זיא זיך שוין אויס־גערעדט, אַז נור דאַן וואָלט איהר לייכ־טער געוואָרען אויף דער נשמה...

אַז איהר בענקעניש האָט אַ דירעק־טע שייכות מיט יענעם, אַז אין איהר נשמה האָט געבענקט דיא ליעבע צו יע־נעם, דאָס איז איהר ניט איינגעפאַלען, האָט ניט געקענט איינפאַלען ליובאַ'ן... בעוואוסטזיניג האָט זיא איהם נור גע־האַלטען פאַר אַ גוטען פריינד, וועלכער איז אינטעליגענט, קלוג און זעהר סימ־פּאַטיש און מיט וועמען עס איז איהר זעהר אַנגענעהם צו רעדען און פער־ברענגען... אמת טאַקע, אַמאָל, ווען זיא פלעגט זיך דערמאָנען, אַז ער איז פער־הייראַטעט, פלעגט איהר שווער ווערען אויפ'ן הארצען, דאָס אָבער פלעגט זיא זיך ערקלערען מיט דעם, ווייל אין עפּשטיין'ס ווייב, אין מאַשאַ'ן, פיהלט זיא עפּעס אַ מין קאַלטקייט און אונ־פריינדליכקייט צו זיך...

און אַז מעקנעק, בעגלייטענדיג זיא אַהיים פון טהעאַטער, פלעגט אַמאָל בעמערקען, אַז זיא איז אונמוטהיג, פלעגט ער אַ פרעג טהאָן:

— מיסס עטינבערג, וואָס איז מיט זיי?...

זיא פלעגט זיך אַ כאַפּ טהאָן, וויא פון שלאָף:

— הא?..

— זיי קוקען אויס אַזוי... — פלעגט ער זאָגען — זיי פיהלען זיך ניט גוט?...

— אָה, ניין, ניין! — פלעגט זיא זיך אַ כאַפּ טהאָן מיט אַ געצוואונגענעם שמייכעל — איך פיהל זיך זעהר גוט!...

און דאַן פלעגט זיא נעהמען רעדען פון דער פּיעסע, וואָס זיי האָבען גע־זעהען, אָדער פון דער אָפּערא, וואָס זיי האָבען געהערט, פון די אַקטיאָרען, פון דיא זינגער, און רעדענדיג, פלעגט זיא זוכען צו דערשטיקען אין זיך דעם אומעט און צו פערטרייבען די בענקעניש...

ער פלעגט זיך צוהערען צו איהר מיט התפעלות, מיט וואַרימקייט פון דער נשמה, פלעגט צו אַלעם, וואָס זיא פלעגט זאָגען, צושאָקלען מיט'ן קאָפּ און טראַכטען: — ווען דו וועסט זיין מיין ליידי, אַלע אָבענד וועסטו געהען מיט מיר אין אָפּערא און אין טהעאַטער. דיר וועל איך גאָר ניט זשאַלעווען... ביי גאָש, ווען דיא ביזנעס־לייט וועלען דאַן הערען אַ מיינונג פון מיסטער מעקנעק... ביי גאָש!...

אין דער היים האָט מען זיך שוין

אויף געקומען צו געוועהנען אי צו מעקנעק'ס „וויזיטען", אי צו ליובא'ס געהען מיט איהם אין טהעאטער. עטינבערג האט געפרובט א פאאר מאל פראטעסטירען געגען ליובא'ס געהען מיט „אבראשא'ן", אבער אניוטא איז איינמאל אזוי העפטיג ארויסגעטרעטען געגען איהם, אז ער איז צומישט געווארען און פון דעמאלט אן, ווען ליובא געהט מיט יענעם, שווייגט ער, סקריזשעט נור הילפלאז מיט דיא צייהן און שווייגט, און א מאל סקריזשעט ער אפילו מיט דיא צייהן אויך ניט, נור זיפצט, זיפצט...

דערפאר אבער האט רייטשעל ניט געשווינגען... זיא האט נאך איצט מעהר געהאסט ליובא'ן, וויא פריהער, ערשטענס איז מעקנעק צו איהר געווארען קעלטער, האט זיא פשוט גענומען אויסמיידען און, צווייטענס, האט זיא זיך דערוואוסט, אז ליובא געהט מיט איהם אפט ארוים... ביי איהר איז שוין איצט ניט געווען קיין צווייפעל, אז ליובא פערנעהמט דא איהר פלאץ, און אז דערפאר נור האט מעקנעק דאן ניט אוועקגעשיקט ליובא'ן פון שאפ וויא ער האט דאן איהר געזאגט... און זיא האט איצט פערפאלגט ליובא'ן מיט נאך מעהר ביטערניש...

ליובא, ווי געוועהנליך, האט איהר אויף אלעם געענטפערט מיט שטומער פעראכטונג, ליידענדיג טיעף אין איהר הארצען...

נור איינמאל האט איהר ליובא שארף געענטפערט.

זיא איז דאן געקומען אין שאפ מיט זעהר א שווערען הארצען, ווייל מיט א טאג צוריק האט איהר פאטער פערלארען דעם פלאץ אין דעם שאפ, וואו ער האט דיא גאנצע צייט געארבייט דיא סיגארען... וויסענדיג וויא שווער איהם וועט זיין צו זוכען ארבייט אין אנדערע פאבריקען און, איבערהויפט זעהענדיג וויא דערשלאגען זיי זיינען פון דעם אי ער, אי איהר מוטער, איז זיא, ליובא, געווען שטארק פערצווייפעלט.

ווען זיא האט זיך געשטעלט הינטער'ן לאנגען טיש און גענומען איבערקוקען דיא ארבייט, האט דיא דיקע רייטשעל, האלטענדיג א קליין שפיגעלע פאר'ן פנים, פלוצים א בלישצע געטהאן אויף איהר מיט פרעכע אויגען און, א קעהר געטהאן זיך צום לאנגען פארמאן נעבען איהר, האט זיא ארויסגערעדט הויך און מיט א פרעכער מינע:

— זעהט נור, דזשעק, וויא בלאס מיסס עטינבערג קוקט היינט אוים!... איהר ווייסט ניט פון וואס דאס איז?... אפשר ווייסט מיסטער מעקנעק, הא?...

און א קוק געטהאן ווידער אויף ליובא'ן, האט זיא זיך הויך און פרעך צולאכט.

דער לאנגער דזשעק האט כיטרע א שמייכעל געטהאן און דיפלאמאטיש געשוויגען. ער האט זיך ניט געוואלט איינרייסען ניט מיט דער און ניט מיט יענער, ניט וויסענדיג קלאר, ווער פון זיי ביידע איז מעהר תקיף ביי מיסטער מעקנעק'ן...

ליובא האט קלאר ניט פערשטאנען וואס רייטשעל האט געמיינט מיט איהרע ווערטער; זיא האט אבער געפיהלט, אז יענע האט זיא געוואלט גראב און פרעך בעליידיגען. זיא האט א קוק געטהאן אויף איהר מיט פעראכטונג און זיך אבגערופען מיט א שטילען און ציטערנדיגען קול:

— איך בעט אייך, איהר לאזט מיך היינט בעסער צופריעדען...

— און אז ניט? — האט זיך יענע א כאפ געטהאן.

ליובא האט איהר געוואלט עפעס ענטפערן, האט זיך אבער ווידער מיישב געווען, אז דאס איז אונטער איהר

ווירדע. זיא האט נור א קוק געטהאן אויף יענער מיט נאך טיעפערער פעראכ־טונג און, א טראכט טהוענדיג: „אוי, וואס פאר א שמוץ,“ האט זיא אבגע־קעהרט פון יענער דעם קאפ און גענומען זיך ווידער צו איהר ארבייט.

רייטשעל האט זיך א קרים געטהאן און ארויסגעשטעלט איהר דיא צונג. דאן אריינקוקענדיג ווידער אין דעם קליינעם שפיעגעלע, וואס זיא האט גע־האלטען פאר איהר פנים, האט זיא זיך פערדרעהט דיא בלאנדע קרויזלעך אויפ'ן שטערן, האט אויסגעשצירעט איהרע גרויסע ווייסע צייהן, צו זעהן, אויב זיי זיינען ווייס גענוג, און א פיהר געטהאן מיט א וויכען טיכעל ארום די ראזעווע ליפען און איבער ביידע באקען.

אין דיזער צייט איז מעקנעק ארויס־געטראטען אין די הינטערשטע רייהען מאשינען, און איז געגאנגען, שטאלץ האלטענדיג דעם קאפ, און אומקוקענדיג זיך אויף אלע זייטען מיט זיינע פלינקע ווייסע אויגען.

זיא האט איהם באלד בעמערקט, אנגעקוקט איהם מיט האס און, בעהאל־טענדיג דאס שפיעגעלע אין איהר געלד־בייטעל, האט זיא זיך א כאפ געטהאן צו דער ארבייט.

זיא האט געמיינט, אז מעקנעק וועט צוגעהען צו ליובא'ן, ווי געוועהנליך, און וועט זיך אוועקשטעלען רעדען מיט יענער. אבער ער איז איצט הפנים צו בעשעפטיגט געווען. נעבען ליובא'ן האט ער זיך ניט אבגעשטעלט, האט זיא נור נעגריסט מיט'ן רויטען קאפ און איז פערשוואונדען הינטער דער גלעזערנער טהיר פון אפיס.

דאן האט זיך רייטשעל צולאכט און אנקוקענדיג ווידער ליובא'ן מיט א פרעכער מינע, האט זי געזאגט:

— וואס איז דער מעהר, מיסס עטינ־בערג, מיסטער מעקנעק האט שוין אב־גערעדט מיט אייך?..

ליובא האט ניט געענטפערט.

— שלע־עכ־כט! — האט אויסגע־שריען רייטשעל — אז ער רעדט ניט מיט אייך, איז א סימן, אז ער זוכט שוין אן אנדערע, מיט וועמען צו רעדען...

ליובא האט שוין לענגער זיך ניט געקענט איינהאלטען און געענטפערט מיט פעראכטונג:

— נו, וועט ער איצט מיט אייך רעדען... וואס נאך?...

— וואס נאך? — האט רייטשעל איבערגעפרעגט און א בלישצע געטהאן אויף ליובא'ן מיט אויגען פול האס:

— איהר ווייסט דאך, מסתמא, וואס נאך?... מיר ווייסען אבער אויך... מיר אלע אין שאפ ווייסען, וואו איהר פערברענגט מיט איהם גאנצע נעכט... כא! כא! כא! — האט זי זיך צולאכט און צונעלעגט מיט א פרעכער מינע:

— אבער אויב איהר מיינט, אז איהר האלט איהם שוין, זאג איך אייך — א נעבטיגער טאג!...

די גאנצע צייט, וואס זיא האט גערעדט, האט ליובא געקוקט אויף איהר מיט אן אויסדרוק פון טיעפען עקעל און געשמייכעלט מיט נאך טיע־פערע פעראכטונג. און פלוצים פער־שטאנען וואס יענע מיינט, האט זיא זיך א טרייסעל געטהאן מיט'ן גאנצען קערפער, אזוי וויא אין גאנצען אב־געגאסען מיט שמוץ, און אנקוקענדיג יענע מיט א צופלאמטען פנים און ברע־נענדיגע אויגען, האט זיא ארויסגערעדט מיט א ציטערנדיגער שטימע:

— איך וואלט אייך א שפיי געטהאן אין פנים, ווען עס וואלט ניט געווען אזוי שמוציג!...

און דערפיהלט, אז אט־אט צואוויינט זיא זיך אויפ'ן קול, האט זיא זיך מיט געוואלד אונטערבראכען און א כאפ געטהאן זיך מיט אן אימפעט איבערקוקען דיא העמדער אויפ'ן טיש,

בייסענדיג זיך דיא ליפּען און שטיקענדיג אין זיך דיא טרעהרען . . .

— נו שפּייט ! — האָט רייטשעל זיך א כאַפּ געטהאָן אויסער זיך —וואָרים שפּייט איהר ניט ? . . . גוט, איך וועל געהען הערען, וואָס וועט עפּעס מיסטער מעקנעק אויף דעם זאָגען ! . . .

און זיא איז אוועקגעלאָפען צו מעקנעק'ן אין אָפיס.

און ווען זיא איז אריין צו מעקנעק'ן האָט זיא איהם געטראָפען זיצענדיג איבער א בוך, וואו עס זיינען אריינגעקלעפּט געווען פערשיעדען־פאַרביגע שטיקלאך סחורה פאר מוסטערען.

— אָדער איך, אָדער זיא ! —איז רייטשעל אריינגעלאָפען מיט א געשריי.

— וואָס איז דער מעהר ? —האָט ער זיך א כאַפּ געטהאָן, אנשטעלענדיג אויף איהר זיינע ווייסע אויגען.

— זיא האָט מיך בעליידיגט . . . זיא האָט געוואָלט א שפּיי טהאָן אויף מיר . . .

— ווער ? — האָט מעקנעק געפרעגט.

— אָט דיא פרעכע . . . מיסס עטינבערג . . . אָדער איך, אָדער זיא !

— האָט רייטשעל זיך געקאָכט.

מעקנעק איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט אַן אויפגערעגטער.

— רייטשעל, רייטשעל — האָט ער ארויסגערעדט שנעל און אויפגערעגט — פליז, איך בעט דיך, פון איהר זאָלסטו אזוי ניט ריידען, זיא איז ניט דיין גלייכען !... זיא איז א געבילדעטע מאַמזעל, פערשטעהסט ? נו, פליז, פליז, רייטשעל, איך האָב עס פיינד !...

— מאַנקי ! (אַפּפע) — האָט זיא שיער איהם ניט א געשריי געטהאָן אין פּנים, האָט זיך אָבער בעהערשט און נור ארויסגערעדט :

—אז איהר ליעבט יענע, דערפאַר מעג זיא מיר שוין שפּייען אין פּנים ? ראַכט זיך, נאָך גאָר ניט לאַנג האָט איהר מיך אויך געליעבט ?...

ער האָט זיך דערפיהלט בעליידיגט, וואָס זיא פערגלייכט זיך צו ליובא'ן, און איז געוואָרען נאָך מעהר אויפגערעגט.

— געה, געה, איך האָב איצט קיין צייט... און זיי ניט משוגע, דו הערסט? — האָט ער געזאָגט מיט א שטרענגען טאָן.

זיא האָט א בלישצע געטהאָן אויף איהם מיט איהרע אויגען און דער פּנים האָט זיך ביי איהר אָנגעצונדען פלאַמפייער.

— אזוי ? — האָט זיא ארויסגערעדט פערשטיקט — דאַכט זיך, אַמאָל האָט איהר פאַר מיר יא צייט געהאַט ?.. מיסטער מעקנעק — איז זיא צוגעגאַנגען צו איהם נאָהענט מיט בלישצענדיגע אויגען — מיינט ניט, אז דאָס וועט אייך אָפּגעהן גלאַט... מען פערפיהרט ניט קיין מיידלאך אין אמעריקא !...

ער האָט זיך א טרייסעל געטהאָן און איז געוואָרען רויט. דאַן האָט ער זיך צולאַכט.

— אזוי ? איך האָב דיך פערפיהרט, האַ ? ביי גאָש, דעם ווייפילטען מאָל פערפיהרט דיך א מאַן, האַ ? נו, און מיין פאָרמאַן, דזשעק ? הער אויס, רייטשעל — האָט ער געזאָגט שטרענג — נאַריש זאָלסטו זיך ניט מאַכען.. איך האָב פאַר אלעס דיר געצאָהלט... אויב דו וועסט זיך האַלטען אנשטענדיג, וועסטו קענען ארבייטען ביי מיר אַזוי לאַנג וויא נור דו אליין וועסט וועלען ; אויב אָבער דו וועסט זיין פרעך, איבערהויפּט צו מיסס עטינבערג, וועל איך דיך מוזען אוועקשיקען... איצט טהו, וויא דו פערשטעהסט... געה !...

זיא איז געשטאַנען און איהר פּנים האָט געפלאַמט און איהרע אויגען, פיל האַס, האָבען געברענט. — מאַנקי ! — האָט זיא ווידער געוואָלט א געשריי טאָן און זיך ווידער בעהערשט.

דאַן האָט זיא שטיל ארויסגערעדט — אָלל רייט ! — און, ארונטערלאָזענדיג דעם בלאָנדען קאָפּ, האָט זיא טיעף א זיפץ געטהאָן און איז ארויס פון

**אפים, טראבמענדיג: — ווארט, מאנקי,** מיר וועלען נאך זעהען!...

— איך מוז פטור ווערען פון איהר!

— האט מעקנעק א טראכט געטהאן — ביי גאש, זיא קען נאך אומיסטנע דער־צעהלען ליובא'ן, אז איך בין פערליעבט געווען אין איהר און האב מיט איהר... **ביי גאש!...**

**18**

**אין דער זעלבער וואך זונטאג** איז עטינבערג אויפגעשטאנען גאנץ פריה און איז אוועק צו א בעקאנטען סיגאר־מאכער, נאכפרעגען זיך אויף ארבייט....

אין א פאאר שטונדען שפעטער האט ער זיך צוריקגעקעהרט אהיים זעהר א צופריעדענער. יענער האט איהם פארר־געשלאגען, צו מאכען א שאפ בשותפות. דריי הונדערט דאלאר איז יענער בערייט אריינצולייגען אין אזא שאפ און אזוי פיעל זאל ער, עטינבערג, אויך אריינ־לייגען . . .

ווען ער איז געקומען מיט דער דאזיגער נייעס, זיינען אניוטא און ליובא דאן געזעסען ביים טיש און האר־בען געטרונקען טהעע.

אניוטא האט איהם אויסגעהערט מיט א טרויעריגען שמייכעל.

— נו, ביז וואנען דוא וועסט דארט א פאבריקאנט ווערען — האט זיא זיך אפגערופען — זעץ זיך און טרינק דער־ווייל טהעע . . .

ער האט זיך געזעצט צום טיש.

— דוא וועסט זעהען, אניוטא — האט ער אויסגעשריען מיט התפעלות — אפשר איז עס א גליק פאר אונז, וואס מען האט מיר אפגעזאגט פון'ם שאפ... איך וועל זיך נאך היינט זעהען מיט וואלאדיא'ן . . . ער וועט מיר לייהען דיא דריי הונדערט דאלאר . . אניוטא, נור ניט געזארגט!

— וואס וועט מיר העלפען דער זאר־גען? — האט זיא זיך אפגערופען מיט א טרויעריגען שמייכעל און א מאך געד טהאן מיט א האנד.

— דאך איך דענק, פאפא — האט זיך ליובא אריינגעמישט — אז דוא האסט ניט געראפט איצט טראכטען פון אן אייגענעם געשעפט . . .

עטינבערג איז גלייך געווארען אויפ־געבראכט.

— זעה נור, זעה נור, זיא האט אלץ מורא, טאמער וועט איהר פאפא ווערען אוים ארבייטער! — האט ער ארויסגערעדט מיט כעס.

— זיא איז גערעכט — האט זיך אניוטא אפגערופען — איך מיין אויך, וויא זיא, אז דוא וועסט ניט טויגען צו דעם געשעפט . . .

ער האט אויסגעגלאצט אויף זיי דיא אויגען.

— וואס? צום געשעפט וועל איך ניט טויגען? זייט ווען מיינט איהר אזוי? — האט ער ארויסגערעדט שטיל, פערשטיקענדיג אין זיך דיא אייפרעגונג: — אמעריקאנערקעס! — האט ער פלוצים א געשריי געטהאן, אויפשפרינגענדיג פון'ם ארט, און איז מיט כעס אנטלאפען אין פראנט־צימער.

— פאפא, קום אהער, מיר האבען גאר נישט געמיינט! — האט איהם נאכ־געשריען ליובא — טרינק דיין טהעע!...

— אוי, לאז איהם צופריעדען, דעם משוגענעם! — האט אניוטא געזאגט מיט פערדרוס אין קול — ער איז וויא א קינד, איך האב שוין קיין געדולד ניט צו איהם! . . .

אין דיעזער צייט האט זיך דער־העהרט א קלאפען אין טהיר, ליובא איז אויפגעשפרונגען פון'ם ארט און געעפענט דיא טהיר.

**מאשא איז אריין.**

**און דערזעהען זיא, איז ליובא גער בליעבען שטעהען א צומישטע. אניוטא האט זיך אויך א כאפ געטהאן פון ארט**

פערוואונדערט. מאשא איז אזוי זעלטען
צו זיי געגאנגען.

— אן אונערוואַרטעטער גאַסט, האַ?
— האָט גערעדט מאשא, קוקענדיג מיט
א פריינדליכען שמייכעל דאָ אויף אניו־
טאַ'ן און דאָ אויף ליובאַ'ן : — איך
בין געקומען אייך איינלאַדען צו זיך...
היינט אויף דער־נאַכט איז ביי מיר א
שמחה. דאָס הייסט ביי אונז : ביי
מיר און מיין אלטען . . . מיר פייערען
היינט דעם טאָג פון אונזער האַכציים!...
כאַ, כאַ, כאַ ! — זיא האָט פריינדליך
אנגעכאַפּט ליובאַ'ן פאַר א האַנד און
קוקענדיג מיט לאַכענדיגע אויגען איהר
אין פּנים, האָט זיא וויא מיט התפעלות
אויסגעשריען :

— איהר זעהט, מיסס עטינבערג,
וואָס אמעריקא איז ! אויף דעם בעס־
טען פריינד קען מען זיך פערגעסען !...
שטעלט זיך פאָר, איז עס ניט מערק־
ווירדיג, וואָס איהר, דיא בעסטע פריינ־
דין פון מיין אלטען, ווייסט ניט דעם
טאָג פון אונזער האַכצייט ! . . . .
כאַ, כאַ, כאַ ! מאַדאַם עטינבערג, זעהט
נור וויא אייער מאַמער איז רויט גע־
וואָרען, ווי א קליין קינד ! כאַ, כאַ, כאַ!..

ליובאַ'ס פּנים האָט זיך נאָך שטאַר־
קער צופלאַמט. זיא האָט געקוקט צו־
מישט אויף מאשאַ'ן און געשמייכעלט,
פיהלענדיג זיך שטאַרק ניט בעקוועם.

— א מיידעל — האָט בעמערקט
אניוטאַ, קוקענדיג מיט ליעבע אויף ליו־
באַ'ן : — שעהמט זיך !

מאשא האָט א קוק געטהאַן פון
דער זייט אויף ליובאַ'ן און, שמייכלענ־
דיג, זיך געווענדעט צו איהר מיט א
פער'גנב'עטען קול :

— איז דאָס אמת, מיסס עטינבערג,
וויט איהר ווירקליך א שעהמעוודיגע?...
הם, און איך האָב געדענקט . . .

ביי דיזע ווערטער האָט ליובאַ
אויפגעהערט צו שמייכלען. זי האָט גע־
וואַרפען א שנעלען, צומישטען בליק
אויף מאַשאַ'ן און, אראָנטערלאָזענדיג
די אויגען, האָט זיא שטיל געפרעגט .

—וואָס אזוינס האָט איהר גע־
דענקט ?...

מאשאַ האָט בעמערקט דיזע פער־
ענדערונג אין ליובאַ'ן און זיא האָט זיך
פערכאַפּט, געוואָלט פערריכטען.

— מיסס עטינבערג — האָט זיא
אויסגעשריען, ארויפלעגענדיג ביידע
הענד אויף ליובאַ'ס אַקסלען און קו־
קענדיג איהר פריינדליך אין די אויגען :
—איצט זעה איך טאַקי, אז איהר זייט
א שעהמעוודיגע מיידעל... ווילט איהר
וויסען, וואָס איך האָב געדענקט, און
וואָס עס איז מיין ערנסטע איבערציי־
גונג ? יאָ, איהר ווילט וויסען ? וועט
איהר אויף מיר ניט קיין פאַראיבעל האָ־
בען ?.. איהר זייט... איהר זייט... כאַ,
כאַ, כאַ !... איהר זייט א גוטע, וואוילע,
שעהנע מיידעל און איך האָב אייך ליעב!
צופריעדען, האַ ?... כאַ, כאַ, כאַ !...

אניוטאַ האָט זיך אויך צולאַכט און
ליובאַ האָט גענומען פריינדליך שמייכ־
לען.

— מאַיאַ פּאָטשטעניע ! — האָט
זיך פּלוצים דערהערט עטינבערג'ס קול
פון הינטען.

ער האָט אין פראָנט־צימער דער־
הערט מאשאַ'ס שטימע און אנגענומען
איהר פּלוצליכען בעזוך פאַר א גוטען
סימן : אז איהר מאַן וועט איהם דאָס
געלד לייהען... און גלייך טאַקי איז ער
אַפּגעגאַנגען פון כעס...

ער איז אריין אין קיך מיט דיא
פּלייצעס הויך פערריסען און מיט א
וואַזשנער מינע.

—אַה, מיסטער עטינבערג, וואָס
מאַכט איהר ? — האָט מאשאַ אויס־
געשריען מיט א פריינדליכען שמייכעל,
און אין איהר קול האָט זיך געהערט א
לייכטע איראָניע.

— מאַיאַ פּאָטשטעניע, ווערטהע
מאַדאַם !

ער האָט זיך העפליך פאַר איהר
פערנויגט, א מאַך טהאָנדיג דערביי

מיט'ן קאפ און א שאר טהאנדיג מיט דיא פיס, האט אריינגענומען איהר קליי־נע הענטעלע אין זיינע ביידע און האט שטארק געשאקעלט.

— מאיא פאטשטעניע, מיך פרעהט אייך צו זעהן! — האט ער דערביי גע־רעדט מיט א העפליכען טאן.

מאשא האט איהם דערצעהלט נאך וואס זי איז אהער געקומען.

— איהר, מיסטער עטינבערג— האט זי געענדיגט מיט א פערבארגענעם שמייכעל — וועט זיך געוויס פערזענליך ניט אפזאגען אונז צו בעעהרען...

—אה, געוויס, געוויס, ווערטהע מאדאם! ... ווי איז עס... איהר זייט טאקי עקסטרא געקומען, אונז איינצולא־דען ?...

—איך בין דא געוועזן ניט ווייט, האב איך זיך פלוצים דערמאהנט, אז מיין אלטער האט פערגעסען אייך איינ־צולאדען... איך האב שוין דא פריהער געזאגט, אז אין אמעריקא פערגעסט מען אן דיא בעסטע פריינד...

—יא, יא, מאדאם — האט זיך עטינבערג אפגערופען, שוין בעליידיגט פון דעם, וואס איהם איינלאדען האט זי זיך ערשט געדארפט דערמאהנען :— אמע—רי—ק—קא ! ניט נור אן דיא פריינד פערגעסט מען דא, מען פער־געסט דא אפילו, ווער עלטער איז, כע, כע, כע !... רעספעקט, געדענקען, ווער ד: ביזט — פכע, שפיי זיך אויס !.... דו ביזט אויפ'ן פערד, פאהר !... יא, מאדאם — האט ער פלוצים געזאגט — וואלאדיא האט געטהאן א גוטען שידוך.. ווען ער איז געוועזן ביי מיר אין קיעוו, האט זיך עס איהם אפילו ניט גע־'חלום'ט... א שעהנע, געבילדעטע, ווערט צו זיין די פרוי פון דעם אנגעזעהענסטען מענשען !...

מאשא האט געקוקט אויף איהם מיט לאכענדיגע אויגען און איראניש געשמייכעלט.

—זעהט איהר — האט אניוטא זיך אפגערופען מיט א שמייכעל — ווי מיין מאן קען זיין העפליך ? וויפיעל קאמ־פלימענטען ער האט אייך איצט אנגע־זאגט ?

—איך דאנק אייך, מיסטער עטינ־בערג פאר די קאמפלימענטען; אבער איך דענק, אז איך בין ניט ווערטה צו זיין וואלאדיא'ס פרוי. ניט אמת, מיסס עטינבערג ?

זיא האט זיך שנעל א קעהר גע־טאהן צו ליובא'ן און זיא אנגעקוקט מיט לאכענדיגע אויגען.

ליובא איז אויפגערעגט געווארען, האט זיך אבער גלייך בעהערשט און, א דריק געטהאן מיט די אקסלען, האט זיא קאלט געענטפערט :

—וואס ווייס איך ?...

—יא—האט מיט אן אפענעם פער־דרוס אין קול אונטערגעכאפט עטינ־בערג — אין אמעריקא איז אלץ קא־פויר מיט דיא פיס... א וואונדער, וואס דיא אויגען זיינען דא אין קאפ און ניט אין דיא פיס !...

—יא, אמעריקא ! — האט מיט א קאמישער מינע אונטערגעכאפט מאשא —דערווייל אבער זיינען מיר אין אמע־ריקא און מיר האבען דא אונזערע שמחות און מיר פרעהען זיך מיט אונ־זערע געסט, און איך האף, אז איהר, מיסטער עטינבערג, וועט זיך ניט לאזען בעטען מיט אייער פרוי... אייער טאכ־טער, האף איך, וועט זיך אויך ניט לא־זען בעטען... קומט, מיסס עטינבערג, מיט מיר... איך דארף נאך אריין אין ביבליאטהעק אומבייטען א בוך. קומט, אניט וועל איך מיינען, אז איהר זייט בייז אויף מיר. קומט !...

—בייז אויף אייך ? ווארום ?— האט געפרעגט ליובא מיט פערשטיקטער אויפרעגונג

—איך ווייס ניט, איך זעה אבער, אז... גאר נישט, גאר נישט — האט זיך פערכאפט מאשא — קומט, נו, קומט !...

זי האט א כאפ געטהאן ליובא'ן ארום טאליע.

ליובא האט א לאך געטהאן אויפ'ן קול.

—נו, לאזט, לאזט, איך געה !...

מאשא האט זי איינגעלאזט און זיא איז אריין אין פראנט־צימער אנטהון זיך.

—א וואוילע קינד, הא ? — האט זיך עטינבערג געווענדעט צו מאשא'ן, שמאלץ א מאך טהאנדיג מיט'ן קאפ אין די ריכטונג פון פראנט־צימער :— איז העכסט געבילדעט, קלוג, ווי צעהן קעפ, און שעהן, איהר זעהט דאך !... אט איהר וועל איך שוין געבען א ריכטיגען דאקטאר, אן אויסגעשטודירטע פון דער היים, פאר א מאן !

מאשא האט גענומען לאכען אין זיך.

—א ריכטיגען ? אזוי ? אט טאקי מיט אלע פינטעלאך ?... קענט איהר מיר ניט זאגען, מיסטער עטינבערג, וואס מיינט איהר א „ריכטיגען ?"... —האט זי געפרעגט מיט איראניע.

—א דאקטאר, א דאקטאר, איך מיין א פאלקאמענעם דאקטאר, אן אויסגעשטודירטען אין א רוסישען אוניווערזיטעט...

—אזוי ? און דיעזע, די היגע, דענקט איהר, האבען ניט געשטודירט ?

—פכע, א פיינער שטודירען, ווען יעדער איינער קען דא ווערען א דאקטאר. ניין, מאדאם, דאס רוף איך ניט שטודירען !...

—וואס־זשע רופט איהר „שטודירען", מיסטער עטינבערג ? עס איז אינטערעסאנט טאקי צו הערען — האט מאשא זיך אבגערופען מיט א גנב'ש שמייכעל.

—שטודירען ? גאנץ איינפאך : א מאן, וועלכער האט זיך אכט יאהר געלערענט אין א גימנאזיום, דאן 5 יאהר אויף די קורסען פון אוניווערזיטעט —דאס רוף איך שטודירען.

—און ווען איינער ברייטעט זיך פאר גלייך צום אוניווערזיטעט, ניט בעזוכענדיג קיין גימנאזיום — הייסט עס ניט שטודירען ?

—יא, געווים, געווים, ווערטהע מאדאם, איך האב אליין געקענט אזוינע אין קיעוו — האט ער געענטפערט און ווענדענדיג זיך צו אניוטא'ן, וועלכע האט זיך די גאנצע צייט צוגעהערט צו זייער דעבאטע מיט א שמייכעל, האט ער געפרעגט :

—דו געדענקסט, אניוטא, די סילעצקעס ?

אניוטא האט א מאך געטהאן מיט'ן קאפ.

—נו, און דאס זעלבע האבען געטהאן מאנכע פון דיא היגע דאקטוירים : זיי האבען זיך פארגעברייטעט — האט מאשא בעמערקט.

—אך, וואס פארגעברייטעט — האט ער אויסגעשריען מיט הארץ — אין אמעריקא זיך פארברייטען ! לאכט זיך פון דעם אוים !... אלע זיינען דא גראבע יונגען... איך וואלט אייך געקענט ווייזען א קונץ, אז אין צוויי יאהר ווער איך דא, ווען איך וויל, א פראפעסאר!.. פארגעברייטעט, א טהייערע זאך אין אמעריקא !...

ער האט א מאך געטהאן מיט א האנד.

אין דיעזער צייט איז ליובא אריין, אנגעטהאהן אין איהר שווארצען מאנטעל מיט דער קאראקולענער הוט.

מאשא האט זיא א כאפ געטהאן אונטער'ן ארעם, דערלאנגט אניוטא'ן, דאן עטינבערג'ן דיא האנד מיט דיא ווערטער:

— דערוויילע, מיסטער עטינבערג, בעעהרט אונז, ארימע אמעריקאנישע דאקטוירים, מיט אייער אניוועזענהייט. ווען איהר וועט ווערען א פראפעסאר, וועלען שוין זיין אנדערע דבורים. גוד באי !...

— מאיא פאטשטעניע'ם ! — האט זיך עטינבערג העפליך פערנייגט, טראבמענדיג דערביי : „א ווייבעלע א בראנד, וואלאדיא — גנב !"...

און ווען ער איז געבליעבען אליין מיט אניוטא'ן, האט ער זיך געווענדעט צו איהר מיט דיא ווערטער :

— גוט, האַ? נעגעבען איהר גוט טאַבאַק שמעקען?... וואַלאַדיא — גנב, כאַ, כאַ, כאַ!...

* * *

ביי דאָקטאָר עפּשטיין'ען אין פּראָנט-צימער האָבען זיך גענומען קליי־בען געסט. אייניגע פון דיא „סמעטע־נע" פון דער רוסיש-אידישער קאָלאָניע זיין שוין געזעסען אין א ווינקעל און האָבען גערעדט צווישען זיך.

דאָקטאָר עפּשטיין אליין, אין א ווייסער וועסט און אין א שוואַרצען אַנ־צוג, איז געווען פערנומען נעבען טיר, ווייל יעדע מינוט פלעגט אנקומען א נייער גאַסט.

איבער זיין לענגליכען פּנים, מיט דיא קאַרע, קלוגע אויגען אין מיט דעם שוואַרצען בערדעל א לא פראַנסע, האָט געשוועבט א פריינדליכער שמייכעל, און יעדעס מאָל, ווען עס פלעגט אנקומען א נייער גאַסט, פלעגט זיך דיזער שמייכעל נעהמען בעוועגען שנעלער און בריקטער איבער זיין גאַנצען פּנים. אַלעס פלעגט זיך דאַן ביי איהם שנעל בעוועגען: אי דיא קליינע, ווייסע, במעט פרויען־הענד, מיט וועלכע ער פלעגט שטאַרק דריקען דעם גאַסט'ס הענד, אי דיא פיס, מיט וועלכע ער פלעגט אונטערשפּרינגען, צונעהמענדיג ביים גאַסט זיין אויבערראָק, זיין הוט, זיין שטאָק, וואָס עס פלעגט ווער טראָ־גען; אי דיא פּלייצעס, אי דיא האַלז פון אונטער דעם הויכען, שטעהענ־דיגען קראַגען, אי דער קאָפּ מיט דיא שוואַרצע הויך־פערקאַמטע האָאַר. זיינע קאַרע, שמייכלענדיגע אויגען פלעגען דאַן ארומשפּרינגען פון איבער דעם גאַסט'ס פּנים ארום אין צימער, אקוראַט וויא זיי וואָלטען געזוכט א פּלאַץ פאַר'ן גאַסט...

מאשא איז געווען פערנומען אין קיך. דאָך פלעגט זיא יעדע פינף מי־נוט אריינקומען אין פּראָנטצימער, אום צו גריסען דיא ניי־אָנגעקומענע געסט.

דיא בלאָנדע האָאַר זיינען ביי איהר דיעזען אבענד געווען א ביסעל קאָקעט־טיש פערקאַמט. א ליעבליכער שמיי־כעל האָט געשטראַהלט אויף איהרע ראָ־זעווע ליפּען און אין איהרע בלויע אוי־גען. זיא איז געווען אָנגעטהאָן אין א שוואַרצען, זיידענעם קלייד, מיט ווייסע שפּיצען בעפּוצט, און מיט א ווייסען פאַרטוך, האָט געטראָגען לאַנג־זאַם, וויגענדיג אין גאַנג איהרע ביי־דע פולע ארעמס, אזוי וויא זיא וואָלט איבער'ן צימער געשוואומען...

וויא עס איז קענטיג געווען, האָט דער דאָזיגער אבענד געהאַט פאַר איהר א בעזונדערע בעדייטונג און זיא האָט געוואָלט אויסזעהען שעהנער און אנגע־נעהמער, וויא ווען־ניט־איז...

דער פּראָנטצימער האָט זיך ביס־לעכווייז אָנגעפילט מיט געסט. אַלץ בעקאַנטע פערזאָנען: אי ספּון איז גע־קומען, אי בלאָק, אי רייכמאַן, אי פּראָ־פעסאָר פּאַמפּע און נאָך אנדערע... זיי זיינען געשטאַנען און געזעסען צו פּאָאַר־ווייז און מעהר אין פערשיעדענע ווינקלאָך און האָבען גערעדט און גע־ליאַרעמט, געהיצט זיך און געקאָכט זיך וועגען אַלעם אין דער וועלט, און גע־מאַכט מיט דיא הענד און מיט אַלע אברים, אַזוי וויא געוועהנליך, ווען עס קלייבען זיך צונויף אידיש־רוסישע אינ־טעליגענטען, וואָס יעדער פון זיי האָט זיין בעזונדערען גרויסען „אמת" און נאָך א גרעסערען „איך"...

דאָקטאָר האָכשטיין, א הויכער, לאַנ־גער, מאָגערער מאַן, מיט א גרויען בערדעל און מיט אונרוהיגע אויגען הינ־טער גאָלדענע ברילען, אן אלטער אסי־מילאַטאָר, האָט צוגעשפּאַרט דאָקטאָר

רייכמאן׳ען צו דער וואנד און, האלטענדיג איהם פאר א לאץ, האט ער געזוכט איהם צו איבערצייגען, אז דיא איינציגע רפואה פאר דיא אידען איז נור זייגע און בלויז זיינע.

— פערשטעהט מיך, דאקטאר — האט ער זיך געהיצט, צופענדיג רייכמאן׳ען ביים לאץ: — איך זאג ניט, וויא דיא אנדערע אסימיליאטאר׳ס, אז דיא אידען דארפען זיך צומישען מיט אלע פעלקער, צווישען וועלכע זיי וואוינען נור — דאס גראד ניט! פערקעהרט, איך בין אבסאלוט דאגעגען, זיי זאלען זיך צומישען מיט דיא אייראפייאישע אדער אזיאטישע פעלקער, ווייל יענע זיינען אדער אפגעלעבט אדער בארבארישע פעלקער... איך זאג אבער אז דיא אידען דארפען זיך צומישען מיט דעם יונגען, מעכטיגען אמעריקאנישען פאלק, ווייל עס איז א פאלק פון איבערמענשען פון וועלכע ניטשע האט אזוי פילאזאפיש־טיעף און פאעטיש־שעהן געטרוימט...

דאקטאר רייכמאן האט זיך גוטמוטהיג צולאכט.

— לאכט ניט, דאקטאר, דאס איז מיין אייגענע טהעאריע, וועלכע איז באזירט אויף מיין לאנג־יאהריגער בעקאנטשאפט מיט אמעריקא און מיט דעם אמעריקאנישען פאלק און וועלכע איך קען בעגרינדען אי וויסענשאפטליך, אי...

— לאזט אפ מיין לאץ... זעהט נור, איהר האט מיר אויסגעריסען א קנעפעל! — האט דאקטאר רייכמאן איהם פלוצים אונטערבראכען מיט א גוטמוטהיגען שמייכעל און גענומען זוכען מיט דיא אויגען אויף ביידע זייטען און אונטער דיא פיס דעם ארויסגעריסענעם קנעפעל.

— אט באלד! — האט איהם אפגעהאלטען דאקטאר האכשטיין און איהם אנגענומען פאר דיא צווייטע לאץ — איך מוז אייך געבען פערשטעהען מיין טהעאריע... איך געה וועגען דעם שרייבען א גאנצען בוך... הערט־זשע: ווארום זאג איך עפעס, אז דאס אמעריקאנישע פאלק, איז א פאלק פון איבערמענשען?... אט ווארום: דאס אמעריקאנישע פאלק איז צוזאמענגעשטעלט פון דיא שטארקסטע און דיא מוטהיגסטע מענשען פון פערשיעדענע נאציאנען און פעלקער... אין דיא פריהערדיגע יאהרען האט מען געדארפט זיין אן אונגעוועהנליך שטארקער און מוטהיגער מאן, אום צו מאכען דיא רייזע נאך אמעריקא... אמת טאקי, דיא מעהרסטע פון דיא ערשטע אימיגראנטען זיינען אנטלאפען אהער פון רעליגיעזע פערפאלגונגען, אבער ניט אלע וואס זיינען פערפאלגט געווען פון דער רעליגיאן, זיינען אהער געקומען, נור דיא מוטהיגסטע פון זיי, דיא שטארקסטע, דיא, וואס זיינען פעהיג געווען צו וואגען... דאן האבען זיי דא געהאט צו שטרייטען און צו ברעכען, צו בויען און צו שאפען א נייע וועלט... דיא שוואכערע פון זיי זיינען אונטערגעגאנגען, דיא שטארקע זיינען פערבליבען און געפלאנצט דאס צוקונפטיגע גרויסע אמעריקאנישע פאלק. דיא שפעטערע אימיגראנטען נאך זיי זיינען אויך געווען פון דיא מוטהיגסטע און שטארקסטע פון אנדערע פעלקער, וועלכע האבען דא שטרייטענדיג פאר זייער עקזיסטענץ, נאך מעהר פערשטארקט זייער כאראקטער, און אט פון דיא מעכטיגע און מוטהיגע האט זיך געבילדעט דאס אמעריקאנישע פאלק... פערשטעהט איהר שוין, אז איך בין גערעכט, ווען איך זאג, אז דאס אמעריקאנישע פאלק איז א פאלק פון איבערמענשען?...

— אינטערעסאנט! — האט דאקטאר רייכמאן זיך אבגערופען, שציפ־

לענדיג זיינע שמייכלענדיגע וואנצעס.

— א יא אינטערעסאנט ? — האט זיך דאקטאר האכשטיין א כאפ געטהאן מיט נאך מעהר התפעלות און נאך קראמפפהאפטער אנגענומען רייכמאן'ען פאר דיא לאץ : — פערשטעהט איהר שוין מיין טהעאריע ? . . . ווייטער : דאס אידישע פאלק מוז פערשווינדען צווישען דיא אנדערע פעלקער, אט וויא א קליין טייכעלע אין א גרויסען ים . . . דאס איז א נאטור געזעץ . . . דיא שטארקע מוזען פערשלינגען דיא שוואכע . . . דערפאר זאג איך, אז דיא אידען דארפען זעהען, זיי זאלען פערשלונגען ווערען פון דעם אמעריקאנישען פאלק און ניט פון קיין אנדערע, וויל . . .

— וואס מיינט איהר ? — האט איהם אונטערבראכען דאקטאר רייכמאן — דיא אידען זאלען אליין קריכען צום אמעריקאנישען פאלק אין מויל אריין ? איהר האלט זיי פאר זעלבסט-מערדער. וואס ? . . . און ווען זיי ווילען נאך לעבען ?

— זיי וועלען אבער מוזען שטארבען פריהער אדער שפעטער, אונטערגעהען אלס אידען צווישען אנדערע פעלקער ! — האט זיך דאקטאר האכשטיין צוהיצט.

— איהר אליין וועט אויך מוזען שטארבען פריהער אדער שפעטער — האט דאקטאר רייכמאן געענטפערט — וועט אויך מוזען אונטערגעהען אלס לעבעדיגער מענש, פארוואס-זשע ווילט זיך אייך נאך לעבען, פארוואס-זשע ווארפט איהר זיך ניט דעם טויט אין מויל אריין ? איהר ווייסט דאך, אז סוף כל סוף וועט דער טויט אייך פערשלינגען ? . . . . ניין, דאקטאר, ניט דאס איז דיא ריכטיגע רפואה פאר'ן אידישען פאלק ! . . .

— אבער . . . אבער — האט זיך דאקטאר האכשטיין נאך מעהר צוהיצט, ניט אפלאזענדיג זיין לאץ : — איך וועל אייך איבערצייגען . . .

אין דיזער צייט איז ארויסגעטראטען פון א ווינקעל מיסטער בלאק. א ווייסע איז ער געשטאנען און געקוקט אויף זיי מיט א ביטרען-גנב'שען שמייכעל. דאן האט ער זיך צו זיי צוגע'גנב'עט אויף דיא שפיץ-פינגער מיט אן אויסגעבויגטען רוקען, אט וויא א קאץ, און אויסגעשריען :

— אהא, איך זעה, אז דיא נייע טהעאריע האט געקראגען דיא ריכטיגע מעריטאריע !...

רייכמאן האט זיך גוטמוטהיג צורלאכט און דאקטאר האכשטיין האט זיך נערוועז אומגעקוקט אויף בלאק'ן און אונגעדולדיג א מאך געטהאן צו איהם מיט ביידע הענד.

— שטערט ניט ! — האט ער געזאגט.

דאקטאר רייכמאן האט זיך בענוצט מיט דעם, וואס יענער האט זיין לאץ ארויסגעלאזען, און זיך אוועקגערוקט ווייטער פון יענעם, אויף דעם אנדער עק צימער, טראכטענדיג דערביי : „נו, דאנקען גאט, בלאק האט מיך געראטעוועט !"

— וואו איז דאקטאר רייכמאן ?— האט זיך דאקטאר האכשטיין א כאפ געטהאן, ארומקוקענדיג זיך אויף אלע זייטען.

— איז אוועק זוכען א נייע טעריטאריע — האט בלאק געענטפערט מיט א ביטרען שמייכעל — דיא אלטע האט איהם הפנים ניש-קשה'דיג דערעסען!... וועגען וואס האט איהר מיט איהם גערעדט, דאקטאר ? . . .

— איך האב מיט איהם גערעדט וועגען מיין טהעאריע ! — האט זיך דאן דאקטאר האכשטיין א כאפ געטהאן צו באק'ן מיט דער פריהערדיגער התפעלות און איהם אנגענומען פאר'ן לאץ.

—ווארט, דאָקטאָר — האָט איהם אונטערבראָכען בלאָק מיט אַ גנב'שען שמייכעל — איהר וועט מיר אַפּרייסען דיא לאַץ, אַ נייער ראָק, אַ שאָד !... אַט האַלט בעסער דאָס ! . . .

ער האָט יענעם אריינגערוקט אַ פּאַלע פון ראָק אין האנד. יענער, זייענדיג פערטהאָן אין ריידען, האָט ניט בעמערקט, אז ער האלט אין האנד און צופּט בלאָק'ס פּאַלע. בלאָק האָט איהם בלומרשט געהערט, צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און דערביי זיך גערוקט הינטערוויילעכץ איבער'ן צימער און יענער נאָך איהם, צופּענדיג איהם פאר'ן פּאַלע, און ריידענדיג מיט היץ, מיט התפּעלות, הינגעריסען . . .

דאָס האָט בעמערקט דער קליינער, מאגערער „פּראָפּעסאָר" פּאָמפּע, איז ער געבליעבען שטעהען פערוואונדערט, זשמורענדיג אויף זיי זיינע קליינע אויגעלאַך. דאן האָט ער זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענד פאר'ן בויך, אויסגעבויגט זיך אין גאנצען און גענומען טאַנצען און שפּרינגען, לאַכענדיג הויך אויפ'ן קול און אומוואָרפענדיג דעם קאָפּ מיט דיא לאַנגע, שווארצע האָאר.

— אוי זעהט, מיסטעער ספּון !— האָט ער אַ ציה געטהאָן פאר'ן ארבעל אַ קורצען, דיקען מאַן פון מיטעלע יאָהרען, מיט אַ שפּיציגען געלען בערדעל: — כא, כא, כא !... זעהט נור, ווי זיי מאַרשירען מיט דער פּאַלע ! . . .

מיסטער ספּון האָט בשעת מעשה געטראַכט פון זיין נייעם געדיכט, וואָס ער האָט געווידמעט עפּשטיין'ען און זיין פרוי, און וועלכע ער האָט זיך געקליבען היינט פאַרצולעזען ביים טיש . . .

— וואָס ? — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן, וויא פון שלאָף.

— איך מוז זיי שפּיעלען אַ מאַרש!

— האָט זיך דער פּראָפּעסאָר פּלוצלונג אַ כאַפּ געטהאָן און, צולויפענדיג צו דער פּיאַנאָ, וואָס איז דאָ געשטאַנען ביי אַ וואנד, האָט ער גענומען דונערען עפּעס אַ שטורמעדיגען מאַרש, אומדווארפענדיג בעת דעם מיט'ן קאָפּ אזוי אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט שפּרינגט ער ארונטער פון דעם פּראָפּעסאָר'ס אַקסלען . . .

בלאָק האָט פערשטאַנען פאר וועמען דער פּראָפּעסאָר שפּיעלט עס, איז ער געוואָרען נאָך לעבעדיגער און, מאַרשירענדיג הינטערוויילעכץ, האָט ער גענומען צוקלאַפּען מיט דיא פיס צום טאַקט פון דעם פּראָפּעסאָר'ס שטורמדיגען מאַרש. און דאָקטאָר האָכשטיין, נאָך מעהר הינגעריסען, האָט זיך בעוועגט נאָך איהם, געצופּט איהם פאר'ן פּאַלע און גערעדט, און גערעדט, און ערקלערט און קלאָהר געמאַכט זיין ענין . . .

— שאַ, שאַ, פּראָפּעסאָר, גענוג !
— האָבען זיך דערהערט קולות פון אלע זייטען.

מיסטער ספּון איז צוגעלאָפען צו דאָקטאָר האָכשטיין'ען און איהם אָפּגעשטעלט.

— וואָס איז דער מעהר ? — האָט יענער איהם אנגעקוקט, אונצופריעדען, וואָס ספּון האָט איהם אונטערבראָכען.

— וואָס האַלט איהר איהם צו פאר דיא פּאַלע ? — האָט ספּון זיך צערלאַפּט.

דאָקטאָר האָכשטיין האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן, דערזעהען, אַז ער האַלט בלאָק פאר דיא פּאַלע, האָט ער זיא ארויסגעלאָזען פון האנד און געבליעבען שטעהען צומישט.

בלאָק האָט איהם אָנגעקוקט מיט זיינע גנב'שע אויגען און געזאָגט, שטעקענדיג אין זיך דעם געלעכטער:
— איהר שפּיעלט זיך נאָך אַלץ אין פערדלאַך, הא ?... און האָט נאָך אַ גרויען באָרד !...

— קיבעצט זיך ניט, בלאָק! דער שווארץ יאָהר זאָל אייך נעהמען! — האָט ספּון זיך אריינגעמישט.

דאקטאר האכשטיין איז דערווײלע געקומען צו זיך און האט זיך אוועקגערוקט פון זיי צו אנאנדער גרופע געסט.

דער פראפעסאר, זיצענדיג שוין ביי דער פיאנא, האט געוואלט א גלאנץ טהאן פאר'ן עולם מיט זיין מוזיקאלישען „זשעני" און ער האט גענומען שפיעלען זיינע קאמפאזיציאנען, ווארפענדיג מיט'ן קאפ און מיט אלע אברים, קלאפענדיג איבער די קלאווישען און פערטויבענדיג דעם עולם מיט זיינע שרייענדיגע אקארדען...

— האט איהר עפעס פערפאסט א געדיכט לכבוד דאקטאר עפשטיין'ען? — האט בלאק זיך געווענדעט צו ספון'ען.

— יא און זעהר א היבשען. ווילט איהר עס הערען? — האט ספון זיך א כאפ געטהאן נאך א לעבעדיגער.

— הערען? וואס איז, ווייניג משוגעים זיינען פארהאן? כיף ווילט איהר אויך משוגע מאכען?...

— אוי, געהט שוין! — האט זיך ספון בעליידיגט — איהר מיינט, אז דא איז די קיבעצאריניע?...

און געזאגט עס, האט ער איהם מיט כעס פערלאזען און איז צוגעגאנגען צו דאקטאר עפשטיין'ען און מאשא'ן, וואס זיינען געשטאנען נעבען טהיר מיט דאקטאר רייכמאנ'ען.

און דער פראפעסאר האט אלץ געשפיעלט, געענדיגט איין קאמפאזיציע זיינע און אנגעפאנגען אנאנדערע.

— פראפעסאר — איז בלאק צו איהם צוגעלאפען מיט אן אימפעט — אויף גיך. איך דארף אייך נויטיג האבען!...

—וואס איז דער מעהר? האט זיך יענער א כאפ געטהאן. אויפהערענדיג שפיעלען.

—קומט, איך דארף אייך עפעס זאגען, אבער שנעל!...

פראפעסאר פאמפע האט זיך אויפגעהויבען פון ארט, זשמורענדיג נייגיעריג זיינע קליינע אייגלאך אויף בלאק'ן.

בלאק האט איהם גענומען אונטער'ן ארעם און, אפפיהרענדיג איהם ווייט פון דער פיאנא, האט ער זיך אבגערופען:

—זאגט נור, פראפעסאר, וואס האט איהר צו אונזערע אויערען?...

יענער האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט.

—איהר מיינט טאקי אויף אן אמת, אז איהר קענט שפיעלען?...

יענער האט זיך אנגעבלאזען.

— מילא — האט בלאק איהם ווייטער געקיבעצט — אז איהר שפיעלט אמאל פאר גראבע יונגען, קענען זיי מיינען, אז איהר זייט עפעס... אבער פאר אוני, פאר אינטעליגענטע מענשען, וואס יעדער פון אונז...

אבער יענער האט שוין געקוקט אויף איהם מיט פעראכטונג און איהם ניט געלאזט ענדיגען:

—איהר זייט אויך א מבין אויף מיין מוזיק, הא? — האט יענער איהם אונטערבראכען מיט כעס און איז אוועקגעלאפען פון איהם צו אנאנדער גרופע, צווישען וועלכער עס האט זיך אויך געפונען מיסטער ספון.

בלאק האט איהם בעגלייט מיט זיינע גנבי'שע אויגען און געלאכט אין זיך. דאן האט ער גענומען זוכען אויף אללע זייטען א נייעם „קרבן"... ער האט דערזעהען ניט ווייט פון זיך די אנארכיסטקע ליזא'ן — מיט די רויטע, קורץ־געשארענע האאר, וועלכע האט זיך אונטערהאלטען מיט א הויכען, שטארק־געבויטען מאן אין די מיטעלע יאהרען.

בלאק האט יענעם ניט געקענט, ער האט אבער דערקענט, אז יענער איז נאך נאך א גרינער און א הייסער רעוואלוציאנער מסתמא, ווען די רויטע ליזא אונ־

טערהאלט זיך מיט איהם...

ליזא האט אויסגעקוקט בעגייסטערט, גערעדט עפּעס צו יענעם און געמאכט מיט דיא הענד. יענער, מיט אן ערנסטען פּנים און דיקע שווארצע וואנצעס, האט איהר געענטפערט אויף א טיעפער באַסאווער שטימע.

און קוקענדיג אויף יענעם און אויף ליזא'ן, האט בלאק א טראכט געטהאן:

—נו, יא, ביז דער צוקינפטיגער פריי־ער געזעלשאפט, האט שוין דערווייל־ע ליזא, ווי עס שיינט, א געגענווערטיגען פרישען און רעוואלוציאנערען אביעקט פאר איהרע פרייע ליעבע עקספּערימענ־טען!....

ער איז צוגעגאנגען צו דער גרופּפּע, וואו עס זיינען געשטאנען רייכמאן, עפּשטיין און מאשא.

—ווערטהע מאדאם — האט ער זיך געווענדעט מיט א פרעהליכער מינע צו מאשא'ן — איהר וועט מיר זאגען... ווער איז עס אט דער נייער פּארשוין, וואס שטעהט דארט מיט דער רויטער פרייער מענשהייט און רעדט?

—וועלכע רויטע פרייע מענשהייט?

—האט זיך מאשא צולאכט.

—אט איך מיין מיט ליזא'ן...

מאשא האט זיך נאך העכער צו־לאכט.

—דיא רויטע, פרייע מענשהייט. . . כא, כא, כא! — האט זי געלאכט — אוי, צום טייפעל זאל ער געהן, אזא טייפעל!

עפּשטיין און רייכמאן האבען זיך אויך צולאכט.

— ווער איז ער פּארט? — האט בלאק ווייעדער געפרעגט מיט א גנב'ישען שמיי־כעל.

—דאס איז ראסקין, א רעוואלוציא־נער, צוויי וואכען אין אמעריקא. א שרעקליכער געגנער פון דיא היגע פיה־רונגען... קען אמעריקא בעסער פון אונז אלע אט וויינגסטענס אזוי זאגט ער אליין... קיינער און גאר נישט געפעהלט איהם דא ניט.... אלע זיינען דא „בורזשוי־קעס”, געלד־מאכער, שארלאטאנעס. אפילו די פיהרער פון די היגע סאציא־ליסטישע פּארטייען אויך. ער האט ברעה אונז אלעמען דא צו רעפארמירען — האט עפּשטיין געענטפערט מיט אן אי־ראנישען שמייכעל.

— הם. אינטערעסאנט!... בעקענט מיך מיט איהם — האט בלאק געזאגט.

— איהם ווילט איהר אויך קיבעצען?

— האט דאקטאר רייכמאן געפרעגט מיט שמייכעל.

— אזא סוביעקט איז א מצוה צו קיבעצען — האט בלאק געענטפערט — נו, דאקטאר — האט ער א ציה געטהאן; עפּשטיינען פאר'ן ארבעל — שנעל, דיא צונג בייסט מיר!...

מאשא האט זיך ווידער פרעהלאך צולאכט. און עפּשטיין איז אוועק צו יע־נעם מאן, וועלכער איז נאך געשטאנען נעבען ליזא'ן.

— נו מיסטער ראסקין, וויא פער־ברענגט איהר דא עפּעס? — האט ער זיך געווענדעט צו יענעם.

— אה — האט יענער זיך א כאפּ געטהאן — גאנץ גוט. אט, וויא איהר זעהט, איך האב דאך אנגעטראפען א ריכטיגע רעוואלוציאנערקע אין אמערי־קא. זיא דענקט אויך פונקט אזוי וויא איך, אז אין אמעריקא דארף מען ערשט שאפען א ריכטיגע רעוואלוציאנערע בעוועגונג. . .

—אמת, אמת, — האט ליזא אונטער־געכאפּט מיט היץ — איך בין פאלקאם מיט אייך איינפערשטאנדען. . . קיין אמת'ע רעוואלוציאנערען זיינען ביי אונז ניטא. . . געווען ביי אונז אמאל א גע־נאסע בלאק, א דאקטאר רייכמאן און וואס זיינען זיי איצט?...

— איהר ווילט, איך זאל אייך פארשטעלען פאר מיסטער בלאק?

האט עפשטיין זיך געווענדעט צו ראס־קינ׳ען.

— א רעוואלוציאנער? — האט יענער געפרעגט.

— א פערערטהער! — האט ליזא א געשריי געטהאן מיט האס אין קול.

עפשטיין האט געוואלט עפעס זאגען. נור אין דיעזער צייט איז צו איהם צוגעלאפען פראפעסאר פאמפע מיט אן אימפעט און, א כאפ טהאענדיג איהם ביים ארעם, האט ער ארויסגערעדט שנעל און אין איין אטהעם:

— דאקטאר, דיא אלע געסט בעטען מיך, איך זאל פאר זיי פארשפיעלען מיין ציון מארש, בעט, עס זאל זיין רוהיג!...

— געהט מיט אייער ציון מארש, שפיעלט בעסער דיא מארסעליעזע! — האט זיך ארייגעמישט ליזא.

— אט באלד, באלד, איך וועל נור פארשפיעלען מיין ציון מארש. איהר מעגט הערען, אזא מוזיק הערט איהר ניט אפט! — האט דער פראפעסאר אויסגעשריען מיט התפעלות און, צוליפענדיג צו דער פיאנא, האט ער זיך אוועקגעזעצט, פערווארפען דעם קאפ, פערגלאצט דיא קליינע אויגעלאך און גענומען ארבייטען און ווארפען מיט דיא הענד, מיט׳ן קאפ און מיט׳ן גאנצען קערפער, אז עס האט זיך געדאכט, ער אין גאנצען האט זיך ארויפגעווארפען אויף דער פיאנא און צאפעלט זיך אויף איהר...

דיזען מאל האבען זיך אלע ווירקליך צוגעהערט צו זיין שפיעלען. אלע זיינען אנשווייגען געווארען. ער האט אלעמען הינגעריסען. אין צימער האבען זיך געגאסען און געקרעכצט, געציטערט און געפלאכטען זיך העלע, קריסטאלענע טענער אט ווייך און מיט געבעט, אט פעסטער און דרייסטער, און אט ווידער מיט א ביטערען אידישען קרעכצען און תחנונים... און פלוצלונג האבען זיך גענומען גיסען און פלעכטען זיך הילכענדיגע און פייערדיגע אקארדען פרעהליכער און יום־טוב׳דיגער, שטארקער און שטורמדיגער — דיא שמחה פון נצחון האט אבגעהילכט אין די דאזיגע פייערדיגע אקארדען!...

דער אידישער מארש, דיא אידישע נשמה, וואס האט זיך אין איהם געצאנפעלט און געזונגען, האט אויף אלעמען א שטארקען איינדרוק געמאכט. אויפוועקענדיג אין זייערע נשמות א זיעס־טרויעריגע בענקעניש נאך עפעס ניט קלארעס און פערגעסענעס... אפילו ביי דעם פערברענטען אסימיליאטאר דאקטאר האכשטיין האט זיך אויף פון זיך אליין ארויסגעריסען אן אמת אידישער קרעכץ און דיא אנארכיסטקע ליזא האט זיך פלוצלונג דערמאנט מיט בענקעניש און וועהטאג, אז זיא האט שוין לאנג קיין בריעף ניט געשריבען צו איהר אלטער מאמען אהיים...

ביי דאקטאר רייכמאן׳ען זיינען די אויגען פערצווינגען געוועזען מיט טרערען און בלאק האט מיט אמת׳ער הנאה נאכגעברומט דעם אידישען מארש אונטער דער נאז...

— ער האט טאלאנט, דער חברה־מאן — האט ער זיך שטיל געווענדעט צו רייכמאן׳ען — זיין אונגליק איז, וואס ער האט גאר ניט קיין שכל!...

פאמפע האט געענדיגט. אלע האבען איהם מיט בעגייסטערונג אפלאדירט. ער איז אויפגעשפרונגען פון ארט, א גליקליכער און א שטראהלענדיגער, און, זשמורענדיג מיט זיינע קליינע און שמייכלענדיגע אויגען, האט ער אויסגעשריען בעגייסטערט:

— גוט, הא? עס רופט זיך דער ציון־מארש!... מיינע א נייע קאמפאזיציאן... אין צוויי טהייל... 15 סענט פאר ביידע טהייל... איהר קריעגט עס

אין יעדען מוזיק־געשעפט... ביי מיר איז הער היים אויף דער ערשטער סטריט קריגט איהר עס אויך!..

און גלייך, וויא ער האט עס געזאגט, איז דיא פריהערדיגע בעגייסטערונג באלד פערשוואונדען, אזוי וויא א קאלטער פראסטיגער ווינד וואלט זיך דורכגעטראגען אין דיא צו־ווארעמטע נשמות.... אלע האבען זיך דערפיהלט עפעס אזוי שווער אונאנגענעהם פון דיזער רעקלאמע, האבען דיא קעפ פון איהם אפגעקעהרט און גענומען ווידער צווישען זיך רייחען וועגען אנדערע זאכען...

און, מערקווירדיג, ער אליין האט עס אפילו ניט בעמערקט, ניט געפיהלט און ניט פערשטאנען!...

— טפוי, אידיאט! — האט בלאק א שפיי געטהאן — אט וויא יענע בהמה, א גאנצען עמער מילך האט זיא געגעבען און פלוצים.. באץ, א בריק, און איבערגעקעהרט דעם עמער מיט דיא מילך אין גאנצען!...

מיסטער ספון האט שטארק מקנא געווען דעם פראפעסאר זיין ערפאלג, איז ער צוגעשטאנען צו דאקטאר האכשטיין, יענער זאל אויסהערען זיין גערידכט, וואס ער האט פערפאסט לכבוד היינטיגען אבענד... דאקטאר האכשטיין האט זיך אבער אפגעוועהרט פון איהם מיט זיינע לאנגע הענד: ער וויל ניט, ער וויל ניט, וויא באלד עס איז ניט אויף ענגליש געשריבען, וויל ער ניט הערען...

— ווערט אפריהער אן אמעריקאנער — האט ער גערעדט — דאן וועל איך אייך הערען...

איז מיסטער ספון צוגעגאנגען צו דאקטאר רייכמאן'ען.

— קומט, דאקטאר — איז ער צו איהם צוגעשטאנען — איך וועל פאר אייך פארלעזען מיין גערידכט.

האט איהם דאקטאר רייכמאן גענטפערט מיט זיין גוטמוטהיגען שמייכעל:

— איך פערשטעה ניט קיין דייטש.. שרייבט אידיש, וועל איך פערשטעהן...

אט בלאק פערשטעה דייטש.. בלאק!

— האט דאקטאר רייכמאן איהם א רוף געטהאן.

און, ווען ספון האט דערזעהען, אז בלאק געהט צו זיי, האט ער א מאך געטהאן אונגעדולדיג מיט א האנד און איז אנטלאפען, וויא פון א טייפעל...

מאשא'ס פאטער איז אריין, ר' זלמן גוטמאן, א שעהנער עלטערער איד, א הויכער, מיט ברייטע פלייצעס, מיט א לאנגען, בלאנדען בארד, דורכגעוועבט װאר־ניט־וואו מיט זילבערנע פעדים.

ער איז א פרומער איד, אין אמעריקא געווארען נאך פרימער, ווייל דיא קינדער זיינען געווארען דא „גויעשער“ און ווייל ער איז בכלל ניט צופריעדען מיט דער אידישקייט אין אמעריקא. ער עסט קיינמאל ניט ביי זיין טאכטער, ווייל ביי איהר איז ניט כשר, בענקט נאך זיין שטאדט ביאלעסטאק, נאך דעם בית־המדרש, וואו ער האט געדאווענט, און נאך דעם היימישען גאט, נאך דעם היימישען אידען און נאך דיא היימישע שבתים און יום טובים...

מאשא און איהר מאן האבען איהם אויפגענומען מיט פרייד.

— דו ביזט גאר אליין, טאטע? — האט מאשא זיך אפגערופען מיט א שטראהלענדיגען פנים, אונטערטראגענדיג איהם א שטוהל.

— יא, טאכטערל, אליין — האט ר' זלמן געענטפערט — דיא מאמע וועט אפשר שפעטער צוקומען און אסתר איז ערגעץ אוועק מיט'ן דייטשישען שקץ... ווער ווייסט וואוהין?... אי־אי־אי!

— האט ער ארויסגעקרעכצט, זעצענדיג זיך לאנגזאם אויפ'ן שטול: — וועגיג

זיינען דא פארהאן אידישע שקצים אין אמעריקא, מיט וועמען ארומצולויפען, ווילט זיך איהר דוקא ארומלויפען מיט א גוי'עשען ! . . . טאַטער מיינע — האט ער צוגעלייגט מיט געבעט אין קול — דוא וואלסט מיט איהר א רייד געטהאן, דעם טאטען איהרען הערט זיא ניט, קיינער הערט מיך שוין ניט : ניט אברהם'ל, ניט מאיר'קע, קיינער ! געשטארבען דער טאטע אין אמעריקא ! . . .

מאשא'ס ליכטיגער פנים האט זיך וויא מיט א וואלקען פערצויגען און אין איהרע בלויע אויגען האט זיך אפגעמאלט א טיעפער צער. זיא האט געקאנט דעם „שקץ", מיט וועלכען איהר שוועסטער אסתר איז ארומגעגאנגען. ער איז געווען א יונגער דייטשישער אנארכיסט, א רעדנער, און זיא האט פערשטאנען, אז צווישען אסתר'ן און יענעם פערבינדט זיך עפעס . . .

זיא האט פון ווייטען א קוק געטהאן מיט האס אויף דער רויטער ליזא'ן און א טראכט געטהאן :

— אט זיא, זיא . . . איהר נור האט מען עס צו פערדאנקען ! . . . אזא'ן אונגליק ! . . .

און א קעהר געטהאן זיך ווידער צו איהר פאטער, האט זיא ווייך ארויסגערעדט :

— זייט רוהיג, טאטע, איך וועל שוין מיט איהר א רייד טהאן ! . . .

שפעטער א ווײלע איז אויך געקומען גענאסע אידעלסאן. ער איז געווען אן עלטערער טיפישער איד, א בלייכער, א מאגערער, א קערעוודיגער, מיט א גרויען, שפיציגען בערדעל און מיט פלינקע, פרעהליכע אויגען. קיינער וואלט ניט געזאגט, אז דער דאזיגער איד איז דאס, וואס ער איז געווען . . . מיט זיין פיזאנאמיע, גאנג און מינע האט ער דערמאהנט אן א קערעוודינען היימישען שדכן, צו גאר אן א היימישען פאקטאר. אין דער ווירקליכקייט אבער איז ער געווען דער זייבערסטער אידעאליזמוס אליין, איינער פון יענע אידען, וואס טראגען אין זיך א נשמה יתירה אין מיטען־וואך אויך . . .

געקומען אין אמעריקא מיט צוואנציג יאהר צוריק פון א ליטווישען קליינשטעדטעל אין רוסלאנד, וואו ער האט געהאלטען א קרעמעל, האט ער זיך דא אויסגעלערנט ארבייטען פרויען־מאנטלען אויף דער מאשין און איז געווארען א פאבריק־ארבייטער. דאן האט ער זיך פעראינטערעסירט מיט דער ארבייטער פראגע, געווארען א סאציאליסט און פון יענער צייט אן לעבט ער נור פאר דיא סאציאליסטישע בעוועגונג. אליין ניט קיין רעדנער, ארבייט ער פאר'ן סאציאליזמוס אויף אנדערע אופנים : פערטהיילט דיא ליטעראטור, בעשטעלט מיטינגס־לאקאלען, העלפט צושטעלען דיא בענק אויף דיא פערזאמלונגען, צינדט אן דיא גאז אויף דיא מיטינגען, טראגט צו דעם רעדנער א גלאז וואסער און אזוי ווייטער. ווען דיא סאציאליסטישע צייטונגען האבען זיך אין געלד גענויטהיגט, איז ער געווען דער ערשטער צו געבען געלד. און האט ער קיין געלד ניט געהאט, האט ער געגעבען זיין זייגער צו פערזעצען. איז דער זייגער שוין אויך געווען פערזעצט, האט ער דאן עפעס פערזעצט פון זיינע הויז־חפצים . . .

בשעת דער רוסישער רעוואלוציאן, איז ער ארומגעלאפען, וויא א משוגענער, און גע'טענה'ט :

— אי־אי־אי, ווען איך וואלט געווען אינגער !

און ווען א רעלעגאט האט דא געקליבען געלד פאר דיא רוסישע בעפרייאונג, האט ער וואכען־לאנג אפגע־

נעבען פאר דעם זיין פאנציען ווערטענטלי־
כען נעהאלט. וויא דאס האבען אגב,
געטהאן א סך, א סך אידען אין אמע־
ריקא . . .

און ווען דיא פרעהליכע בשורה ווע־
גען דער רוסישער קאנסטיטוציע איז
אנגעקומען, האט ער געטאנצט און
געוויינט פאר שמחה, וויא א שיכור'ער,
און געקליבען זיך צו פאהרען צוריק
אין דיא בעפרייטע היים . . .

און נאכדעם, ווען דיא קרעכצען
פון דיא בלוטיגע פאגראמען האבען דא
אפגעהילכט, האט ער ווידער געגעבען
זיין לעצטעס פאר רוסלאנד און וויי־
דער געוויינט פאר צער, פאר טיפען
צער. לכתחילה אויף דעם אונשולדיגען,
אידישען בלוט און דאן אויף דער פריי־
הייט, וועלכע מען האט דארט אזוי
שענדליך בעשמוצט . . . און שפעטער,
ווען ער האט דערהערט אויף א פערזאמ־
לונג פון סאציאליסטען, אויף וועלכער
עס האט אויך גערעדט א בעריהמטער
דעלעגאט פון דער רוסישער רעוואלו־
ציאן, אז נים דאס עהרליכע, גוט־
הארציגע רוסישע פאלק האט עס גע־
טהאן, נור דער אפשוים פון דער רוסי־
שער געזעלשאפט, געפיהרט און אונ־
טערשטיצט פון דער רוסישער ביוראָ־
קראטיע, האט ער זיך דערפרעהט און
זיך געזאגט מיט טיפען גלויבען :
— דער סאציאליזמוס וועט צו דעם
אלעמען מאכען א סוף ! . . .

איצט האט מען איהם גערופען „בא־
טיושקא־אידעלסאן“, ווייל זייט נאך
דער רוסישער רעוואלוציאן האט ער זיך
שטענדיג ארומגעפיהרט מיט „קינדער“,
מיט גרינע קריסטען, וואס זיינען אנט־
לאפען פון רוסלאנד . . . ארבייט
האט ער פאר זיי אויפגעזוכט, געלד
פאר זיי געקליבען און וואכען־לאנג זיי
ביי זיך אין דעם ארימען הויז געהאלטען,
טהיילענדיג זיך מיט דעם לעצטען.

— איך וועל אייך פארשטעלען —
האט ער גערעדט אין א געבראכענעם
רוסיש, צופיהרענדיג צו דאקטאר עפ־
שטיין'ען אן אונבעקאנטען, ארעם־גע־
קליידעטען מאן פון מיטעלען וואוקס,
מיט שווארצע, צופאלטעטע האאר און
מיט אזא בארד : — דמיטרי אלעקסיי־
איטש, אונזערער א חבר, נאך א גרי־
נער. ערשט א וואך אין לאנד . . .

עפשטיין האט יענעם העפליך און
מיט גרוים דרך ארץ געדריקט דיא האנד
און גלייך פארגעשטעלט פאר מאשא'ן.

און, מערקווירדיג ! — ביז איצט
האט עפשטיין גערעדט צו דיא ארומי־
גע אויף ענגליש צו אויף אידיש, איצט
האט ער מיט אמאל גענומען ריידען אויף
רוסיש און בלויז אויף רוסיש און נים
נור ער אליין, אפילו מאשא אויך. עס
איז קענטיג געווען, אז דמיטרי אלעק־
סייאיטשעס בעזוך, הגם זיי האבען יע־
נעם נים געקענט און קיינמאל פון יענעם
נים געהערט, איז זיי שטארק אנגע־
נעהם געווען און זיי האבען זיך גע־
וואלט ארויסווייזען פאר יענעם...

דאקטאר רייכמאן, וועלכער איז
אדיזער צייט געשטאנען נעבען בלאק'ן,
האט עס בעמערקט און איז געווארען
נערוועז.

— זעהט נור, בלאק—האט ער זיך
געווענדעט צו יענעם מיט א ביטערען
שמייכעל — וויא צוליעב דעם איינעם
רוססע, וועלען זיי אלע נעהמען ריידען
אויף רוסיש... דאס קען נור טרעפען ביי
אונזער אידישער אינטעליגענץ !...

—אוי, דאקטאר, און איהר עסט
זיך אפ פון אלעם דאס הארץ ! — האט
בלאק געענטפערט מיט א גנב'שען שמיי־
כעל — וואס הארט אייך, אז זיי קאַ־
ליעטשען אביסעל די רוסישע שפראך ?
זאל דאס זיין פאררעכענט פאר דאס אי־
דישע בלוט !...

דיא רוימע ליזא האט בעמערקט
אידעלסאן'ען מיט דעם אונבעקאנטען
קריסט, איז זי צוגעלאפען צו זיי און

א כאפּ געטהאָן אידעלסאָן'ען פון היגטען ביים אקסעל אזוי, אז יענער האָט זיך אומגעקוקט צומישט, האָט זי איהם נעדריקט די האנד פעסט און אונגעצוואונגען אויף איהר בעזונדערן שטייגער, מעשה כּאָן, און געפרעגט אויף רוססיש : — וועט איוואנאָוו דאָ אויך זיין ?

און דאס האָט זי ארויסגערעדט אין יענעם בעריהמעריש־פאמיליארען און דאָך רעספּעקטפוללען טאָן, אין וועלכען קליינע מענשעלעך ריידען, געוועהנליך, ווענען א בעריהמטע פּערזאָן, בשעת זיי ווילען אָנדייטען אויף זייער נאָהענטע בעקאַנטשאפט מיט יענער...

—איך ווייס ניט — האָט אידעלסאָן געענטפערט — איך האָב איהם נאָך היינט ניט געזעהען ! ערלויבט, איך וועל אייך פאָרשטעלען — האט ער זיך פלוצים אונטערבראָכען און זי פאָרגעשטעלט פאר דעם רוססע.

ליזא איז געבליעבען שטעהען מיט יענעם און ער, אידעלסאָן, איז אַוועק זוכען צווישען די געסט בעקאַנטע, ביי וועלכע ער האָט גערעכענט צו קריגען א פּאָאַר דאָלאר פאר זיינע „קינדער.“

—וואס מאַכט איהר, באַטיושקא — אידעלסאָן? — האָט איהם בלאָק אָפּגעשטעלט.

—וואס זאָל איך מאכען ? אָט !

—האָט ער געענטפערט פרעהלאך און גוטמוטהיג — איך דארף האָבען א פּאָר דאָלאר... טאָמער וואָלט איהר עפּעס נעגעבען ?

—אויף די קינדערלאך ?

— איהר ווייסט דאָך, בלאָק, אז איך האָב פיינד אייער שפּאס ? — האט איהם אידעלסאָן אונטערבראָכען, ווערענדיג פלוצים ערענסט : — איהר ווילט עפּעס געבען ?

—נאָך אלץ אויף איוואנאָוו'ן ?

—ניט אייער געשעפט אויף וועמען. אויף הונגריגע רעוואָלוציאָנערען. איהר גיט צו ניט ?

—און אז ניט ?...

—אז ניט ? טאָ וואס דורעט איהר מיר א קאָפּ ! — האָט אידעלסאָן נערוועז אויסגעשריען און שוין געוואָלט פון איהם אנטלויפען.

אָבער בלאָק האָט איהם א כאפּ געטהאָן ביים אָרעם און איהם אָפּגעהאַלטען.

— באַטיושקא ־ אידעלסאָן — האָט ער זיך צולאכט — אנטלויפט ניט ! טאָקי געבען ? און א גאנצען דאָללאר ? איז עס ניט אמאָל א שאָד, הא ? פּערגעסט ניט, איך בין דאָך עפּעס אויך פון די היבשע קבצנים... אָבער אייך... אייך... — ער האָט גענומען זוכען אין דיאביידע קעשענעס — וואו איז דער בחור ?... אהא, איך האָב איהם !...

און ער האט דערלאנגט אידעלסאָנען א דאָלאר.

—אָט אזוי ! — האָט אידעלסאָן ווידער פרעהלאך אויסגעשריען — פאָרט פערבליעבען א רעוואָלוציאָנערער פונק !

— לײדער ! — האָט בלאָק זיך צולאכט.

אין דיזער צייט האָט זיך דערהערט עפּשטיין'ס התפעלות'דיגער קול :

—אה, ניקאָלאי אלעקסעיאיטש !

און דאן ליזא'ס קול :

—אה, ניקאָלאי אלעקסעיאיטש !

בלאָק און אידעלסאָן האָבען זיך אומגעקוקט, און דערזעהען איוואנאָוו'ן.

ער איז געשטאַנען נעבען טיהר, א הויכער, א ברייטער, מיט לאנגע, שווארצע, שטרענגע וואָנצעס, מיט גרויסע אויסגעקאטשעטע אויגען אונטער וואזשנע, שווארצע און שווערע ברעמען, וויא כמארעס, און האט געגריסט עפּשטיין'ען מיט מיליטערישע אראָבלאָזענדיגער העפליכקייט און ליזא'ן — מיט מיליטערישער ליעבענסווירדיגקייט. מאַשאַ איז דאן אין צימער ניט געוועזען.

ווער אייגענטליך ער איז געוועזען, האָט קיינער אויף זיכער ניט געוואוסט, אין איין שעהנעם טאָג האָט זיך גענומען טראָגען א קלאנג צווישען דער רוסיש־אידישער אינטעליגענץ. אז עפּעס א רוסישער אָפיציער איז געקומען פון רוסלאנד, וועלכער האָט עפּעס אנטהייל

גענומען אין דער רעוואָלוציאָן און וועל־
בער האָט עפּעס דאָרט פערטהיידיגט די
אידען, בשעת די פּאָגראָמען... דאָן איז
געקומען איינער און האט דערצעהלט, אַז
ער האט זיך מיט יענעם בעקאנט, דער־
ביי האָט ער יענעם אָנגערופען מיט'ן
נאָמען „איוואנאָוו" און צוגעלעגט מיט
רעספּעקט אין קול: „אַ מערקווירדיגער
מענש!"...

דאָן איז געקומען אַ צווייטער און
האט דערצעהלט, אַז ער קען יענעם גוט
און אָנרופענדיג שוין יענעם ניקאָלאי
אלעקסעיאיטש, האט ער צוגעלעגט אין
יענעם פאמיליארען טאָן, אין וועלכען
מען רעדט, געוועהנליך, וועגען זעהר
נאָהענטע בעקאנטע: „זעהר אַן אינ־
טערעסאנטע פערזענליכקייט!..."

און דאָן האָט איינער איינגעלא־
דען ניקאָלאי אלעקסעיאיטש'ן צו זיך
אהיים אויף אַ מיטאג און דאן אנאנדע־
רער און נאָכדעם אַ דריטער און אַ פיער־
טער...

און זיי אלעמען האָט ניקאָלאי
אלעקסעיאיטש בעצויבערט מיט זיין
„אינטערעסאנטע פערזענליכקייט". ער
איז געווען אזוי איינפאך און אין דער־
זעלבער צייט אזוי שטאָלץ, האט גע־
דרעהט זיינע לאנגע שווארצע שטרענגע
וואָנצעס און געקוקט אי העפליך, אי
פריינדליך, אָבער אימער מיליטעריש־
וואזשנע פון אונטער זיינע דיקע, כמו־
רע ברעמען... ער האט פיינד געהאט צו
ריידען פיעל פון זיך און פון זיין רע־
וואָלוציאָנערער טהעטיגקייט. נור ווען־
ניט־ווען, פלעגט זיך ביי איהם ניט ווי־
לענדיג ארויסרייסען אַ פּאָאַר פאקטען
פון זיין רעוואָלוציאָנערען לעבען, למשל:
ער האט איינמאָל אָפּגעדרוקט פּראָקלא־
מאציעס און אליין זיי אונטערגעוואָר־
פען אין קאזארמע... צו: בשעת דעם
וויבאָרגער אויפשטאנד האט מען פער־
כאפּט זיינע בריעף ביי אַ חבר... אדער:
בשעת די פּאָגראָמען האָט ער געוואָלט
בעגעהען זעלבסטמאָרד, אזוי האָבען זיי
אויף איהם געווירקט... אז איהם איז
געלונגען צו ראטעווען נור אַ געוויסע
טהייל פון דער אידישער בעפעלקערונג
אין דער שטאָדט, וואו ער האט זיך דאן
געפונען...

און דאס אלעס פלעגט ער דערצעהל־
לען אין אזא געהיימען טאָן אין מינע,
עפּעס אזוי גאָר ווי ניט ווילענדיג...

און האט מען איהם אויסגעדריקט
ביי אזוינע פעלע די אנערקענונג, האָבען
אלע געזעהן, אז עס איז איהם אונאנגע־
נעהם, אז ער בעליידיגט זיך פשוט פון
דעם...

—איך האָב נור מיין הייליגע
פפליכט געטאָהן אלס מענש און אלס
רעוואָלוציאָנער — פלעגט ער דאן קורץ
בעמערקען איינפאך און פשוט, דרע־
הענדיג זיינע לאנגע שווארצע וואָנצעס.

און אזוי איז זיין פערזענליכקייט
געוואקסען אלץ מעהר און מעהר און זי
האָט גע'כישוף'ט די רוסישע אידישע
אינטעליגענטץ מיט איהר גרויסער
עניות און איינפאכקייט...

דאָן האָט ער איינעם פון זיי דער־
צעהלט מיט אַ קרעכץ אַ סוד, אַז...
ער איז קורץ אין געלד, האט יענער איהם
בסוד געליעהען עטליכע דאָלאר און זיך
פאר איהם ענטשולדיגט, וואס ער האט
ניט מעהר...

דאן האט ער אַ צווייטען פון זיי
דערצעהלט מיט אַ קרעכץ אַ סוד, אַז...
ער מוז האָבען עטליכע דאָלאר. האט
ער ווידער געקראָגען, און ווידער מיט
אַ ענטשולדיגונג אלס צולייג...

און דאן... דיא זעלביגע געשיכטע...
און ווען אידעלסאָן האט וועגען דעם
דערוואוסט, האט ער מיט איינינע
פרויען, צווישען וועלכע איז אויך גע־
ווען דיא רויטע ליזא, זיך אוועקגעלאָזט
איבער'ן אידישען קווארטאל און האָבען
גענומען קלאפּען אין דיא בעקאנטע
טהירען און געלד קלייבען...

און אלע האָבען געגעבען און ניקאָ־
לאי אלעקסעיאיטש האָט גענומען, הגם
אימער מיט אַ קרעכץ און דרעהענדיג
פערשעהמט זיינע לאנגע, שווארצע,

שטרענגע וואנצעס, און קיינער האט ניט געוואגט צו צווייפלען אין זיין אויפ־ריכטיגקייט און ערענסטקייט, אויסער רייכמאנ'ען און בלאק'ן, וועלכע האבען גע'טענה'ט, אז ער מאכט אן איינדרוק פון א דורכגעטריעבענעם בלאפער.

— איהר זייט א שאוועניסט! — פלעגט מען ענטפערען רייכמאנ'ען.

— איהר זייט געווארען א ציניקער!

— פלעגט מען ענטפערען בלאק'ן.

— אבער בעווייזע, אז ער איז דאס מאקי, וואס ער האט אייך איינגערעדט?

— פלעגען יענע טענה'ען.

— ער איז א רעוואלוציאנער!

— ער איז אן אפיציער!

— ער האט גערעטעוועט אידישע פרויען און קינדער!...

האט מען זיי פערשריען פון אלע זייטען.

קורץ: ניט אומזיסט האט איהם עפשטיין מיט אזא התפעלות איצט אויפ־גענומען און ניט אומזיסט האט דיא רווי־טע ליזא מיט א בעזונדערער הארציג־קייט, כמעט צערטליך, אויסגעשריען:

— ניקאלאי אלעקסעיאיטש!...

אידעלסאן איז אויך צוגעלאפען צו איהם:

— ניקאלאי אלעקסעיאיטש!...

פון פערשיעדענע ווינקלען האט זיך דערהערט א גערויש פון גערוקטע שטוה־לען און א געמורמעל:

— ניקאלאי אלעקסעיאיטש!...

פראפעסאר פאמפע איז צוגעפלויגען צו איהם, מאכענדיג פון ווייטען צו איהם מיט א האנד:

— הא, ניקאלאי אלעקסעיאיטש!...

און ספון נאך איהם מיט א בעזונ־דערער הכנעה'דיגער מינע:

— הא, ניקאלאי אלעקסעיאיטש!

און האט איהם א סיגאר אנגעבאר טען, פון וועלכער ניקאלאי אלעקסעי־איטש האט זיך לייטזעליג ניט אפגעזאגט.

מאשא איז אריינגעלאפען פון קיך מיט צופלאמטע באקען און, דערזעהען איוואנאוו'ן, איז זיא אויך צוגעלאפען צו איהם מיט אן אויסגעשטרעקטע האנד און אויך אויסגעשריען:

— אה, ניקאלאי אלעקסעיאיטש!...

און דריקענדיג איהם דיא האנד, האט זיא נאך צוגעלייגט:

— אט דערפאר האב איך אייך ליעב, וואס איהר זייט געקומען!...

אויף וואס ניקאלאי אלעקסעיאיטש האט איהר געענטפערט מיט א דרעהע דיא וואנצעס און מיט אן עכט מיליטער־ריש־ליעבענסווירדיגען פערנייגען זיך.

ניט צוגעגאנגען צו איהם זיינען נור: רייכמאן און בלאק וואס האבען געקוקט אויף איהם מיט גרויסע ספיקות, און דאקטאר האכשטיין, וועלכער האלטענ־דיג זיך פאר אן אמעריקאנעם, האט אין אלגעמיין געקוקט פון אויבען אראפ אויף אלעם, וואס האט „געשמעקט מיט רוסלאנד", וויא ער פלעגט זיך אויס־דריקען.

דער צווייטער רוססע, וואס איז פריהער געקומען מיט אידעלסאנ'ען, איז אויך ניט צוגעגאנגען צו איהם. ער איז געשטאנען אין א ווינקעל מיט ראס־קין'ען און איז פעהטהאן געווען מיט יענעם אין א געשפרעך וועגען דער רו־סישער רעוואלוציאן.

מאשא'ס פאטער ר' זלמן איז דיא גאנצע צייט געזעסען אויף א שטוהל, געגלעט זיך דעם בלאנדען בארד און גע־טראכט זיך מיט פרייד:

— דאנקען גאט, מיין אײדעם האט א נאמען אין אמעריקא... אלע אזוינע וואזשנע מענשען קומען צו איהם, אפילו ריכטיגע פריצים אויך!... אי, אי, ווען זיי וואלטען נאך אביסעלע פרום גע־ווען!...

דאן האט זיך איוואנאוו געזעצט און דער עולם ארום איהם.

דאן האט דער פראפעסאר פאמפע זיך ווידער אװעקגעזעצט ביי דער פיאנא און גענומען שפיעלען און זינגען לכבוד ניקאלאי אלעקסעיאיטש'ן דיא רוסישע מארסעליעזא און אנדערע רוסישע רעוואלוציאנערע ליעדער און דיא רויטע ליזא האט אויך אונטערגעהאלפען, ניט רעכענענדיג זיך מיט דיא טענ.. וואס פאמפע האט ניט געקענט פערטראגען און האט זיא דערפאר יעדע מינוט אונטערבראכען מיט: שא! סטאפ! שווייגט! — ביז דאקטאר האכשטיין'ען האט עס דערעסען און ער איז צוגעלאפען צום פראפעסאר, נערוועז מאכענדיג מיט זיינע לאנגע הענד און שרייענדיג אויף ענגליש:

— גענוג, פראפעסאר די רוסישע!... שפיעלט אונז „אמעריקא“, אויב איהר קענט!...

— אויב איך קען? — האט זיך פאמפע א כאפ געטהאן בעליידיגט, און גענומען שפיעלען „אמעריקא“.

— אה, אט דאס איז ריכטיגע! — האט דאקטאר האכשטיין אויסגעשריען מיט התפעלות און גלייך גענומען זינגען מיט התלהבות, מיט געפיהל דיא ווערטער פון „אמעריקא“, אט וויא א חסיד זיין רבי'ס ניגון, און דיא איבריגע אין צימער, אויסער גאר דיא גרינע, נאך איהם, ווער דעם מאטיוו מיט דיא ווערטער און ווער דעם מאטיוו אליין, ווער שטיל אונטער דער נאז און ווער העכער אויפ'ן קול.

איוואנאוו האט דערווייל אפגערופען אידעלסאנ'ען אן א זייט און שטיל געזאגט:

—גאלובטשיק, איך האב קיין סענט ניט ביי דער נשמה... קענט איהר עפעס קריגען פאר מיר לייהען?...

אידעלסאן האט איהם אנגעקוקט פערצווייפעלט.

ער האט א דריק געטהאן מיט דיא אקסלען און א מאך געטהאן מיט ביידע הענד.

— וואו לייהט מען, ניקאלאי אלעקסעיאיטש?

— לייהט ערגעץ, גאלובטשיק, איך מוז האבען!...

— גלויבט מיר, ניקאלאי אלעקסעיאיטש, אז דער עולם איז שוין מיעד געווארען צו געבען — האט זיך אידעלסאן אפגערופען מיט פערצווייפלונג אין קול — קיין קאפיטאליסטען זיינען אונזערע געגאסען ניט און דא קומען אלץ מעהר און מעהר גרינע געגאסען פון רוסלאנד און מען מוז דאך יעדען געבען... היינט וואו נעהמט מען?... אט איז דא אויך א גרינער געגאסע — האט ער אנגעוויעזען מיט א האנד אויף דעם רוססע, וואס איז איצט געשטאנען אין א גרופפע מיט ראסקין'ען און ליזא'ן: — ער איז אנטלאפען פון דער תליה, איך זוך פאר איהם עפעס געלד, ביז ער וועט קריעגען ארבייט... ער וויל ארבייטען, וואס עס וועט זיך איהם מאכען!...

— נו, ער וועט ארבייטען — האט איוואנאוו זיך אפגערופען — אבער איך?... איהר ווייסט דאך, גאלובטשיק, וואס קען איך ארבייטען?... אך, מיין גאט! — האט ער א זיפץ געטהאן.

אידעלסאן האט איהם אנגעקוקט מיט טיעפען צער און אויך א זיפץ געטהאן.

— שלעכט, וואס־זשע טהוט מען, ניקאלאי אלעקסעיאיטש? — האט ער כמעט ארויסגעקרעכצט.

— אט לייהט, גאלובטשיק, ביי ווע־מעז־עס־איז דא . . . זיי האבען אלע געלד. דאקטוירים. גאלובטשיק, א צעהנער'ל איז ביי זיי א שפיי!...

מעהר וועל איך אייך ניט בעאונרוהי־
גען . . . איך ערווארט דיא טעג געלד
פון מיינעם א ברודער א גענעראל ! . . .

דיא לעצטע ווערטער האט ער ארויסגעשפעצעט שטיל און מיט א געהיימער מינע און אום צוצוגעבען זיי מעהר וויכטיגקייט, האט ער א דרעה געטהאן זיינע לאנגע, שווארצע, שטרענגע וואנצעס.

אידעלסאן האט זיך פערטראכט, דאן האט ער ווידער א דריק געטהאן מיט דיא אקסלען און א מאך געטהאן מיט ביידע הענד.

— איך זעה ניט, ביי וועמען איך קען קריגען. דיעזע וואך האב איך שוין ביי זיי אלעמען גענומען צו פאאר מאל... איך וועל צופריעדען זיין, ווען איך וועל קריגען עטליכע דאלאר פאר יענעם . . .

איוואנאוו האט דאן אויף איהם אזוי א קוק געטהאן מיט זיינע גרויסע, אויסגעקאטשעטע אויגען, אז ער איז צומישט געווארען.

— ער איז ברוגז ! — האט אידעלסאן א טראכט געטהאן — נו, וואס קען איך העלפען ? . . . ווען איך אליין זאל האבען דיא עטליכע דאלאר ! . . .

אין דיעזער צייט האט מאשא פאנאנדערגערוקט דיא טהירען, וואס האבען געפיהרט צום עס־צימער, און זיך דאן געווענדעט צו דיא געסט :

— מיינע הערען, ביטע ! —

און דערביי האט זיא העפליך געוויעזען מיט א האנד אויפ'ן עס־צימער.

דער עולם האט זיך א לאז געטהאן אהין מיט א געפילדער.

דאס עס־צימער איז געווען בעלויכטעט מיט עטליכע גאז־ברענערס. אויף א לאנגען טיש מיט א ווייסער סערוועטע זיינען אויסגעשטעלט געווען פלעשער ביער, שנאפס און טעלער מיט בעשיעדענע קעקס און פרוכטען. פון ביידע זייטען טיש זיינען אויסגעשטעלט געווען צו ראנד שטולען. דיא געסט האבען זיך גענומען צוזעצען און דא האט מען ווידער אפגעגעבען כבוד ניקאלאי אלעקסעיאוויטשען. עטליכע מענשען מיט איין מאל האבען איהם אנגעוויזען אויפ'ן אויבען־אן מיט דיא ווערטער : „ניקאלאי אלעקסעיאיטש, דארט איז פאר אייך א פלאץ !" און ספון האט איהם א כאפ געטהאן אונטער'ן ארעם און איהם טאקי אוועקגעזעצט אויפ'ן אויבען־אן און זיך אליין געזעצט נעבען איהם. אויף דער צווייטער זייט פון איוואנאוו'ן האט מען אוועקגעזעצט דעם צווייטען רוססע. דיא איבריגע האבען זיך צוזעצט, וויא עס האט זיך געמאכט. רייכמאן'ען איז אויסגעקומען זיך זעצען נעבען בלאק'ן און פאמפען, ליזא געגען ראסקין'ען און אידעלסאן'ען, דאקטאר האבשטיין, מאשא, עפשטיין און ר' זלמן האבען זיך געזעצט ביי דעם אנדער עק טיש.

מיסטער ספון האט צוגערוקט צו איוואנאוו'ן א פלאש שנאפס, א צווייטער — א גלעזעל און א דריטער האט אנגעגאסען, און ער, איוואנאוו הגם ער איז איצט שטארק בייז געווען, ווייל ער האט היינט קיין געלד ניט געקאנט קריגען פון אידעלסאן'ען, האט דאך זיי זיין בייזקייט ניט ארויסגעוויעזען און לייטזעליג געטרונקען . . .

דער עולם איז געווארען לעבעדיגער, פרעהליכער. מען האט געלאכט און געוויצעלט זיך, מען האט געעפענט דיא פלעשער ביער געפילט דיא גלעזלאך מיט שנאפס און געטרונקען...

מעהר פון אלעמען האבען אין זיך געגאסען איוואנאוו און בלאק, דער ערשטער, וואס מעהר ער האט געטרונקען, אלץ רויטער איז זיין פנים געווארען, אלץ שטרענגער האבען זיינע אויסגע־

קאטשעטע אויגען געקוקט ארום זיך פון אונטער דיא כמורע דיקע ברעמען און אלץ פינסטערער האט ער געדרעהט זיינע לאנגע שווארצע וואנצעס. דער לעצטער, וואס מעהר ער האט געטרונקען, אלץ בלייכער און גלאנציגער איז זיין פנים געווארען, אלץ ערנסטער און נעבעלדיגער האבען זיינע אויגען געקוקט און אלץ ווענינער האט ער גערעדט. אויפ'ן סוף איז ער גאר אנשוויעגען געווארען. וויא אין גאנצען אין זיך אריין, און דער שטענדיגער ממזרתדיג־כיטרער אויסדרוק איז אין גאנצען פערשוואונדען פון זיינע אויגען.

— טרינקט ניט אזוי פיעל, בלאק — האט דאקטאר רייכמאן זיך צו איהם געווענדעט.

— בלאק האט איהם ניט געענטפערט. א קוק געטהאן נור אויף איהם מיט א מין קראנקהאפטען שמייכעל און וויעדער אויסגעטרונקען.

— וואס איז עס מיט איהם? — האט רייכמאן א טראכט געטהאן פערוואונדערט.

איינער האט פארגעשלאגען, מען זאל ספיטשען.

—ניקאלאי אלעקסעיאיטש! ניקאלאי אלעקסעיאיטש! — האט מען גענומען שרייען פון אלע זייטען, און העכער פון אלע — ספון, פאמפע און דיא רויטע ליזא.

ניקאלאי אלעקסעיאיטש האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ און ארויסגעלאזט:

— מ—מ—מ!...

— ניקאלאי עלעקסעיאיטש! — האט אידעלסאן אויסגעשריען שיכור'לאך אויף זיין געבראכענעם רוסיש, קוקענדיג אויף יענעם מיט זיינע גוטע, לאבענדיגע אויגען: — איהר מוזט אונז בעעהרען מיט אייערען א ספיטש... מיר האבען נאך ניט געהערט אייערען א גר־טען ספיטש... ניקאלאי אלעקסעיאיטש, באטיושקא, נו, טהוט אונז א טובה!...

איוואנאוו האט איהם אנגעקוקט מיט שיכור'ע פינסטערע אויגען און א מאך געטהאן צו איהם מיט א האנד.

— זיצט דארט, זיצט, און ניט אייער זאך, און איך וועל ניט ריידען. פערשטעהסט? — האט ער געענטפערט מיט כעס.

אלע זיינען געווארען שטיל און געסוקט אויף איוואנאוו'ן. אידעלסאן האט צומישט געשמייכעלט און געטראכט:

— ער איז בייז, ווייל איך קען פאר איהם מעהר קיין געלד ניט קריגען... נו, וואס בין איך שולדיג? — האט ער זיך פערענטפיצרט פאר יענעם אין הארצען.

רייכמאן איז געווארען נערוועז פון איוואנאוו'ס טאן און א געשריי געטהאן אויף אידיש:

— מיינע העררן, איך וועל פאר אייך האלטען א ספיטש!...

— רייכמאן! רייכמאן! — האט מען גענומען שרייען פון אלע זייטען.

רייכמאן האט זיך אויפגעהויבען פון ארט.

— רוסיש! רוסיש! — האט מען ווידער גענומען שרייען פון אלע זייטען.

— ענגליש! — האט געקלאפט אין טיש דאקטאר האכשטיין.

— אידיש! — האט געשריען רייכמאן.

— רוסיש! רוסיש! — איז דער געשריי געווארען נאך שטארקער.

— ענגליש! — האט געשריען און ענערגיש געקלונגען מיט א לעפעל אייבער א גלאז דאקטאר האכשטיין.

— מיינע העררן! — האט רייכמאן אויפגעהויבען דיא האנד — רוהיג!...

און ווען עס איז ווידער שטיל גע־

ווארט, האט ער גערעדט ווייטער:

— מיר זיינען אידען און אמעריקאנישע בירגער, דערפאר וועל איך ריידען אדער אידיש אדער ענגליש...

— ענ—ג—ל—לי—ש—ש! — האט גענומען רעווען דאקטאר האכשטיין — ענ—ג—ל—לי—ש—ש! מיר זיינען אמעריקא—א—נע—ער!...

— רוסיש רוסיש! — האט מען גענומען שרייען און קלאפען פון אלע זייטען.

— צוליעב ניקאלאי אלעקסעיאוויטש'ן! האט געשריען פאמפע.

— צוליעב אונזער האכגעשעצטען ניקאלאי אלעקסעאיטש'ן! — האט געשריען ספון.

— מיר דארפען דא ניט האבען קיין ציוניסטישע ספיטשעס! — האט געליארעמט ליזא.

רייכמאן האט א מאך געטהאן מיט א האנד און זיך צוריק אוועקגעזעצט אויף זיין פלאץ.

— נו זאל זיין אהן מיין ספיטש!

— האט ער זיך צולאכט.

איוואנאוו האט זיך צוגעבויגט צו דעם צווייטען רוססע נעבען איהם און ציה געטהאן יענעם פאר'ן ארבעל. יענער האט זיך א קעהר געטהאן צו איהם.

— א האם און א געפילדער, וויא אויף א זשידאווסקער חתונה — האט ער ארויסגעבורטשעט שיכור — האבען זיך צוכרוקעט, וויא דיא חזרים. דיא זשידעס!... פראצענטניקעס אייזערע... נער, וויא דער אנדערער... געלד ביי זיי קריגען, סיידען אויף פראצענט!...

יענער האט אויף איהם אויסגעגלאצט א פאאר גרויסע אויגען און אינסטינקטיוו זיך אפגערוקט פון איהם.

— מיין הערר — האט ער ארויסגעמורמעלט —גאספאדין איוואנאוו, איך גלויב ניט, אז איהר זייט א רעוואלוציאנער. ווען איהר וואגט גאר צו רעדען אזוי!...

איוואנאוו האט איהם אנגעקוקט בייז.

— דור־ראק! — האט ער א בורטשע געטהאן און אפגעקעהרט דעם קאפ.

דאס האט געדויערט עטליכע סעקונדען. דערווייל האט זיך ווידער אויפגעהויבען א טומעל פון אלע זייטען. ווידער האט מען גענומען שרייען: ספיטש! ספיטש!

— בלאק!

— עפשטיין!

— מאדאם עפשטיין!...

— מאדאם עפשטיין! מאדאם עפשטיין! — האבען אלע אונטערגעכאפט און גענומען אפלאדירען.

מאשא האט זיך אויפגעהויבען פון ארט מיט צופלאמטע באקען און מיט שטראהלענדיגע אויגען, גענומען א גלאז ביער אין האנד און געזאגט מיט א גליקליכען שמייכעל:

— איהר מיינט, אז איהר וועט מיך איבערראשען און איך וועל קיין ספיטש ניט קענען האלטען? מיינע העררן, איך וועל פאר אייך האלטען זעהר א לאנגען ספיטש... איך מיין... ניט אזא לאנגע, וויא א וויסטיגען! טא הערט־זשע אויס, און מיט קאפ: איך דאנק אייך אלעמען פאר אייער פריינדשאפט צו מיין מאן און מיר, און איך לאד אייך שוין איין אויף איבער א יאהר... און... און איך דאנק אייך אין פאראויס!

און געזאגט עס, האט זיא זיך אניעדערגעזעצט אויף איהר פלאץ.

א געלעכטער האט ארויסגעבראכען, א געפילדער, אפלאדיסמענטען און געשרייען: בראווא! בראווא!...

איהר פאטער, ר' זלמן האט אנגע־

קוראַלען, געקוקט אויף איהר מיט שמאַלץ און געטראַכט: „אוי איז זיא א חכמה, אז לעבען זאל זיא ביי מיר!"

דאן האט פּאַמפּע געהאַלטען א ספּיטש, אין וועלכען ער האט געלויבט עפּשטיין'ען און מאשא'ן און געענדיגט מיט א רעקלאַמע וועגען זיינעם א נייעם ווערק, וואס וועט זיכער איבעראַשען די מוזיקאַלישע וועלט... נאך איהם האט ספּון פּאַרגעלעזען זיין דייטשע גע־דיכט מיט גרויסען פּאַפאָס און האט שפּעטער עגמת נפש געהאַט, וואס קיי־נער פון דעם עולם, אויסער די ליע־בענסווירדיגע בעלי שמחות אליין, עפּ־שטיין און זיין פרוי, האט ריכטיג פער־שטאַנען און אָפּגעשאַצט זיין גע־דיכט. דאן האט די רויטע ליזא געהאַלטען א פייערדיגען ספּיטש, אין וועלכע זיא האט שאַרף קריטיקירט די איצטיגע בורזשואַזנע הייראַטה, וועלכע איז ניט מעהר ווי א פּראָסטיטוציאָן, פערדעקט מיט דעם מאַנטעל פון געזעץ, און אויפגעפּיהרט, אז דאס אמת'ע פרייע פאַמיליען־לעבען וועט נור זיין אין דער צוקונפטיגער פרייער געזעל־שאַפט, וואו מאן און פרוי וועלען לע־בען לויט דעם פרייען, נאַטירליכען אויסוואהל, און זיא האט געענדיגט מיט א הויך פאַר דער סאָציאַלער רע־וואָלוציאָן, אויף וועלכען אידעלסאָן האט געענטפערט מיט א בעגייסטערטען אורא . . .

נאך איהר האט זיך געשטעלט ריי־דען דער גרינער ראַסקין. ער האט גע־רעדט שאַרף, שטעכיג און ביטער.

זיין גאַנצע רעדע איז געריכטעט געווען געגען די אידיש־רוסישע אינ־טעליגענטען, געגען „די אמעריקאַני־שע געגאַסען". זיי זיינען אין גאַנצען פּראַקטיש געוואָרען, טראַכטען נור פון געלד מאַכען, פון געלד און געלד . . .

— אמת! — האט איהם אונטער־בראָכען דער שיכור'ער איוואַנאָוו — אמת, געלד!

— שווייג! — האט זיך צו איהם א כאַפּ געטהאָן זיין שכן דער רוסע.

איוואַנאָוו האט יענעם אַנגעקוקט מיט שיכור'ע אויגען און א געשריי גע־טהאָן:

— סווינייא! (חזיר), דו ביזט אויך א זשיד!...

ארום איז געוואָרען א טומעל. רייכ־מאַן האט זיך אויפגעהויבען פון ארט אין אויפגערעגטער, דאָקטאָר האַכשטיין נאך איהם שרייענדיג אויף ענגליש:

— אָט דאס איז שעהן!... עכט רוסיש!... און אין א הויז פון אן אמע־ריקאַנישען בירגער זאל מען עטוואס אזוינס וואָגען!...

— רוהיג! שאַ!... — האט מען גענומען שרייען פון אלע זייטען.

פּאַמפּע איז אויפגעשפּרונגען און נאך איהם אידעלסאָן און ליזא, און ספּון און זיי אלע האָבען געשריען, אז ניקאָלאַי אלעקסעיאיטש האט גאַר ניט געמיינט. עפּשטיין און מאשא האָבען גענומען בעטען רייכמאַנ'ען און האַכ־שטיינ'ען, זיי זאָלען בלייבען, און אין א ווײלע ארום איז ווידער שטיל געוואָ־רען. רייכמאַן און האַכשטיין האָבען זיך צוריקגעזעצט אויף זייערע פּלעצער און ספּון איז צוגעגאַנגען צו מאשא'ן און האט איהר גענומען אין דער שטיל ער־קלערען די אלע מעלות פון זיין געדיכט.

ראַסקין האט גענומען ריידען.

„אז רוסלאַנד האָבען זיי פערגעסען, אז דעם ליידענדען רוסישען פאָלק..."

פּלוצים האט בלאַק, וועלכער איז די גאַנצע צייט געזעסען, דאַכט זיך אין גאַנצען אריינגעטהאָן אין זיך, זיך א כאַפּ געטהאָן און, אַנקוקענדיג דעם רעד־

נער מיט בלישצענדיגע אויגען, האט ער גענומען קלאפען מיט'ן פויסט אן טיש און שרייען:

— איהר זייט א גרינער! איהר רעדט וויא א גרינער!...

יענער איז בייז געווארען, אוועקגעזעצט זיך אויף זיין ארט און ניט נעוואלט מעהר רײדען.

— איך וועל רײדען! — האט זיך בלאס א כאפ געטהאן פון זיין ארט און זיין פנים איז געוועזן בעדעקט מיט א גלאנציגער בלייכקייט און זיינע אויגען האבען פיבעריש געברענט: — איך וויל איהם דערצעהלען דעם גרינעם, זאל ער וויסען, זאל ער ניט פלאפלען, זאל ער ניט קריכען מיט זיינע פיס אין דער צו־וואונדערטער נשמה אריין!... — האט בלאק גערעדט אין אידיש און קיינער האט איהם איצט ניט געשטערט אוים אינסטינקטיווען פראטעסט געגען איוואנאוו'ן: — מיר האבען ניט געארבייט פאר דיא בעפרייאונג פון דעם רוסישען פאלק, מיר?!!... דיא לעצטע האבען מיר דא אוועקגעגעבען פאר דיא רוסישע פרייהייט!!... אונזער צייט, אונזערע פעהיגקייטען, דיא לעצטע קרעפטען אונזערע, דאס לעצטע געלד אונזערע!... דיא אידישע ארבייטער האבען אפגעריסען דעם ברויט ביי זייערע קינדער און עס אוועקגעשיקט פאר דער רוסישער פרייהייט... דיא אידישע ארבייטערינס האבען אפילו זייערע רינגען, זייערע בראסלעטען, זייערע זייגערלאך. דיא מתנות פון זייערע חתנים אוועקגעגעבען פאר דער רוסישער בעפרייאונג... וואס פאר א דעלעגאט עס איז ניט געקומען פון רוסלאנד, פון וועלכער פארטיי ער איז ניט געווען, יעדער האט געקראגען ביי אונז פון דאס לעצטע... בשעת מיר האבען געקראגען דיא נייעס וועגען דער קאנסטיטוציע, וואס... אפילו אלטע, פרומע אידען דא געטאנצט אין דיא גאסען!... נו, און וואס?!... מיט וואס האט אונז דאס רוסישע פאלק בעצאהלט פאר דעם?!... ענטפערט, אויב איהר רעדט אין נאמען פון דעם רוסישען פאלק! — האט ער אויסגעשריען, און אין זיין קול האבען זיך דערהערט פערשטיקטע טרערען: — דארט האט מען פרויען און קינדער, אלטע און יונגע לעבענס צוריסען און דא... און דא... האט מען דעם גלויבען צו־בראכען, דיא נשמות... עך! — האט ער זיך פלוצים אונטערבראכען — איהר פערדיענט ניט, מען זאל צו אייך רײדען ערענסט! איהר זייט אלע אידיאטען, קיבעצען דארף מען אייך, און דאס אלעס!...

און אוועקגעזעצט זיך אויף זיין ארט, האט ער א כאפ געטהאן א פולע גלאז ביער און אויסגעטרונקען.

א ווײלע זיינען אלע געבליבען זיצען שטיל, וויא בעצויבערט פון זיין רעדע, דאן האט מיט איינמאל אויסגעבראכען א גערויש פון אפלאדיסמענטען און א געשריי: בראווא!...

רייכמאן האט איהם אנגעקוקט מיט ליעבשאפט און א טראכט געטאהן:

—זיי קענען איהם קיינער ניט!

ספון שטעהענדיג נעבען מאשאיג האט אויסגעשריען:

—אודאי ניט אמת, וואס? איך אליין האב וויפיעל מאל געגעבען צו 50 ער פאר דער רוסישער פרייהייט!...

—און איך האב אודאי 500 עקזעמפּליארען פון מיינע מוזיקאלישע ווערק אוועק געשענקט פאר דער רוסישער פרייהייט, אויסער וואס איך האב געשפיעלט אומזיסט אויף דיא קאנצערטען, וואס מען האט דא געגעבען פאר דער זעלבער געשיכטע! — האט פאמפע אויף אויסגעשריען.

אין דיעזער צייט האט זיך דערהערט א קלונג פון'ם טהיר גלעקעל, עפשטיין

מיט מאשא'ן זיינע ארויסגעלאפען פון צימער.

אין א ווײלע ארום האט זיך עפשטיין צוריק געקעהרט, פיהרענדיג אונטער'ן ארעם בארים עטינבערג'ן, וועלכער האט געטראטען מיט הויך־פעררייסענע פלייצעס, קוקענדיג שמאלץ פאר זיך.

הינטער זיי זיינען געגאנגען געארעמט מאשא און ליובא, דיא לעצטע מיט א שעהמעוודיגען שמייכעל אויף'ן פנים.

—וואלאדיא! — האט עטינבערג גערעדט הויך, אויפ'ן קול — גלויב מיר, נור צוליעב דיר בין איך געקומען... דיך ניט געוואלט אבידען, ברודערל!... אניוטא פיהלט זיך דארט שלעכט... מעהר וויא א האלבע שטונדע קען איך ניט פערברענגען. ענטשולדיג. וואלאדיא!....

—נו, נו, מיר וועלען שוין זעהען, מיסטער עטינבערג.

און, ווענדענדיג זיך צו אלע געסט האט עפשטיין געזאגט:

—מיינע העררן, איך האב די עהרע אייך פארצושטעלען: מיסטער עטינבערג.

אייניגע האבען זיך אויפגעהויבען, צווישען זיי אויך דאקטאר רייכמאן מיט זיין גוטמוטהיגען שמייכעל, און האבען מיט איהם געדריקט די הענד.

עטינבערג האט זיך העפליך פערבויגט פאר יעדען און צו דיא וועלכע ער האט ניט געקענט האט ער געזאגט אייגע און די זעלבע ווערטער: —בארים גאטאקאוויטש עטינבערג!...

ווען מען האט פארגעשטעלט ליובא'ן האט ער ניט פערפעהלט צו זאגען איינעם אויפ'ן קול אזוי, אלע זאלען הערען:

—זי איז מיין טאכטער, מיין ליובא!

ליובא האט זיך פון דעם געפיהלט ניט אנגענעהם, איז רויט געווארען און איז געווען גערען, ווען מאשא האט זיא אוועקגעזעצט ביים טיש נעבען זיך.

עטינבערג'ן איז אויסגעקומען צו זיצען זיך צווישען ספּון'ען און איוואנאו'ן.

איוואנאוו האט גלייך צוגעצויגען די אויפמערקזאמקייט פון עטינבערג'ן. עטינבערג האט באלד אין יענעם דערקענט א ריכטיגען רוססע און א וויכטיגען מאן. הגם יענער איז געווען גוט שיכור.

ער האט זיך א קעהר געטאהן צו ספון'ען און שטיל געפרעגט:

—ווער איז דער?

—א רוסישער אפיציער — האט איהם ספון שטיל געענטפערט מיט א געהיימער מינע.

—אזוי?

און עטינבערג האט אנגעקוקט איוואנאוו'ן מיט אזוינע אויגען, וואס האבען ארויסגעדריקט אי דרך ארץ, אי ליעבע און א טראכט געטאהן מיט קנאה:

— וואלאדיא־פארליעץ, זיין אמעריקא!... אט וואס פאר א מענשען עס קומען צו איהם!... פארוואס האט ער מיך פאר איהם ניט פארגעשטעלט? — האט ער פלוצים א טראכט געטהאן, און איז אויפגערעגט געווארען.

דערווײלע האט דער עולם ארום ווידער גענומען טרינקען און לאכען, און וויצלען זיך. עפשטיין איז צוגעגאנגען צו עטינבערג'ן.

—מיסטער עטינבערג — האט ער זיך אבגערופען — ווארום טרינקט איהר גאר נישט?

—איך וויל ניט, וואלאדיא, איך וויל ניט — האט ער געענטפערט, קוקענדיג אויף איהם ברוגז.

עפשטיין האט גלייך פערשטאנען, אז עטינבערג איז מסתמא ברוגז, פאר וואס מען האט איהם ניט פארגעשטעלט פאר איוואנאוו'ן. ער האט א קוק געטהאן אויף דעם שיכור'ן איוואנאוו'ן און ארויס גערעדט:

—ניקאלאי אלעקסעיאיטש, איך וועל איך פארשטעלען: בארים איסאקא־וויטש עטינבערג!

— אס? — האט איוואנאוו ארויס־געבורטשעט, קוקענדיג אויף עפשטיין'ען מיט זיינע מוטנע, שיכור'ע אויגען:— איציק?...

עפשטיין איז צומישט געווארען. וואס איז עם?!

אבער עטינבערג האט שוין גע־האלטען צו יענעם אויסגעשטרעקט זיין האנד מיט זעהר א העפליכער מינע און גערעדט.

— בארים איסאקאוויטש עטינבערג, קיעווסקי קופיעץ, א קיעווער קויפ־מאן!...

איוואנאוו האט פון דער זייט א קוס געטהאן אויף עטינבערג'ס האנד און ארויסגעלאזט:

— מ—מ—מ!...

עטינבערג איז א ביסעל צומישט געווארען, דאך האט ער זיין האנד אלץ געהאלטען אויסגעשטרעקט צו יענעם און גערעדט, הגם נים אזוי דרייסט, וויא פריהער:

— בארים איסאקאוויטש עטינבערג, קיעווסקי קופיעץ!...

— וואס קריכסטו צו מיר מיט דיין האנד, דוא, איציק? — האט פלוצים יענער א רעווע געטהאן — וואס בין איך דיר? איך האב דען מיט דיר אויף דער מאלקוטשקע געהאנדעלט, וואס?!...

עטינבערג האט זיך א צאפעל גע־טהאן און צוגעכאפט זיין האנד פון יע־נעם, וויא פון א פייער. ארום איז גע־ווארען שטיל, וויא אויף א בית־עולם. אלע האבען זיך אומגעקוקט צומישטע און אויפגערעגטע אויף איוואנאוו'ן.

דאקטאר רייכמאן האט אויסגעשריען:

— נו ווער איז גערעכט, הא?...

אבער ער איז נים נור א דורכגעטריע־בענער בלאפער, נור א פשוטער הוליגאן!

— רוסלאנד! — האט געלאכט סאר־קאסטיש דאקטאר האכשטיין — א רור־סישער זשענטעלמאן!...

בלאק שיכור האט געלאכט, גע־קלאפט איבער'ן טיש און געמורמעלט:

— גוט, גוט, כשר פערדיענט!...

כא, כא, כא, אוי א קיבעץ, א ריכטיגער... טראגט געזונד!... כא! כא! כא!...

— רוהיג! — האט דיא רויטע ליזא געגומען קלאפען איבער'ן טיש — ער איז שיכור, ער איז נים פעראנטווארט־ליך פאר זיינע ווערטער!...

אידעלסאן איז צוגעלאפען צו איי־וואנאוו'ן מיט אן אויסדרוק פון פער־צווייפלונג אין פנים און כמעט מיט טרערען אין קול:

— ניקאלאי אלעקסעיאיטש, געהט אהיים, איך וועל אייך בעגלייטען!...

— אוועק, זשיד! — האט יענער א רעווע געטהאן — איך האב נים מורא פאר אייך!... איהר זייט פראצענטני־קעס, אהן פראצענט לייהט איהר קיין געלד נים!...

— כא! כא! כא! — האט זיך דער־הערט בלאק'ס שיכור'ער קול — קיבעץ, ברודערל, קיבעץ, הוליגאן, קיב־בע־עץ־ץ!... ווארפט איהם ארויס!

— איז ער פלוצים אויפגעשפרונ־גען מיט א שיכור'ען רעווען — ווארפט איהם ארויס, אניט ווארף איך איהם אלע פלעשער אין קאפ!...

דער טומעל איז געווארען גרעסער. אלע זיינען אויפגעשפרונגען פון זייערע ערטער. מאשא און רייכמאן האבען אנ־געכאפט בלאק'ן ביי דיא הענד, ליובא האט געקוקט צושראקען, עטינבערג אויפ־גערעגט. דער רוססע נעבען איוואנאוו'ן רויט און צומישט. אידעלסאן פערצוויי־פעלט. עפשטיין סקאנפוזשעט, דאקטאר האכשטיין מיט א סארקאסטישען שמיי־כעל. דיא רויטע ליזא פערוואונדערט,

ראסקין ענטריסטעט. פאמפע מיט פערזשמורעטע, פרעגענדיגע אויגען. ספּון מיט פערדרוס און ר' זלמן מיט מורא...

דאן האט דער רוסע נעבען איוואנאוו'ן ארויסגעשריען מיט ענטריסטונג אין קול:

— חברים, מיינע העררען, ער איז ניט קיין רעוואלוציאנער, איך שווער אייך! ער איז א הוליגאן, א שווארצמאה'ניק!... איך וויל אפילו ניט אטהעמען דיא לופט, וואו דער הוליגאן געפינט זיך!...

הול־לי־ג־א־אן! — האט ער א געשריי געטהאן איוואנאוו'ן אין פנים, און איז ארויסגעלאפען פון צימער.

— זשיד! — האט איהם נאכגערעוועט איוואנאוו, דרעהענדיג מיט זיינע אויסגעקאטשעטע, מוטנע אויגען און שאקלענדיג זיך — ווענ׳ג אייך געשלאגען, געשעפט - מאכער!.... כריסטוס'ען האט איהר פערשאכערט... מען דארף אייך נאך שלא־א־גע־ען!... שלא—א—ג—גען, פרא־א־צענט־ניקעס־ם... בלוט־זויג־ג־ע־ער! — האט ער ווילד גערעוועט.

— איהר הערט, הא? — האט זיך שטינבערג פלוצים א כאפ געטהאן — וואו זיינען מיר, אין רוסלאנד צו אין אמעריקא?... הוליגאן — האט ער גענומען שרייען מיט וועהטאג אין קול — אט אזעלכע מערדער וויא איהר האבען מיך אונגליקליך געמאכט... דא אבער וועט איהר אונז ניט חרוב מאכען, דא איז אמעריקא, הוליגאן! — האט ער גענומען שאקלען א פינגער פאר יענעמס שיכור'ן פנים — אמעריקא, הוליגאן, אמעריקא!...

ליובא, צושראקען און אויפגערעגט, האט זיך א ווארף געטהאן צו איהר פאטער: פאפא! און איהם אפגעשלעפט פון איוואנאוו'ן.

— ווארפט איהם ארויס, דעם פאגראמשציק! — האט גערעוועט באק, רייסענדיג זיך פון רייכמאן'ען און מאשא'ן, וועלכע האבען איהם פעסט געהאלטען פאר דיא הענד.

עפשטיין האט געקוקט ארום זיך א צומישטער און ניט געוואוסט, וואס צו טהאן.

—מיינע הערען, איך בעט אייך, קיין סקאנדאל! — האט ער געמורמעלט — ער וועט באלד אליין אוועקגעהען!...

— וואס האט ער מיך אוועקגעזעצט נעבען א שיכור'ן הוליגאן! — האט דערווײלע זיך שטינבערג געקאכט פאר ליובא'ן.

ליובא האט זיך אין גאנצען פערלארען.

אויפ'ן סוף האט איוואנאוו פערלאזען דעם צימער, שאקלענדיג זיך אויף דיא פיס און מורמלענדיג: שלא־א־גגען!...

א ווײלע זיינען אלע נאכדעם געשטאנען און געשוויגען און יעדער האט זיך געפיהלט אזוי שווער, און יעדער האט אויסגעמיידט דעם צווייטענס בליק, דעם צווייטענס אויגען, אקוראט, וויא זיי וואלטען זיך געשעהמט איינער פאר'ן אנדערן... דאן האט זיך אפּגערופען איידעלסאן מיט פערצווייפלונג אין קול:

— נו, זעהט איהר?... ווען מען וואלט איהם אבער געגעבען נאך עטליכע דאלאר, וואלט דיא שאנדע היינט ניט געוועזן!...

— שווייגט! — האט רייכמאן א געשריי געטהאן — מען האט איהם ווייניג געגעבען?... וואלט איהר זען אידישען אמת'ען רעוואלוציאנער אויך אזוי פיעל אונטערשטיצט?... מה־יפית'ניקעס איהר, איהר ווערט אזוי פערבלענדעט פאר ניט אן אידען, אז אפילו א רוסישען הוליגאן קענט איהר גיט דערקענען!...

— אוי, האט ער זיי אנגעפייפט! — האט זיך דערהערט בלאק'ס שיכור'ער קול — א סיבעץ!... כא, כא, כא!...

— וואס רעו? מען זאל ניט אונטערשטיצען קיינע קריסטען רעוואלוציאנערען? — האט דיא רויטע ליזא אויסגעשריען.

— מען דארף אלעמען אונטערשטיצען — האט דאקטאר רייכמאן געענטפערט מיט היץ — אבער קיין מה־יפית־ניקעס דארף מען ניט זיין. אן אידען א רעוואלוציאנער שטיצט איהר ניט אזוי גערען, וויא ניט אן אידען, איהר מה־יפית'ניקעס וואס איהר זייט!...

עטינבערג איז געשטאנען אן אנגעבלאזענער נעבען ליובא'ן און געבורמשעט אין בארד:

— קיין אנדערן פלאץ ניט געפונען. וויא נעבען א שיכור'ן הוליגאן!... איך געה אהיים!...

— פאפא — האט איהם ליובא אפגעהאלטען, קוקענדיג אויף איהם אי מיט נעבעט, אי צומישט: — איך בעט דיך, בלייב נאך א ווילע... עס איז ניט שעהן!...

— דוא בלייב, איך געה... איך קען ניט... יענער האט מיר דיא גאנצע נשמה צורודערט... איך האב זיך דערמאהנט, וואס זיי האבען פון מיר געמאכט! — האט ער גערעדט מיט וועהטאג — גוט נאכט, מיינע דאמען און הערען! — האט ער זיך געווענדעט צו אלעמען — ענטשולדיגט, איך מוז געהען!...

עפשטיין און מאשא זיינען צוגעלאפען צו איהם.

— וואס איז דער מעהר, מיסטער עטינבערג?...

— וואלאדיא, איך וועל דיר אנאנדערסמאל זאגען. גוט נאכט. ליובא, דוא בלייב דא. אויב דוא ווילסט!...

און ער איז ארויסגעלאפען אין צווייטען צימער, וואו זיינע קליידער זיינען געהאנגען.

עפשטיין, מאשא און דאן ליובא זיינען ארויס נאך איהם.

אנדערע פון דיא געסט האבען זיך אויך גענומען זעגנען, עס זיינען אוועק ליזא און ראסקין, דאן דאקטאר האבשטיין און שפעטער א ווילע פאמפע מיט ספון'ען...

אידעלסאן האט זיך אויך גענומען זעגנען.

אין צימער איז אריין מאשא מיט א שמייכעל. נאך איהר ליובא מיט עפשטיין'ען.

— מיר איז זעהר אונאנגענעהם — האט גערעדט ליובא — ער וועט דארט קעהרען דיא וועלט, ליארעמען, וועט מיר קיינמאל ניט מוחל זיין, וואס איך האב זיך דא אפגעשטעלט...

— אבער ער האט דאך אייך אליין געהייסען בלייבען — האט עפשטיין זיך אפגערופען.

— איהר קענט דאך מיין פאפא'ן, אניט וואלט ער דאך ניט געווען עטינבערג!....

ר' זלמן האט זיך אויך געזעגענט מיט זיין טאכטער און איידעם און איז אוועק.

ארום עלף האבען זיך פון די געסט, אויסער ליובא'ן, אפגעשטעלט נים מעהר וויא רייכמאן און בלאק.

באלד זיינען זיי אויך אוועק.

— מיר וועלען אויף א ווילע אריין אין א קאפע־הויז — האט רייכמאן ביים צושיידען זיך געזאגט — קומט אויך, עפשטיין.

— פיליכט שפעטער — האט עפשטיין געענטפערט — איך וועל אפריהער אפפיהרען מיסס עטינבערג אהיים.

ליובא איז ארוים אנטאן זיך. עפשטיין מיט זיין פרוי זיינען געבליבען

אליין אין צימער. זיא האט זיך געשטעלט אפראמען פון'ם טיש.

— זאל איך מיט דיר אויך געהן זיא בעגלייטען? — האט פלוצים מאשא זיך אפגערופען.

— אט עס הייבט זיך שוין אן דיא ליעבע אייפערזוכט—האט ער א טראכט געטהאן. און געענטפערט נערוועז:

— געה, געה ניט, וויא דו ווילסט!...

— וואס איז עס עפעס פאר א טאן?

— האט זיא ארויסגערעדט מיט פערשטיקטער אויפרעגונג.

— אוי, דו ביזט משוגע! — האט ער געענטפערט.

ליובא איז אריין אן אנגעטאנענע.

— נו, איך בין פארטיג! — האט זיא געזאגט.

מאשא האט זיך מיט גוואלד בעהערשט און פריינדליך געשמייכעלט צו איהר.

ליובא האט איהר דערלאנגט דיא האנד. — גוט נאכט!...

— גוט נאכט, מיסס עטינבערג, א דאנק, וואס איהר זייט געקומען!

און ווען עפשטיין איז ארויס מיט ליבא'ן פון צימער, האט מאשא איהם נאכגעשריען, פערשטיקענדיג אין זיך די אויפרעגונג:

— דו וועסט באלד קומען אהיים, אדער דו וועסט נאך פערגעהן היינט אין קאפע־הויז?...

— איך ווייס ניט, וויא מיר וועט זיך וועלען! — האט זיא געהערט פון קארידאר איהר מאן'ס קול, וועלכער האט געקלונגען נערוועז.

14

מאשא איז נאך מעהר אויפגערעגט געווארען פון איהר מאן'ס ענטפער.

— וואס איז עס פאר א טאן און וואס איז עס פאר אן ענטפער? . . .

זיא האט דערהערט, וויא דיא גאס־טהיר האט א קלאפ געטהאן הינטער זיי, און זיא האט א דריק געטהאן מיט דיא אקסלען.

„וויא מיר וועט זיך וועלען" —וואס איז עס פאר אן ענטפער? — האט זיא זיך גענומען עסען. און וויא וואגט ער זיא צו לאזען היינט אליין אין הויז?... ער וויל בעגלייטען ליובא'ן אהיים, ווארום האט ער זיא אויך ניט גערופען זיך דורכגעהען? . . .

יעדען יאהר פלעגט ער היינטיגען אבענד בלייבען מיט איהר אין דער־היים און, ווען דיזע געסט פלעגען זיך צוגעהן, פלעגט ער זיא האלזען און קושען . . . און היינט — אזא ענטפער און נאך אין דער אנוועזענהייט פון ליובא'ן! . . . האט ער מיט דעם ניט געוואלט געבען אנצוהערעניש ליובא'ן, אז ער ליעבט שוין ניט מעהר זיין פרוי? . . .

— יא, יא, עס שיינט אזוי, אניט וואלט ער, בעת זיא האט איהם געפרעגט, צו זיא זאל אויך געהען, אזוי ניט . . .

זיא איז בלייך געווארען און האט מיט צום־אגענע אויגען גענומען קוקען ארום זיך און גענומען געהען איבער'ן צימער הין און צוריק.

דיא אייפערזוכט האט זיא שטארקער גענומען פלאגען . . .

וויא? איז עס טאקי אמת? הייסט עס, זיא האט געהאט א רעכט צו זיין אונצופריעדען מיט איהר מאן'ס אינטימער פריינדשאפט צו יענער מיידעל?!

— נארעשקייטען, נארעשקייטען, נארעשקייטען — האט זיא גערעדט צו זיך אליין און געפרובט שמייכלען. אבער דער שמייכעל איז געווען א רחמנות'דיגער, א געמוטשעטער . . .

זיא האט גענומען צונויפשטעלען די טעלער אויפ'ן טיש און געווארפען אין מיטען דער ארבייט. זיא וועט צייט האבען שפעטער, מארגען עס צו טהאן — האט זיא א טראכט געטהאן און, צו־

נעהענדיג צו א פענסטער, האט זיא א ביסעל אויפגעצויגען דעם פאָרהאַנג און גענומען קוקען אין דרויסען.

„דיא ליעבע דארף זיין פריי, וויא א פייגעל" — איז איהר פלוצים דורכ־געפלויגען אין מוח.

דיזע פראזע האט זיא ניט איין מאל בעגעגנט אין איהרע דעבאטען ווענען „פרייע ליעבע" אין דיא פריהערדיגע יאהרען. איצט האט דיזע פראזע זיא געשראקען . . . זיא האט א פיהר גע־טהאן מיט א האנד איבער'ן שטערן, אזוי וויא זיא וואלט וועלען פערטרייבען דיע־זען געדאנק פון'ם קאפ. זיא האט זיך געסטארעוועט ניט צו טראכטען מעהר און זיך צוגערוקט נעהענטער צום פענ־סטער.

דיא שויבען ביי דיא זייטען זיינען געווען עטוואס פערפראָרען. דיא עלעק־טרישע לאנטערנע, וואס איז געשטא־נען גראדע נעגען פענסטער, האט גע־ווארפען א בלויליך־העלען שיין ארום זיך אויף'ן שנעע אונטער איהר פענ־סטער, וועלכער האט געפינקעלט און געבלישצעט. וויא בעשאטען מיט ברי־ליאנטען; א קאר מיט פייערלאך איז פערבייגעפאהרען מיט א קלינגעריי; דיא סארע פערד זיינען געווען פייכט און נעגלאנצט אונטער דער בלויליך־העלער שיין פון דער עלעקטרישער לאנטערנע; דער פוהרמאן איז א קאפישאן, א צו־נויפגעקארטשעטער פון קעלט, איז גע־שטאנען פון פארענט אויף'ן קאר און גע־האלטען דיא לייצעס אין זיינע גרויסע, רימענע האנד־שוה; אויף דער הינ־טערשטער פלאטפארמע פון קאר האט ארומגעטאנצט דער קאנדוקטאר, ריי־בענדיג זיך דיא הענד.

מאשא'ן האט א צופ געטהאן ביי דער נשמה, אקוראט וויא אין דיזער קאר וואלט זיך געפונען עטוואס, וואס איז איהר געווען זעהר טהייער . . . אין איהר מוח האט אפגעלעבט אזא נאכט — ווען האט זיא זיך ריכטיג ניט גע־קענט דערמאהנען. — זיא איז דאן גע־זעסען מיט עפשטיין'ען, וועלכער איז נאך דערמאלט געווען א שטודענט, אין א קאר. און דיא הענד איז איהר האן געווען קאלט. אבער אויף דער נשמה — אזוי גוט, לייכט און ווארעם . . .

דיזע עראינערונג איז אונערוואר־טעט איבערגעריסען געווארען: זיא האט דורך'ן פענסטער דערזעהען דאָק־טאר רייכמאן'ען, וועלכער איז פערביי־געגאנגען.

זיא האט זיך א כאפ געטהאן, גע־עפענט פון אונטען דאס פענסטער און איהם א רוף געטהאן:

— דאקטאר! דאקטאר!

ער האט זיך אומגעקוקט, דערזעהען זיא ביים פענסטער און איז צוגעגאנגען.

— איהר זייט גאר ניט אין קאפע־הויז? — האט זיא געפרעגט.

— איך האב אבגעפיהרט בלאָק'ען אהיים. ער האט ביי אייך געקראגען א קאפ־וועהטאג — האט ער געזאגט, קו־קענדיג אויף איהר מיט זיינע גוטע אוי־גען.

— איך האב אויך א קאפ־וועהטאג — האט זיא זיך אפגערופען, שמייכלענ־דיג געצוואונגען.

— וואס איז דער מעהר? . . .

— אט . . . עס טהוט וועה! — האט זיא א לאך געטהאן און זיך — אבער — האט זיא זיך א כאפ געטהאן — זאל עס! דאס גאנצע לעבען איז אייז וועהטאג!

דאקטאר רייכמאן האט זיא אנגע־קוקט פערוואונדערט — וואס?

— ניט גוט צו לעבען, דאקטאר. ניט גוט. אלעס איז רויך און ווינד. אי דיא ליעבע, אי דאס גאנצע לעבען. ניט גוט, ניט גוט!

— כא! כא! כא! — האט זיך

רייכמאן גוטמוטהיג צולאכט — וואס פלוידערט איהר ?

— מיין גאט — האט זיא א טראכט געטהאן — איך פלוידער דאך טאקי ... ער קען זיך נאך אנשטויסען ... און, בער־הערשט זיך. האט זיא א שמייכעל גע־טהאן און געזאגט :

— איך שפאס, דאקטאר, איך שפאס . . . איך מיין, איך . . . איך בין היינט אזוי גליקליך . , . דער קאפ טהוט נור אביכעלע וועה . . .

— וואס זיצט איהר אין הויז ? געהט זיך דורך א ביסעל. אין דרויסען איז אזוי שעהן. קומט, איך וועל אייך בעגלייטען. אייער אלטען האב איך איצט אויך בעגעגענט מיט מיסס עטינ־בערג. זיי זיינען געגאנגען אין דזשעק־סאן.

— אין דזשעקסאן סטריט פארק ?

— האט זיא זיך א כאפ געטהאן. זיא האט ניט געקענט דערשטיקען אין זיך דיא אויפרעגונג.

— ער האט זיא אזוי עס בעגלייט אהיים ! — האט מאשא א טראכט גע־טהאן אויפגערעגט.

— נו, געהט איהר ? — האט רייכ־מאן געפרעגט.

זיא האט א קליין ווײלע זיך מיישב געוועזן.

— ניין, איך האב היינט פיעל צו־טהאן — האט זיא געענטפערט, טראכ־טענדיג דערביי : — דזשעקסאן סטריט פארק, א גוטער פלאץ . . . איצט דארט קיינער נישא . . . דזשעקסאן סטריט פארק, אזוי ! . . .

— טא האט מיר א גוטע נאכט — האט דאקטאר רייכמאן געזאגט, און איז אוועק.

— גוט נאכט — האט זיא געענט־פערט צוטראגנע, און פערמאכט דאס פענסטער.

געבליעבען וויעדער אליין, האט זיא א גענומען געהען איבער'ן צימער הין און צוריק.

— ניין, דאס קען ניט זיין ! עס דאכט זיך איהר ! . . . וואס איז יענע ? און פארוואס ? איז זיא דען ניט אזוי געבילדעט. אזוי שעהן, וויא יענע ? נארישקייטען, נארישקייטען . . . ער האט מסתמא געוואלט זיך דורכגעהען, איז ער אהין געגאנגען . . .

זיא האט גענומען ארויסרופען אין איהר זכרון בילדער וועגען עפשטיין'ס פערהאלטען זיך צו יענער . . . געוויס איז ער געוועזן צו פריינדליך, צו איני־טים מיט יענער, האט תמיד געהאט א גוטע מיינונג פון יענער, אבער דאס בעווייזט נאך ניט, אז . . . נארעש־קייטען ! — האט זיא זיך א כאפ גע־טהאן — היינט אין דער־פריה נאך האט ער זיא געקושט, אפילו ניט אזוי וויא א מאל אין דיעזער צייט . . . זיא האט עס געפיהלט . . . אבער וויא אזוי קען זיא אנדערש ערווארטען : ביי זיי איז דאך ניט דער האניג־מאנאט אצינד !... דיא ליעבע מוז אפגעקיהלט ווערען מיט דער צייט . . . אפגעקיהלט ווערען ? אה, ניין, ניין, זיי זיינען נאך ניט אזוי לאנג פערהייראטעט ! זיא ליעבט איהם, זיא ליעבט איהם ניט וועניגער ווי פריהער ! . . .

פלוצים איז איהר איינגעפאלען אין קאפ : זיא וועט זיך אויך דורכגעהען אין דזשעקסאן סטריט פארק אזוי, זיי זאלען זיא ניט בעמערקען . . . אזוי נור א קוק טהאן, בלויז א קוק טהאן אויף זיי פון הינטען און . . . דאן געהן אהיים . . .

און, מערקווירדיג, ביי דעם דאזיגען געדאנק האט דאס הארץ אין איהר ברוסט גענומען אזוי קלאפען, קלאפען, וויא זיא וואלט זיך פערגנב'עט געקליע־בען צו איהר'ן א היים־געליעבטען. . .

זיא האט זיך שנעל אנגעטאן, אריינ־

נעדרעהט דיא גאז, פערשלאסען דיא טהיר און איז ארויס אין דרויסען...

* * *

ווען ליובא איז ארויס מיט עפּשטיינ'ען אין דרויסען, האט זיא זיך נאך געפיהלט אונטער דעם שווערען איינדרוק פון דער גאנצער סצענע, וואס זיא האט פריהער בייגעוואהנט ביי עפּשטיינ'ען אין הויז, איבערהויפּט פון איהר פאטער'ס האלטען זיך.

זיא איז געגאנגען שטיל נעבען עפּשטיינ'ען פון איסט בראדוויי צו גאר־פאלק סטריט צו, וואו זיא האט געוואהנט.

פּלוצים האט עפּשטיין אונטערבראָ־כען דאס שווייגען.

—וואס האט איהר זיך פערטראכט, מיסס עטינבערג ?

זיא האט ניט געענטפערט.

ער האט זי אַנגענומען פאר א האנד און פריינדליך אריינגעקוקט איהר אין פּנים.

—ווארום שווייגט איהר ? איהר זייט עפּעס אונמוטהיג... וואס איז דער מעהר ?..

—מיר איז ניט צום טאנצען —האט זיא געענטפערט און שטיל און ביטער א לאך געטהאן.

—ניט צום טאנצען ? — האט ער איבערגערעדט איהרע ווערטער מיט א פערטראכטען טאן.

— קומט זיך גאר דורך מיט מיר אין דושעקסאן סטריט פּארק.

דערביי האט ער זי אַנגענומען פאר'ן ארעם און אַפּגעשטעלט.

איניגע מינוט זיינען זיי דאן גע־גאנגען און געשוויגען.

—מיס עטינבערג — האט ער זיך פּלוצים ווידער אפּגערופען, און דיעזעס מאל מיט לייכטער אויפרעגונג אין קול:

ליובא האט א לאך געטהאן.

—צו זעהן די גרינע גראז, די יונגע ביימעלעך, הא, דאקטאר ? — האט זי שטיל געפרעגט.

—ניין, מיסס ליובא, דער דאקטאר דענקט עס גאר ניט; ער וויל זיך אזוי נור דארט דורכגעהען...

—וואס וועלען מיר דארט זעהען ?.. און ווייטער... איך אייל זיך אהיים..... דער פאפּא וועט שוין זיין גוט בייז.....

—דער פאפּא וועט אזוי אויך זיין בעז — האט געענטפערט עפּשטיין — און דארט וועלען מיר זעהען שנעע, וויי־סען שנעע און ווייט איבער'ן וואסער — שווימענדיגע פייערלאך, אי בלויאינקע, אי רויטינקע, אי גרינינקע... איהר האט עס דאך אזוי ליעב צו זעהען... איך ווייס דאך.. נו, קומט !... ניט געלאזט זיך בעטען !...

און האלטענדיג זי פאר'ן ארעם, האט ער זי פּארזיכטיג אומגעקעהרט און זיא איז מיט איהם אוועק ווי ניט ווע־לענדיג...

—ווירקליך, איך ווייס ניט...

זיא האט ווידער א לאך געטהאן.

—וואס לאכט איהר, מיסס עטינ־בערג ? — האט ער געפרעגט, נעהמענ־דיג אין גאנג איהר האנד.

—נארנישט... נארעשקייטען... אזוי זיך...

—וואס זיינען עס פאר א נאריש־קייטען ?... לאָמיך אויך וויסען —האט ער געזאגט מיט א כלומרשט בעטענדי־גען קול.

—גאר־נישט... איך האב זיך דער־מאהנט קיעוו, ווי דארט איז א ווינטער נאכט... דער שנעע בלאסקעט, די שליט־לאך פליהען, דער הימעל אויסגעשטע־רענט... מען פאהרט אין דיא טהעא־טערס... מען שפּאציערט איבער דיא בולווארען אין מאָטעם, אין קאראטשלענע

היטעלאך... עך, דארט איז א לעבען, מיין פאפא איז געקומען!..

זיא האט א זיפץ געטהאן.

—נו, נא דיר גאר, פערבענקט זיך נאך קיעוו! דא טראגט איהר דאך אויך א קארקולינע היטעלע? — האט ער געזאגט מיט א מארנעם ציטערען אין קול; איינלאזענדיג איהר האנד.

זיא האט ווידער שטיל א לאך געטאהן.

—יא, א קאראקולענע היטעלע איז שוין דא, אבער...

—וואס אבער? די שליטלאך זיינען דא ניטא?—

—אך, נים דאס, ניט דאס...

—וואס דען: דער אויסגעשטערענטער הימעל?... זעהט, ווי שעהן דער הימעל איז דא... די לבנה שווימט...

—אך, ניט דאס, ניט דאס! — האט זי מיט אונגעדולד אויסגעשריען.

—וואס דען? איהר האט דאך ערשט אליין געזאגט...

—אך — האט זי זיך אפגערופען מיט אויפרעגונג אין קול — איהר פערשטעהט מיך ניט. ניט דאס האב איך געוואלט זאגען... נו, איך קען עס אייך ניט ארויסגעבען, איך פיהל נור...

—וואס אזוינס פיהלט איהר? — האט ער געפרעגט, אננעהמענדיג זי ווידער פאר'ן האנד און ארייגעקוקט איהר אין פנים.

זי האט א ווילע געשוויגען. דאן האט זיא געענטפערט שטיל:

—איך וויים ניט.. דאס הארץ וויינט, וויינט און עס איז אזוי אונמוטהיג... אך, איך קען עס אייך ניט ארויסגעבען, בעסער פרעגט מיך ניט איצט...

זי האט אפגעקעהרט דעם קאפ.

זיי זיינען ווידערביידע אנשוויגען געווארען און ווידער געגאנגען פערטראכט.

אין דרויסען איז געווען א שטילער פראסט; דער שנעע אויף די טראטוארס האט געבלישצעט; די עלעקטרישע לאנטערנעס האבען געווארפען ארום זיך א בלוי־העלע שיין, בעלייכטענדיג פון ביידע זייטען פין איסט בראדוויי דיא הייזער מיט דיא בלאסקענדיגע שילדען פון דאקטוירים, אדוואקאטען און דענטיסטען; א פולע זילבערנע לבנה האט פער'חלומ'ט ארונטערגעקוקט אויף דיא היכע רויטע שוהל־געביידע, וואס שטעהט אויפ'ן ראג פון איסט בראדוויי ציימענוויי פלעגט דורכפאהרען מיט א קלינגעריי א פערד־קאר.

זיי זיינען פערבייגעגאנגען אן אפטהעק. אין אפטהעק איז געווען זעהר ליכטיג. פון דיא גרויסע רויטע, געשליפענע פלעשער, וואס זיינען געשטאנען אין דיא פענסטער, איז געפאלען אונטען אויפ'ן ווייסען שנעע א רויטע, בלוטיגע שיין...

זיי זיינען אריין אין רזשעקסאן סט. פון איין זייט איז דארט געשטאנען אן איטאליענער נעבען א פרוכט־ביידעל, האט געווארעמט די הענד אויף א פייערטעפעל, וואס איז געשטאנען אויף א קאסטען, און אונטערגעטאנצט מיט די פיס: פון צווייטען זייט נעבען א ביער סאלון זיינען געשטאנען עטליכע אירלענדער מיט דיא רוקענס האריץ צום וואנד, מיט רויטע, רייך־געגאלטע פנים־ער, ווער צונויפגעקארטשעט, מיט דיא הענד אין דיא הויזען־קעשענעס, ווער קראצענדיג זיך מיט א פלייצע אן וואנד און ווער מעסטענדיג דעם פויסט אויף שפאס אן דעם צווייטענס רויטע נאז...

דאן האט עפשטיין ווידער אמאל אונטערבראכען דאס שווייגען.

—האט איהר אמאל געלעזען „רודין“ פון טורגענעוו, מיסס עטינבערג?

—יא. ווארום? — האט זי שטיל געפרעגט.

—אזוי. מיר איז אריינגעפאלען אין קאפ, וואס ער זאגט דארט וועגען ליעבע צו דער העלדין נאטאליע.... גאלדענע ווערטער... ווי עס ווייזט אויס, איז ער נאר ניט געווען קיין נאר און האט זעהר גוט פערשטאנען די מענשליכע נאטור...

עפשטיין איז אנשוויגען געווארען און א ווײלע נאכגעדאכט, דאן האט ער גערעדט ווייטער. ציהענדיג די ווערטער פערטראכט:

—יא, גאלדענע ווערטער!... די ליעבע, אין איהר ליעגט די גאנצע געהיימניס: ווי אזוי זי קומט, ווי אזוי זי ווירקעלט זיך פונאנדער און וויא אזוי זי פערשווינדעט... דא קומט זי פלוצים א פרעהליכע און זיכערע, ווי דער טאג, און דארט טלייעט זי לאנג, ווי א פייער אונטער אש, און ברענט אוים אין דער נשמה מיט א פלאם־פייער ערשט דאן, ווען אלעס איז שוין צושטערט און צובראכען; דא ווידער גנב'עט זי זיך אין הארצען אריין ווי א שלאנג און אזוי שטיל פערשווינדעט זי פון דארט... איך וועל אבער ענדיגען אנדערש, ווי רודין. ער ענדיגט דארט מיט דער פראגע: „ווער ליעבט אין אונזער צייט, ווער וואגט צו ליעבען?“ און איך פרעג: ווער ליעבט עס ניט אין אונזער צייט?

ליובא האט איהם אנגעקוקט ניט דרייסט און פערוואונדערט.

— איך פערשטעה אייך ניט — האט זיא ארויסגעשעפצעט.

— איך מיין צו זאגען — האט ער מיט היטץ ארויסגעשריען — איהר זאלט ליעבען, וועט אייך ניט זיין אונמוטהיג, וועט זיך אייך ניט וויינען!...

ליובא האט זיך א צאפעל געטהאן.

און ער, אזוי וויא דערשראקען פון זיינע אייגענע ווערטער, האט אפגעהאקט אין מיטען די רייד, דאן האט ער פארטגעזעצט אין א מעהר געלאסענעם טאן:

— ליעבען... איך מיין דיא ליעבע צו דער גאנצער וועלט, צו אלע געדריקטע און געשטיקטע... אה, דא, אין אמעריקא, קען אייער ליעבע זעהר פיעל גוטצען ברענגען אי זיך, אי דיא אנדערע. איהר האט דאך געזעהען אויף דיא פערזאמלונגען, וויעפיעל מענשען, איינפאכע ארבייטער, קומען הערען א קלוגעס ווארט... אט דיעזע מענשען נויטיגען זיך אין אייער ליעבע; זיי קענט איהר לערנען און דורך דעם בעפריעדיגען זיך אליין!...

און אין דערזעלבער צייט, ווען ער האט אזוי גערעדט, האט ער געטראכט:

— ניט דאס, ניט דאס... איך רייד נארישקייטען!...

און דאך האט ער גערעדט ווייטער אין דעם זעלבען זינן... גערעדט און האט זיך אין א ווײלע ארום אליין היני־ געריסען מיט זיינע ווערטער און גערעדט היציג, הויך און מיט א הילכעגדיגען קול.

זיי האבען ניט בעמערקט, ווי דאקטאר רייכמאן איז נעבען זיי פערבייגעגאנגען, גריסענדיג צו זיי מיט'ן קאפ.

ליובא האט זיך צוגעהערט צו איהם מיט איהר גאנצער נשמה; זיין הילכענדיגע שטימע האט אין איהר געוועקט מאדנע געפיהלען, וועלכע זיינען געווען אי לייכט, אי טרויעריג און וועלכע האבען זיך געריסען, געציטערט און געצויגען...

זיי זיינען אריין אין פארק.

— אבער וויא אזוי קען איך וועמען לערנען, ווען איך אליין ווייס אזוי ווע־ניג? — האט זיא שטיל געפרעגט.

— ניט אמת! — האט ער געזאגט מיט אן ענערגישען טאן — איהר זייט גענוג אינטעליגענט. גיט זיי איבער דאס, וואס איהר ווייסט!...

און ער האט גערעדט ווייטער, און זיינע ווערטער האבען זיך געגאסען און געקלונגען אין דער העלער, שטילער.

פראסטינער נאכט, וויא א הילכענדיגער געמורמעל פון א שטארק לויפענדיגען וואסער... האט גערעדט און צוגעהערט זיך אליין הינגעריסען און מיט פערגעניגען צו זיינע שעהנע פראזען און צו דיא געדאנקען, וואס ער האט ארויסגעזאגט... ער האט גערעדט וועגען דעם, אז עס איז שעדליך צו שטעלען זיך דיא פראגע, וואס און וויעפיעל מען קען אליין...

— ווען יעדער פון אונז זאל געוויסענהאפט אונטערזוכען זיין אייגענע קענטשאפט, זיין אייגענעם וויסען — האט זיין קול געקלונגען — וואלט ער דערזעהען, אז ער וויסט זעהר ווייניג... און אנדערש קען ניט זיין! דיא וויסענשאפט איז אזוי טיעף און ברייט און גרויס, וויא דיא וועלט... פיעל ווינקלען אין דער וועלט זיינען נאך אומבעקאנט דעם מענשען. פיעל ווינקלען אין דער וויסענשאפט זיינען נאך פינסטער פאר'ן מענשען... נו, ווען דער מענש זאל דערפאר דערווייל גאר ניט טהאן און ווארטען ביז וואנען אלעס, אלעס וועט זיך אנטפלעקען פאר זיין גייסט, וואלט אונזער לעבען געווען אזוי טרויעריג, אזוי איינפארביג, וויא דאס לעבען ביי דיא חיות, וועלכעס איז בעשרענקט נור דורך אינסטינקטען... דאס גליק פון דער מענשהייט איז אבער, וואס דעם מענשען איז געגעבען געווארען דיא מעגליכקייט און א שטארקער שטרעבען מיטצוטהיילען זיינע איינדריקע און געפיהלען צום צווייטען און נור דיעזען אומשטאנד, מיסס עטינבערג, האבען מיר צו פערדאנקען, וואס מיר האבען א דארווין און נאך אזוינע וויכטיגע ארבייטער צום נוצען פון דער וויסענשאפט און דער מענשהייט. דארווין איז ווייט־ווייט ניט געווען אלוויסענד און ווען דאס וואלט איהם אפגעהאלטען פון זיינע נאטור־פארשונגען, וויפיל וואלט די וויסענשאפט הערביי פערלארען!... דעמזעלבען אומשטאנד, וואס אין דעם מענשען ליעגט א שטארקע שטרעבונג מיטצוטהיילען זיינע איינדריקע צום צווייטען מענשען, האבען מיר צו פערדאנקען, וואס מיר האבען אזא ליטעראטור, אזא רייכע קונסט!... א געוויסע צאהל טראפענס וואסער בילדען א שטראם, א געוויסע צאהל טיעפע טייכען בילדען א ים... ליובא, ווען איהר קענט ניט זיין קיין ים, קיין טיעפער טייך, קיין שטראם אבער א טראפען, אן איינציגער טראפען, וואס זאל בילדען דעם שטראם, קענט איהר זיכער זיין!... ליובא, זייט איינע פון דיא געבענשטע טראפענס, העלפט בילדען דיא שטראמען און געדענקט, אז דיעזע שטראמען וועלען בילדען דיא טיעפע טייכען פאר דעם צוקינפטיגען ים פון מענשליכען גליק!...

ער איז אנשוויעגען געווארען און מיט התפעלות א טראכט געטהאן: — וויא גוט איך רייד היינט!...

און פלוצים האט ער א כאפ געטהאן ליובא'ן פאר א האנד, האט איהר פעסט א דריק געטהאן און געזאגט:

— וואס פאר וואוילינקע איהר זייט ליובא, און וואס פאר א גוטינקע!...

און איהר איז אזוי אנגענעהם געווען צו הערען, וויא ער רופט זיא „ליובא“ און זיא האט איהם געענטפערט מיט א פעסטען, פעסטען דריק און געטראכט מיט א צאפעלדיגען הארצען:

— וואס פאר א ליעבער, גוטער מענש דאס איז! וויא קלוג און געבילדעט, וויא שעהן ער רעדט און וואס פאר א הייסער אידעאליסט!... וויא דארף עס א פרוי איהם ליעבען!...

און מיט איינמאל איז, וויא א בליץ דורכגעפלויגען איהר אין קאפ דיא פראגע: צו זיא אליין ליעבט איהם ניט?...

א הייסע כוואליע האט איהר א זעץ געטהאן אין מוח און אין פנים, זיא האט דערפיהלט, וויא זיא ווערט הערשטיקט

אין דער דאזיגער העלער, פראסטיגער נאכט; זיא האט שיער ניט א געשריי געטהאן און גענומען ציטערען.

— אייך איז קאלט, ליובא ? . . .

זיא האט ניט געענטפערט. ער האט זיך אויך פערטראכט. דערמאהנט זיך פלוצים אן מעקנעק'ן און גענומען שטיל און נערוועז פייפען . . .

דער שנעע אונטער זייערע פיס האט געסקריפעט, דיא לבנה, א זילבערנע, א רונדע, איז געשטאנען אין מיטען הימעל און געגאסען איהר מאטען ליכט אויף דעם ווייסען, בלאסקענדיגען שנעע, אויף דיא נאקעטע טרויערינגע ביימעלאך מיט אייזיגע בלישצענדיגע קופקעלאך אויף די אויסגעשטארצטע פערפראהרענע צווייגען; דיא עלעקטרישע לאטערנעס האבען געברענט, און זייער בלויליך־העלע שיין האט זיך צונויפגעגאסען מיט דעם ווייטען בלויען רוים פון ארום, וועלכער האט זיך געדאכט וויא פערגליווערט . . .

דארט, אונטען, האט דער „איסט־ריווער" פארגעשטעלט א מערקווירדיגשעהנעם בילד: ווייט, ווייט ארום, אין אלע ריכטונגען, האבען איבער'ן וואסער ארומגעשוואומען שיפען, וויא גרויסע הייזער, און זייערע פייערלאך האבען ארומגעטאנצט, וויא שטערנדלאך פון פערשיעדענע פארבען און קאלירען, דארט גאנצע ראנדען און דא איינציגע, דארט הויך איבער'ן וואסער און דא ניעדריג וויא זיי וואלטען זיך אין דיא דונקעל־בלויע כוואליעס געטובל'ט... אט שווימען הויך איבער'ן וואסער איינע איבער דיא אנדערע צוויי ראנדען פייערלאך, אי רויטינקע, אי בלויאינקע, אי גרינינקע, וויא צוויי פערשיעדענע־קאלירטע ברענענדיגע זיילען; און אט נעהענטער בעוועגט זיך מיט א שווערען סאפען א גרויסע שיף און איבער איהר, אין דער בלויקייט פון דער נאכט, שווימט ארום א בלישצענדיגע מנורה אויך מיט פערשיעדענע פייערלאך...

אט האט אין דער שטילער, פראסטיגער נאכט אפגעהילכט א וייטער שטילער פייפען פון א קליינער שיפעל, און באלד האבען איהר אפגעענטפערט פון אלע זייטען דיא גרויסע שיפען מיט א רעווען, א ברומען און א הורזשען...

— טראך — טראך — טראך, פוף

— פוף! — הערט זיך פון ווייטען א שווערער סאפען, פון שיפען...

— זשווזש — זשווזש — זשום — זשום! — רוישט דאס וואסער אונטער דיא רעדער פון דיא שיפען...

און דערווייל איז עפשטיין מיט ליובא'ן ארומגעגאנגען איינמאל דעם פארק, א צווייטען און א דריטען מאל...

ער האט ווידער אנגעפאנגען צו ריידען און דאן האט ער פלוצים בעמערקט, אז ליובא הערט איהם ניט...

ער האט א קוק געטהאן איהר אין פנים, פאר דיא עלעקטרישע שיין פון דיא לאנטערענס האט ער דערזעהען, אז איהר פנים איז זעהר בלייך און צושראקען.

— וואס איז יעם מיט אייך? — האט ער געפרעגט מיט אן אויפגערעגטען קול.

ער האט זיא אנגענומען פארביידע הענד — זיי זיינען געווען קאלט, וויא אייז.

— קומט אהיים! — האט זיא שטיל ארויסגערעדט, קוים אפכאפענדיג דעם אטהעם.

— וואס איז יעם מיט אייך? — האט ער ווידער געפרעגט, פעסט דריקענדיג איהר דיא הענד...

זיא האט גענומען פערשטיקט כליפען...

— ליובא!...

ער האט זיא א ציה געטהאן צו זיך. זיא האט געציטערט אין זיינע הענד

און, רייסענדיג זיך פון איהם, האט זיא געשעפצעט שטיל, שטיל, וויא א פערשטיקטער קרעכצען:

— לאזט מיך, לאזט מיך, לאזט מיך אהיים!...

— איין מינוט, ליובא! — האט ער געמורמעלט אויפגערעגט, ניט הערענדיג אליין זיין קול.

— ניין, לאזט מיך איצט. לאזט מיך...

— ליובא, הערט, הערט! — האט ער גערעדט מיט א פערשטיקטען אטהעם ניט פיהלענדיג, וויא פעסט ער דריקט איהרע הענד.

— לאזט מיך, א — ך!...

און דא האט זיא גענומען וויינען, וויינען, און פון איהרע אויגען האבען זיך געגאסען טרעהרען, וויא דאס וואסער פון א לאנג איינגעהאלטענעם שטראם, וועלכער האט זיך מיט געוואלד דורכגעבראכען א וועג...

— ליובא! ליובא! איך וויל ניט, איהר זאלט וויינען... גליקליך מוזט איהר זיין!... ליובא, דוא... וועסט זיין גליקלאך! — האט ער ליידענשאפטליך אויסגעשריען און א כאפ טהאענדיג זיא צו זיך, האט ער זי געקושט אויפ'ן פנים, אויף דיא אויגען און אויף דיא ליפען...

ביי איהר האט זיך געדרעהט דער קאפ און עס האט זיך איהר אלעם געדאכט א חלום...

זיי האבען ניט בעמערקט הינטער זיך אין א זייטיגער אלעע דיא בלייבע מאשא'ן, וועלכע איז געשטאנען, וויא צוגעשמיעדט צום ארט, מיט גרויסע, צושראקענע אויגען און מיט אויסגעשטרעקטע הענד צו זיי, אקוראט וויא זי וואלט וועלען אפרייסען זיי איינעם פונ'ם אנדערען... זיי האבען אויך ניט בעמערקט, וויא שנעל מאשא האט גענומען לויפען צוריק פונ'ם פארק...

זייערע נשמות האבען זיך געריסען איינע צו דער אנדערער און האבען זיך איצט געקושט...

פלוצים האט זיך ליובא א ריס געטהאן פון איהם און גענומען לויפען.

— ליובא! — האט ער זיא גערופען מיט א פערשטיקטען קול — ליובא!

— האט אפגעהילכט זיין שטימע וויא צושראקען אין דער העלער שטילער, פראסטיגער נאכט: — ליוב־בא־א!...

און זיא האט זיך ניט אפגעשטעלט, איז געלאפען און איהר נשמה האט געקרעכצט און געיאמערט פערצווייפעלט...

15

עטינבערג האט זיך צוריקגעקעהרט אהיים פון עפשטיין'ען זעהר אז אויפגערעגטער.

ווען ער איז אריין אין שטוב, איז אניוטא דעמאלט געזעסען אין קיך און געלעזען דעם פעליעטאן אין א אידישער ציימונג.

נאך זיין ארט אריינגעהען, נאך זיינע שנעלע און שווערע טריט, נאך דעם שטארקען קלאפ מיט דער טהיר, וואס ער האט געטהאן הינטער זיך, אריינגעהענדיג אין שטוב, נאך זיינע בייזע, אויסגעקאטשעטע אויגען און נאך זיינע צושפרייטע, ציטערענדיגע נאזלעכער, — האט אניוטא גלייך פערשטאנען, אז מיט איהם האט שוין עפעס פאסירט...

— וואס איז געשעהען, בארים? וואו איז ליובא? — האט זיא געפרעגט מיט א פערוואונדערטען קול, ארונטערלאזענדיג דיא ציימונג אויפ'ן שוים.

ער האט עפעס א מורמעל געטהאן אונטער דער נאז און איז מיט שנעלע טריט אריין גלייך אין פראנט־צימער און גענומען שלעפען פון זיך דעם אויבער־ראק.

דער אויבער־ראק איז געווען אן אמעריקאנער און, צום שלים־מזל, האט זיך איצט דוקא געראפט טרעפען, אז דער רעכטער אונטערשטער ארבעל פונ'ם

סורטוק האט זיך צונויפגעקארטשעט אין דעם ארבעל פון איבער־ראק און ניט געוואלט ארויסקריכען פון דארט.

שטינבערג האט אזש פערשצעמעט מיט דיא ציינען. — טייפעל, דו אויך !... — האט ער געטראכט, שלעפענדיג דעם בגד פון זיך מיט רציחה : — אמעריקא, פערברענט זאלסטו ווערען ! . . .

און דא האט ער איהם א שלעפ געטהאן מיט אזא רציחה, אז דער בגד איז ארונטערגעפלויגען פון איהם מיט אויסגעקעהרטע ארבעל און ער, שטינבערג אליין, איז שיעור פון דעם שלעפ ניט געפאלען ! . . .

— זאל דיך דער טייפעל נעהמען !

— האט ער ארויסגעמורמעלט צווישען דיא ציינען און א ווארף געטהאן דעם בגד אויף א שטוהל.

אניוטא איז אין דיעזער צייט געשטאנען אין טהיר און געקוקט אויף איהם מיט פערוואונדערטע אויגען.

ער האט א ווארף געטהאן זיין הוט אויף'ן טיש און גענומען געהען איבער'ן צימער הין און צוריק מיט דעם קאפ ארונטערגעלאזען.

— בארים ! — האט אניוטא איהם גערופען.

ער האט זיך ניט א קעהר געטהאן צו איהר און נור א מאך געטהאן מיט א האנד, אזוי וויא ער וואלט געזאגט :

— לאז מיך צורוה ! . . .

— דוא האסט זיך שוין מיט ווערמען צוקריעגט, צוריסען זיך ? — האט זיא געפרעגט מיט אונגעדולד אין קול.

— דוא ווייסט, ווער איך בין ?

— האט ער פלוצלונג אויסגעשריען מיט גאל אין קול, אפשטעלענדיג זיך נעגען איהר : — איך בין א טאלקוטשקע־הענדלער !

— אהא, זיך שוין צוריסען מיט ווערמען ! — האט זיא א טראכט געטהאן— וועה איז מיר, וואס טהוט מען מיט איהם ! . . . נייז, דוא ביזט ניט קיין טאלקוטשקע הענדלער, נור א סיגארעט מאכער אויסער ארבייט ! — האט זיא געזאגט שארף און אויפגערעגט.

— אבער אין דער־היים, אין קיעוו — האט ער א געשריי געטהאן — אין קיעוו ! . . . דארט בין איך אויך געוועזען א טאלקוטשקע הענדלער ?

— איך האב שוין פערגעסען, וואס דוא ביזט אין דער־היים געוועזען — האט זיא געענטפערט נאך מעהר אויפגערעגט — און איך וויל, דוא זאלסט אויך פערגעסען, אניט וועסטו אונז אלעמען משוגע מאכען ! . . .

— אט, זיא הייבט שוין אן ! — האט ער ארויסגעמורמעלט, און גענומען ווידער געהען איבער'ן צימער הין און צוריק — ניטא אפילו פאר וועמען דאס הארץ אויסצורידען . . . נו, גוט, גוט, איך וועל שוין שווייגען, שווייגען ! ... זאל מען מיך בעליידיגען, זאל מען מיר אפילו אין פנים שפייען, איך וועל שווייגען ! . . . שוין גוט, הא ? וועסטו שוין זיין צופריעדען ? — האט ער א געשריי געטהאן מיט גאל אין קול.

זיא האט ביטער א שמייכעל געטהאן.

— געוויס וואלט איך צופריעדען געווען, אז דו וואלסט געשוויגען. משוגענער דוא, געהסט צו עפשטיין'ען וועגען לייהען געלד, האסטו זיך דאך געדארפט האלטען מיט איהם פריינדליך, היינט פארוואס האסטו זיך מיט איהם צוריסען ?

— ווער האט זיך מיט איהם צוריסען, וואס בינדסטו זיך צו מיר ? — האט ער א געשריי געטהאן.

— דוא זאגסט דאך עפעס . . . דוא ביזט דאך עפעס אין כעס . . . מען האט דיך דארט גערופען, זאגסטו, טאלקוטשקע־הענדלער ? . . .

— ניט וואלאדיא ! — האט ער זיך א כאפ געטהאן — דוא דארפסט אליין פערשטעהען, אז ער וועט מיך אזוי ניט רופען. ער ווייסט, ווער און וואס בארים עטינבערג איז געווען אין דערהיים . . .

— היינט ווער דען האט דיך בעלײדיגט ?

— הערסט דאך — האט ער גענומען דערצעהלען שוין אין א געלאסענערען טאן — איך קום אהיין, זאג איך איהם אהן צערעמאניעס : „וואלאדיא, מוזט מיר ענטשולדיגען. מעהר וויא א האלבע שטונדע קען איך ביי דיר ניט פערברענגען.“ איך האב ביי מיר געטראכט : איך וועל זיצען ביי א צעהן מינוט. דאן וועל איך איהם ארויסרופען און זאגען : „וואלאדיא, לייה מיר א ביסעל געלד, איך וועל דיר בעצאהלען מיט פראצענט“. קורץ, וואלאדיא האט מיך אװעקגעזעצט, יא, דאס מוז איך צוגעבען, אפילו אויבענאן... זיצט דארט איינער אן אמת'ער רוסאק, שיינט צו זיין א מאן ניט אבי ווער... דערצעהלט מען מיר, אז עס איז א רוסישער אפיציער... וואונדער איך זיך אפילו: וויא קומט עפעס אזא מאן ביי וואלאדיא'ן אין הויז... ערשט נאכדעם דערזעה איך טאקי, אז עס איז א פשוטער שיכור'ער הוליגאן !... וואלאדיא שטעלט מיך פאר פאר איהם, בעלײדיגט יענער מיך, רופט מיך אן טאלקוטשקע־הענדלער... אבער — האט ער זיך פלוצים א כאפ געטהאן מיט התפעלות — איך האב אויך ניט געשוויגען !... איך האב יענעם פערגעבען, אוי, האב איך איהם פערגעבען !... ער וועט שוין מיך האבען צו געדענקען !... דוא אזוינער און אזוינער, זאג איך, דא איז אמעריקא, זאג איך, קיין פאגראמען וועסטו דא ניט מאכען, זאג איך. אוי, האב איך איהם פערגעבען !...

און דערצעהלט עס, איז עטינבערג שוין געווארען פרעהליכער און ער האט מיט ווירדע זיך געגלעט דעם בארד.

שפעטער א ווײלע זיינען זיי ביידע געזעסען ביים טיש און געטרונקען טהע.

עטינבערג האט גערעדט וועגען זיינע פלענער, וועגען דער סיגאר־פאבריק, וואס ער וועט עפענען, ווען עפשטיין וועט איהם לייהען דיא עטליכע הונדערט דאלאר. דאן וועט ער אויפטהאן בערג גאנצע... א סיגאר קראם וועט ער עפענען אויף גרענד סטרים. ער מיט'ן שותף וועלען פיהרען דיא פאבריק און ליובא דיא קראם... מארגען אין דערפריה געהט ער זיכער צו עפשטיין'ען וועגען דאס געלד...

אזוי זיינען זיי געזעסען אין קיך און האבען גערעדט, ניט בעמערקענדיג, וויא עס זיינען פערבייגעלאפען א פאאר שטונדען און ליובא איז נאך ניט געווען.

ערשט האלב נאך צוועלף איז ליובא אריין א בלייכע, מיט פערוויינטע אויגען.

ניט עטינבערג און ניט אניוטא האבען עס בעמערקט.

— ווארום אזוי שפעט, ליובא ? — האט עטינבערג געפרעגט.

ליובא האט ניט געענטפערט. זיא האט זיך געפיהלט וויא אין א חלום. איהר פאטער'ס קול האט אפגעהילכט אין איהרע אויערן וויא פון וויטען, ווי פון הינטער א דיקער וואנד. זיא איז אריין אין פראנט־צימער און גענומען זיך מעבאניש אויסטאן.

עטינבערג און אניוטא זיינען אריין נאך איהר אין פראנט־צימער.

— וואס איז עס ? — האט אניוטא זיך א כאפ געטהאן, בעמערקט וויא ליו־

בא איז בלייך, און איז צוגעלאפען צו איהר: — ליובא, וואס איז עס?

זיא האט אנגעכאפט ליובא'ן פאר אן ארעם.

פלוצים האט ליובא גענומען שרייען מיט אומה'דיגע קולות, זיך אנגעכאפט קראמפפהאפט מיט ביידע הענד אן אניוטא'ס ארעמס, געדריקט זיך צו איהר מיט'ן קאפ און געשריען...

— אוי, ליובינקא! בארים! — האט אניוטא אויסגעשריען.

עטינבערג האט זיך א ווארף געטאן צו ליובא'ן און, א כאפ טהאענדיג זיא אויף דיא הענד, וויא א קינד, האט ער געציטערט מיט'ן גאנצען קערפער, געוואלט עפעס ריידען, פרעגען און ניט געקענט פון שרעק.

— וואס־מער! — האט ליובא פלוצים אונטערבראכען איהר געשריי און, פערשצעמענדיג דיא צייהן, האט זיא זיך א ריס געטהאן פון איהר פאטער'ס ארעמס, א ווארף געטהאן זיך אויף דער זאפע און איינגעגראבען דעם פנים מיט דעם מויל אין דער פלושענער ווענטעל פון זאפע.

אניוטא איז ארויסגעלאפען נאך וואסער.

— ליובא, טאכטערל מיינע, וואס איז דיר? — האט אויפ'ן סוף ארויסגערעדט עטינבערג.

און דא האט זיא אונערווארטעט גענומען וויינען און לאכען, און פרעסען דעם פנים אלץ טיעפער און טיעפער אין דער זאפע און ציטערען מיט דיא פלייצעס און מיט'ן גאנצען קערפער.

אניוטא איז אריינגעלאפען א צומישטע מיט א גלאז וואסער און מיט ציטערדיגע הענד עס געשפארט ליובא'ן צום מויל.

ליובא, מיט צו־ווארפענע האאר און פערעגדיגע אויגען, קלאפענדיג מיט די צייהן אן דעם גלאז, האט א זופ געטהאן דאס וואסער און צוגעמאכט דיא אויגען.

און ווען זיא האט זיך אביסעל בערוהיגט, האבען דיא צושראקענע טאטע־מאמע ביי איהר געפרעגט:

— וואס איז דיר, ליובינקא?

— גאר נישט, דער קאפ טהוט מיר וועה... לאזט מיך, עס וועט פערבייגעהען...

אניוטא איז אוועק מאכען פאר איהר דיא בעט און עטינבערג האט מיט ציטערנדיגע הענד גענומען איהר אויסטהאן דיא שיך...

16.

אין דערזעלבער צייט איז עפשטיין געגאנגען אהיים איבער איסט בראדוויי, און אין זיין נשמה איז פארגעקומען א שטארקע מישענינע..

וויא? וויא אזוי?... איז עס מעגליך?...

איהם האט זיך ניט געגלויבט, אז דאס, וואס עס איז פארגעקומען ניט לאנג צווישען איהם און ליובא'ן, האט געטראפען אויפ'ן וואהר און ניט אין חלום... דער קאלטער בייסענדיגער ווינד, וואס האט איהם געשמיסען אין פנים, דיא ציטערענדיגע שיין פון דיא עלעקטרישע לאנטערנס, דיא פערבייפאהרענדיגע קארס מיט זייער קלינגען, מיט דעם כראפען פון דיא פערד, וועלכע זיינען געלאפען מיט דיא קארס, דער סקריפען פון זיינע אייגענע פיס איבער'ן שנעע אויפ'ן טראטואר און דיא ווינקענדיגע שטערענדלאך אויף דעם וויימען, בלויען הימעל, — דאס אלעס האט איהם אבער איבערצייגט אין דער ווירקליכקייט, אז ער שלאפט ניט, אז עס איז ניט קיין חלום...

— שוין־זשע ליעב איך זי טאקי?... און מאשא'ן?... איך האב דאך מאשא'ן אויך ליעב... היינט ערשט האבען מיר דאך געפייערט אונזער ביידענס..

און דערביי האט פאר איהם אפגעלעבט דיא געשטאלט פון זיין פרוי און וויא גליקליך זי האט אויסגעזעהען דיזען אבענד... איהם האט זיך אויסגעוויזען, אז ער פיהלט נאך איצט אויף זיך איהר פערליעבטען בליק... א בייזער געפיהל אויף זיך האט זיך ערוועקט אין זיין נשמה און ער האט מיט כעס געגומען טראכטען.

— אידיאט, עזעל, דומקאפ, וואס האסטו פערקאכט?... ניין, ניין, איך האב גאר נישט געמיינט, גאר נישט, גאר נישט... איך וועל איהר מארגען אלעס ערקלערען, אלעס... עס איז ניט מעהר וויא א מאמענטאלעס געפיהל... א מאמענטאלעס?... און פריהער? — האט ער זיך געמוטשעט — גאר נישט, עס האט זיך מיר פריהער אויך נור אפגעדאכט!... איך ליעב מאשא'ן, נור מאשא'ן!...

אין דערזעלבער מינוט אבער האט ליובא'ס געשטאלט פאר איהם אפגעלעבט, איהר ליעבליכער פנים מיט דיא צושראקענע אויגען. איהר געוויין און איהר ענטלויפען פון איהם, און עס האט איהם א ציה געטהאן ביים הארצען און דיא הענד האבען זיך ביי איהם א הייב געטהאן, אקוראט וויא ער וואלט וועלען ארומכאפען און איינהאלטען פאר זיך איהר אפבילד...

— דוא ליעבסט! — האט אין דער טיפעניש פון זיין נשמה אויסגעשריען א געהיימער קול.

ער האט א ציטער געטהאן און גענומען מורמלען, אקוראט וויא ער וואלט געזוכט צו פערשטיקען דיא געהיימע שטימע אין זיין נשמה:

— ניין, ניין, מאשורקא, איך ליעב דיך! מאשורקא, איך ליעב דיך!...

— פארוואס האט זיא געוויינט?... פארוואס האט זיא זיך אזוי הערשראקען און אנטלאפען?... האט ער ווידער א טראכט געטהאן, און אין זיין נשמה האט בשעת דעם עפעס געצויגען, געצופט און געציטערט, און אין זיינע אויערען האט געקלונגען ליובא'ס פערשטיקטער און צושראקענער קול: לאזט מיך, לאזט מיך לאזט מיך!...

— אפשר ליעבט זיא מיך ניט?... האט ער פלוצים א טראכט געטהאן און, דערפיהלט זיך בעליידיגט, האט ער נאך אמאל זיך אנגערופען „אידיאט"...

ער איז צוגעגאנגען צו זיין הויז און אפגעשלאסען דיא גאס טהיר.

אין קארידאר איז געווען פינסטער. ער האט זיך פערוואונדערט: אימער פלעגט אין קארידאר ברענען דיא גאז ביז וואנען ער פלעגט קומען.

ער האט זיך נאך מעהר פערוואונדערט, ווען ער האט פרובירט עפענען די טהיר פון קיך, וועלכע מאשא פלעגט געווענליך לאזען אפען, ווען זיא פלעגט איהם ערווארטען.

— וואס איז עס? שוין־זשע שלאפט זיא? שוין־זשע ערווארטעט זיא מיך ניט?

ביי איהם איז פריהער גאר ניט געווען קיין פראגע, אז מאשא ערווארטעט איהם. אנדערש האט דאך ניט געקענט זיין: עס איז דאך אונמעגליך, זיא זאל זיך לייגען היינט שלאפען, אײדער זיא האט זיך מיט איהם דורכגערעט וועגען דיא געכט, וועגען ניקאלאי אלעקסייאיטש'ן, וועגען היינטיגען אבענד אין אלגעמיין...

ער האט האסטיג אויפגעזוכט אין קעשענע דעם שליסעל פון קיך־טיר, אויפגעשלאסען און איז אריין. אין קיך איז אויך געווען פינסטער.

ער איז געבליבען שטעהן אין מיטען צימער.

א שוואכעס ליכט, דאס ליכט פון דעם אויסגעשטערנטען הימעל האט

אריינגעשוקט אין די פענסטער און עפשטיין האט קוים געקענט אונטערשייד דען די דונקעלע שטעלען, וועלכע האבען אנגעוויזען אויף דעם אויווען און אויף די מעבעל אין קיך. די ווינקלען פון קיך האבען זיך פערלארען אין דער פינסטערניש. נור די גלעזערנע טיר פון עס־צימער אויף דער רעכטער האנד האט געווארפען פון זיך א מאטע שיין, ווי אלטעס זילבער...

עפשטיין'ען האט זיך אויסגעוויזען, אז ער הערט א זיפצען פון דער לינקער זייט. וואו עס האט זיך געפונען דאס שלאף־צימער. ער האט אנגעשטרענגט דעם אויער און זיך צוגעהערט.

ניין, דאס האט זיך איהם אויסגעדאכט.

— מאשינקא! מאשינקא! — האט ער גענומען רופען, און זיין קול האט עפעס געקלונגען פרעמד אין דער ארומיגער פינסטערניש.

פלוצים האט ער זיך א כאפ געטהאן: וואס צינדט ער ניט אן קיין פייער?

דיזע אונערווארטעטע פינסטערניש האט איהם אזוי איבערראשט נאך דיזע פיינליכע געדאנקען און געפיהלען, וואס ער האט ניט לאנג איבערגעלעבט, אז ער האט זיך פערלארען. אין דיזער מינוט איז קיין אנדערער געדאנק ניט געווען אין זיין קאפ, ווי: „וואס איז עס?“

ער האט ארויסגענומען פון קעשענע א קעסטעל מיט שוועבעלאך און אנגעצונדען די גאז.

פאר דער שיין פון די גאז האט ער דערזעהען, אז די טיר פון שלאף־צימער איז צוגעמאכט. ער איז צוגעגאנגען צו דער טיר, געוואלט עפענען, זי איז געווען צוגעשפארט...

— וואס איז דאס? שוין־זשע איז זי בייז, ווייל איך בין אוועק בעגלייטען ליובא'ן? דער טייפעל האט מיך געטראגען! — האט ער א טראכט געטהאן מיט פערדרוס.

ער האט אראפגעווארפען פון זיך דעם ראק און די הוט, איז ווידער צוגעגאנגען צו דער טיר פון שלאף־צימער און שטיל אנגעקלאפט.

— מאשינקא! מאשינקא! — האט ער גערופען מיט א ווייכען קול.

קיין ענטפער.

— מאשינקא! האט ער גערופען העכער.

א שווייגען.

— א—א?! זי האט זיך פערשפארט מיר צו־להכעיס, ווייל איך האב בעגלייטעט...

ער איז געווארען בייז.

— דאס איז עפעס גאר א ווילדע נייעס! — האט ער א בורטשע געטהאן. מאכענדיג א זויערע מינע.

— וועסטו עפענען? — האט ער נאך העכער אויסגעשריען, דיזען מאל מיט אונגעדולד אין קול.

— מאשא, וואס איז עס? מא־א־ש־א!

פלוצלונג איז איהם אריינגעפאלען א געדאנק, טאמער האט זיך עפעס געטראפען א סיבה מיט איהר, הגם ער האט ניט געקאנט פערשטעהן, וואס אזוינס האט מיט איהר געקאנט טרעפען. אבער דא האט זיך דערהערט פון הינטער דער טיר א סקריפען פון בעט. און באלד א שליאפען פון טופליעס איבער דער פאדלאגע.

— זי איז טאקי דא! — האט ער א טראכט געטהאן, און דערביי איז איהם עפעס אי לייכטער געווארען אויפ'ן הארצען, אי ער האט דערפיהלט אן אונגענעהמען געפיהל, פערשטעהענדיג, אז די טיר איז פערשפארט איהם צו־להכעיס...

— וואס ווילסט איהר? — האט ער

רערהערט מאשא'ס קול פון אהינטער דער טיר.

איהר שטימע האט עפעס געקלונגען פרעמד אין זיינע אויערען; דאס ערשטע מאל, וויא ער האט ביי איהר געהערט אזא שטימע, וועלכע האט געקלונגען אזוי קאלט און אונאנגענעהם, דערצו נאך דער „איהר“...

— שוין־זשע פאנגט זיך אן ביי מיר אויך דיא ליעבהארציגע פאמיליען־קאמעדיע? — האט ער א טראכט געטהאן נערוועז.

— מאדאם — האט ער זיך אבגערופען איז א האלב קאמישען און האלב ערענסטען טאן — וואס איז עס עפעס פאר א קאמעדיע? עפענט!...

— וואס דארפט איהר? — האט מאשא געפרעגט מיט דעם זעלבען קול.

— עפען, איך וויל דיך אנקוקען, זעהן צי דו ביזט ניט משוגע! — האט ער געפרופט שפאסען.

— איהר האט דא ניט וואס צו טהאן! — האט מאשא געענטפערט, און ניט געעפענט.

עפשטיין האט זיך שטארק אנגעכמורעט און, ארויסנעהמענדיג פון קעשענע א סיגארעט, האט ער איהם פעררויכערט און איז זיך עטליכע מאל דורכגעגאנגען פון טיר צום טיש און פון טיש צוריק צו דער טיר, האט גערויכערט שנעל און נערוועז, געקנויטשט דעם שטערען, דעם גאנצען פנים, געדריקט מיט דיא פלייצעס און געקוקט מיט בייזע אויגען אויף דער טיר פון שלאףצימער.

ער האט זיך ווידער אבגעשטעלט נעבען טיר.

— הער נור, מאשא — האט ער זיך דאן אפגערופען מיט א פערשטיקטען איינגעהאלטענעם קול: — אזא קאמעדיע האב איך פון דיר קיינמאל ניט ערווארטעט... דאס פאסט זיך... דאס פאסט זיך... דו ביזט ניט קיין קוקלע! — האט ער פלוצים אויסגעשריען מיט אן אויפגערעגטען קול — איך דארף דיך ניט היטען, איך האב געמעגט ארויסגעהן זיא בעגלייטען!...

ביי דיא לעצטע ווערטער האט זיין קול א ציטער געטהאן און דאס בלוט האט איהם א זעץ געטהאן אין פנים.

פון הינטער דער טיר האט זיך דערהערט מאשא'ס איינגעהאלטענער און נערוועזער געלעכטער.

— אז זיא מאכט מיר אזא סצענע בלויז דערפאר, ווייל איך האב געוואגט אוועקגעהן היינט אויף א פאאר שעה פון דערהיים, היינט וואס וואלט זיא שוין געטהאן, אז זיא וואלט מיך היינט געזעהען מיט איהר דארט... ווערענד איך בין גאר ניט שולדיג! — האט ער געטראכט — נייז, מען טאר איהר ניט נאכגעבען, מען טאר ניט, מען טאר ניט!

— דו מאכסט מיר דיא סצענע צו עהרע פון היינטיגען אבענד? — האט זיך ביי איהם ארויסגעריסען געגען זיין אייגענעם ווילען — גוט! גוט! גוט!...

און פלוצים האט זיך אן עפען געטהאן דיא טהיר, און מאשא איז ערשיענען אויף'ן שוועל.

זיא איז געווען אנגעטאן אין א ווייסען נאכט־העמד מיט געבלויזטע פלייצעס און ארעמס. איהרע רייכע, לאנגע בלאנדע האאר זיינען געווען צולאזען איבער דיא אקסלען. זיא איז געבליעבען שטעהען אויף'ן שוועל מיט דיא הענד צונויפגעלעגט אויף דער ברוסט. דער פנים איז ביי איהר געווען בלייך, דיא ליפען פעסט צונויפגעדריקט און איהרע בלויע אויגען האבען געקוקט אויף עפשטיין'ען מיט קאלטער פעראכטונג.

און דערזעהען זיא, האט ער געמאכט א! ערענסטען און בייזען פנים און געוואלט איהר זאגען, אז ער וועט ניט דולדען אזוינע סצענעס; אז ער פיהלט זיך

נאך גענוג מענש, אום זיך ניט אונטערצו־ווארפען אונטער איהר פאנטאפעל... אבער דא האבען זיך איהם געווארפען אין דיא אויגען איהרע פולע, פרישע, ראזעווע פליצעס, איהרע רונדע, נאקעטע ארעמס, און א ווייכער, גוטער שמייכעל האט זיך צוגאסען איבער זיין פנים. ער האט זיך פערוואונדערט: איהם האט זיך אויסגעוויזען, אז ביז איצט האט ער גאר ניט בעמערקט, אז זיין פרוי האט אזא שעהנעם קערפער...

עס האט איהם א ציה געטהאן זיא ארומצונעהמען.

— מאשורקא! — האט ער ארויסגערעדט מיט א ווייכען טאן — זאג אליין...

אבער דא האט מאשא א קוק געטהאן אויף איהם מיט אזוינע אויגען, איהר פנים האט אויסגעדריקט אזא טיעפען עקעל, אקוראט וויא א מיזעלע וואלט זיך אנגעריהרט אן איהר ראזעווע פליצעס. עפשטיין איז צומישט געווארען און איז אנשוויגען.

ער האט אליין ניט געוואוסט, צי זאל ער זיך בייזערען אויף איהר, צי ער זאל ריידען צו איהר מיט גוטען. איין רגע, פיהלענדיג אויף זיך איהרע פעראכטליכע בליקען, האט זיך איהם שטארק געוואלט זיא זידלען, ריידען איהר צו להכעים, אבער דאן האבען זיך איהם ווידער געווארפען אין דיא אויגען איהרע נאקעטע רונדע אקסלען, איהרע ארעמס, און איהם האט נאך שטארקער גענומען ציהען צו זיי, צוריהרען זיך צו זיי מיט דיא הענד און ליפען...

אויפ'ן סוף האט ער א טראט געטהאן צו איהר נעהענטער און ווייך ארויסגערעדט:

— מאשורקא, נארוניו...

ער האט שוין אויסגעשטרעקט דיא הענד צו איהר, געוואלט זיא א כאפ טהאן.

זיא האט א ציטער געטהאן און ארויסלאזענדיג א דינעם שניידיגען, כמעט קינדערשען געשריי, איז זיא אפגעשפרונגען אן א זייט.

— איהר זאלט ניט וואגען אנצוריהרען מיך! — האט זיא געשריען מיט דעם זעלבען קינדערשען קול, שווער אטהעמענדיג מיט דער ברוסט און בליצענדיג מיט דיא אויגען: — איהר זאלט ניט וואגען!... געהט, געהט צו יענער! איהר זייט א ליגנער, א בעטריגער!...

און א קרעכץ טהאנדיג, איז זיא האסטיג ארייגעלאפען אין שלאף־צימער און פערקלאפט הינטער זיך דיא טהיר...

עפשטיין איז געבליעבען שטעהען מיט א צופלאמטען פנים און צומישטע אויגען.

— א—ז—וי!—האט ער א טראכט געטהאן, ארייגענומען זיין שפיציגע א־לא פראנסע בערדעל אין מויל און עס גענומען נערוועז בייסען.

מיט א מאל זיינען דיא אויגען געפאלען אויף א קישען, וועלכעס איז געלעגען אויף א שטוהל נעבען טיש און וועלכעס ער האט פריהער ניט בעמערקט.

— אזוי! — האט ער ווידער א טראכט געטהאן — הייסט עס, זיא האט זיך פריהער צו דעם פארבערייטעט?...

— גוט. גוט! — האט ער א געשריי געטהאן אויפ'ן קול, אז מאשא זאל הערען: — גוט, איך האב דיך ביז איצט נאך ניט געקאנט!... גוט! גוט!...

ער האט מיט א געוויש געעפענט דיא גלעזערנע טהיר פון עס־צימער, האט זיא מיט גוואלד פערמאכט הינטער זיך און איז פערשוואונדען הינטער איהר; דאן, עפענענדיג דיא טיהר פון פראנט־צימער, איז ער ארייגעלאפען אהין, זיך א ווארף געטאהן אין דיא קליידער אויף דער ווייכער זאפע, האט גענומען קוקען

פאר זיך אין דיא פינסטערניש און געטראכט און זיך געמוטשעט...

אין דערזעלבער צייט איז מאשא געלעגען אויף'ן בעט מיט'ן פנים איינגעגראבען אין דיא קישען, האט געביסען דיא ליפען, געכליפעט פערשטיקט און האט געציטערט מיט'ן גאנצען קערפער..

.17

עס איז שוין געווען ארום אכט אין דער־פריה. עפשטיין איז נאך געלעגען און געשלאפען אויף דער זאפע אין דיא קליידער, וויא אזוי ער האט זיך נעכטען געלייגט... אין דרויסען האט פארטאג אנגעהייבען צו שיטען א שנעע און נאך ניט אויפגעהערט.

אויף דיא ראמען פון דיא פענסטער זיינען געלעגען קופקעלאך שנעע, ווייכינקע און ווייסינקע, וויא פוך. א דונקעל־סארעם ליכט האט אריינגעקוקט פון דרויסען אין צימער.

צייטענווייז האט זיך פון דרויסען געהערט א לאנגער יאמער פון א ווינד און פערביי די פענסטער האט זיך דורכגעטראגען א ווייסע וואנד פון שנעע, ווי א געדיכטער נעבעל, איבערלאזענדיג אויף דיא שויבען שנעעלאך.

אין א ווינקעל פון צימער האט געברענט א אויוועלע נאך פון נעכטען אויף־דער־נאכט און דורך זיין דורכזיכטיגער טירעלע האט ארויסגעשיינט א רויטעם פייערל...

מאשא איז געשטאנען אין עססצימער הינטער דער אפענער גלעזערנער טיהר צום פראנט־צימער און האט פארזיכטיג און פער'גנב'עט אריינגעקוקט אין צימער אויף עפשטיין'ען, וועלכער האט געשלאפען מיט'ן פנים ארויף און מיט אן אפענעם מויל.

זיא האט א גאנצע נאכט ניט צוגעמאכט מיט אן אויג, האט געוויינט און געטראכט. עטליכע מאל איז איהר זאגאר דורכגעפלויגען אין קאפ דער געדאנק וועגען זעלבסטמארד; דיזער געדאנק האט זיך אבער באלד פערלארען אין א ים פון אנדערע געדאנקען אין איהר מח...

זיא וועט איהם גאר נישט אפטאהן מיט דעם, ווען ער ליעבט יענע, זיא וועט איהם נאך לייכטער מאכען... און אפשר איז עס ביי איהם א מאמענטאלעם געפיהל און ער וועט חרטה האבען?... זי האט ניט געדארפט אזוי האנדלען, בעת ער האט זיך צוריק געקעהרט [illegible]ים....

זיא האט זיך געדארפט מאכען ניט ווי־סענדיג און דאן ערשט שפעטער היטען איהם, ער זאל זיך מיט יענער ניט טרעפען...

היטען איהם, פערמיידען זיי צו זעהען זיך?... וויא? וואס איז ער א קליין קינד?... און, איבערהויפט, וואס הייסט, זיא זאל איהם פערהיטען פון צו ליעבען יענע, ווען זיא האט ניט געקענט איינהיטען זיין ליעבע צו איהר אליין!... אבער... אבער... ניט וואס איז יענע שעהנער אדער בעסער, אדער קליגער פון איהר?!...

ווען זיא וואלט געווען א מאנספערזאן — האט זיא געטראכט מיט האס און פעראכטונג — וואלט זיא דאך אפילו זיך ניט אומגעקוקט אויף יענער!... א נארישע מיידעל, וויא איהר פאפא, דער באלוואן!... נו, האט זיא א שעהנעם פנים'ל!...

און דאן האט פאר איהרע אויגען אפגעלעבט אין מיטען דיעזע אלע געדאנקען דיא סצענע אין פארק, וויא אזוי יענע ליעגט אין איהר עפשטיין'ס ארעמס און וויא אזוי איהר עפשטיין האט יענע געקושט, און אלע איהרע געדאנקען זיינען דאן מיט איינמאל פערשוואונדען, איבערלאזענדיג אין איהר מוח א שווערען נעבעל... א טעמפע פערצווייפלונג האט זיא דאן אין גאנצען ארומגעכאפט, און מאשא האט געשצעמעט איהרע צייהן אין קישען און געשטיקט אין זיך דיא קרעכצען...

עטליכע מאל אין פערלויף פון דער נאכט האט זיא זיך צוגעהערט, אפשר וועט ער ווידער אנקלאפען אין טהיר

פון שלאף־צימער. זיא האט עס געוואלט זעהר שטארק. זיא האט זאגאר ביי זיך אפגעמאכט, וואס זיא וועט איהם דאן זאגען. איינמאל איז ביי איהר געבליעבען איהם צו זאגען:

„וואס געהסטו עפעס צו מיר? ווארום געהסטו עפעס ניט צו דיין בעל הבית טאכטערל?" שפעטער האט זיא ארומגעקלערט, אז דאס זאגען טויג ניט. זיא וועט איהם נור אויפרעגען און ווייטער גאר נישט... זיא וועט איהם בעסער געבען אנצוהערעניש, אז ער איז עפעס איהר פערפליכטעט... „וואס ווילסטו?" — וועט זיא איהם זאגען... ניין, ניט „דוא", נור „איהר"... „וואס ווילט איהר. איהר האט דאך געוואלט ווערען א דאקטאר. האב איך דאך געארבייט דריי יאהר פאר אייער דיפלאם... וואס ווילט איהר נאך?..."

ער איז אבער ניט געקומען, ניט אנגעקלאפט מעהר אין איהר טהיר. האט זיא ניט גערופען, און דיא אנגעגרייטע ווערטער זיינען ביסלעכווייז פערשוואונדען פון איהר מוח און אנשטאדט זיי האבען זיך אין איהר מוח געמישט טרויעריגע, פינסטערע געדאנקען, וועלכע האבען זיא געפייניגט און געמארטשעט...

— ער האט זיך דארט רוהיג געלייגט שלאפען... איהם הארט שוין ניט פאר מיר... איך קען דא ארויסשפרינגען פון פענסטער, הענגען זיך, דערשטיקען זיך... איהם הארט ניט, איהם הארט ניט!...

און אפשר וויל ער עס טאקי? און אפשר וויל ער עס טאקי? — האט אין איהר נשמה געיאמערט

פארטאג איז ביי איהר געבליעבען. זיא זאל אויף א פאאר טעג פערלאזען דאס הויז. זיא וועט אוועקגעהען צו איהרע עלטערען. זיא וועט זעהען, וואס ער וועט דא טהאן...

מיט דיעזען געדאנק איז זיא היינט אויפגעשטאנען זיעבען אוהר אין דער פריה.

ווען זיא איז ארויס פון שלאף־צימער און דערזעהען אויף'ן שטול דיא קישען, וועלכע זיא האט נעכטען אנגעגרייט פאר איהם, האט דאס הארץ ביי איהר פרעהליך א צאפעל געטהאן. אין איהר האט זיך ערוועקט א האפנונג, אז ער זיצט דארט אין פראנט־צימער א בלייכער און טראכט און האט חרטה... אז ער איז אזוי א גאנצע נאכט געזעסען... און וויא נור ער וועט זיא דערזעהען אזוי גלייך וועט ער ביי איהר בעטען פערצייהונג... געוויס וועט זיא איהם פערצייהען, אבער ערשט דאן, ווען ער וועט איהר פערשפרעכען, אז ער וועט זיך מעהר מיט יענער ניט זעהען, אז ער וועט זאגאר יענער'ס נאמען ניט דערמאהנען...

דאן האט זיא געמאכט א שטרענגע מינע, איז צוגעגאנגען צום וואשטישעל און גענומען זיך איינוואשען. ארויסלאזענדיג, וואשענדיג זיך, אומיסטנע הויכע טענער מיט'ן מויל, מיט דיא ליפען, אום ער זאל דערהערען און ארויסגעהען. ער איז אבער ניט ארויס...

דאן האט זיא זיך גענומען אנטאן אין איהרע קליידער, וועלכע זיא האט נעכטען געטראגען לכבוד דיא געסט און וועלכע זיא האט פערצווייפעלטערהייט ניט אויפגעהאנגען אין קליידער־אלמער, וואו זיי פלעגען, געוועהנליך, הענגען אין דיא וואכעדיגע טעג. דיא קליידער האט זיא אנגעטהאן לאנגזאם, ניט געאיילט, ערווארטענדיג, אז אט־אט וועט ער ארויסגעהען און פרעגען: „וואס פוצטו זיך אום אזוי פריה? וואוהין געהסטו אין אזא וועטער?"

זיא האט זיך אבער אנגעטהאן, זיך פערקאמט, האט זאגאר איינגעגייהט א

מאַר קנעפּלאַך אין דיא שיך, און איז אַליין ניט אַרויס . . .

דאַן האָט זיא פאַרזיכטיג, איינ־האַלטענדיג דעם אָטהעם און טרעטענ־דיג אויף דיא שפּיץ־פינגער, פונאַנדער־גערוקט דיא גלעזערנע טהירען פון עס־צימער צום פראָנט־צימער אין. האַלטענ־דיג פערשטעקט דעם קאָפּ אהינטער דער ווייסער, בלינדער גלאַז פון טהיר, האָט זיא פער'גנב'עט אַ בליק געטהאָן אהין מיט איין אויג . . . עס האָט איהם דאָך אויפגעוועקט. ער האָט זיך אַ האַרצען און דיוזען מאָל מיט אַזאַ וועה־טאָג . . . זיא האָט דערזעהען, וויא ער ליעגט און שלאָפט . . .

— אַזוי רוהיג, אַזוי רוהיג — האָט זיא פערצווייפעלט געטראַכט — אַזוי ווי איך וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט געוועזען ! . . . אַזוי וויא ער וואָלט גע־ווען גאָר אין גאַנצען אונשולדיג ! . . .

און דאַ איז איהר פּלוצים אַרויף אויפ'ן זינען : טאָמער . . . טאָמער איז צווישען זיי שוין . . . ער איז דאָך אַ פרייער ליעבע'ניק ! . . .

אין קאָפּ האָט איהר אַ מיש גע־טהאָן. זיא האָט דערפיהלט, וויא צו שרייען. זיא האָט זיך אָבער בעהערשט, האָט נור פון פערצווייפלונג אַ רוק גע־טהאָן דיא טהיר מיט אַ געפּילדער און איז אַוועק צוריק אין קיך.

קיין ריהר פון יענער זייט.

דער געפּילדער פון דער טהיר האָט כאַפּ געטאַן, האַלב אויפגעהויבן דעם קאָפּ געטהאַן, האַלב אויפגעהויבען דעם קאָפּ פון דער זאָפע און האָט זיך פערוואונדערט אַרומגעקוקט מיט זיינע פערשלאָפענע אויגען, אַקוראַט וויא ער וואָלט זיך פרע־גען, וואו איז ער דאַ אין דער וועלט. דאַן האָט ער זיך געזעצט, אַראָפּלאָזענדיג דיא פיס אויף דער פּאָדלאָגע, האָט גע־מאַכט אַ זויערע מינע, דערמאָנענדיג זיך אַן דער נעכטיגער סצענע און וויא אַזוי ער קומט צו שלאָפען אויף דער זאָפע. . .

דאַן האָט ער אָפּגעאָטהעמט, וויא פון עפּעס אַ מיעדקייט, און איז אויפגע־שטאַנען.

ער האָט געוואָרפען אַ בליק אויף די פענסטער און אַז ער האָט דערזעהען דעם שנעע, דיא זאַווארוכע, האָט ער זיך פערוואונדערט אַרויסלאָזענדיג אַזוינע קלאַנגען : נאַ ! נאַ ! נאַ !... האָט זיך נאָך שטאַרקער אַנגעכמורעט און איז דאַן אַרויס אין קיך, אום איינצוּוואַשען זיך.

דער נעכטיגער אָבענד האָט איבער־געלאָזט אין זיין נשמה אַן אונבעוואוס־טען, שווערען געפיהל. ער האָט זיך געפיהלט זעהר נערוועז, בייז, פערביי־טערט און כמעט עלענד . . . אויף דיע־זען צושטאַנד זיינעם האָט נאָך אויך גע־ווירקט דיא זאַווארוכע אין דרויסען . . .

ער האָט געטראַכט וועגען אַלעבען מיט כעס : וועגען ליובאַ'ן, וועגען זיין פרוי און וועגען זיך אַליין :

— איך בין אויך אַ טהייערער עזעל, ניש־קשה ! נעדאַרפט עס ערוואַרטען ! אָבער — האָט ער אַ טראַכט געטהאָן מיט נאָך מעהר כעס — איך שפּיי אויף זיי אַלעמען, צום טייפעל מיט זיי !...

ווען ער איז אַריין אין קיך, האָט מאַשאַ גענומען זוכען אויפ'ן טיש און אונטער'ן טיש. ער האָט פערגנב'עט אַ קוק געטהאָן אויף איהר און זיך פער־וואונדערט. וואָס זיא איז אויסגעפּוצט, האָט אָבער ניט געמאַכט קיין שום בע־מערקונג און איז מיט אַן אַנגעכמורעטען פּנים צוגעגאַנגען צום וואַש־טישעל און האָט פערקאַשערט דיא אַרבעל פון אוי־בער־העמד.

מאַשאַ האָט דערווייל אָפּגערוקט אַ שטוהל און גענומען הינטער איהם זו־כען. אין דער אמת'ען האָט זיא גאָר ניט געזוכט, זיא האָט נור געוואָלט געווינען צייט, ערוואַרטענדיג, ער זאָל ביי איהר פרעגען, וואָס זיא האָט זיך אויסגעפּוצט

און וואוהין געהט זיא אין אזא וועטער... איהר האט זיך געדאכט, אז שטעהן אזוי און ווארטען, פאסט זיך עפעס ניט...

ער אבער האט זיך ניט געאיילט צו פרעגען און האט זיך געוואשען, אויפבלאזענדיגביידע באקען, פארשקענדיג מיט דיא ליפען און זשמורענדיג די אויגען פון דעם זייף.

זיא האט גענומען לאנגזאם אנטאן אויף זיך איהר לאנגען שווארצען מאנטעל, האט איהם לאנגזאם פערשפילעט, ארומגעהענדיג איבער'ן צימער מיט א קאלטען, שטרענגען אויסדרוק אויפ'ן פנים, און האט אזוי לאנגזאם גענומען זוכען ביי זיך אין דיא קעשענעס, איז אריין אין שלאף־צימער און געזוכט עפעס און דאן צוריק אין קיך און ווידער אין שלאף־צימער און צוריק אין קיך, אלץ זוכענדיג...

איהר איז געווען מורא'דיג אוועקצוגעהען און ניט ריידען מיט איהם א ווארט...

לאז ער כאטש וויסען, אז זיא וויים פון זיינע פערהעלטניסע צו יענער... זיא וויל כאטש זעהן, וואס פאר א פנים ער וועט דאן מאכען... איינמאל פאר אלע מאל זיי זיינען ניט קיין קינדער, און אין בעהעלטעניש וועט זיא איהם ניט לאזען מיט איהר שפיעלען...

ווען זיא האט בעמערקט, אז ער איז שוין פארטיג מיט זיין איינוואשען זיך, אז ער ווישט זיך שוין מיט'ן האנדטוך, האט זיא גענומען איהר הוט אין האנד און ארויפגעטהאן לאנגזאם אויפ'ן קאפ. דאן האט זיא כלומרשט גענומען זוכען ארום זיך דיא שפילקע פון דער הוט, וועלכע זיא האט אומיסטנע אוועקגעלייגט אויפ'ן טיש.

ער האט א קוק געטהאן אויף איהר פון אונטען ארויף, דריקענדיג מיט דער רעכטער האנד א ברעג פון'ם האנדטוך צום נאקען, און האט זיך שטארק אנגעכמורעט.

— וואוהין לויפסטו שוין ? — האט ער ארויסגעריעחט אונטער דער נאז און ארפגעלאזט דיא אויגען.

זיא האט א ציטער געטהאן. גראד איצט האט זיא ניט ערווארטעט, ער זאל ביי איהר פרעגען . . . זיא האט איהם ניט געענטפערט און גענומען פערריכטען דיא הוט אויף'ן קאפ.

— וואוהין לויפסטו ? — האט ער ווידער ארויסגערעדט דיזען מאל קלאהרער, און א ווארף געטהאן דעם האנדטוך : — זיא איז נאך בייז, זיא איז נאך גערעכט ! . . .

ביי דיעע ווערטער האט זיא אויף איהם שנעל א בליק געטהאן מיט פעראכטונג און סארקאסטיש א שמייכעל געטהאן. זיא איז צוגעגאנגען צום טיש, גענומען דיא לאנגע שפילקע, וועלכע איז דארט געלעגען, און זיא ארייגעשטעקט אין הוט.

ער האט זיך געשטעלט נעבען טהיר מיט'ן רוקען און, קוקענדיג איהר גלייך אין פנים, האט ער כלומרשט געשמייכעלט און אין הארצען האט ביי איהם געקאכט . . .

זיא איז צוגעגאנגען מיט א שטרענגער מינע צו דער טהיר און געוואלט עפענען.

— ווארט, איילט זיך ניט אזוי, מאדאם ! — האט ער ארויסגערעדט מיט א פערבעהאלטענער אויפרעגונג אין קול און מיט א צומישטען שמייכעל אויפ'ן פנים . — מאכט מיר אפריהער א גלאז טהעע און פריהשטיק . . .

ער האט עס געזאגט, אום נור עפעס צו זאגען . . .

— לאזט ! — האט זיא זיך אפגערופען בייז און איהם אנגעקוקט מיט פעראכטונג.

— ווארט, האב צייט, טייבעלע מיינס ! — האט ער ארויסגערעדט שטארקער, דערשטיקענדיג אין זיך די איפרעגונג, וועלכע עס האבען אין איהם געוועקט איהרע פערעכטליכע בליקען.

— איהר ווילט מיך דא פערהאלטען מיט גוואלד ? — איהר ווילט מיר ווייזען, אז איהר זייט שטארקער פון מיר?

— האט זיא ארויסגערעדט העכסט אויפגערעגט, און איבער איהר פנים האט זיך צוגאסען א רויטע פארב : — לאזט ! . . .

עס האט זיא אויפגערעגט ניט דאס, וואס ער האט זיא ניט ארויסגעלאזט, פארסערהט, דאס האט זיא געוואלט... וואס האט זיא יא אויפגערעגט איז געווען זיין רוהיגקייט און זיין פרעכקייט, צו בעטען ביי איהר איצט פיהשטיק!....

-- איך וויל וויסען, וואוהין האסטו זיך אויסגעפוצט אין אזא וועטער ? — האט ער ווידער געפרעגט.

-- דאס אלעס ? — האט זיא זיך אפגערופען מיט איראניע אין קול — איך וואלט אויך עפעס וועלען וויסען... אבער . . . אבער . . . יא, איהר ווילט טאקי וויסען ? נו, וואיסט־זשע : איך געה זוכען ארבייט אין א שאפ . . . איך וויל ארבייטען נאך עטליכע יאהר פאר מיין הערר דאקטאר . . . אפשר איז דריי יאהר הרעהען דיא מאשין געווען וועניג !

און דערביי האט זיא איהם אנגעקוקט מיט בלישצענדיגע, בייזע אויגען און זיא האט שווער געאטהעמט.

ער האט זיך אנגעצונדען, איז רויט געווארען און האט זיך שטארק איינגעקוקט אין איהר פנים, אקוראט וויא ער וואלט וועלען זעהען, אויב דיא זעלבע מאשא שטעהט פאר איהם. אן אונאנגענעהמער, עקעלדיגער געפיהל האט זיך ערוועקט אין זיין נשמה.

— גוט ! גוט ! — האט ער פלוצים אויסגעשריען, ניט קענענדיג ווייטער איינהאלטען אין זיך דעם כעס און אפטרעטענדיג פון דער טהיר : — גוט, איך האב דיך ניט געקענט ! מארק־אידענע, דיין פלאץ איז אויף'ן מארק, געה צום טייפעל ! . . .

ער האט גענומען לויפען איבער'ן צימער, סאפענדיג פון כעס.

זיא איז געשטאנען א בלייכע, האט געקוקט אויף איהם מיט אנגעלאפענע אויגען, געשלונגען דיא טרעהרען און געביסען דיא ליפען. א פלעכטעל בלאנדע האאר האט זיך ביי איהר ארויסגערוקט פון אונטער דער שווארצער סאמעטנער הוט און האט זיך ביי איהר ארומגעדרעהט ארום איהר קלייניקען ראזעווען, רעכטען אויערל, וויא א גאלדענע שלאנגעלע.

— געהן ? — האט זי אויסגעשריען, אפכאפענדיג דעם אטהעם און שטיקענדיג אין זיך דיא טרעהרען : — געהען ? ווארום ? איז דיר אפשר צו קאלט צו קוסען זיך מיט יענער מיידעל אין דזשעקסאן סטריט פארק ? ! דו ווילסט, איך זאל אייך ניט שטערען צו קוסען זיך דא ביי מיר אין דער־היים ?

איהר קול האט א ריעס געטהאן, און אין איהם האבען זיך דערהערט פערשטיקטע טרעהרען.

ער איז געבליעבען שטעהן, וויא א דערשלאגענער, און געקוקט אויף איהר מיט גרויסע, גלעזערנע אויגען.

— דוא מיינסט, איך ווייס ניט ? — האט זיא פארטגעזעצט מיט טרעהרען אין קול — בעטריגער ! . . .

זיא האט זיך אנגעכאפט מיט ביידע הענד ביי דער ברוסט. דיא באקען האבען ביי איהר געברענט, דיא אויגען— געבלישצעט און דיא נעזלעכער האבען זיך ברייט צושפרייט. אין דיעזער מינוט איז זיא געווען זעהר שעהן.

— בעטרינגער! זיא זאָל נים וואגען אריבערטרעטען דעם שוועל פון מיין הויז! דאס איז מיין הויז, מיין הויז, איך האב אויף דעם געארבייט! . . .

און זיא האט זיך ליידענשאפטליך צו־וויינט אויף'ן קול.

— מאשא! — האט ער געמורמעלט צומישט, צולויפענדיג צו איהר: — מאשא, הער אוים . . . מאשא! . . .

ער האט געציטערט.

זיא האט זיך אבער א ריעס גע־טהאן פון זיינע הענד, — אן עפען גע־טהאן די טהיר און איז ארויסגעלאָ־פען . . .

ער איז געבליעבען שטעהן, וויא אן איינגעשלאגענער אויף זיין ארט, האט זיך צונויפגעקארטשעט מיט'ן גאנצען קערפער און, קרימענדיג דעם פנים, ווי פון א שארפען, פיזישען וועהטאג, האט ער זיך אנגעכאפט פאר'ן קאפ.

איצט איז איהם קלאר געווען, וואר־רום זיא האט איהם נעכטען געמאכט די סצענע... הייסט עס, זיא וויים, זיא האט געזעהען!... אך, טייפעל!...

ער האט צונויפגעשטעמט די צייהן גענומען לויפען איבער'ן, צימער און געמורמעלט זידלערייען אויף זיך. ער האט בעשולדיגט נור זיך אליין.

פלוצים האט ער דערהערט א קלונג.

— אך, ווען די פאציענטען וואל־טען מיך היינט געלאזט צורוה — האט ער א טראכט געטהאן. דאך האט ער זיך בעהערשט, געמאכט א רוהיגע מינע און איז ארויסגעגאנגען עפענען די טהיר פון קארידאר.

אין טהיר איז אריין עטינבערג מיט א בארד פול שנעע. ער איז אין גאנצען פערשאטען געווען מיט שנעע, אפילו אויף די ברעמען זיינען אויך געהאנ־גען שנעעלאך, וויא ווייסענקע פוכע־לאך...

— גוט מארגען, וואלאדיא, איך געה צו דיר! — האט ער געזאגט, אפקלאפענ־דיג דעם שנעע פון דיא שיך, פון דעם ראק, ארונטערשארענדיג איהם פון זיין לאנגען בארד און פון דיא ברעמען און אפטרויסלענדיג ד·א הוט.

עפשטיין האט א טראכט געטהאן:

— וואס פאר א טייפעל שלעפט דיך איצט צו מיר!...

דאך אוים געוואהנהייט האט ער צו איהם א שמייכעל געטהאן.

— ליובא איז קראנק — האט עטינ־בערג ווידער אנגעהויבען — דאס איז נור דיר צו פערדאנקען, וואלאדיא!...

ער האט ארויסגענומען א טיכעל פון קעשענע און געווישט זיך דעם פנים, דעם שטערן און די אויגען.

עפשטיין האט א ציטער געטהאן. איהם איז גלייך אריינגעפאלען אין מוח, צי האט זיא ניט דערצעהלט איהרע על־טערען פון דער נעכטיגער סצענע. עס האט איהם א מיש געטהאן אין קאפ...

— דוא מוזט געהן גלייך צו מיר — האט עטינבערג גערעדט ווייטער — וואס וואונדערסטו זיך אזוי? האט ער זיך א כאפ געטהאן, בעמערקט וויא עפשטיין איז צומישט: — זיא איז קראנק, האט א גאנצע נאכט געברענט, וויא א שטיק פייער... איך האב געוואלט לויפען צו דיר אין מיטען נאכט, אבער ליובא האט עס ניט דערלאזט... זיא האט איצט מיר אויך פערבאטען דיך צו רופען, אזוי ביין איז זיא אויף דיר... און זיא האט רעכט, וואלאדיא... שעה־מען מעגסטו זיך... איך האב דיר קיין שלעכטס, דאכט זיך, קיינמאל ניט גע־טהאן!...

— ווארט — האט איהם עפשטיין אונטערבראכען מיט אן אויפגערעגטען קול, און איז געווארען בלייך, וויא קאלך: — ווארט, שרייט ניט אזוי!... קומט אריין אין הויז!...

ער איז שנעל דורכגעלאפען דעם קארידאר, געעפענט דיא טהיר און איז אריינגעלאפען אין קיך. עטינבערג נאך איהם.

ביי איהם איז שוין מעהר קיין ספק ניט געווען, אז עטינבערג רעדט עם ווע־גען דער געשיכטע אין דזשעקסאן סטריט פארק...

— נור רוהיג, מיסטער עטינבערג, רוהיג, ניט געשריען! — האט ער געזאגט מיט א פערשטיקטען קול קוקענדיג עטינבערג׳ן מיט אונרוהיגע אויגען און טראכטענדיג דערביי. — וואס קען איך איהם אויף דעם ענטפערן?...

— שרייען? וואס העלפט דא דאס שרייען? — האט מיט פערדרוס געזאגט עטינבערג און א קוק געטהאן אויף עפשטיין׳ען מיט בייזע אויגען: — שרייען אליין וועט דא ניט העלפען, פעטש קענען דא העלפען, פייערדיגע פעטש!... דיא קענסט דאך מיך, דוא ווייסט דאך, אז איך קען געבען!...

עפשטיין האט זיך צושראקען אפגערוקט פון איהם און ניט ארונטערגענומען פון איהם דיא אויגען. און עטינבערג, דערמאנט זיך פלוצים אן דער הלואה, וואס ער האט ערווארטעט צו קריגען ביי איהם, האט א טראכט געטהאן: „טאקי וואס קריעג איך זיך מיט דעם פאדליעץ?... ער וועט נאכדעם ניט וועלען לייהען!“... און ער האט שוין מיט אן אנדער טאן גענומען ריידען: — פע, וואלאדיא, דוא האב קיין פעראיבעל ניט, דוא האסט מיך נעכטען ניט געדארפט אוועקזעצען נעבען א שיכור׳ן הוליגאן... אי מיך האסטו בעליידיגט, אי ליובא איז פון פערדרוס, וואס יענער האט מיך פאר אלעמען אזוי גראב אפגעזידעלט, קראנק געווארען.

עפשטיין׳ען איז איצט קלאר געווארען, וועגען וואס עטינבערג רעדט, און ער האט דערפיהלט, ווי א שווערער שטיין וואלט זיך פון זיין הארצען אראבגעקייקעלט. ער האט אפילו א שמייכעל געטאן.

— גלויבט מיר, איך בין ניט שולדיג — האט ער געזאגט מיט א שמייכעל אויף דיא ליפען, אפציהענדיג דעם אטהעם.

— ווער דען איך?...

— ניט איך, מיסטער עטינבערג — האט עפשטיין ווידער געזאגט.

— דוא, דוא, וואלאדיא, נור דוא!

— איז עטינבערג ווידער געווארען אויפגערעגט און זיך שוין ניט געקענט בעהערשען: — נור דוא! קיינער קען מיך ניט אזוי וויא דוא! דוא האסט מיך ניט געטארט אוועקזעצען נעבען א שיכור!..

— וואס קלאפט ער דא מיר א מוח מיט זיין האנאר! — האט עפשטיין א טראכט געטהאן מיט הארץ — און איבערהויפט, וואס רעדט ער צו מיר אין אזא טאן?...

— אלזא, וואס ווילט איהר, מיסטער עטינבערג? האט ער ארויסגערעדט קוים איינהאלטענדיג דעם כעס.

— איך וויל, דוא זאלסט געדענקען, ווער איך בין — האט עטינבערג געענטפערט מיט ווירדע.

עפשטיין האט זיך אנגעצונדען.

— און ווייטער? — האט ער ארויסגערעדט מיט א קול, וועלכער האט געציטערט פון אויפרעגונג, און א קוק געטהאן אויף איהם מיט איראניע.

— ווייטער? טהו זיך גלייך אן און געה צו ליובא׳ן... זיא איז קראנק געווארען פון פערדרוס, וואס מען האט נעכטען בעליידיגט איהר פאפא׳ן אין דיין הויז...

עטינבערג׳ס טאן האט אלץ מעהר און מעהר אויפגערעגט עפשטיין׳ען. דאס איז געווען דערזעלבער טאן, מיט וועלכען עטינבערג פלעגט צו איהם ריידען אין קיעוו... און פלוצים האט ער זיך דערמאנט, וויא אזוי עטינבערג האט

איהם אמאל גראב בעליידיגט פאר עפעס א קליינינקייט, בעת ער איז ביי יענעם געוועז אויף דער שטעלע... און א בייזער געפיהל האט זיך ערוועקט אין זיין נשמה... איבער זיין פנים האט זיך צוגאסען א רויטע פארב און ער האט א בלישצע געטהאן מיט דיא אויגען. אין דיעזער מינוט וואלט ער גערן ארויסגעווארפען עטינבערג'ן פון זיין הויז. דאך אבער איז אין זיין מוח דורכגעפלויגען א דונקעלער געדאנק וועגען ליובא'ן, און ער האט זיך איבער געוואלד בעהערשט.

— איך קען ניט געהן — האט ער שטיל ארויסגערעדט און געקנייטשט דעם פנים און דעם שטערן, וויא פון עפעס א וועהטאג: — רופט דאקטאר רייכמאנ'ען... דיא דריטע הויז פון דאנען...

ער האט אויפגערעגט גענומען געהן איבער'ן צימער און, אפשטעלענדיג זיך נעבען טיש, האט ער נערוועז גענומען קלאפען מיט דיא פינגער איבער א טעצעל, וואס איז דארט געשטאנען.

— וואס הייסט, דוא קענסט ניט געהן? — האט עטינבערג זיך אפגערופען מיט אן אויפגערעגטען קול און, אננעהמענדיג זיך פאר'ן בארד, האט ער מיט ווירדע פעררייסען דיא פלייצעס: — דוא ביזט מיר עפעס, וואלאדיא, צו שטארק אויפ'ן פערד, זעה, דוא זאלסט אמאל ניט ארונטערפאלען און זיך צושלאגען דיא נאז!...

— מיסטער עטינבערג! — האט עפשטיין א געשריי געטהאן מיט כעס.

— דוא מיינסט, אז דוא ביזט א דאקטאר, ביזטו שוין א גאנצער יאטעביע־דאם־ניק?.. נאר וואס דו ביזט, איך בין אמאל געוועזן מעהר מאכער פון דיר און שפעטער קען זיך נאך ווידער אזוי א דרעה טהאן דאס רעדעל, אז ביי דיר וועט ווידער אן עהרע זיין, ווען איך וועל מיט דיר ריידען א ווארט!...

— זאלט איהר מיט מיר ניט ריידען! — האט עפשטיין נאך העכער א געשריי געטהאן און א קלאפ געטהאן מיט כעס אן דעם טעצעל, וועלכער האט גענומען ציטערען מיט א קלונג אויפ'ן טיש.

— שריי דוא ניט אויף מיר, וואלאדיא! — האט עטינבערג שטרענג געזאגט, אויסשטעלענדיג אויף איהם זיינע גרויסע שווארצע בלישצענדיגע און בייזע אויגען: — איך בין ניט דיין טאטענ'ס משרות, בהמה דוא!...

עפשטיין האט א שפרונג געטהאן.

— גענוג! — האט ער אויסגעשריען מיט א הייזעריגען קול, — גענוג! איהר זייט אן עזעל, אן אידיאט, א משוגענער. און איך וויל אייך ניט קענען! געהט פון דאנען, געהט!...

און ער האט א כאפ געטהאן דעם טעצעל פון טיש און א שמיטץ געטהאן אן ד'ערדה, דאס טעצעל איז צובראכען געווארען אויף פיץ־פיצעלאך...

עטינבערג איז געווארען בלייך און האט א ציטער געטהאן. דאן האט ער עפעס א מורמעל געטהאן אין בארד און איז א צוקאכטער ארויס פון צימער...

עפשטיין איז געבליעבען שטעהן מיט אן אויפגערעגטען פנים אין מיטען צימער און האט שווער געסאפעט מיט דער ברוסט און מיט'ן גאנצען קערפער. דאן האט ער זיך א ווארף געטהאן אויף א שטוהל און, אנגעכאפט זיך מיט ביידע הענד פאר'ן קאפ, האט ער א קרעכץ געטהאן...

17.

— פארוואס האב איך איהם ניט געפאטשט אין קיעור? — האט געמורמעלט עטינבערג, ארויסגעהענדיג אין דרויסען און האט געביסען דיא ליפען: — אך, פאדליעץ, פעררייסען אזוי דיא נאז!... טרייבט מיך!... און ווארום האב איך איהם איצט ניט מכבד געווען? מיך טרייבען? מיך?!... נו, עטינבערג, נו?... אמעריקא, הא? — האט ער גע־

טראכט מיט גאל, מיט ביטערניש און
זיך שיעור ניט צו־וויינט.

א ווינד האט געיאָמערט און גע־
דרעהט דעם שנעע...

עטינבערג האט נאך קיין צייט גע־
האט צו טהאן עטליכע טריט פון עפּ־
שטיין׳ס הויז, וויא דער ווינד איז צוגע־
פלויגען צו איהם מיט א יאָמער און, א
פּאטש טהאָענדיג איהם אין פּנים מיט
שנעע, האט ער פון איהם דיא הוט
ארונטערגעריסען און זיא גענומען טראָ־
גען און דרעהען איבער׳ן טראָטואר און
אראב איבער איסט־בראָדוויי. עטינבערג
מיט א צופלאָטערנדיגען באָרד און פּער־
שצעמעטע צייהן נאך איהר...

א פערבייגעהער, וואס איז אנגע־
גאנגען אנטקעגען, האט פערכאפּט דיא
הוט מיט א פוס, האט זיא אויפגעהויבען
און דערלאַנגט עטינבערג׳ן.

דער פערבייגעהער, אין א קורצען
זומערדיגען רעקעל, איז געווען א האלב
שיכורער אירלענדער און ער האט געבע־
טען ביי עטינבערג׳ן אויף א „טרינק".

עטינבערג האט איהם ניט פערשטא־
נען, דאך האט ער א מאך געטהאן צו
יענעם מיט׳ן קאפּ, דיינקענדיג, אז יע־
נער רעדט צו איהם מכוח דעם שלעכטען
וועטער און האט א פּאאר מאל ארויס־
גערעדט:

— יעס, סער! יעס, סער!...

יענער האט געקוקט אויף איהם מיט
דרך ארץ, ערווארטענדיג גלייך צו קריע־
גען די מטבעה פון עטינבערג׳ן... אבער
וויא איבערראשט איז ער געווארען, ווען
עטינבערג האט זיך צו איהם אומגע־
קעהרט מיט׳ן רוקען און גענומען געהן,
ניט געבענדיג איהם קיין פעני...

— סאָי! — איז ער נאכגעלאָפען
נאך עטינבערג׳ן — איהר האט דאך מיר
פערשפּראָכען צו געבען עטליכע סענט...
איהר האט דאך געזאגט: „יעס?"...

עטינבערג האט זיך ווידער א קעהר
געטהאן צו איהם און, צוהאלטענדיג מיט
דער רעכטער האנד דיא הוט אויף׳ן קאפּ
האט ער אנגעקוקט דעם פערבייגעהער
מיט פערוואונדערטע אויגען, טראכטענ־
דיג: „דער טייפעל ווייסט, וואס ער
רעדט דארט אין זיין טאַרבארשצינע!"..

— יעס, יעס, סער, יעס! — האט
ער געזאגט, אקוראט וויא ער וואלט יע־
נעם וועלען זאגען: איך בין מיט דיר
איינפערשטאנדען, דוא ביזט טאקי גע־
רעכט, אבער לאָז מיך צופריעדען!...

און ער איז אוועק ווייטער.

פּלוצים האט ער דערהערט הינטער
זיך א בייזען קול: — ווהיסקערס!
(באָרד) זש־זש־זש!...

און איידער ער האט נאך צייט גע־
האט זיך אומצוקוקען, איז א הארטער
קייקעל שנעע געפלויגען איהם אין נא־
קען.

ער האט זיך א כאפּ געטהאן און זיך
אומגעקוקט. דער מאן, דער פערבייגע־
הער, איז געשטאנען א צוואנציג טריט
פון איהם אין מיטען גאס, האט געקוי־
קעלט אין דיא הויפענס שנעע, געשריען
„ווהיסקערס" און האט זיך גערייצט מיט
איהם, ארויסשטעלענדיג איהם דיא צונג.

עטינבערג האט אויסגעגלאָצט אויף
איהם ביידע אויגען.

— טי סוויטנוך! (דוא חזיר) —
האט ער א געשריי געטהאן אויף רוסיש
און געוויזען איהם זיין פויסט.

— קאם אן! קאם אן! — האט יע־
נער געשריען, צוגעהענדיג צו עטינבערג׳ן
עטליכע טריט נעהענטער, האט אויס־
געשטרעקט צו איהם זיינע ארעמס מיט
דעם קייקעל שנעע אין דער רעכטער
האנד און זיי גענומען דרעהען אין לופ־
טען.

— יא טעביע גאלאָווו ראזשמאזשו!
(איך וועל דיר דעם קאפּ צופלעטען) —
האט ווידער עטינבערג אויסגעשריען
אויף רוסיש און נעהענטער א טראט גע־

מהאָן צו יענעם.

יענער האָט אויך נעהענטער צוגעטראָטען אַ פּאָאר טריט, ניט אויפהערענדיג צו דרעהן מיט דיא אָרעמס און בעוועגענדיג מיט'ן קאָפּ און פּלייצעס...

און דער ווינד האָט געיאָמערט און נעדרעהט דעם שנעע...

עטליכע פערביינעהער האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויף ביידע טראָטואַרס קוקען. אַ בלייכער אידעל איז פערבייגעגאַנגען. ווען ער האָט בעמערקט, אַז אַן ערל קלייבט זיך צו שלאָגען מיט אַן אידען, האָט ער גענומען געהן שנעל, אַסוראַט וויא ער וואָלט אַנטלאָפען פון אַ שרעקליכער סכנות און ווען ער איז שוין געווען צוואַנציג טריט פון דעם „מקום סכנות", האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און, צוהאַלטענדיג מיט ביידע הענד דיא היט אויף'ן קאָפּ (דערביי האָט דער ווינד צושפּרייט דיא פּאָלעס פון זיין אַלטען ראָק), האָט ער גענומען שרייען צו עטינבערג'ן:

— רבי איד, רבי איד, טראָגט זיך אָפּ, מאַכט ניט קיין עסקים מיט אַן ערל, ער וועט איך צו'הרג'ענען!...

— איך האָב פאַר איהם ניט מורא!

— האָט עטינבערג זיך אָפּגערופען מיט כעס.

פּלוצלונג האָבען זיך פון אַלע זייטען גענומען שיטען אויף איהם קייקלאַך שנעע... זיי האָבען איהם געטראָפען אין קאָפּ, אין נאַקען, אין רוקען, אין פּנים, אין האַלז, אונטער'ן קאַלנער...

פון ערגעץ אַ ווינקעל איז אַרויסגעגאַנגען אַ חברה אינגלאַך: אי קריסטליכע, אי אידישע. און ווען זיי האָבען פאַר זיך דערזעהען אַ גרויסעס באָרד, מיט וועלכען עס רייצט זיך אַ מאַן, האָבען זיי אויך גענומען באָמבאַרדירען דאָס באָרד...

עטינבערג'ן האָט פערכאַפּט דער אָטהעם פון אויפרעגונג און וועהטאָג, ער האָט זיך גענומען וואַרפען אויף אַלע זייטען, זוכענדיג אַ שטעקען, אַ שטיין. האָט אָבער ניט געפונען...

און קייקלאַך שנעע שיטען זיך און קלאַפּען איהם, און דיא אינגלאַך לאָזען אַרויס פערגעניגענדיגע קולות, און דער אירלענדער שרייט: „דאַט'ס רייט! גיעוו היים, דהי והיסקערס!" (אַזוי איז גוט, דערלאַנגט איהם, דעם באָרד!) און דיא פערבייגעהער לאַכען, און דער איד, וועלכער האָט איהם פריהער געוואָרענט, לויפט ווייטער איבער'ן טראָטואַר, קוקט זיך אום צושראָקען, צו זעהן לויפט ניט נאָך נאָך איהם...

און דער שנעע שיט און דער ווינד דרעהט איהם מיט אַ יאָמער...

אין מיטען דערזעהען זיינען דיא אינגלאַך זיך צולאָפען אין אַלע זייטען: אַ מאַן מיט אַ שטעקען, אַהן אַ הוט, וועלכער איז אַרויסגעלאָפען פון אַ דערבייאיגען הויז, האָט זיך גענומען יאָגען נאָך זיי. דער האַלב שיכור'ער אירלענדער האָט זיך אויך אין דער שנעל אָפּגעטראָגען.

דער מאַן, וואָס האָט זיך געיאָגט נאָך דיא אינגלאַך, איז געווען עפּשטיין.

ער האָט דערהערט דעם געשריי פון דיא קינדער, איז ער צוגעגאַנגען צום פענסטער און, דערזעהן, וויא מען האָט אַטאַקירט עטינבערג'ן, האָט ער קיין אויגענבליק זיך ניט מישב געווען, געכאַפּט אַ שטעקען און איז אַרויסגעלאָפען אין דרויסען...

עטינבערג האָט איהם ניט דערקענט, איז געשטאַנען אַ בלייכער, אַ צומישטער, און האָט שווער געאָטהעמט. אַ קאַלטער שווייס האָט אַרויסגעטרעטען אויף זיין שטערן. אַ געפיהל פון עלענד האָט איהם אין גאַנצען אַרומגענומען.

באַלד האָט זיך עפּשטיין צוריקגע־

קעהרט אן אויפגערעגטער, מיט א פורלער קאפ שנעע, איז פערסאפעט צוגעגאנגען צו עטינבערג'ן און איהם אנגענומען פאר א האנד.

ארום האבען זיך דערוויילע פערקליבען מענשען.

דערזעהען, אז דער מאן, וואס האט פאריאגט דיא אינגלאך, איז געוועזען עפשטיין, האט זיך עטינבערג'ן פערוואלט וויינען און ער האט א קוק געטהאן אויף עפשטיינען מיט אזוינע רחמנות'דיגע אויגען, אקוראט וויא ער וואלט וועלען זאגען: „איך האב גוט דערלעבט, וואלאדיא?... דוא טרייבסט מיך, אין דרויסען פערפאלגט מען מיך, גוט, הא?“

ער האט אבער גאר נישט געזאגט, האט נור אפגעקעהרט דעם קאפ און, א מאך געטהאן מיט א האנד, האט ער געוואלט אוועקגעהן. אבער עפשטיין האט איהם אפגעהאלטען פאר אן ארעם.

— מיכטער עטינבערג — האט ער ארויסגערעדט שטיל און בעוועגט — איך בעט אייך טויזענד מאל אום פערצייהונג... גלויבט מיר, איך וועל עס זיך קיינמאל ניט פערגעבען, וואס איך... קומט צו מיר אריין...

דיעזע סצענע האט ארויסגערופען אין זיין נשמה אזא טיעפען רחמנות צו עטינבערג'ן, אז ער וואלט איצט מי־יודע וואס געטהאן, אבי צו בערוהיגען איהם...

עטינבערג האט גענומען פינטלען מיט דיא אויגען און א סאפע געטהאן מיט דער נאז. דאס איז געוועזען אן איבערגעריסענער, פערשטיקטער קלאנג פון א יאמער, וואס האט זיך געריסען פון זיין נשמה...

אין דיעזער צייט האט זיך אין א טהיר פון א דערבייאיגען הויז בעוויזען דאקטאר רייכמאן. ער איז א ווײלע געשטאנען און האט אנגעקוקט דעם עולם. ער האט דערזעהען עפשטיין'ען און עטינבערג'ן, איז ער שנעל ארונטערגעלאפען פון דיא טרעפלאך פון גאניק און איז צוגעלאפען צו זיי מיט דיא ווערטער:

— וואס איז עס?

און ווען ער האט דערזעהען, וויא עטינבערג קוקט אויס אין זיינע מלבושים הוילע שנעע, האט ער זיך פערוואונדערט.

— וואס איז דער מעהר? — האט ער געפרעגט.

— לאופערס זיינען איהם בעפאלען מיט שנעע — האט עפשטיין געענטפערט.

— שטעהט ניט אזוי אין דרויסען, מיסטער עטינבערג — האט רייכמאן זיך צו איהם געווענדעט מיט רחמנות אין קול — איהר קענט זיך נאך פערקיהלען. קומט אריין צו מיר אין הויז.

און ניט ווארטענדיג אויף עטינבערג'ס ענטפער האט ער איהם אנגענומען פאר א האנד און מיט גוואלד איהם אוועקגעשלעפט צו זיך.

זיי זיינען אריין אין א ברייטען, גראמען צימער, עפשטיין אויך מיט זיי.

דאס צימער איז געווען איינפאך מעבלירט. א האלב דוצענד שטוהלען מיט הויכע ווענטלאך, א ווייכע זאפע ביי דער וואנד, א רונדער טיש אין מיטען צימער, אויף וועלכען עס זייכען געלעגען עטליכע ענגלישע זשורנאלען; אין דיא ווינקלאך זיינען געשטאנען שראנקען מיט ביכער. אויף דיא וואנד זיינען געהאנגען בילדער, צווישען זיי הערצעל'ס א בילד און איינס, וואס האט פארגעשטעלט דיא גרופפע פון דיא געהאנגענע אנארכיסטען אין שיקאגא. דאס לעצטע אן איבערבלייבעניז פון רייכמאן'ס פריהערדיגען גלויבען... אויף דער פאדלאגע איז געלעגען אן אלטער, אויסגעריבענער, דונקעלער קאוויאר.

— מהוט אויס דעם ראק, מיכטער

עטינבערג! — האָט געזאָגט דאָקטאָר רייכמאַן.

עטינבערג האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

— ניין, ניין, איך מוז באַלד געהן — האָט ער ארויסגערעדט, אויסמיידענדיג צו קוקען אויף דאָקטאָר רייכמאַנ'ען און עפּשטיינ'ען און ווישענדיג מיט א טיכעל דעם פּנים, דעם שטערן און דעם נאַקען.

— איהר מוזט א ווײלע אָפּרוהען... איהר מוזט זיך דערוואַרעמען... וואַרט, איך וועל אריינברענגען אביסעל קאָניאַק.

און ער איז ארויסגעלאָפען פון צימער.

עפּשטיין איז געבליעבען אויג אויף אויג מיט עטינבערג. ער האָט זיך געפיהלט שולדיג געגען איהם און דעריבער שטארק אונבעקוועם.

— וויא אזוי זיינען זיי אייך בעפאַלען? — האָט ער ארויסגערעדט נאָך א קורצען שווייגען.

עטינבערג האָט נישט געענטפערט, האָט נור א זיפץ געטהאָן און אבגעקעהרט דעם קאָפּ.

עפּשטיין האָט מעהר ניט געפרעגט און אנגעפאַנגען צו געהן איבער'ן צימער הין און צוריק.

באַלד איז רייכמאַן אריינגעקומען מיט א פלעשעל קאָניאַק און מיט א גלעזעלע.

ער האָט אנגעגאָסען דאָס גלעזעלע און געבעטען עטינבערג'ן זיך זעצען.

— איך דאנק אייך, איך דאנק אייך — האָט עטינבערג ארויסגערעדט שטיל און מיט א ציטערדיגען קול — איך מוז געהן...

— נו, טרינקט אויס, מיסטער עטינבערג...

— נו, נו, א דאנק, א דאנק, דאָקטאָר — האָט ער ארויסגעמורמעלט, נעמענדיג דאָס גלעזעלע קאָניאַק און ציטערענדיג אין גאַנצען פון אינערליכער אויפרעגונג.

און אז ער האָט אויסגעטרונקען, האָט ער א ווײלע אנגעקוקט רייכמאַנ'ען מיט אויגען, וואָס האָבען אויסגעדריקט טיעפע, טיעפע לײדען, און דאַן האָט ער ארויסגערעדט שטיל און מיט וועהטאָג:

— דאָקטאָר, זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס איז דאָ ביי אייך פאַר א לאַנד?... וואָרום זיינען דאָ דיא מענשען אזוי שלעכט און פערדאָרבען? וואו איז דאָ ביי אייך דיא אנשטענדיגקייט, דאָס געפיהל פון מענשליכקייט?... וואָרום איז דאָ אזוי שלעכט צו לעבען, דאָקטאָר, וואָרום? — האָט ער לײדענשאַפטליך א קרעכץ געטהאָן און, דערפיהלט, אז דיא טרערען הייבען אן איהם צו שטיקען, האָט ער זיך אונטערבראָכען. דיא ליפּען פערביסען און ארונטערגעלאָזען דעם קאָפּ.

דאָקטאָר רייכמאַן האָט געקוקט אויף איהם מיט אויגען פון צער און רחמנות. פאַר איהם איז געשטאַנען ניט נור דער לײדענדער עטינבערג, אן איינציגער איד, וועלכער איז, וויא א בוים ארויסגעריסען געוואָרען מיט'ן וואָרצעל פון דעם באָדען, וואו ער איז פערפלאַנצט געווען, געבליהט און געוואַקסען — ארויסגעריסען און פערשלײדערט געוואָרען אויף א נייעם פרעמדען באָדען וואו ער האָט געמוזט וועלקען און דאַרען, נור דער סימבאָל פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק איז פאַר איהם געשטאַנען, פון דעם אידישען פאָלק, וועלכען זיין היסטאָרישער שיקזאַל זייט צוויי טויזענד יאָהר האַלט אין איין רייסען און שלײדערן פון איין באָדען אויף דעם אנדערן, פון איין לאַנד אין דעם אנדערן...

— נו, מיסטער עטינבערג, בערוהיגט

זיך — האט ער ארויסגערעדט, אום עפעס צו זאגען.

אויף עפשטיין'ען האט עטינבערג'ס איצט אויך געמאכט א שרעקליך-שווערען איינדרוק. דאס ערשטע מאל אויף זיין לעבען האט ער איצט געזעהען עטינבערג'ן אזוי געבראכען; ער האט זיך דערפיהלט נעגען איהם נאך מעהר שולדיג און האט געזידעלט זיך אין האר צען....

—מיסטער עטינבערג — האט ער ארויסגעמורמעלט—ענטשולדיגט, איך....

עטינבערג האט אויפגעהויבען דעם קאפ און זיך ווידער א קעהר געטהאן צו רייכמאן'ען.

—מיך פערדריסט ניט, וואס דיא שקצים זיינען מיך בעפאלען — האט ער ווידער ארויסגערעדט מיט א ציטערענדיגען קול, שטיקענדיג אין זיך דיא טרערען: — מיך פערדריסט ניט... זיי... ווייסען מיך ניט, זיי קענען מיך ניט... זיי האבען מיך ניט געזעהען אין דערהיים, בעת איך בין אין קארעטען געפאהרען... אבער... אבער... ווען... ווען... א מאן, וואס קען מ'מריך...

דער קול האט ביי איהם א ריעס געטהאן. ער האט ניט געענדיגט. א פערשטיקטער שלוכצען האט פלוצים אונטערבראכען זיינע רייד. ער האט זיך ארונטערגעלאזען אויף א שטול נעבען טיש. געזוכט צו פערשטיקען אין זיך דעם שלוכצען און האט קיין כוח ניט געהאט. האט פערמאכט דעם מויל, צוגויפגעדריקט דיא ליפען, פערשצעמעט דיא ציינער, אבער דער יאמער האט זיך געריסען מיט א שווערען סאפען דורך זיין נאז און דורך זיין גאנצען קערפער. דאכט זיך, וועלכער האט אויפגעציטערט. דאן איז ער צוגעפאלען מיט'ן שטערען צום טיש און האט זיך ליידענשאפטליך צוזווינט....

רייכמאן איז צומישט געווארען און עפשטיין האט זיך אזש גענומען טרייסלען פון אויפרעגונג, קוקענדיג מיט גרויסע, צושראקענע אויגען אויף עטינבערג'ן.

— איהר האט זיך צוקריגט מיט איהם?—האט רייכמאן ביי איהם שטיל געפרעגט.

עפשטיין איז רויט געווארען און א מאך געטהאן מיט'ן קאפ: — יא.

— איך רעכען, איך וועל איצט בעסער אוועקגעהן — האט ער געזאגט צומישט.

און ער איז ארויס פון צימער אויף דיא שפיץ פינגער, אקוראט וויא ער וואלט זיך ארויסגע'גנב'עט...

אין דיעזער צייט האט זיך פון א צווייטען צימער דערהערט א פרעהליכער און געזונדער געלעכטער פון א יונגער מענער-שטימע, דאן א הייזעריגליכער קול פון א מאן און דאן ווידער א געלעכטער פון א פרויענצימער.

רייכמאן האט געקאנט דיא שטימען: דיא יונגע מענער-שטימע האט געהערט צו זיין עלטערען זוהן זשעסי'ן. דיא הייזעריגליכע שטימע — צו זיין שוואגער הורוויץ, זיין ווייב'ס ברודער, וועלכער איז נאך געווען א גרינער, ערשט עטליכע חדשים אין לאנד, און דיא פרויען-שטימע האט בעלאנגט צו זיין ווייב, מרס. רייכמאן.

די שטימען האבען געבראכט עטינבערג'ן צו זיך. ער האט זיך א כאפ געטהאן, אויפגעהויבען דעם קאפ און ארויסגעמורמעלט :

— וואס איז עס מיט מיר? וויא אן אידענע ! . . .

ער האט זיך אויפגעהויבען פון ארט.

— ענטשולדיגט — האט ער ארויסגערעדט, שמייכלענדיג פערשעהמט און רחמנות'דיג : — איך האב גאר ניט געוואוסט, אז איך בין געווארען אזא אידענע . . . אין דער-היים האב איך קיין

מאל ניט געווינט . . . 40 יאהר אפ־
געלעבט דארט און ניט געווינט, אפילו
בעת'ן פאגראם ניט . . . און דא . . .
אין אזא קורצער צייט . . . הפנים, אז
אמעריקא לערענט אוים וויינען. נאך
שנעלער וויא דיא רוסישע פאגראמען...

— וואס איז אמעריקא אין דעם
שילדיג ? —האט רייכמאן ארויסגערעדט
בערטראכט.

עטינבערג האט איהם אונטערברא־
כען :

— מילא, מיר וועלען וועגען דעם
מעהר ניט ריידען . . . איך וויל אייך
עפעס בעטען, דאקטאר . . . מיין ליו־
בא איז קראנק געווארען, וואלט איך
אייך בעטען, איהר זאלט באלד ביי אונז
זיין . . .

רייכמאן האט איהם פערוואונדערט
אנגעקוקט.

— אייער טאכטער איז קראנק ?
זייט ווען ? איך האב זיא דאך ערשט
געזעהן . . .

— זיא איז נעכטען געקומען אהיים,
געפאלען אין א היסטעריקע און א גאנ־
צע נאכט געברענט . . . זיא איז, נעבאך
שוואך געווארען, מיין פייגעלע, זייט
זיא איז אין אמעריקא . . . זיא איז ניט
געוואהנט צו דער ארבייט . . . און דא
נאך האט מען נעכטען מיך בעליידיגט
ביי יענעם אויף דער וועטשערינקע. . .
נו, אלעם צוזאמען — וויפיעל דארף אזא
עדעל קינד ? . . .

ער האט טיעף א זיפץ געטהאן.

— הם ! — האט ארויסגעלאזט
דאקטאר רייכמאן. ער האט זיך פלוצים
דערמאהנט, אז ער האט זיא נעכטען
בעגעגענט מיט עפשטיין'ען. געהענדיג
אין דזשעקסאן סקווער פארק, און איצט
איז עם איהם אויפפאלענד געווארען.
„שוין־זשע" ?" — האט ער א טראכט
געטהאן „אפילו אויף עפשטיין'ען קען
מען עם גלויבען. א שוואכינקער מענ־
שעלע, א לייכטזיניגער, ווייסט זעלטען
אויף וואס פאר א וועלט ער איז..."

—גוט, מיסטער עטינבערג, איך וועל
באלד זיין ביי אייך ! — האט ער אונ־
טערבראכען זיינע געדאנקען.

—איך וועל אייך בעטען, דאקטאר
—האט עטינבערג זיך ווידער אפגערופען
מיט געבעט אין קול — איהר זאלט ביי
מיר אין דער היים ניט דערצעהלען.
וואס מיט מיר האט היינט פאסירט...
זיי האבען שוין גענוג יסורים אהן דעם
אויך... איהר וועט ביי מיר זיין פריהער
ווי איך. איך געה איצט זוכען ארבייט...
א סוף, אן עק, עס איז מיר איצט עפעס
איינגעפאלען, און אזוי וועט עס זיין !

—וואס איז אייך איינגעפאלען ?

—איך האב גערעכענט פריהער צו
לייהען אביסעל געלד און עפענען א סי־
גאר־פאבריקעל. איצט אבער וועל איך
מעהר וועגען דעם ניט טראכטען. איך
וועל זיך אויפזוכען ארבייט, אפשפא־
רען עטליכע דאלאר און צוריק אהיים.

—איהר ווילט פאהרען צוריק אהיים ?

—האט רייכמאן זיך אפגערופען פער־
טראכט, און איהם איז איינגעפאלען :
צו האט עס אויך ניט צוטהאן מיט
עפשטיין'ס פערהעלטניסען צו ליובא'ן...

—יא, דאקטאר, איך מוז אנטלויפען
פון דאנען וואס גיכער... איך פיהל, אז
איך אליין בין שוין ניט מעהר איך... א
שמאטע, א נערוועזע אידענע... און
וואס איז פון זיי געווארען, פון מיין
פרוי ? פון מיין ליובעטשקא'ן ?

—אהיים, אהיים!—האט ער גענומען
ריידען ליידענשאפטליך — דארט איז
שוין שטיל... דארט קען מען מיך און
דארט וועט מיר גאט ווידער העלפען...
נו. אדיע, דאקטאר, אדיע ! — האט ער
אריינגעכאפט רייכמאן'ס האנד אין זיי־
נע ביידע און געדריקט : — פערגעסט
זשע ניט, אדיע !...

און געהענדיג צו דער טהיר, האט

ער בעמערקט. ווי פון א זייטיגען צימער זיינען אריין א הויכע פרוי מיט צוויי מענער, פון וועלכע איינער, דער עלטע־רער מיט א בערדעל, האט געמאכט מיט ביידע הענד און גערעדט היציג מיט א הייזעריגליכען קול.

— אדיע! — האט שטיינבערג נאך אמאל געזאגט, און איז ארויס פון צימער.

דיא הויכע פרוי, מיט אן אפענעם און פריינדליכען פנים און מיט גלאט־פערקאמטע שווארצע האאר, איז געווען בערטהא, רייכמאן'ס פרוי. זיא האט געטראגען גלייך און שטאלץ און געקוקט מיט ליעבע און שמייכלענדיג דא אויף דעם מאן מיט'ן בערדעל, וואס האט גערעדט מיט א הייזעריגליכען קול, קאכענדיג זיך און מאכענדיג מיט ביידע הענד, און וויגענדיג זיך אין גאנג מיט'ן גאנצען מאגערען קערפער, און דא אויף'ן צווייטען, א ברייט־שולטערדיגען יונגענמאן, מיט א רונדען, ריין־ראזירטען פנים, וועלכער האט זיך רוהיג צוגעהערט צו דעם מאן מיט דעם בערדעל, שמייכלענדיג דער־ביי מיט יענעם גוטמוטהיגען שמייכעל, מיט וועלכען עלטערע מענשען שמייכ־לען געוועהנליך, בעת זיי הערען קינדער ריידען וועגען ערענסטע זאכען...

— אנקעל, פאר גאד'ס סייק, (אום גאטעס ווילען) — האט ער זיך אפגעע־רופען מיט א גלאטענעם קול אויף א געבראכענעם אידיש — דוא וואס מיט דיא הענד דוא ווארפסט אזוי?... דוא רייד מיט דעם!

ער האט אנגעוויזען אויף זיין מויל.

בערטהא האט זיך צולאכט הויך אויפ'ן קול.

— א פערגעניגען צו הערען, וויא זשעסי רעדט אידיש! — האט בערטהא אויסגעשריען, לאכענדיג און קוקענדיג אויף איהר זוהן מיט ווארימע אויגען.

רייכמאן האט זיך א קעהר געטהאן צו זיי.

— אט מיר וועלען הערען, וואס דער פאפא דענקט פון דעם! — האט זיך דער מאן מיט דעם בערדעל א כאפ געטהאן מיט היטע צו רייכמאנ'ען, מאַ־כענדיג נערוועז מיט ביידע הענד. — איך זאג זשעסי'ן: טאקי אמת אין אמעריקא איז א סך פרייער און זיכערער וויא אין וועלכען נים איז אנדערען לאנד, און מיר אידען האבען אין פערלויף פון אונזער גאנצען גלות־לעבען אודאי זיך נים גע־פיהלט אין קיין לאנד אזוי פריי און אונאבהענגיג וויא אין דיזען לאנד. — טאקי אמת!... אבער פון דער אנדער זייט — איז דאס גייסטיגע לעבען ער־געץ נים אזוי ארעם, וויא טאקי אין דערזעלבער פרייער און רייכער אמערי־קא!... וואס פאר א ליטעראטור האט אמעריקא?... וואס פאר א דראמע?... וואס פאר א פאעזיע? וואס פאר א קונסט?...

זשעסי האט זיך דערביי צולאכט מיט א הילכענדיגען און געזונדען גע־לעכטער און א מאך געטאן מיט א האנד, וויא ער וואלט זאגען: „אט דאס איז א גרינהארן!"...

דער מאן מיט דעם בערדעל האט גערעדט ווייטער:

— וואס איז דער טרוים פון דער אמעריקאנישער יוגענד? געלד־מאכען, „פייטס", באל־שפיעלען און אנדערע כפארטס!...

— איז דאס שלעכט? — האט זשע־סי געלאסען אריינגעווארפען, קוקענדיג אויף זיין אנקעל מיט אן אפלאכענדיגען שמייכעל. —

— איהר געשמאק איז גראב... א דראכע גיט איהר, וועלכע זאל קנאקען פיף־פאף, מיט א מארד אין יעדען אקט, מיט א קינדערשען מוסר השכל... איהר מוזיק זיינען דיא גראבע גאסען־ליעד־

לאך... איהר גאט איז דער מאן מיט דיא געזונדע קולאקעס, וועלכער קען אם ריכטיגסטען און אם בעסטען צו־ברעכען דעם צווייטען לונג און לעבער — האט דער גרינער אנקעל גערעדט אלץ מיט מעהר היטץ — זיא שטודירט אין דיא אוניווערזיטעטען, ניט אום צו ווי־סען און קענען, ניט אום צו זיין געביל־דעטע מענשען, נור אום צו קענען מאכען לייכטער און מעהר געלד... אט דוא, זשעסי, האסט, צום ביישפיעל, אויסגע־שטודירט אדוואקאט, דיין ברודער בעני וועט קומענדיגען יאהר אויך קריגען זיין דיפלאם פון אוניווערזיטעט... נו? צו־ליעב וואס האט איהר געשטודירט? האט איהר אמאל געטראכט אויסצונוצען אייער פראפעסיאן צום וואהל פון אונ־טערדריקטע און פערשקלאפטע?... האט איהר איבערהויפט אמאל געטראכט און געפיהלט יונג, איהר יונגע לייט?...

— אי בעג יור פארדאן, אנקעל — האט זשעסי איהם אונטערבראכען מיט א געלאסענעם קול — דוא רעדסט נאנ־סענס (נארישקייטען)!...

— נאנסענס? — האט יענער אונ־טערגעכאפט — אט דאס איז דאך וואס איך זאג, אז אלעס איז ביי אייך נאנ־סענס אויסער אייער אייגענעם „איך"!...

— אבער, מאאיסעי — האט זיך בערטהא אריינגעמישט, ווענדענדיג זיך צו דעם מאן מיט'ן בערדעל: — דוא רעדסט פארט, זאלסט מיר ענטשולדי־גען, נארישקייטען! . . . פארוואס דענקסטו עפעס, אז דיא אמעריקאנישע יוגענד פיהלט זיך ניט יונג? דערפאר אפשר, ווייל זיא גיט ניט אפ איהר גאנ־צע צייט אויף ריידען וועגען צוקונפטס־פראגען? ווייל זיא האלט ניט פון אי־בערגיסען פון לעדיגע אין לעערע, וויא אייער רוסישע יוגענד?... ניין, מיין טהייערער, קיין יוגענד פון קיין לאנד ביהלט ניט אזוי יונג און אמוזירט זיך ניט אזוי געזונד און שטורמעדיג, וויא אונזער אמעריקאנישע. דערפאר איז זיא טאקע אזוי שטארק און געזונד פהיזיש און גייסטיג . . . זיא חלומ'ם ניט קיין הימעלשע חלומות, ציילט ניט דיא שטערן אויפ'ן הימעל, מוטשעט זיך ניט מיט קיין צוקונפטס־פראגען, וויא מיר האבען עס געטהאן אין אונזער יוגענד, און וויא אזוינע טרוימער וויא ער, מיין מאן, טהוען עס נאך איצט, אויף זייערע עלטערע יאהרען אויך... זיא, דיא אמעריקאנישע יוגענד, לעבט אויף ד'רערד, מיט דער געגענווארט, מיט דעם „היינט", קריעגט ארויס פון דעם לעבען, וואס זיא קען נור פאר זיך, פאר איהר אייגענעם פערגעניעגען, און דעם הימעל מיט דיא אלע צוקונפטס חלומות און וועלט־שמערצען לאזט זיא איבער פאר דיא אונפראקטישע טרוי־מער און נאראנים!...

— אור־רא, מאמא! — האט זשעסי, א כאפ טהאענדיג זיך, א קלאפ געטהאן בערטהא'ן איבער'ן אקסעל: — יו אר אלל רייט, מאמא!...

זיא האט איהם געענטפערט מיט א ווארעמען בליק און שמייכעל.

דער גרינער אנקעל האט נערוועז א דריק געטהאן מיט דיא אקסלען.

— מיכאאיל — האט ער אויסגע־שריען, ווענדענדיג זיך צו דאקטאר רייכ־מאן'ען, וועלכער האט זיך דיא גאנצע צייט צוגעהערט מיט א טרויעריגען שמייכעל אויף דיא ליפען. — וואס מעהר איך הער בערטהא'ן, אלץ מעהר וואונדער איך זיך... אוי, וויא מיין שוועסטער בערטהא האט זיך געענדערט. געווען אמאל אזא אידעאליסטקע!...

בערטהא האט זיך הויך צולאכט.

— לאזט זיי צופריעדען, מאאיסעי!

— האט דאקטאר רייכמאן זיך אבגע־רופען — איהר קוקט אויס ביי זיי א משוגענער, א קרענק, פונקט וויא איך!..

בערטהא האט זיך נאך העכער צולאכט, זשעסי מיט איהר.

— אבער זאג מיר, בערטהא — האט איהר גרינער ברודער אויסגעשריען מיט היטץ — וויא קומט עס? דוא ביזט דאך אמאל געוועזן אזא פערקאכטע אנארכיסטקע!...

— איך וועל דיר זאגען, מאאיסעי — האט בערטהא געענטפערט — אמאל, כל זמן דיא קינדער זיינען געוועזן קליין, האב איך געלעבט אין מיין וועלטעל פון אידעאלען און טרוימען.. דאן האב איך דיא ריכטיגע וועלט ניט געקאנט, דיא ווירקליכקייט איז פאר מיר פרעמד געוועזן און דיא אמעריקאנישע ווירקליכקייט נאך מעהר... זייט אבער דיא קינדער מיינע זיינען אויסגעוואקסען, האב איך זיך גענומען אינטערעסירען מיט זייער וועלט, מיט זייער דענקען און שטרעבען און דאן איז מיר קלאר געווארען, אז דיא אמת שעהנע, גליקליכע וועלט איז זייערע, אז זייער דענקען און שטרעבען איז פון געזונדע און גליקליכע מענשען.. יא, מאאיסעי, איך פיהל זיך גליקליך, וואס מיינע קינדער זיינען געזונדע און פראקטישע אמעריקאנער און ניט קיין נערוועזע, קרענקליכע, רוסישע אידעאליסטען, וויא זייער פאפא און אנקעל זיינען, וועלכע האבען קיינמאל ניט געוואוסט פון דער אמת'ער יוגענד און דעם ווירקליכען לעבען!...

—ניט אמת! האט זיך רייכמאן פלוצים א כאפ געטהאן. נערוועז — פון דער אמת'ער יוגענד האבען מיר נאר געוואוסט, ניט זיי, מיינע קינדער!... נאך איצט בין איך פיעל אינגער פון זשעסי'ן און פון בעני'ן!... דען יונג איז נור דער, וועלכער קען טרוימען און ניט נור פון זיין אייגענעם גליק, נור אויך און איבערהויפט פון דעם גליק פאר'ן צווייטען... יונג איז א קינד, וואס, אז עס דערזעהט א צווייטען ווייגען, הייבט אן אליין צו וויינען... און יענע עלטערע זיינען יונג, וואס מיט זייערע טרוימען שאפען זיי דיא שעהנע ווירקליכקייט פון דער צוקונפט!... מיינע יונגע אמעריקאנישע זיהן זיינען, ליידער, נור יונג אין זייערע יאהרען, אבער ניט אין זייערע געפיהלען און געדאנקען... עס טהוט מיר זעהר וועה צו קוקען אזוי אויף מיינע אייגענע קינדער, אבער אנדערש קען איך אויף זיי ניט קוקען, ווי אויף יונגע בהמה'לאך, וואס זוכען נור פאר זיך וואס בעסערע און זאטערע פאשע!..

— און וואס זוכסטו, משוגענער? האט בערטהא זיך א כאפ געטהאן מיט כעס.

— וואס איך זוך? — האט דאקטאר רייכמאן איבערגעפרעגט מיט א טרויעריגען שמייכעל, האט מיט א האנד א מאך געטהאן און איז אנשוויגען געווארען.

— מאמא, ליוו פאפא עלאן! (לאז דעם פאפא צורוה) — האט זשעסי זיך אריינגעמישט מיט א געלאסענעם קול, שמייכלענדיג מיט זיין אפלאכענדיגען שמייכעל.

בערטהא האט זיך אבער אזוי לייכט ניט געקענט בערוהיגען.

— אזא משוגענער!... בעליידיגט דיא קינדער, ווארום זיי זיינען ניט אזוי משוגע, וויא ער! — האט זיא ווידער אויסגעשריען.

— מיכאאיל איז שוין גאר ניט משוגע, בערטהא — האט זיך אפגערופען מאאיסעי — איך וועל זיך אונטער יעדען ווארט זיינעם אונטערשרייבען. איך זאג אויך — מעגסט אפילו זאגען, אז איך בין א נערוועזער קרענק, א משוגענער רוסישער אידעאליסט און וואס נור פאר א נאמען דוא ווילכט אליין — פאקט אבער בלייבט פאקט, אז יונג זיינען מיר געווען און ניט אייער

אמעריקאנישע יוגענד!... איך בין א יוריסט און מיין זוהן גריגארי איז א יוריסט — פון וואס האבען מיר געטרוימט אין אוניווערסיטעט, איידער מיר האבען דעם דיפלאם געקראגען? פון געלד? פון א רייכער קאריערע? ניין, ניין, אזוי פראזאיש פראקטיש זיינען מיר ניט געווען!... מיר זיינען געווען יונג, געפיהלט יונג, געדענקט יונג און געהאנדעלט יונג.. אזוי וויא איך; אזוי אין פינף און צוואנציג יאהר שפעטער מיין זוהן גריגארי, האבען מיר געזוכט אויסצונוצען אונזער קענטניס אלס געוועהר געגען שלעכטס און פערדארבען, געגען שקלאפעריי און פאר פרייהייט... און הגם מיר ביידע האבען דיא לעצטע צייט אנגעהערט צו פערשיעדענע פארטייען — ער — צום „בונד“ און איך צום „סערפ“, דאך האבען מיר ביידע גלייך יונג געגלויבט און געטרוימט... יא בערטהא, מיר האבען געוואוסט פון דער אמת'ער יוגענד, מיר! — האט ער אויסגעשריען בעגייסטערט.

— נו, און צו וואס האט אייך געבראכט אייער יוגענד? — האט בערטהא זיך שטיל אפגערופען — דו ביסט פערשליידערט געווארען קיין אמעריקא און דיין גריגארי, נעבאך...

מאאיסעי האט א ציטער געטהאן און זיין בלייכער פנים האט זיך אויסגעצויגען.

— מיין גריגארי — האט ער ארויסגעשעפצעט, און אין זיינע אויגען האבען זיך אבגעטונקט טרויער און שמערץ: — מיין גריגארי — האט ער ווידערהאלט מיט וועהטאג און בענקעניש, איז צום פענסטער צוגעגאנגען און געבליעבען שטעהען מיט'ן קאפ ארונטערגעלאזט.

— וויא אונפארזיכטיג דו ביזט, בערטהא! — האט רייכמאן ארויסגעשעפצעט מיט א פארוואורף אין טאן.

— ווארום האב איך עס געזאגט!

— האט בערטהא אויך ארויסגעשעפצעט, קוקענדיג מיט אויגען פול צער אויף איהר ברודער, דאן איז זיא צוגעגאנגען צו איהם און ארויסגערעדט מיט ווארימקייט אין קול:

— נו, נו, מאאיסעי, בערוהיג זיך!.. דיין גריגארי וועט לאנג ניט פערבלייבען אין סיביר!...

מאאיסעי האט זיך א קעהר געטהאן צו איהר מיט א רחמנות'דיגען שמייכעל.

— מיין גריגארי — האט ער ארויסגעשעפצעט מיט א ציטערענדיגען קול, און אין זיינע אויגען זיינען געשטאנען טרערען: — מיין גריגארי, ווען ער זאל זיך צוריקקעהרען פון סיביר, וואלט ער ווייטער געקעמפפט... און איך וואלט איהם ניט געשטערט. דען כל זמן מען שטיקט און דריקט אזוי, מוז מען שטרייטען און קעמפפען, מען מוז, עס איז א הייליגער חוב!... און איבערהויפט — האט ער זיך נערוועז א כאפ געטהאן — איך בין שטאלץ אויף דעם, וואס מיין גריגארי איז אין סיביר, איך בין שטאלץ אויף דעם! דו גלויבסט ניט, בערטהא. און איך זאג דיר . . . איך זאג דיר... טאקי אמת, עס טהוט שטארק וועה... א ברענענדיגער וועהטאג... אבער זיין פערשיקט ווערען אהין בעווייזט דאך עפעס... דערצעהלט דאך עפעס, אויף וואס איך מאג שטאלץ זיין!... אך, זשעסי! — האט ער פלוצים אויסגעשריען מיט זיין הייזעריגליכען קול, אין וועלכען עס האבען געקלונגען ליעבע און בעגייסטערונג: — אט ער איז א יונגערמאן, דיין קוזין גריגארי! אט ער איז א הייסער קעמפער!...

און ער האט גענומען דערצעהלען מיט התלהבות, חינגעריסען, מאבענדיג

טיטביידע הענד, מיט א צופלאמטען פנים און ברענענדיגע אויגען וועגען זיין זוהן גרינארי'ס רעדנער־טאלענט, זיין פייערדיגער צונג און וועגען זיין דרייסטער און ליעבענדער זעעלע... וועגען דעם, וויא טיעף ער האט געליעבט דיא פרייהייט און וויעפיעל מאל ער האט געוואגט און ריזיקירט פאר איהר... און גרינארי איז ניט געוועזן דער איינציגער. פיעל אזעלכע גרינארי'ס, זעהר פיעל, האט דאס אידישע פאלק אין רוסלאנד דיא לעצטע יאהרען ארויסגעשטעלט — האט ער גערעדט ווייטער — אין אלע פרייהייטס־פארטייען, אונטער אלע פרייהייטס־פאהנען!... טאקי אמת — האט ער אויסגעשריען מיט פייער — פיעל בלוט האט עס אונז געקאסט, פיעל לעבענס, דערפאר אבער איז אונז געבליעבען איין גרויסע פרייד, וועלכע איז ווערטה דיא אלע קרבנות: מיר האבען דערזעהען און דער וועלט געוויעזען, אז דאס אלטע, פעראכטעטע אידישע פאלק איז ניט דער שקלאף, פאר וועלכען מען האלט איהם, איז ניט דער ווארים, וועלכען יעדער מאג מיט דיא פיס טרעטען; אז נאך א סך כוחות פערמאגט עס, יונגע און לעבעדיגע, דרייסטע און מעכטיגע כוחות!... און נאך וויכטיגער איז דאס, וואס צום ערשטען מאל אין דער גלות־געשיכטע האבען דיעזע כוחות געשטריטען און געפאדערט אפען אלס אידישע... יא, מיכאאיל — האט ער זיך מיט היץ א קעהר געטהאן צו רייכמאנ'ען — מעג זיך מאנכען אויסוויזען, אז יענע כוחות זיינען שוין איצט צודריקט און צערשטיקט אויף א לאנגע, לאנגע צייט, אפשר אויף אייביג, און איך זאג דיר: ניט אמת! זיי רוהען זיך אויס, זיי האבען נור איינגעשלומערט אויף א ווייל'ע, אום אויפצוכאפען זיך שפעטער מיט מעהר פרישקייט און דרייסקייט, מיט מעהר מעכטיגקייט און גבורה!... איך האף, מיכאאיל, איך האף מיט מיין גאנצער נשמה, אז דיעזע כוחות וועלען נאך וואונדער שאפען פאר אונזער פאלק, איך האף!...

ער איז אנשוויעגען געווארען און גענומען געהען איבער'ן צימער הין און צוריק, שטארק פערטהאן אין זיך, מיט שפורען פון בעגייסטערונג אויף זיין פנים און אין זיינע אויגען.

רייכמאן האט איהם נאכגעקוקט פערחלום'ט, שציפלענדיג זיינע וואנצעס. בערטהא מיט א גוטמוטהיגען שמייכעל און זשעסי מיט א מינע, וואס האט אויסגעדריקט אי נייגיעריגקייט, אי פערוואונדערונג, אי לייכטע איראניע.

— נו, זשעסי, ווער איז יונג — האט זיך פלוצים מיט התפעלות אפגערופען דאקטאר רייכמאן, א קעהר טהאענדיג זיך צו זיין זוהן: — דיין פונפציג־יעהריגער אנקעל, צו דוא און דיא אנדערע אמעריקאנישע יונגע לייט?...

— וועל, א'לל טעל יו, פאפא — האט זשעסי געענטפערט אויף ענגלייש רוהיג און מיט א לייכטען שמייכעל — דיין גאנצע פראגע קומט מיר אוים קאמיש... אויב דוא דענקסט, אז יונג זיין הייסט פייטען (שטרייטען), זיינען מיר, אמעריקאנער, דיא בעסטע פייטערם...

מאאיסעי האט זיך אפגעשטעלט, צוגעהערט זיך א ווייל'ע און ניט פערשטעהענדיג, וואס זשעסי האט גערעדט, האט ער אויסגעשריען:

— אידיש, זשעסי, אידיש!...

— דוא, אנקעל, דוא בעסער הער מיך טאקען (ריידען) ענגליש, דוא דאן אוים גרינהארן זיין! — האט ער געענטפערט מיט א העפליכען שמייכעל און א קעהר טהאענדיג זיך ווידער צו זיין פאטער, האט ער ווייטער גערעדט אויף ענגליש:

— אלזא, פאפא, פייטערס זיינען מיר בעסערע וויא דיא רוסישע... און איך פערזיכער דיר, אז מיר, אמעריקא־נער, אויף זייער פלאץ וואלטען שוין לאנג אויסגעפייט דיא פרייהייט... די רוסישע קענען נור פיעל ריידען און שרייען, און מאכען מיט דיא הענד, אבער טהאן דהי ריעל טהינג (דיא ריכטיגע זאך), קענען נור דיא אמעריקאנער. ביי גאט, פאפא, עס איז זעהר קאמיש צו דענקען אפילו, אז דיא רוסישע זיינען בעהיגער צו פייטען פאר פרייהייט, ווי דיא אמעריקאנער!... אין לינקאלנ'ס צייטען האבען מיר אפילו געפייט פאר דיא בעפרייאונג פון דיא ניגערס און נאך גאר ניט לאנג פאר דיא בעפרייאונג פון דיא קובאנער!... מיר האבען ליעב דיא פרייהייט, און זאל זיא ביי אונז זיין אין געפאהר, קענסטו זיין זיכער, פאפא, אז מיר וועלען פאר איהר קענען שטארבען העלדישער פון אייערע רוסי־שע!... עס איז זעהר נאריש פאפא, צו פערגלייכען דיא רוסישע צו אונז, אמע־ריקאנער!... אין הונדערטער יאהרען וועלען זיי ניט האבען אט דיא פרייהייט, וואס מיר האבען... און ווייסטו, וואר־רום? ווייל זיי זיינען רוסישע פלאפלער און ניט קיין אמעריקאנער טהוער!...

— בראווא, זשעסי! זעהר ריכטיג! — האט איהם בערטהא אונטערבראכען מיט התפעלות, קוקענדיג אויף איהם מיט שטראהלענדיגע אויגען.

— קורץ, פאפא — האט זשעסי ווײ־טער גערעדט — פון דיזען שטאנדפונקט זיינען מיר אויך אזוי יונג וויא זיי, פיעל אינגער נאך... נור אויב יונג הייסט ביי דיר זיין משוגע, ארומטראגען זיך מיט קינדערשע פראיעקטען און פלענער ווע־גען שאפען נייע וועלטען, אידישע טע־ריטאריעס, ציון און אזוי ווייטער, — דאן בין איך, פאפא — ער האט א לאך געטהאן גוטמוטהיג — אי אלט, אי גרוי אי וואס דוא ווילסט נור אליין... און איך טראכט מיר: איך וועל בעסער אויסלעבען מיינע אלטע יאהרען אין מיין אלטער אמעריקא!...

בערטהא האט זיך הויך אויפ'ן קול צולאכט. אפילו רייכמאן, וואס האט זיך דיא גאנצע צייט צוגעהערט צו איהם ערענסט פערטראכט, האט ביי זיינע לעצטע ווערטער אויך לייכט א שמיי־כעל געטהאן.

— וואס האט זשעסי געזאגט? ער־קלערט מיר! — האט מאאיסעי זיך גע־ווענדעט צו רייכמאן'ען מיט נייגיעריג־קייט אין קול.

בערטהא האט זיך א כאפ געטהאן און איהם גענומען ערקלערען מיט התפעלות און געלעכטער.

— אלל רייט, זשעסי — האט דאק־טאר רייכמאן זיך דערווײלע אפגערופען — מיר וועלען צוגעבען, אז מיר אמע־ריקאנער, דארפען זיך פיהלען גליקליך, וואס מיר האבען פרייהייט און אזוי ווייטער... אבער א מענש דארף דאך פיהלען פאר'ן צווייטען אויך, וועלכער איז ניט אזוי פריי און גליקליך?...

זשעסי האט זיך צולאכט.

— וואס ווילסטו, פאפא, איך זאל געהן פייטען פאר דיא פרייהייט אין רוסלאנד?... עס איז צו קאלט אין סי־ביר!... ברררר!...

— איך זאג עס ניט, זשעסי... איך מיין אבער מיט דער אידישער לאגע...

— אהא, דיא אלטע געשיכטע!... ווייסט דאך פאפא, איך מארטער מיר ניט מיין קאפ וועגען פרעמדע ביזנעס!...

— דוא ביזט דאך אבער א איד, זשעסי!...

— איז עס מיין שולד, פאפא? — האט ער זיך ווידער צולאכט.

— האט דאך זייער לאנגע געמעגט דיך אינטערעסירען...

— עס אינטערעסירען מיך וויכטי־
גערע זאכען...

— וויכטיגערע? דיין רעפובליקאני־
שער קלוב, וואס?...

— זעהר א וויכטיגע זאך, פאפא... דורך איהם וועל איך נאך אמאל פיע־
לייכט אריינגעהען אין קאנגרעס... וואס אבער וואלט מיר געגעבען, ווען איך וואלט זיך אינטערעסירט מיט דיינע זאכען?...

רייכמאן איז געווארען נערוועז.

— נו, נו, גענוג, גענוג, שוויג, איך ווייס, איך ווייס! — האט ער צו איהם א מאך געטהאן מיט א האנד, איז אפ־
געטראטען פון איהם און א זיפץ גע־
טהאן.

זשעסי האט געקוקט אויף איהם און גוטמוטהיג געלאכט.

אין דיעזער צייט איז אין צימער אריינגעלאפען רייכמאן'ס אינגערער זוהן בעני — א הויכער, א שלאנקער, א שטארקער יונגערמאן מיט בלאנדע האר. ער איז אריינגעלאפען פערסאפעט מיט א ציימונג אין האנד.

— אור־רא! — האט ער אויסגע־
שריען מיט א שטארקער ברוסט־שטימע, איז צוגעלאפען צו זשעסי'ן און א קלאפ געטהאן איהם איבער'ן אקסעל: — פינף דאלארס, סער!...

— וואס איז דער מעהר? — האט זיך זשעסי א קעהר געטהאן צו איהם.

— איך האב געוואונען דעם וועט!... נו, דיא פינף דאלאר, סער! — האט ער צו איהם אויסגעשטעלט א האנד.

— טאקי זשעף האט געוואונען?...

— געוויס, אט לעז דיא עקסטרא!...

זשעסי האט גענומען דיא ציימונג פון זיין ברודער'ס האנד און איז אוועק מיט איהר אין א צווייטען צימער.

— מאמא! — האט בעני אויסגע־
שריען מיט התפעלות — קום, דוא וועסט הערען, וויא אזוי זשעף האט געוואונען דעם פייט!...

און ער איז אוועקגעלאפען נאך זשעסי'ן.

בערטהא מיט א שטראהלענדען פנים נאך איהם.

— וואס איז עס? — האט זיך דאן מאאיסעי געווענדעט צו רייכמאנ'ען.

— גאר נישט — האט יענער גע־
ענטפערט מיט א טרויעריגען שמייכעל — צוויי טשאמפיאנען פייטערס האבען א פייט געהאט, האבען זשעסי און בעני זיך אויף זיי געוועט — ווער וועמען וועט בעסער דיא ביינער צוברעכען...

— זעהר וויכטיג און אינטערעסאנט! — האט מאאיסעי זיך אפגערופען, שאק־
לענדיג מיט'ן קאפ.

— שלעכט, מאאיסעי, טרויעריג! — האט רייכמאן פלוצים ארויסגעשעפ־
צעט, און אין זיינע פערחלומ'טע אויגען האט זיך אפגעטונקט א טיעפער צער.

— יא, מיכאאיל, שטארק פרעה־
לאך איז דא ביי אייך ניט!... אזוי קאלט, אזוי קאלט... מען פרירט דא מיט דער נשמה, מיט'ן הארצען און מיט'ן מוח... ניטא זיך וואו אהין צו־
טהאן פון דער קעלט, פון דער בענקע־
ניש... עה, דארט איז ווארעם, דארט, אין דער־היים! — האט ער ארויסגע־
שעפצעט פערצווייפעלט.

— די נשמה בלוטעט דא, מאאיסעי! — האט זיך רייכמאן געקלאגט פאר איהם.

— ניט ביי זיי — האט אונטער־
געכאפט מאאיסעי — זיי האבען ניט קיין נשמה, נור א מאגען און הענד... מיר דאכט זיך, אז גאנץ אמעריקא איז איין גרויסער מאגען און איין פאאר גרויסע הענד!...

— איך האב ניט ערווארטעט, מיי־
נע קינדער זאלען אזוי אויסוואקסען, איך האב ניט ערווארטעט — האט

**רייכמאן געשעפצעט מיט וועהטאג און פערטראכט.**

א ווײלע האבען זיי געשוויעגען. מאאיסעי האט אנגעצונדען א סיגארעט און נערוועז געדרייכערט. רייכמאן איז געשטאנען טיעף פערטהאן אין זיך און האט געציפעלט זיינע וואנצעס. פון א צווייטען צימער האבען זיך געהערט די טומעלדיגע, יונגע און געזונדע שטימען פון זשעסי'ן און בעני'ן, אין וועלכע עס האט זיך צייטענווייז אריינגעפלאכטען בערטהא'ס שטימע.

— און אייגענטליך — האט זיך מאאיסעי פלוצים א כאפ געטהאן, א מאך טהאענדיג מיט ביידע הענד: — עס איז קיין וואונדער, אז אייערע קינדער זיינען אויסגעוואקסען אזעלכע!... וואס פאר אן ערציהונג האבען זיי ביי אייך געקראגען? אין וואס פאר אן אטמאספערא זיינען זיי ביי אייך געוואקסען?... אין דער היים ביי רעליגיעזע עלטערען ווערען דיא קינדער ערצויגען אין אן אטמאספערא פון טראדיציאנען און מנהגים, אין א הייליגער און פאעטישער שטימונג פון שבתים און יום טובים... ביי דיא ניט־רעליגיעזע עלטערען — אין אן אנדער אטמאספערא, פון ליטעראטור און אידעאלען, וועלכע ווערט נאך פערשטארקט פון די שוהלען, פון חברים — וואקסען טאקי דארט ארוים די קינדער מיט נשמות און א סך — מיט נשמות יתרות... דא אבער?... די עלטערן אימיגראנטען, אוועקגעריסען פון דעם אייגענעם באדען, לעבען אליין אויסער א וועלכער ניטראיז אטמאספערא... בלייבען די קינדער איבערגעלאזען צו זייער ערציהונג פון דער שוהלע, פון די חברים אין גאס... דער רעזולטאט איז: די קינדער הערען אויף צו פערשטעהן דיא עלטערן, די עלטערן די קינדער... די עלטערן זיינען „גרינהארנס", דיא קינדער אמעריקאנער, וואס פיעל פון זיי, וויא איך האב שוין דא בעמערקט ביי אייך, שעהמען זיך גאר אין גאנצען מיט זייערע עלטערן.... קורץ, מיכאאיל, קיין אנדערע קינדער האבען ניט געקענט ארויסוואקסען ביי אונזערע אימיגראנטען. דיא שוהלע ערציהט זיי פאר אמעריקאנישע פאטריאטען און הויפטזעכליך פאר אזעלכע... און דיא חברים און דיא גאס מאכען פון זיי פראקטישע מענשען און גאסען־יונגען. אט אזוי איז ביי אייך בעשאפען געווארען צווישען דיא קינדער פון אידישע אימיגראנטען דער אונסימפאטישער טיפ, וועלכער איז א געמיש פון אמעריקאנישען פאטריאט, פראקטישען מענשען און גאסען־יונג...

— יא, מאאיסעי — האט זיך רייכמאן אפגערופען — דער דיאגנאז פון דער מכה איז טאקי א ריכטיגער, אבער דיא רפואה פאר דער דאזיגער מכה, די רפואה? זיא טהוט דאך אזוי וועה, מאאיסעי!...

— עס איז דא א רפואה, מיכאאיל, עס איז דא! — האט מאאיסעי אויסגעשריען מיט היטץ — דיא צרה איז, וואס דו ווילסט מיך ניט פערשטעהן...

— דיא אידישע קולטור?...

— יא! פערשטעה דאך מיך, מימיכאאיל — האט מאאיסעי אויסגעשריען מיט נאך מעהר היטץ — אז אידישע טעריטאריע איז אפשר טאקי דער בעסטער ענטפער אויף דער אידישער פראגע; אבער ביז דער טעריטאריע? וואס וועט ביז דעמאלט ווערען פון אונזערע קינדער, ווען מען זאל זיי ניט ערציהען אלס אידען?... מיר מוזען לערנען מיט אונזערע קינדער אידישע געשיכטע, אידישע ליטעראטור, דאן וועללען מיר האבען פערפלאנצט אין זייערע יונגע נשמות עפעס פון אונזער אייגענער נשמה, דאן וועלען זיי בלייבען אידען, וועלען פיהלען אלס אידען און וועלען זיך אפילו אינטערעסירען מיט

א! אידישער טעריטאריע אויך!..

— איך גלויב ניט אין דער מעג־ליכקייט פון אן אידישער קולטור אין גלות־לענדער — האט רייכמאן זיך אפּ־גערופען.

— און איך בין איבערצייגט, אז עס איז יא מעגליך — האט מאאיסעי זיך געהיצט — און ניט נור מעגליך, זיא איז אפילו שוין דא אויך! דיא אלע אידישע צייטונגען מיט זייער גוואלדיגע צאהל לעזער... דיא אידישע טהעאטערס — דאס אלעס איז אידישע קולטור! מיר מעגען זיין ניט איינפערשטאנדען מיט זייער אינהאלט, ער קען דאך אבער שפּעטער ווערען א בעסערער, אן עדע־לערער און זייער אינהאלט וועט אויך ווערען בעסער און עדלער, וועט מוזען ווערען, ווען מיר וועלען האבען אן אמת אידישע אינטעליגענץ, וואס וועט זיך מיט דעם אינטערעסירען... פאלגט מיך, מיכאאיל, נעהמט אן מיין פארשלאג, וואס איך האב אייך לעצטע וואך גע־מאכט: לאמיר גרינדען נאציאנאלע אבענד־שוהלען פאר אידישע קינדער, וואו מיר זאלען מיט זיי לערנען אידישע געשיכטע און ליטעראטור. אין אמע־ריקא איז דאך אזוי לייכט צו גרינדען אזעלכע שוהלען!...

— יא, גרינדען איז שוין לייכט, אבער... — האט רייכמאן א שמייכעל געטהאן.

— זייט דאך ניט אזא פּעסימיסט, מיכאאיל! — האט מאאיסעי אויסגע־שריען — נו, לאמיר פּרובען... אום גא־טעס ווילען, לאמיר עפּעס טהאן!... דער אידישער טעריטאריע וועט עס דאך ניט שאדען?...

רייכמאן האט א ווײלע נאכגעדאכט.

— מילא, מיר וועלען פּרובען—האט ער ארויסגערעדט — א גוטע זאך וועט עס סיי וויא סיי זיין!

און דערמאנט זיך אן דעם וויזיט צו דער קראנקער ליובא'ן, האט ער זיך א כאפּ געטהאן מיט אן אימפּעט:

— אוי, איך האב גאר פערגעסען! איך מוז לויפען צו א קראנקער!

און ער איז איילענדיג ארויסגעלא־פען פון הויז.

## 19

דיא גאנצע נאכט האט ליובא'ן גע־פיעבערט... איהר קאפּ האט געברענט, אין דיא שלייפען האט געקלאפּט, דא האט זיא א היטץ געשטיקט און באלד האט זיא זיך אין גאנצען פון א קעלט געטרוויסעלט, און דאס הארץ אין איהר ברוסט האט זיך דא צוזאמענגעדריקט און דא געשלאגען שנעל, שנעל, מיט אימפּעט, אקוראט וויא עס וואלט זיך געריסען ארויס, ארויס...

זיא האט זיך געפיהלט צוטומעלט, איבערראשט און פערוואונדערט פון דער סצענע אין דזשעקסאן סטריט פּארק...

— וויא? וויא אזוי? און וואס וועט איצט זיין? אזוי אונערווארטעט, אזוי פּלוצים!...

זיא האט ניט געפונען קיין ענטפער אויף דיזע פראגע און האט זיך גע־גראבען מיט'ן פּנים אין קישען און פערשטיקט דיא קרעכצען, וואס האבען זיך געריסען פון איהר נשמה...

— ער איז א פערהייראטעטער מאן! ער איז מאשא'ס מאן! — האט געיאמ־מערט א פערצווייפעלטע שטימע אין איהר נשמה — היינטיגען אבענד האבען זיי ערשט געפייערט זייער פאמיליען־לעבען!...

און פאר איהרע אויגען האט אפּ־געלעבט מאשא א שמייכלענדיגע, א גליקליכע, וויא זיא האט אויסגעזעהען אין דיזען אבענד. און א קעלט איז אריבער איבער איהר לייב, און זיא האט זיך גענומען טרויסלען און קרעכצען: — וויא אזוי? וואס וועט איצט זיין?...

עטליכע מאל דורך דיא נאכט זיי־

נען עטינבערג און אניוטא צו איהר אויף דיא שפיץ־פינגער אריינגעגאנגען, איהר שטערן זאכט געטאפּט און געשעפּצעט איינער צום אנדערן... דאן האט זיא דיא אויגען געהאלטען צוגעמאכט, דיא ליפּען צונויפגעדריקט און האט זיך געמאכט, וויא זיא שלאפט...

און אין דערזעלבער צייט, איבערהויפּט, ווען זי פלעגט דערפיהלען איהר מאמע'ס האנד אויפ'ן שטערן, האט זיך איהר שטארק געוואלט צופאלען צו איהר, אויסוויינען דיא אלע פערשטיקטע טרערען און זאגען: — מאמוניו, איך בין אזוי אונגליקליך, אזוי אונגליקליך!...

זיא וואלט זיך פשוט מחיה געווען, ווען זיא וואלט עס ארויסגערעדט פאר איהר מאמען, דאס האט איהר אזוי שווער געדריקט אויפ'ן הארצען...

אבער עפּעס א מין שעהמעוודיגע געפיהל האט זיא אפּגעהאלטען פון צו זאגען איהר מאמען, און זיא האט געהאלטען צוגעמאכט דיא אויגען און געדריקט, און געשטיקט אין זיך, ביז זיא האט געהערט, וויא זיי, איהר טאטע־מאמע פערלאזען פארזיכטיג, אויף דיא שפּיץ־פינגער, איהר צימער. דאן האט זיא איהרע אויגען געעפענט, אין דיא ארומיגע האלב־דונקעלהייט געקוקט מיט אויגען, וויא ביי צושראקענער ציעג, געקרעכצט מיט א פערשטיקטען קול און מיט'ן הארצען געבליפּעט, געוויינט און געיאמערט...

פארטאג ערשט האט זיא איינגעשלאפען. און שלאף האט זיך איהר פארגעשטעלט דיא אלטע הייהם, קיעוו... א בלויער, טיעפער הימעל ארומגעלייגט מיט רויטע, פייערדיגע אוזארען... אויף דיא גאכען פינקעלט און בלישצעט דער ווייסער שנעע... זיא זיצט אין א שליטען, דיא הענד אין איהר מופטע פערלייגט, נעבען איהר דיא מאמע אין א פיקסענער רעטאנדע... הו—הא, וויא דער פראסט, „דיא רויטע נאז", שמאליעט!... דער קוטשער טרייבט דעם פערד, און דער פערד טראגט זיך, טראגט זיך און שטיקלאך שנעע פליהען פון אונטער זיינע פיס אין לופטען, פליהען און טרעפען די פערבייגעהער... הו־הא, דער אטהעם פערכאפּט ליובאן!... איהר איז אזוי פרעהליך, אזוי גוט אויפ'ן הארצען!... זיא דריקט זיך צו צו איהר מאמען, לאכט, שפּרינגט אונטער מיט בײדע פיס אין שליטען און שרייט: קאטי — קאטאי!!...

און דארט ציהט זיך דורך דיא קוימענס פון דיא הייזער ראזעווע וואלקענס פון רויך... זיי ציהען זיך און ציהען זיך גלייך צו דעם קלארען, בלויען הימעל מיט דיא פייערדיגע אוזארען...

און פּלוצים איז דער קלארער, בלויער הימעל מיט דיא רויטע אוזארען פערשוואונדען, עס זיינען נור פערבליעבען דיא וואלקענס פון רויך, וועלכע האבען איצט אויסגעזעהען שווארץ און האבען זיך ניט געצויגען ארויף, נור ארונטער, ארונטער, אויף ד'רערד, אויף איהר, אויף דיא מאמען, אויף דיא שליטען, אויפ'ן קוטשער און אויפ'ן פערד... ער ווערט אלץ געדיכטער, דער רויך, שווארצער און שטיקענדיגער... ער ווערגט, ער שטיקט... דאס הארץ עסט ער אויס, דיא אויגען... זיא ווענדעט זיך צום קוטשער, ער זאל שנעלער דעם פערד טרייבען, פון דעם שטיקענדיגען רויך זאל ער זיא ארויספיהרען... דער קוטשער טהוט צו איהר א קעהר דעם פנים, ערשט דאס איז עפּשטיין!... טהוט זיא זיך א כאפּ צושראקען, וויל זיך צו איהר מאמען צודריקען, ערשט איהר מאמע איז ערגעץ פערשוואונדען און אנשטאט איהר זיצט מאשא...

— וויא געפעהלט איך אזא פער־

גענייעגען? — פרעגט ביי איהר מאשא מיט א סארקאסטישען שמייכעל.

— איך ווער דערשטיקט — קרעכצט ליובא און בעט זיך: — פאהרט אהיים! פאהרט אהיים!...

— דערשטיקט? כא! כא! כא!... — ענטפערט איהר מאשא מיט א שרעקליכען געלעכטער.

ליובא'ן איז אזוי מורא'דיג געווארען פון דעם דאזיגען געלעכטער, אז זיא האט גענומען שרייען מיט אימה'דיגע קולות: — איך וויל אהיים, אהיים! — און מיט דעם געשריי האט זיא זיך אויפגעכאפט פון שלאף און דיא אויגען געעפענט.

נעבען איהר זיינען געשטאנען שטינבערג מיט אניוטא'ן.

— זיא שרייט פון היטץ — האט זיא געהערט איהר פאטער'ס קול — וואס איז דיר, ליובעטשקא? איך וועל שיקען אהער וואלאדיא'ען.

זיא האט זיך א כאפ געטהאן צושראקען און ארויסגעשעפּצעט:

— מען דארף ניט, מען דארף ניט, איך פיהל זיך בעסער...

א קאלטער שוויים האט ארויסגעבראכען אויף איהר שטערען.

— יא — האט שטינבערג געזאגט מיט כעס — זאל ער זעהן, וואס פאר א פערגעניגען עס האט דיר פערשאפט דער געכטערדיגער אבענד ביי איהם!...

זיא האט זיך א צאפעל געטהאן און אויסגעשטעלט אויף איהם גרויסע, צובישטע אויגען.

— פון וואנען ווייסט ער? — איז איהר דורכגעפלויגען אין מוח.

— אבער דוא דארפסט א שפיי טהאן אויף דעם, ליובא, מאלע וואס אייטער בעליידיגט דיין פאפא'ן אין אמעריקא! — האט שטינבערג זיך ווידער אפגערופען.

ליובא'ן איז קלאר געווארען, וועגען וואס איהר פאטער רעדט, זיא האט א קוק געטהאן אויף איהם רחמנות'דיג און א קרעכץ געטהאן.

— נו, נו, קינדעלע, נו, נו, בערוהיג זיך! — האט ער זיא א גלעט געטהאן.

און פלוצים האט ליובא קראמפּפהאפט א כאפ געטהאן זיין האנד, צוגעדריקט זיך צו איהר מיט'ן שטערען און זיך ליידעשאפטליך צעוויינט.

— ליובעטשקא, קינדעלע — האט ער געמורמעלט פערלארען און א כאפ געטהאן זיא קושען.

און ליובא האט נאך העכער און פערצווייפעלטער געוויינט.

— וואס איז דיר, ליובא? — האט אניוטא זיך פלוצים אפגערופען.

— אוי, מאמא — האט זיך ביי ליובא'ן ארויסגעריסען א יאמער — מיר האבען נעכטען ניט געדארפט געהען אהין!...

— נו? — האט זיך שטינבערג א כאפ געטהאן צו זיין פרוי — ווער קען ליובא'ן — איך צו דוא? ווען איך זאג דיר, אז דערפאר, ווייל מען האט מיך בעליידיגט, גלויבסטו מיר ניט!...

— איז זיא א נאר! — האט אניוטא ארויסגערעדט פערביטערט.

— איך וועל געהן צו וואלאדיא'ן — האט שטינבערג ווידער געזאגט.

— מען דארף ניט, פאפא, איך וויל איהם ניט זעהן, איך קען איהם ניט זעהן! — האט ליובא ארויסגעקרעכצט.

— רייד דוא ניט קיין נארישקייטען, ליובא! — האט אניוטא זיך אפגערופען — עפּשטיין איז ניט שולדיג, וואס איינער א שיכור האט בעליידיגט דיין פאפא'ן!...

— טאקי, טאכטערל — האט שטינבערג אונטערגעכאפט מיט א ווייכען קול — ער איז דאך טאקי ניט שולדיג... איך וועל געהן צו איהם... איך דארף איהם נאך זעהן וועגען עטוואס אנדערש...

און דאן איז עטינבערג אוועק צו עפשטיין׳ען, ניט חלום׳ענדיג גאר פון דעם סוף, וואס ער האט דארט געהאט...

באלד וויא עטינבערג איז אוועק, איז ליובא אויפגעשטאנען פון איהר געלעגער מיט א שווערען קאפ, האט זיך אנגעטאן און איז ארויס אין קיך טרינקען טהעע.

זיא האט ניט געוואלט, עפשטיין זאל זיא טרעפען אין בעט א קראנקע, אקוראט וויא זיא וואלט זיך געשעהמט פאר איהם צו קרייענקען...

אניוטא האט איהר דערלאנגט טהעע און געזאגט, אז פאר אזוי נאריש האט זיא זיא ניט געהאלטען. נעהמען זיך נאר דאס לעבען פאר דעם, וואס איינער בעליידיגט אין אמעריקא...

ליובא האט געהערט איהר מאמעס קול, ועלכער האט איהר געקלונגען, ווי פון זעהר ווייט, און ניט פערשטאנען קיין איין וואָרט, וואס אניוטא האט צו איהר גערעדט.

זיא איז געווען פערטהאן מיט זיך אליין, מיט איהרע אייגענע געדאנקען. זיא האט געזופט דעם טהעע, ניט פיהלענדיג קיין טעם, קוקענדיג אויף דער מיטער א בלייכע, מיט פערטראכטע אויגען און קלערענדיג: „פיעלייכט וואלט בעסער געווען, אז עפשטיין זאל מיך טרעפען אין בעט א קראנקע? וואס פאר א מינע וועט ער דאן מאכען?“...

זיא האט אויסגעטרונקען דעם טהעע און איז אריין אין פראנט צימער. דארט האט זיא זיך אוועקגעשטעלט פאר׳ן שפיעגעל און זיך אויפמערקזאם געגעמען בעטראכטען...

זיא איז בלייך... מען קען גלייך בעמערקען, אז זיא ליידעט... דיא ליפען בלאס... אונטער דיא אויגען איינגעפאלען... וואס וועט ער זאגען, ווען ער וועט קומען?... ווען דיא מאמע זאל איהם נור לאזען מיט איהר אליין!...

און דא האט זיא זיך דערמאנט אן זיינע ווערטער אין פארק: „ליובא, איך וויל ניט, דוא זאלסט זיין אונגליקליך“, און א געפיהל פון רחמנות צו זיך אליין האט זיך ערוועקט אין איהר נשמה ביי דיזער ערינערונג. יא, זיא איז אונגליקליך, זעהר אונגליקליך!... וואס וועט זיין: ער איז דאך א פערהייראטעטער מאן!...

פלוצים האט זיא זיך דערמאהנט אן איהר חלום, אן דעם שטיקענדיגען רויך, אן מאשא׳ס סארקאסטישען, בייזען געלעכטער... און עס האט זיך איהר אויסגעוויעזען, אז נאך איצט הערט זיא יענער׳ס געלעכטער, פיהלט שארף יענעם שטיקענדיגען רויך... עס האט איהר עפעס גענומען שפארען אונטער׳ן האלז. זיא האט געוואלט א הוסט טהאן, איהר קול איז אבער אין האלז פערשטיקט געווארען...

זיא האט זיך אויף׳ן שאקעל־שטוהל ארונטערגעלאזען און די ליפען גענומען בייסען, וועהרענד פון איהרע אויגען האבען זיך געקייקעלט טרעהרען איינע נאך דיא אנדערע, אונבעמערקט פאר איהר אליין...

אזוי איז זיא געזעסען א לאנגע, לאנגע צייט, קוקענדיג מיט פערשלייערטע אויגען, וויא דורך א נעבעל, אין איין ריכטונג אויף דיא פאדלאגע און בייסענדיג דיא ליפען...

און ביסלעכווייז האט דיא פאדלאגע פון איהרע אויגען גענומען פערשווינדען, איז אין גאנצען פערשוואונדען... א ווייסער, בלאסקענדיגער שנעע האט פאר איהרע אויגען זיך גענומען טראגען, דער פארק, מיט דיא זילבערנע שטראהלען פון דער לבנה, בעגאסען, האט פאר איהר ארויסגעשוועבט און עפשטיין און זיא נעבען איהם... און דאס הארץ אין איהר ברוסט האט גענומען קלאפען שטארק, שטארק, און איהרע ליפען האבען גע־

שעפּצעט שטיל, שטיל, וויא א הויך:

— איך ליעב דיך, איך ליעב דיך!...

וויא דורך א חלום, האָט זיא גע־הערט, אז מען האָט אנגעקלאַפּט אין טיהר פון קיך, אימיצענס קול, וועלכער האָט זיך צונויפגעגאָסען מיט איהר מור־מער'ס שטימע. זיא האָט זיך א כאַפּ געטאָהן, און דאָס בלוט האָט איהר אין פּנים א זעץ געטהאָן, און דאָס הארץ האָט ביי איהר נאָך שטאַרקער גענומען קלאַפּען און שפּרינגען, וויא א פייגעלע אין שטייגעל... זיא וועט איהם באַלד זעהן... ער קומט גלייך צו איהר אריין... דער אָטהעם האָט איהר פערכאַפּט פון אויפרעגונג. זיא האָט צוגעמאַכט דיא אויגען, אקוראַט וויא זיא וואָלט מורא געהאַט אז זיא וועט זיין בליק ניט אויס־האַלטען...

דאָקטאָר רייכמאַן איז אריינגעקומען מיט זיין גוטען שמייכעל, הינטער איהם אניוטא.

— גוט מאָרגען, מיסס עטינבערג — האָט ער געזאָגט, צוגעהענדיג צו איהר און געבענדיג איהר דיא האַנד.

א קרעכץ פון ענטוישונג האָט זיך ארויסגעריסען פון איהר הארצען, ווען זיא האָט איהם דערזעהן. זיא איז געבליע־בען זיצען צומישט, ציטערענדיג מיט'ן גאַנצען קערפּער און קוקענדיג אויף איהם מיט גרויסע, גלעזערנע אויגען.

רייכמאַן האָט בעמערקט איהר שרעק און איז אליין אויך צומישט געוואָרען.

— וואָס איז עס? — האָט ער א טראַכט געטאָהן, קוקענדיג פערוואונ־דערט און מיט א צומישטען שמייכעל דאַ אויף אניוטא'ן, דאַ אויף ליובא'ן און ווידער אויף אניוטא'ן און ווידער אויף ליובא'ן.

— א גרוס פון אייער פּאַטער — האָט ער אויף'ן סוף ארויסגערערט און וועלענדיג איהר געבען צייט צו בערוהי־גען זיך, האָט ער זיך דאַן א קעהר גע־טאָהן צו אניוטא'ן און געזאָגט:

— אין דרויסען איז היינט גאָר וויא אין רוסלאַנד... א רוסישער פראָסט, א רוסישער שנעע, עס פעהלען נור דיא שליטלאַך מיט דיא ריסאַקעס!

— עס פעהלט נאָך דאָס רוסישע לעבען, דאָקטאָר! — האָט אניוטא בעמערקט מיט א טרויעריגען שמייכעל.

— יאָ — האָט רייכמאַן געענטפערט און זיך ווידער א קעהר געטאָהן צו ליובא'ן.

— און איהר, מיסס עטינבערג, האָט זיך, וויא עס שיינט, אביסעלע דערשראָ־קען פאַר מיר.

ליובא איז רויט געוואָרען, האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט און, קוקענדיג צומישט און פערשעהמט אויף איהם, האָט זיא ארויסגעמורמעלט:

— ענטשולדיגט, דאָקטאָר, איך האָב אייך ניט דערקענט... מיר האָט זיך אויס־געוויעזען, אז אנאנדערער איז געקומען...

— זיא האָט געמיינט, אז דאָקטאָר עפּשטיין און זיא איז אביסעלע בייז אויף איהם — האָט אניוטא געזאָגט...

ליובא האָט זיך א צאַפּעל געטהאָן און, אנקוקענדיג אניוטא'ן מיט גרויסע, צושראָקענע אויגען, האָט זיא ארויסגע־שעפּצעט צושראָקען:

— מאַמאַ!

— אוי, דו ביזט א נאַר, מיין קינד! — האָט אניוטא זיך אָפּגערופען מיט פערדרוס אין קול — נעהמט זיך דאָס לעבען פון יעדער נאַרישקייט!..

— וואָס האָט דאָרט פּאַסירט צווי־שען זיי? — האָט רייכמאַן א טראַכט געטאָהן — מילא — האָט ער אונטער־בראָכען זיינע געדאַנקען, א קעהר טאָ־ענדיג זיך צו ליובא'ן מיט זיין גוטען שמייכעל: — וואָס פעהלט אייך, מיסס עטינבערג?

— איך בין געזונד, דער קאָפּ נור

טהוט אביסעלע וועה... דער פאפא האט זיך אומזיסט דערשראקען...

—זיא האט א גאנצע נאכט גע־ברענט— האט אניוטא זיך אפגערופען.

—ווייזט מיר אייער האנד!

ער האט אריינגענומען איהר האנד אין זיינע, געפיהלט איהר דופק און האט געקוקט מיט שמייכלענדיגע אויגען אין איהרע, וואס האבען געבלישצעט מיט א פיעבעריש פייערל.

—איהר האט פיעבער? — האט ער געפרעגט.

—יא, ציטעגוויי..

—איך וועל אייך פערשרייבען פראשקעס... איהר וועט גאנץ זיין... ניט געפעהרליך! — האט ער זיך גוטמוטהיג צולאכט.

און ווען ער איז אוועק געגאנגען, האט ליובא זיך געווענדעט צו איהר מאמען:

—מען דארף ניט די פראשקעס, זיי וועלען מיר ניט העלפען...

— רייד ניט קיין נארישקייטען, ליובא!...

— איך בעט דיך, מאמע, א שאד דאס געלד... דעם דאקטאר האט מען אויך ניט געדארפט רופען...

— און וואס דוא ביזט קראנק?

— דער טייפעל וועט מיך ניט נעה־מען... און טאמער יא, איז אויך קיין בייז ניט! — האט ליובא ארויסגעשעפ־צעט פערצווייפעלט.

אניוטא האט זיך איינגעגעסען אין איהר מיט דיא אויגען. עפעס האט זיא דערפיהלט, אז ליובא'ס קראנקהייט און מערבימערונג האט אן אנדער גרונד, ניט דיא בעליידיגונג פון איהר פאטער...

— ליובא, וואס איז עס מיט דיר?

— האט זיא פלוצים געפרעגט מיט גאר אנאנדער טאן.

ליובא האט געשוויגען.

— דוא בעהאלטסט עפעס פון מיר, ליובא!...

ליובא האט זיא אנגעקוקט מיט רחמנות'דיגע אויגען און, דערפיהלט, אז אט־אט וועט זיא זיך צו־וויינען, האט זי אפגעקעהרט דעם קאפ און פערביסען דיא ליפען.

אניוטא איז צו איהר צוגעגאנגען און א גלעט געטהאן זיא איבער דיא האאר.

— וואס איז עס, טאכטער'ל? דער־צעהל מיר, קינדעלע!...

— אך, לאז מיך, לאז מיך! — האט ליובא פלוצים גענומען שרייען מיט טרע־רען אין קול — וואס בינדסט זיך צו מיר? וואס ווילט איהר אלע פון מיר? אך, לאזט מיך צורוה, לאזט מיך!...

און צו־וויינט זיך פערשטיקט און רחמנות'דיג, האט זיא זיך א ווארף גע־טהאן אויף דער זאפע, אריינגעדריקט דעם פנים אין קישען, דעם געוויין דער־שטיקט און אויפגעציטערט מיט'ן גאנ־צען קערפער.

אניוטא איז געבליעבען שטעהן מיט אויסגעגלאצטע אויגען אויף איהר טאכ־טער.

— וואס איז עס? — האט זיא גע־טראכט מיט א ציטערענדיגען הארצען

— וואס איז עס?...

זיא איז צוגעגאנגען צו דער זאפע און אוועקגעשטעלט זיך אויף דיא קניע, האט זיא אריינגענומען ליובא'ס קאפ אין איהרע ביידע ארעמס, צוגעדריקט איהרע ווארימע ליפען צו איהר טאכ־טערס שטערען און האט געשעפצעט ווייך און מיט געבעט:

— קינדעלע, ליובעטשקא, זאג, וואס פעהלט דיר?... דערצעהל דיין מאמען, דערצעהל, קינדעלע!...

ליובא האט זיך געדריקט אין איהר מאמעס ווארימע ארעמס, וויא א קינד, און הילפלאז ארויסגעשעפצעט:

— אוי, מאמע, איך בין אזוי אונ-
גליקליך, אזוי אונגליקליך!...

— דוא, מיין קינד?... וואס איז?
דערצעהל!...

און ליובא האט דערפיהלט, וויא
איהר מאמעס ארעמס האבען זיך א טריי-
כעל געטהאן און האבען נאך פעסטער
דעם קאפ איהרען געדריקט....

— לאמיר אנטלויפען פון דאנען,
מאמע, לאמיר אנטלויפען! — האט
ליובא געשעפטשעט מיט געבעט און טרע-
רען.

— וואוהין אנטלויפען, קינדרעלע?
וואס רעדסטו היינט?...

— קיין רוסלאנד, מאמע, קיין רוס-
לאנד... ערגער וויא דא וועט אונז ניט
זיין ערגעץ ניט, קען ניט זיין, קען ניט
זיין! — האט זיא געשעפטשעט פערצווייי-
פעלט און ליידענשאפטליך.

אניוטא איז נאך מעהר אויפגערעגט
געווארען.

— אבער, ליובעטשקא, ווארים
ביזטו מיט אמאל אזוי פערצווייפעלט?
— האט זיא ארויסגערעדט מיט א צי-
טערענדיגען קול — איך פערשטעה, אז
מיט דיר האט עפעס געטראפען... זיי
אפען מיט דיין מאמען, קינדרעלע!...

ליובא האט א כליפע געטהאן
רחמנות'דיג און אריינגעדריקט איהר
פנים נאך טיעפער אין איהר מאמעס
ארעמס, פערשטיקענדיג איהר געוויין.

אזוי איז זיא געלעגען א היבשע
ווייל און אניוטא האט געקוקט אויף
איהר מיט אונרוהיגע אויגען.

פלוצים האט זיא בעפרייט איהר
קאפ פון איהר מאמעס ארעמס, האט
זיך פון דער זאפע אויפגעהויבען און גע-
נומען געהן איבער'ן צימער הין און צו-
ריק צוטראגען און פערחלום'ט.

אניוטא האט זיך אויך אויפגעהוי-
בען און איהר נאכגעקוקט אונרוהיג און
בעטראבט.

— מאמע — האט זיך דאן ליובא
אפגעשטעלט נעבען איהר מיט אן ענט-
שלאסענעם אויסדרוק אויף איהר פנים
— איך וויל דיר עפעס פרעגען... דוא
מוזט אבער מיר פערשפרעכען, אז דוא
וועסט זיין אפען מיט מיר...

— וואס רעדסטו, מיין קינד, ווען
בין איך מיט דיר ניט אפען?...

— מאמע, הער — האט ליובא
ארויסגערעדט זעהר אויפגערעגט — הער,
מאמע, ווען, צום ביישפיעל, א מאן...
ווען איך, צום ביישפיעל... ווען...
ווען... — האט ליובא געפלאנטערט,
ניט זייענדיג אימשטאנד ארויסצוריי-
דען דאס, וואס האט איהר הארצען גע-
ברענט, האט זיך אנגעצונדען, וויא א
שטיק פייער, און איז אנשוויעגען גע-
ווארען.

אניוטא האט געקוקט אויף איהר
צומישט און צושראקען, אנשטויסענדיג
זיך שוין, אז ליובא איז עפעס פערליעבט
אין א מאן און אז דיא ליעבע איז ניט
קיין גלאטע, און זיא האט ארויסגערעדט
מיט ציטערענדיגע ליפען:

— איך פערשטעה דיך ניט, מיין
טאכטער!...

— ווען א פערהייראטעטער מאן זאל
זיך פערליעבען אין א מיידעל און דיא
מיידעל זאל איהם אויך ליעבען, וויא
וואלסטו געקוקט אויף אזא ליעבע?...
— האט ליובא פלוצים ארויסגערעדט,
אפכאפענדיג דעם אטהעם.

אניוטא האט זיך א צאפעל געטאן.

— עפשטיין! — האט איהר א מיש
געטהאן אין מוח — איצט איז עס מיר
קלאר!...

און זיא האט געקוקט אויף ליובא'ן
מיט גרויסע, גרויסע אויגען און קיין
ווארט ניט אימשטאנד געווען ארויסצו-
ברענגען...

— וואס זאגסטו, מאמע? וואס איז
דיין מיינונג? — האט זיך ליובא איינ-

געגעבען מיט איהרע בלישצענדיגע אויגען אין איהר מאַמעס פּנים און דאָס האַרץ האָט ביי איהר געקלאַפּט, גע־קלאַפּט, וויא פון ברוסט זיך געוואָלט ארויסרייסען...

אניוטא האָט אויף זיך אַ כח אַנגע־טהאָן, זיך בעהערשט און געענטפערט שטאַרק און אין אַ שאַרפען טאָן:

— פון אַזאַ ליעבע קען קיין גוט'ס ניט ארויסקומען!... אַזאַ מאַן איז אַ שאַרלאַטאַן און אַזאַ מיידעל איז אַ נאַ־ריש קינד!...

ליובא איז בלייך געוואָרען און אויסגעשטעלט אויף איהר מאַמען אַ פּאָר אויגען, וויא ביי אַ צושראָקענער ציעג.

— עפּשטיין, ליובא, עפּשטיין, האַ?

— האָט זיך פּלוצים ביי אניוטא'ן ארויסגעריסען.

— מאַמע! — האָט ליובא אַ גע־שריי געטהאָן פערצווייפעלט, איז צוגע־פאַלען צו איהר מאַמע'ן און האָט זיך ווידער ליידענשאַפטליך צו־וויינט.

אניוטא האָט זיך געטרויסעלט מיט'ן גאַנצען קערפּער און געשעפּצעט:

— איך האָב עס פערשטאַנען... איך האָב עס אָבער פריהער געדאַרפט פער־שמעהען... אומזיסט איז מען אין אמע־ריקאַ ניט פריינדליך... און דוא ביזט אַ קינד, אַ נאַרישׁ קינד... דוא ליעבסט איהם, האַ? דוא ליעבסט איהם? — האָט זיא געשעפּצעט, וויא אין פיעבער.

— אוי מאַמע, זעהר, זעהר! — האָט ליובא געוויינט — לאָמיר אַנטלוי־פען!...

— אַזאַ שאַרלאַטאַן! אַזאַ שאַרלאַ־טאַן! — האָט אניוטא געשעפּצעט מיט טרערען אין קול — ווייניג נאָך געלי־טען, ווייניג?...

און פּלוצים האָט איהר אַ ברען גע־טהאָן אין מוח, וויא מיט אַ שטיק פלאַ־מענדיג פייער: — צו האָט ער זיא, חלילה, שוין ניט אונגליקליך געמאַכט! זיא איז דאָך נאָך אַזאַ קינד און ליעבט איהם אַזוי... ווער ווייסט? אמעריקאַ!.. גאַטוניו! גאַטוניו! — האָט איהר גע־מישט און געברענט אין מוח...

און ציטערענדיג אין גאַנצען, האָט זיא איהר טאָכטער קראַמפּפהאַפט פאַר אַ פּליצע אַנגעכאַפּט און מיט אַ פערשטיקטען קול, וואָס מען האָט קוים געהערט, האָט זיא געמור־מעלט:

— ליובא, דערצעהל, דערצעהל אַלעס, איך וועל משוגע ווערען!...

ליובא איז געשטאַנען מיט אַן ארונטערגעלאָזטען קאָפּ און געוויינט.

— נו, וויין ניט!... דערצעהל, וואָס איז צווישען אייך... זינט ווען זייט איהר פערליעבט?...

— איך ווייס ניט, מאַמע — האָט ליובא געוויינט — נעכטען ערשט איז עס מיר קלאָר געוואָרען...

— נעכטען? וואָס איז נעכטען גע־ווען?...

— ער האָט מיך בעגלייט אַהיים, וויא אַלע מאָל... דאַן האָט ער מיך געבעטען, איך זאָל מיט איהם שפּאַצי־רען געהען... זיינען מיר אַוועק אין פּאַרק און דאָרט...

— וואָס דאָרט?...

— אוי, מאַמוניו, ווארום האָט ער עס מיר געזאָגט, ווארום? — האָט זיך ליובא ווידער אַ וואָרף געטהאָן צו איהר מוטער מיט אַ ליידענשאַפטליכען יאָמער.

— וואָס האָט ער געזאָגט?

— אַז ער ליעבט מיך!...

— און פריהער האָסטו עס ניט געוואוסט?...

— ניין, ערשט נעכטען האָט ער עס מיר דאָס ערשטע מאָל געזאָגט...

אניוטא האָט טיעף דעם אטהעם צפּגעצויגען —

— נו, נו, וויין ניט — האט זיא שוין געזאגט מיט א מעהר רוהיגען קול — שלאג זיך עס ארוים פון קאפ, קינדעלע, דוא דארפסט איהם ניט ליעבען, דוא טארסט איהם ניט ליעבען!...

און דא האט זיא זיך פונאנדערגעוויינט, אניוטא, אזוי פערצווייפעלט, אקוראט וויא דיא פערצווייפלונג פון דער גאנצער צייט וואלט זיא איצט ארויסגעוויינט... זיא איז צום טיש צוגעלאפען, מיט'ן שטערען צו איהם צוגעפאלען און געוויינט, געוויינט...

ליובא איז צו איהר צוגעגאנגען און געזוכט זיא צו בערוהיגען...

— נו, מאמע, גענוג!... מאמוניו, אבער עס איז גאר נישט, גאר נישט! — האט זיא גערעדט און אויך געוויינט.

אין א ווייל ארום האט אניוטא זיך אביסעל בערוהיגט.

— איך וויל, ליובא — האט זיא געזאגט מיט א שטרענגען טאן — דוא זאלסט זיך מיט איהם מעהר ניט זעהן... פערשטעה דאך, קינד, אז ער איז א פשוט'ער שארלאטאן...

—מאמע! — האט ליובא זיא אונטערבראכען מיט פערצווייפלונג אין קול — וויא רעדסטו וועגען איהם! ער איז אויך אונגליקליך!...

— שווייג, דוא נאר! אונגליקליך איז ער, הא? ערשט געפייערט דעם טאג פון זיין האכצייט מיט זיין ווייב און אין א ווייל ארום ערקלערט זיך אין ליעבע אנאנדערער! — האט אניוטא אויסגעשריען.

— וואס ווייסטו, וויא און מיט וואס פאר א הארצען ער האט געפייערט?... — האט ליובא ארויסגעשעפצעט...

אין דיעזער צייט האבען זיך פון קיך דערהערט עטינבערג'ס טריט.

— שא, דער פאפא איז געקומען! — האט זיך ליובא א כאפ געטהאן — איך בעט דיך, מאמא, דערצעהל איהם גאר ניט.

— עס איז מיין זאך! — האט אניוטא געענטפערט אויפגערעגט — און ער לויפט נאך צו איהם געלד לייהען!... געשעפטען, ביזנעס, נא דיר א ביזנעס!... — האט זיא צוגעלייגט מיט גאל.

עטינבערג איז אריינגעקומען מיעד, פערטרויערט.

— נו, וואס מאכט ליובא?

— זיא וועט גאנץ זיין — האט אניוטא געענטפערט מיט פערדרוס.

— דער דאקטאר געוועזען?...

— געווען.

— וואס זאגט ער?...

— גאר נישט, גאר נישט, וועט גאנץ זיין.

— וואס ביזטו עפעס אין כעס, אניוטא? — האט עטינבערג געפרעגט שטיל.

— איך בין ניט אין כעס. ביזט געווען ביי עפשטיין'ען, הא?...

עטינבערג האט ארונטערגעלאזט די אויגען.

— איך האב געזוכט ארבייט — האט ער שטיל געענטפערט.

— נו?...

— דערווייליע ניט געקראגען — האט ער געענטפערט און טיעף א זיפץ געטאן.

— זאלסט זוכען און קריגען! — האט אניוטא געזאגט אויפגערעגט — דיא גאנצע וועלט קריעגט, נור דוא ניט!... דוא שלאג זיך נור ארוים פון קאפ דיינע ביזנעס, וועסטו שוין ארבייט קריעגען!...

— אבער, אניוטא, גאט איז מיט דיר — האט ער ארויסגעשעפצעט — וואס ביזטו אין כעס?...

און וואלאדיא'ן זאלסטו אויך פערגעסען! — האט זיא געזאגט — א סוף, אויס וואלאדיא!...

ער האט זיא אנגעקוקט פערוואונדערט.

— דוא ווייסט שוין אייך? — האט ער ארויסגערעדט — נו, האסטו זיך גע־ריכט, אז וואלאדיא זאל אזוי... אמע־ריקא, הא?...

— וואס האט ער? וואס אזוי?...

— האט אניוטא איהם אנגעקוקט פער־וואונדערט.

ליובא איז בלייך געווארען. עס איז איהר איינגעפאלען, אז עפשטיין איז עפעס בעגאנגען א פערצווייפעלטען טהאט אויס ליעבע צו איהר.

— דוא ווייסט ניט? — האט ער זיך א כאפ געטהאן — גאר נישט, גאר נישט, ניט כדאי וועגען דעם צו רייד־דען!... אין אמעריקא פאסירט אלעס!...

— פאפא! — האט זיך ליובא א ווארף געטהאן צו איהם מיט שרעק — וואס איז מיט עפשטיין'ען, וואס האט מיט איהם פאסירט? זאג פאפא, זאג!...

— אך, ליובעטשקא, וואס מאכט עס אויס! קיין כוח ניטא צו דענקען אפילו וועגען דעם! — האט ער ארויס־געקרעכצט, זעצענדיג זיך ביים טיש.

— דוא האסט איהם היינט געזעהען, פאפא?...

— הלואי וואלט איך איהם ניט גע־זעהען, מיין קינד! א שעהנעם ברוך הבא האט ער מיר היינט געגעבען! — האט ער זיך פארט ניט איינגעהאלטען.

— וואס איז? — האט אניוטא גע־פרעגט.

— ער האט מיך היינט ארויסגעטרי־בען פון זיין הויז!...

— וואַ־אס? — האט אניוטא איהם אנגעקוקט מיט גרויסע אויגען און איז בלייך געווארען.

און ליובא, דערהערט עס, האט גע־קוקט אויף איהר פאטער מיט אויגען, וויא ביי א משוגענער...

— איך בין געקומען איהם רופען צו ליובא'ן, איז ער מיך בעפאלען, וויא א הונד, געזידעלט מיך מיט ווערטער, וואס איך האב אויף מיין לעבען ניט געהערט, און דאן... און דאן — זיין שטימע איז דערביי געבראכען געווא־רען — און דאן... נו?... האט ער מיך ארויסגעטריעבען!...

ער האט ארונטערגעלאזט דעם קאפ.

— עס קען ניט זיין! — האט זיך דאן ביי ליובא'ן ארויסגעריסען א פער־צווייפעלטער געשריי — עס קען ניט זיין!

און דאן האט זיא גענומען וויינען און לאכען היסטעריש, אנגעכאפט זיך מיט ביידע הענד פאר דיא ברוסט, גע־פאלען אויף א שטוהל, געוויינט און געלאכט און דער אטהעם האט איהר אויסגעפעהלט...

אניוטא איז אויפגעשפרונגען.

— ליובא! בארים, וואסער!...

און ער האט געקוקט אויף ליובא'ן מיט צוטומעלטע אויגען, האט זיך גע־וואלט פון ארט אויפהייבען און ניט געקענט. וויא פאראליזירט האט ער זיך געפיהלט.

— נו, וואס זיצטו? וואסער! -- האט אניוטא צו איהם געשריען.

— מ־מ־מ! — האט ער פריהער ארויסגעלאזט קלאנגען אהן ווערטער, דאן רחנות'דיג, וויא א קראנקעס, הילפ־לאזעס קינד ניט אויפהייבענדיג זיך פון ארט און אויסשטרעקענדיג זיינע ביידע ציטערענדיגע הענד צו אניוטא'ן:

— איך קען זיך ניט אויפהייבען. אניוטא... וואס איז עס, גאטעניו?... ליובעטשקא, קינדעלע!...

און ווען אניוטא איז נאך וואסער ארויסגעלאפען, האט ער זיך מיט גע־וואלד פון ארט אויפגעהויבען, איז מיט וואנקענדיגע קניע צוגעלאפען צו ליו־בא'ן, האט זיא געזוכט צו בערוהיגען און קיין ווערטער ניט געפונען, האט נור הילפלאז געשעפצעט:

— קינדעלע, שא, שא, שא־א־א!...

און אין א ווילע ארום, ווען אניוטא

האט דאס גלאז וואסער אריינגעטראגען, און ליובא, א טרונק טהוענדיג, האט זיך אביסעל בערוהיגט. האט ער זיך אהן כוחות ארונטערגעלאזט אויף א שטוהל נעבען איהר, האט איהר האנד צו זיינע ליפען צוגעטראגען און זיך רחמנות'דיג אהן ווערטער צו־וויינט...

---

.20

אין דער זעלבער וואך, איינמאל אויף־דער־נאכט, ווען דאקטאר רייכמאן, זיצענדיג אין זיין אפיס מיט זיין שוואגער מאאיסעי'ען, האט מיט איהם בעשפראכען פלענער וועגען דיא נאציאנאלע אבענד־שוהלען, וואס זיי האבען זיך געקליעבען צו גרינדען, איז אריינגעקומען דאקטאר עפשטיין.

ער האט אויסגעקוקט מיעד, בלייך און צוטראגען.

— דאקטאר — האט ער זיך אפגערופען מיט א צומישטען שמייכעל — האט איהר איצט צייט פאר א קראנקען?

רייכמאן האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט און זיך אויפגעהייבען פון ארט.

— וואס איז געשעהן? איהר אליין זעהט מיר עפעס אויך אויס...

— איך אליין בין טאקי דער חולה — האט עפשטיין געצוואונגען א לאך געטאהן.

— איהר?

— יא, דאקטאר, איך וואלט אייך געבעטען איהר זאלט צו מיר אריינגעהן אויף א ווײַלינקע...

רייכמאן האט זיך אנגעשטויסען, אז עפשטיין וויל איהם האבען אויג אויף אויג ניט וועגען סתם א קראנקהייט. ער האט זיך דערמאהנט אן ליובא'ן און איהם איז איינגעפאלען, אז עפשטיין'ס אויסזעהן האט א שייכות מיט איהר קראנקהייט...

— גוט, איך געה גלייך מיט אייך.

אין א ווײַלע ארום זיינען זיי געזעסען ביי עפשטיין'ען אין אפיס.

— דאקטאר, אן אונאנגענעהמע געשיכטע — האט עפשטיין אנגעהויבען אויפגערעגט — איך האב אייך גערופען, ווייל איך האלט אייך פאר א פריינד פון מיר און מיין פרוי...

ער איז אנשוויגען געווארען און, אויפהייבענדיג זיך פון ארט, האט ער זיך געזעצט אויף אנאנדערן און געצופט נערווען זיין וועסט.

רייכמאן האט געקוקט אויף איהם מיט פרעגענדיגע אויגען און געשציפּעלט זיינע וואנצעס.

— אט דא קומט א געשיכטע מיט מיסס עטינבערג — האט ער א טראכט געטהאן, און געווארט, עפשטיין זאל ריידען ווייטער.

— דיא געשיכטע איז אזא — האט עפשטיין ווידער אנגעהייבען — איך וויל אייך בעטען צו מאכען שלום צווישען מיר און מיין פרוי...

—צווישען אייך און אייער פרוי? וואס איז געשעהען?...

—זיא האט מיך פערלאזען — האט עפשטיין ארויסגערעדט שטיל, און איז רויט געווארען.

רייכמאן האט איהם אנגעקוקט מיט גרויסע אויגען.

—פערלאזען?... וואס הייסט?...

—אט אזוי, ווי איהר הערט! אוועק צו איהרע עלטערען מיט עטליכע טעג צוריק און איך געפין זיך איצט אין ניט זעהר אן אנגענעהמער לאגע.

ער האט זיך ווידער אויפגעהויבען פון ארט און גענומען געהן איבער צימער הין און צוריק, פייפענדיג נערוועז אונטער דער נאז.

—איך פערשטעה אייך ניט — האט דאקטאר רייכמאן זיך אפגערופען—וואס עפּעס מיט א מאל?

— איך וועל אייך דערצעהלען, דאקטאר — האט עפשטיין זיך אפגעשטעלט געגען איהם — איך וועל מיט אייך ריידען אפען. איך בין דא אריינגעפאלען, וויא א גרויסער נאר, האב געהאנדעלט ווי א משוגענער, און... און... מעג דער טייפעל מיך נעהמען! — האט ער ארויסגערעדט צווישען די צייהן, און ענערגיש א מאך געטאהן מיט א האנד.

רייכמאן האט א שמייכעל געטהון:

—אבער איך פערשטעה אלץ ניט. איך קען זיך נור אנשטויסען, אז איהר האט זיך עפעס שטארק פערזינדיגט געגען אייער פרוי און האט איצט חרטה.

— זרטה ניט חרטה — האט עפשטיין געצוואונגען א שמייכעל געטהון

—אבער איך האב זיך מיר דא אריינגעדרעהט, כאטש נעהם און שריי „קאראול“ !... נו, האב איך פערקאכט א קאשע !...

—נו, רעדט ארויס !—האט רייכמאן אויסגעשריען — וואס ? ווען ?...

—קורץ, דאקטאר, איך האב בעגאנגען איין נארישקייט נאך דער אנדערער, און איצט בין איך אהן א ווייב, און דער דיענסט מיינער דארף איך זאגען, וואס צו קאכען אויף דינער און סאפער און מוז האבען אליין צו טהאן מיט דיא אלע הויז-זאכען, און עס איז א לעבען, פרעגט שוין גאר ניט ! — האט ער געצוואונגען געשמייכעלט.

—מסתמא האט איהר עס כשר פערדיענט ! — האט רייכמאן בעמערקט — נו, וואס זשע ווילט איהר פון מיר ?

—איך וויל, איהר זאלט אזוי גוט זיין און אריבערגעהן צו מיין פרוי...

—נו ?

—און זאגען איהר, אז פאר אזוינע זאכען גט מען זיך ניט...

—פאר וועלכע זאכען ?...

—נו — האט עפשטיין צומישט גענומען שמייכלען און מורמלען — אז פאר די זאכען.. אז פאר די מענערשע שוואכקייטען... עס טרעפט זיך !...

—אהא שוין עפעס א נייע שוואכקייט ? — האט רייכמאן אונטערגעכאפט און א טראכט געטהאן : „מיסס שטיינבערג“!...

—איך בין זיך מודה און מתודה : שולדיג און זיך בענארישט, און שלאג זיך „חטאתי“ מיט ביידע הענד, און... און...

—און שפעטער וועט איהר זיך ווידער בענארישען ! — האט רייכמאן אונטערגעכאפט האלב אין ערנסט און האלב אין שפאס.

—ווער קען וויסען, דאקטאר ? א לעבעדיגער, זינדיגער מענש ! — האט עפשטיין אויסגעשריען מיט כלומרשט א קאמישען טאן.

—וויא שעהמט איהר זיך ניט, עפשטיין, איהר האט דאך א פרוי און אזא שעהנע ! — האט רייכמאן זיך אבגערופען.

—איך שעהם זיך טאקי, און איך בעט אייך, דאקטאר, עס צו זאגען מאדאם... און זאגט נאך איהר, אז זאל זי ניט זיין קיין נאריש קינד, אז גט'ן זיך מיט מיר וועט זי דאך סיי ווי סיי ניט... טא וואס טויג איהר דער ברוגז-טאנץ ? זי פלאגט זיך דארט ארום און איך דא !... דאקטאר, ערנסט, געהט צו איהר אריבער !...

—אבער וואס אזוינס האט פארסירט ?

—וואס אזוינס ? וואס אזוינס ? — האט איבערגע'חזר'ט עפשטיין, ווערענדיג ווידער צומישט, חרטה קריעגענדיג פלוצים אויף דער גאנצער געשיכטע, ווארום ער האט זיך געווענדעט צו דאקטאר רייכמאן'ען, און פיהלענדיג אין דערזעלבער צייט, אז ער קען זיך שוין ניט צוריק ציהען ; אז ער מוז שוין אלעס דערצעהלען. אלעס : — איהר

פענט דאך מיסס עטינבערג — האָט ער דערצעהלט ווייטער פערשעהמט, ניט דרייסט, מיט אַן אַנגעצונדענעם פּנים:

—איהר ווייסט דאך מיינע אַמאָליגע בעציעהונגען צו איהר פאַטער... איך בין דאַ געווען איהר בעסטער פריינד, כמעט דער איינציגער... זעהר אַ וואוילע מיידעל, האָט זי אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק.. דערצו האָב איך אויף איהר רחמנות געהאַט — אין רוסלאַנד האָט זי אַזוי גוט געלעבט און דאַ ליידעט זי אַזוי... נו, האָט מיט עטליכע טעג צוריק זיך געדאַרפט מאַכען, אַז איך האָב זיך אויף אַ מאָמענט הינגעריסען, אַ קוש געטהאָן זי און, צום שלי־מזל, איז מיין פרוי אויף דעם אָנגעגאַנגען!... פוי, דער טייפעל זאָל מיך נעהמען! — האָט ער זיך פּלוצים אונטערבראָכען.

—איצט איז עס מיר קלאָהר! — האָט רייכמאַן אַ טראַכט געטהאָן

—איהר זייט אַ זאָנדערבאַרער מענש! — האָט ער זיך אָפּגערופען מיט פערדרוס אין קול — אַקוראַט ווי אַן אינגעל אונבעוואוסט! און וויא וואָלט געווען, אַז איהר וואָלט אויפגעוועקט ביי דער מיידעל אַן ערנסטען געפיהל צו אייך?.. דאַס איז דאך איינפאַך ניט עהרליך!..

—אמת, איך גיעב צו — האָט עפּשטיין געענטפערט ערנסט — איך האָב געהאַנדעלט זעהר לייכטזיניג און עס פערדריסט מיך פון טיעפען האַרצען... איבערהויפּט — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן מיט פערדרוס אין קול—האָב איך דאַ אין גאַנצען געהאַנדעלט, ווי אַן אינגעל.. איהר פאַטער האָב איך פון הויז אַרויסגעטריעבען און... און.. אָבער גענוג, רעדט ניט פון דעם, פערפאַלען!..

רייכמאַן האָט געקוקט אויף איהם מיט פערטראַכטע אויגען און אַ ווײַלע געשוויגען. דאַן האָט ער זיך אָפּגערופען.

—קורץ, איך פערשטעה שוין, וואָס דאַ איז פאַרגעקומען... איצט ווילט איהר, איך זאָל איבעררעדען מיט אייער פרוי... אָלל ריגט! איך פערלאַנג אָבער פון אייך אויך עפּעס...

—לאָזט הערען...

—איך פערלאַנג פון אייך, איהר זאָלט זיך מעהר ניט זעהן מיט מיס עטינבערג.

— איך וועל זיך סיי וויא סיי מיט איהר מעהר ניט זעהן, איהר פאַטער וועט עס ניט דערלאָזען... ער וועט מיר קיינמאָל ניט מוחל זיין, וואָס איך האָב איהם אַזוי בעליידיגט!...

אין דיעזער צייט האָט עמיצער שטיל אָנגעקלאַפּט אין טהיר.

— העריין! — האָט דאָקטאָר עפּשטיין אויסגעשריען.

עס איז אַריינגעקומען מאַשאַ'ס פאַטער, ר' זלמן.

עפּשטיין האָט זיך גלייך אָנגעבלאָזען און אַ מאַך געטהאָן צו איהם מיט'ן קאָפּ.

ר' זלמן איז געבליעבען שטעהען אויפ'ן שוועל און, איינקוקענדיג זיך אין דאָקטאָר רייכמאַן'ען, האָט ער זיך אַ פיהר געטהאָן מיט אַ האַנד איבער דעם לאַנגען, בלאָנדען באַרד און אַרויסגערעדט:

— האַ, איך האָב אייך גאָר ניט דערקענט, פּאַני דאָקטאָר... אַ גוטען אָבענד אייך!...

— גוטען אָבענד, גוטען אָבענד, מיסטער גינזבורג! — האָט רייכמאַן זיך אָפּגערופען מיט אַ פריינדליכען שמייכעל.

— זיצט, שווער! — האָט עפּשטיין איהם אָנגעוויזען אויף אַ שטוהל.

— אפשר שטער איך אייך? — האָט ר' זלמן געפרעגט.

— ניין, שווער, ניין! זעצט זיך!...

ר' זלמן האָט זיך געזעצט און אַ זיפץ געטהאָן.

— וואס זיפצעט איהר, מיסטער גינזבורג? — האט רייכמאן זיך געווענדעט צו איהם מיט א פריינדליכען שמייכעל.

ר׳ זלמן האט ווידער א זיפץ געטהאן און געענטפערט:

— אוי, פאני־דאקטאר, פרעגט גאר ניט!...

— וואס מאכט מאשא? — האט עפשטיין פלוצים א פרעג געטהאן.

— וואס זאל זיא מאכען? — האט ר׳ זלמן געענטפערט און א מאך געטהאן מיט א האנד.

— איהר קענט ריידען פאר דאקטאר רייכמאן׳ען אויך, ער איז אן אייגענער מענש. — האט עפשטיין געזאגט.

— וואס איז דא וואס צו ריידען? און וואס איז דיא פעולה, אז מען רעדט? אי־אי־אי!...

— זיא וויל נאך אלץ ניט געהן אהיים? — האט עפשטיין געפרעגט אנגעבלאזען.

— ווער ווייסט, וואס זיא וויל? זיצט און וויינט, און קרעכצט, און א צורה האט זיא געקראגען... אי־נו, רבונו של עולם!...

— זיא איז משוגע, א קרענק! — האט עפשטיין א מורמעל געטהאן און ווידער גענומען געהן אויפגערעגט איבער׳ן צימער הין און צוריק.

— האסטו געהערט אויף דיין לעבען אזא אקציע? — האט ר׳ זלמן א דריק געטהאן מיט דיא אקסלען — עס איז א נייעס, אז מאן און ווייב צורווערטלען זיך?... איז מען ב־וגז א טאג, צוויי, נאכדעם איז ווידער שלום! און דא באלד אוועק אין „פראטשקעס!“ אי־נו, אמעריקא, א וועלט אביסעל, מענשען, אז קיין איד זאל זיא ניט קענען!... קיין גאט איז דא ניטא, קיין יושר, קיין שכל, קינדער זיינען דא ניט קיין קינדער, עלטערען זיינען ניט קיין עלטערען, א גיהנום און גאר!...

— וויא איך זעה, מיסטער גינזבורג, זייט איהר מיט אמעריקא ניט צופריעדען — האט רייכמאן זיך אפגערופען.

— צופריעדען? — האט ר׳ זלמן אויסגעשריען מיט וועהטאג אין קול — וויא קען מען זיין צופריעדען מיט אזא גיהנום!... אי, דאקטאר, ניט גוט, פע. מיאוס!... אין דער היים בין איך געווען א איד א בעל הבית, מענשען האבען מיך געקענט צו אין בית המדרש, צו אין גאס, להבדיל, קיין אומכבוד האב איך דארט פון קיינעם און ערגעץ ניט געהאט... דא אבער, וואו? ווען? וואס?... וואס פאר א צורה האב איך און ווער קען מיך?... אוים בעל הבית, א פעדלער געווארען!... ווארט, ביז לאנדסלייט וועלען ביי דיר קויפען א מערטעל טהעע, צו א פונט קאפע! אבער דאס וואלט מיך שוין אזוי ניט געארט — האט ער זיך א כאפ געטהאן — ווען איך וואלט ניט געווארען אוים טאטע ביי מיינע קינדער און זיי וואלטען ניט געווארען אוים אידען!...

— וואס הייסט איהר זייט געווארען אוים טאטע? — האט רייכמאן זיך אפגערופען.

— וואס הייסט? מיינע אינגלאך הערען מיך, וויא דיא קאץ. זאג איך זיי עפעס, לאכען זיי מיך אוים. דער עלטערער מיינער האט דיא תפילין פערווארפען, לויפט ארום מיט אזוינע, וויא ער אויף דיא פייטס, אין דיא טהעאטערס, אין דיא טאנץ־זאאלען און וויל ניט ריידען קיין אידיש ווארט... אין דערהיים האט ער געציטערט פאר מיין דוך. דא אבער איז ער א פערדיענער געווארען, דארף ער זיין טאטען אויף כפרות, האט ער אויפגעהערט צו האבען דרך ארץ פאר מיר און טהוט וואס ער וויל...

פון דעם קלענערען, צוועלף יאהר אלט, האב איך אויך ניט קיין נחת. וויל אויך ניט דאווענען, וויל אויך ניט ריידען א אידיש ווארט און וועגען מיין אסתר'ן איז דאך שוין ניטא וואס צו ריידען!...

ער האט ארונטערגעלאזט דעם קאפ און ארויסגעקרעכצט:

— אלעס דא געשטארבען, אלעס: גאט, אידישקייט, טאטע־מאמע, לייטיש־קייט, יושר, אלעס!...

עפשטיין איז געווארען אונגעדולדיג און האט זיך אפגערופען:

— מילא, שווער, וואס האט איהר זיך איצט דערמאנט?...

און א קעהר טהאענדיג זיך צו רייכ־מאן'ען, האט ער צוגעלייגט:

— דאקטאר, ווילט איהר אריבער־געהען זעהן מאשא'ן?...

— יא, איך וועל געהן — האט רייכ־מאן געענטפערט און זיך אויפגעהויבען פון ארט.

ר' זלמן האט זיך א כאפ געטהאן.

— איהר ווילט געהן מכוח דעם דא־זיגען ענין?...

— יא, מיסטער גינזבורג...

— געהט מאקי — האט ר' זלמן אויסגעשריען מיט התפעלות — אפשר וועט איהר מיט איהר עפעס מאכען?... אפשר וועט איהר קענען דיא דאזיגע נארישקייט ארויסשלאגען פון איהר קאפ? איך קען ניט צוקוקען איהר צער! און פארוואס? גוואלד, רבונו של עולם, פארוואס?... און נאך א געבילדעטע, א דאקטאר'ס א ווייב, שומר ישראל!...

ער האט זיך אויפגעהויבען פון ארט.

— קומט, דאקטאר, איך געה אויך מיט אייך!...

ר' זלמן האט געוואוינט אויף א פינפטען שטאק אויף מאנראו סטרים.

עס איז שוין געווען ארום ניין ביי־נאכט, ווען רייכמאן מיט ר' זלמן'ען זיי־נען אהין געקומען.

מאשא איז דאן געזעסען אין פראנט צימער אליין א בלייכע, אן אונמוטהיגע און אריינגעקוקט אין א בוך.

ווען זי האט דערזעהען רייכמאן'ען, איז זיא צומישט געווארען און האט זיך אויפגעהויבען פון ארט מיט א פנים פלאם־פייער.

רייכמאן האט איהר פריינדליך דיא האנד געדריקט און בעמערקט מיט א שמייכעל:

— ניט ערווארטעט מיך, הא?

— ווירקליך — האט זיא ארויסגע־מורמעלט נאך אלץ צומישט — זיצט.. זעצט זיך, דאקטאר!...

— וועט איהר ביי אונז טהעע טרינ־קען? — האט ר' זלמן געפרעגט.

— טהעע? געווים, געווים! — האט רייכמאן געענטפערט פריי און פרעהלאך, זעצענדיג זיך אויף א שטוהל ניט ווייט פון'ם טיש.

— וועל איך געהן זאגען, מען זאל דערלאנגען! — האט ר' זלמן זיך אפגע־רופען און איז ארויס פון פראנט־ציי־מער.

געבליבען אליין מיט רייכמאן'ען, האט זיך מאשא צו איהם געווענדעט:

— וויא קומט איהר עפעס אהער, דאקטאר?

— טרעפט! — האט ער זיך צו־לאכט.

זיא האט ארונטערגעלאזט דיא אויי־גען און ארויסגעשעפצעט:

— ער האט אייך געשיקט?

— ניט ער, נור אייער מאן — האט רייכמאן זיך ווידער צולאכט.

— וואס וויל ער ווידער? — האט זיא ארויסגערעדט אנגעבלאזען.

— ער וויל צוריק זיין ווייב אהיים.

— און וואס פעהלט יענע?...

— ער פערשפרעכט, אז מיט יענער וועט ער זיך מעהר ניט זעהן.

— און איהר גלויבט איהם?

— איך גלויב איהם און איך ווייס, אז יענע פון איהר זייט וועט איהם אויך ניט וועלען זעהען.

— ווארום?

— ווייל ער האט ארויסגעטריבען איהר פאטער פון דער היים און ווידער, ווייל יענע איז אן אנשטענדיגעס און עהעלעס קינד!..

— א נאר! — האט מאשא אונטערגעכאפט מיט האס — א קאלב!...

ר' זלמן איז אריינגעקומען מיט צוויי גלעזער טהעע און זיי אוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש.

— מאטע — האט זיך מאשא צו איהם געווענדעט מיט געבעט אין קול— האב קיין פאראיבעל ניט... איך דארף עפעס ריידען מיט'ן דאקטאר...

— נו, נו, אדרבה, אדרבה! — האט ער זיך א כאפ געטהאן, א מאך טהאנדיג צו איהר מיט ביידע הענד: — רייד! אבי ניט קיין נארישקייטען, אבי זאל עפעס ארויסקומען!... אי, נאר, נאר! — האט ער צוגעלייגט און, שאקלענדיג מיט'ן קאפ, איז ער ווידער ארויס פון פראנט־צימער.

פערבליבען ווידער אליין, האבען מאשא און רייכמאן א ווײלע געשוויגען. זיא האט געקוקט פערטראכט פאר זיך און ער אויף איהר.

— איך בין צופריעדען, דאקטאר, וואס איהר האט זיך אריינגעמישט — האט זיא דאן ארויסגערעדט, פערטהאן אין זיך: — אפשר וועט ער זיך איצט שעהמען!...

— ער פערשפרעכט, אז...

— איהר קענט דאך איהם, דאקטאר! — האט זיא איהם ניט געלאזט אויסריידען — ווען ער דערזעהט א פרוי.

— ער איז ניט דער איינציגער, מאדאם עפשטיין — האט רייכמאן א לאך געטהאן — אויף דיזער שוואכקייט ליידען א סך פערהייראטהעטע מענער, ברוך השם!

— און איך קען ניט לעבען מיט א מאן וואס האט אזא שוואכקייט! — האט זי אויסגעשריען, און דער פנים האט זיך ביי איהר ווידער צופלאמט: — גענוג, מעהר וויל איך פון איהר ניט ליידען!... איך פערלאנג פון איהם, ער זאל זיין אזוי טריי צו מיר, ווי איך צו איהם!..

—א גערעכטער פערלאנג, איך ליידער קען ניט! — האט רייכמאן א שמייכעל געטהאן — נור...

—וואס נור?...

—גט'ן זיך אין נאמען פון דיזען פערלאנג וועט איהר פון דעסטוועגען ניט...

—איך ווייס ניט!...

— און איך ווייס, אז ניט! — האט ער א לאך געטהאן.

—ווען איהר וואלט וויסען, פיעל איך האב געליטען פון דעם, וואלט איהר עס ניט געזאגט, דאקטאר! — האט זיא זיך אפגערופען, און איהרע אויגען זיינען פערלאפען מיט טרערען.

—ווילט איהר מיך פאלגען, מאדאם עפשטיין? — האט ער פלוצים אומגעביטען זיין טאן אויף אן ערענסטען — ווערט שלום מיט אייער מאן... פריהער אדער שפעטער וועט איהר זיך דאך איבערבעטען, היינט צו־וואס זיך מוטשען אומזיסט? גלויבט מיר, אז אייער מאן האט חרטה און ליידעט אויך גענוג!..

זיא האט שטיל גענומען וויינען.

—אך, דאקטאר, ווען איך וואלט געוואוסט, אז ער האט טאקי חרטה — האט זי געוויינט — ער האט מיך אזוי בעליידיגט, אזוי!...

—איך פערזיכער אייך, אז ער האט חרטה, מאדאם עפשטיין...

—ווי קענט איהר עס וויסען?

—זיין פנים זאגט עס מיר...

—זיין פנים ? —

זיא האט אויפגעהערט צו וויינען און איינגעסענדיג זיך אין איהם מיט די אויגען, האט זי צוגעלעגט :

—איז ער היינט אויך אזוי בלייך ?

—זעהר בלייך...

—און איהר דענקט אז פון דעם, וויל ער ליידעט, וואס איך בין אוועק ?

—זיכער !..

—יא ?..

—איך בין איבערצייגט אין דעם!

—האט ער געענטפערט

—און אפשר — האט זי זיך א כאפ געטהאן מיט שרעק אין דיא אויגען — איז ער דערפאר בלייך, וויל ער ליעבט יענע ? הא, דאקטאר !...

—ער דענקט ניט אפילו פון איהר, מאדאם עפשטיין, איך וויים עס בעשטימט ! און, איבערהויפט, איהר מיינט אז ווי מען רייסט זיך היין מיט א מיידעל, אזוי באלד פערגעסט מען די אייגענע ווייב ? ער איז ניט אזא אינגעל !.

זיי זיינען ביידע אנשוויגען געווארען. זיא האט גענומען געהן איבער'ן צימער הין און צוריק, געקנאקט דיא פינגער און געטראכט. ער האט זי נאכגעפאלגט מיט זיינע אויגען.

—אלזא, וואס איז אייער ראטה, דאקטאר ? — האט זי זיך פלוצים געווענדעט צו איהם, אפשטעלענדיג זיך פאר איהם..

—מיין ראטה, איהר זאלט געהן אהיים ! — האט ער געענטפערט.

—אלל רייט ! — האט זיא זיך ענטשלאסען א כאפ געטהאן — איך וועל אייך פאלגען, ווען ער וועט אין אייער אנוועזענהייט מיר פערשפרעכען ניט צו זעהען זיך מעהר מיט יענער מיידעל !

—ער וועט עס געווים טהאן און זיין פערשפרעכען וועט ער אויך האלטען ! — האט רייכמאן פרעהליך אויסגעשריען, אויפהויבענדיג זיך פון ארט :

—איך וועל געהן איהם טעלעפאנירען, ער זאל קומען !

—וואס איילט איהר ? — האט זי זיך א כאפ געטאהן — איהר קענט עס איבערלאזען אויף מארגען !..

—א רחמנות אויף אייך ביידען, צו וואס זאלט איהר נאך ליידען ביז מארגען ! — האט ער זיך גוטמוטהיג צולאכט און איז שנעל ארוים פון פראנטצימער.

באלד איז ר' זלמן אריינגעקומען.

—זעהסטו הא ? — האט ער אויסגעשריען אי מיט פרייד, אי מיט פערדרוס — דעם טאטען דיינעם האכטו ניט געפאלגט און א פרעמדען יא ? אבער מוחל, מוחל, אבי א סוף, אבי אן עק !.. איך וועל געהן אנזאגען דער מאמען !.

—וועק זי ניט טאטע, א רחמנות, זיא האט זיך ערשט צוגעלעגט ! — האט מאשא זיך אפגערופען.

— אוי נארוניו דוא, זיא וועט נאכדעם שלאפען די נאכט רוהיגער — האט ר' זלמן געזאגט — א קאטאוועס, וויעפיעל געזונד דיא דאזיגע משוגעת דיינע האט איהר אבגעקאסט !...

און ער איז פערשוואונדען אין א טהיר אויף דער לינקער האנד.

אין דיעזער צייט איז אין פראנטצימער אריינגעלאפען ר' זלמן'ס איינגסטער אינגעל, צוועלף יאהר אלט, א בלאנדער, מיט פעררויטעלטע בעקלאך און פרעהלאך־בלישצענדיגע אויגלאך.

— אוי, מאשא — האט ער אויסגעשריען מיט התפעלות אויף ענגליש — דוא האסט היינט געדארפט זיין אין היברו אינסטיטוט, עס איז ווערטה געווען צו געהען !...

— וואס איז דארט געוועזן ? האט זיא געפרעגט פערטראכט.

— ספיטשעס איבער אמעריקא !...

און דאן האבען מיר אלע קינדער געזונגען ליעדער און געשוואורען דעם אמע־

ריקאנישען פלאג... אוי, עס איז געווען אזוי שעהן!...

— דוא אידענע, וואס וויינסטו? — האט זיך דערהערט ר' זלמן'ס קול פון טהיר לינקס — גאר נישט, א אידינע וויינט, ווי זיא דארף, צו זיא דארף ניט!...

און דערהערט עם, האט מאשא אליין אויך א כליפע געטהאן.

— וואס איז דער מעהר, מאשא?

— האט איהר קליינער ברודערל אויסגעשטעלט אויף איהר א פאאר צושראקענע אויגען.

— גאר נישט, גאר נישט — האט זיא זיך א כאפ געטהאן און גענומען שמייכלען — אלזא, דוא האסט היינט גוט פערבראכט, הא?...

— זעהר, ווייסט, מאשא — האט ער אויסגעשריען מיט התפעלות און די אויגלאך זיינע האבען זיך צוברענט: — מען האט מיר געגעבען האלטען דעם פלאג!... אט אזוי האב איך איהם געהאלטען — האט ער געוויזען, צונויפלעגענדיג א פויסט צו א פויסט: — מיט ביידע הענד!...

ר' זלמן איז אריין, האט זיך אבגעשטעלט ביי דער טהיר אויף דער לינקער האנד און, גלעטענדיג זיין בארד, האט ער געקוקט אויף זיין „מיזיניק“, געסטארעט זיך צו פערשטעהען, וואס יענער דערצעהלט מאשא'ן און ניט פערשטעהענדיג קיין ווארט, איז ער אויפגערעגט געווארען און גענומען יענעם איבערמישען:

— טרא־טא־טא! ער טאראריקעט שוין! וואס איז? א דרשה געהערט?... תהילים געזאגט?... רייד אידיש, דוא אמעריקאנישער בריטאן, דא איז א אידישע הויז!...

— אה, ער איז שוין דא! — האט זיך דער אינגעל א כאפ געטהאן — אה, ליוו מי עלאן! (לאז מיך צורוה).

— דוא זאלסט ניט ריידען מיט אזא עזות געגען דיין טאטען, דוא שקץ! — האט ר' זלמן אויסגעשריען — איך וועל דיך בעסער בעגראבען, איידער דוא וועסט מיר אזוי אויסוואקסען, וויא דיין ברודער שלמה'קע!...

— וואס וויל ער פון מיר — האט דער אינגעל אויסגעשריען מיט כעס, ווענדענדיג זיך צו מאשא'ן אויף ענגליש.

— אידיש רייד, ג'י! — האט ר' זלמן געשריען.

— איך וויל ניט, איך בין ניט קיין גרינהארן! — האט דער אינגעל, א דרעהטהאענדיג מיט דיא פלייצעס, ארויסגעמורמעלט ברוגז'דיג אונטער דער נאז.

טאקי, וואס ווילסטו פון איהם, טאטע? — האט זיך מאשא אריינגעמישט.

— וואס איך וויל פון איהם? ער זאל א איד זיין, אט וואס איך וויל!... ער זאל דרך ארץ האבען פאר זיין טאטען; ער זאל וויסען, אז עס איז דא א גאט אפילו אין אמעריקא אויך!... ער זאל ריידען, אז איך זאל איהם אויך פערשטעהען; ער זאל דאווענען און זאל ניט אויסוואקסען וויא דיא אנדערע קינדער מיינע!... כאטש איין קינד האבען אז איד, כאטש איין קינד! — האט ער ארויסגעקרעכצט מיט וועהטאג.

אין דיעזער צייט האט זיך רייכמאן צוריקגעקעהרט זעהר פרעהלאך.

— ער קומט גלייך! — האט ער ארויסגערעדט.

מאשא איז רויט געווארען, האט ארונטערגעלאזט דיא אויגען און אפגעקעהרט דעם קאפ.

— דאס איז אייער אינגעל? — האט זיך דאן רייכמאן געווענדעט צו ר' זלמן'ען.

— יא, מיין שקץ...

רייכמאן האט זיך געזעצט, צוגערו־

פען צו זיך דעם אינגעל און אוועקשטעלענדיג איהם צווישען דיא קניע, האט ער ביי איהם גענומען אויספרעגען וועגען זיין לערנען זיך אין דער שוהלע. ער האט גערעדט אידיש, דער אינגעל האט איהם געענטפערט אויף ענגליש. באלד האט ער דערצעהלט רייכמאן'ען מיט צוברענטע אויגלאך, אז ער איז היינט געווען אין היברו אינסטיטוט און געהערט דארט שעהנע ספיטשעס וועגען אמעריקא און ער מיט נאך א סך, א סך אידישע שוהל מיידלעך און אינגלעך האבען געזונגען אמעריקאנישע ליעדער און געשווארען דעם אמעריקאנישען פלאג.

— און וויא האט איהר געשווארען? דוא געדענקסט דיא ווערטער? — האט רייכמאן, שוין הינרייסענדיג זיך מיט דעם אינגעל'ס התפעלות, אויך גענומען ריידען ענגליש.

— שור (געווים), געדענק איך! — האט דער אינגעל אויסגעשריען מיט היטץ — מיר האבען זיך דיא ווערטער פריהער אויסגעלערנט אויף אויסווייניג!

— און וויא זיינען דיא ווערטער? לאז הערען!...

דער אינגעל האט זיך פערשעהמט און, א דרעהטאענדיג מיט דיא פלייצעס, האט ער ארויסגערעדט מיט א פערשעהמטען שמייכעל:

— איך וויל נימ.

— וואס זאגסטו נימ? זאג, שעהם זיך נימ! — האט זיך מאשא ארייגעמישט.

ר' זלמן האט געקוקט אויף זיי אלעמען מיט פרעגענדיגע אויגען, געוואלט פערשטעהען, וואס זיינע קינדער ריידען און האט נור פערשטאנען, אז רייכמאן פרעגט עפעס ביי זיין אינגעל און יענער וויל איהם נימ ענטפערן.

— וואס ענטפערסטו נימ, אז מען רעדט צו דיר? — האט ער זיך א בייזער געטהאן.

אין א ווייל'ע ארום האט דער אינגעל נאכגעגעבען. ער האט צונויפגעלעגט ביידע הענד, וויא צו א תפילה, פערדרייען דיא אויגען ארויף און מיט א קול, אין וועלכען עס האבען געקלונגען שטאלץ און בעגייסטערונג, האט ער אנגעהויבען אויף ענגליש:

— דוא פאהנע פון אונזער גרויסער רעפובליק, דוא, וועלכע בעגייסטערט אונז אין קאמפף, דוא בעשיצערין פון אונזער היים, דוא, וועמענס שטערען און פאסען שטעלען זיך איין פאר עהרליכקייט און ריינקייט, פאר אמת און אחדות, — דיך בעגריסען מיר!...

מיר, דיא קינדער פון דיא ווייטע לענדער, וועלכע געפינען שוץ און רוה אונטער דיינע פאלדען, מיר בעטען אז דיר אונזערע לעבענס, אונזערע הערצער און אונזער הייליגע עהרע, און מיר שווערען צו ליעבען און בעשיצען דיך און אונזר לאנד, און דיא פרייהייט פון דעם אמעריקאנישען פאלק — פאר אייביג!...

— בראווא! — האט מאשא אויסגעשריען בעגייסטערט און אפלאדירט.

— שעהן! — האט זיך ביי רייכמאן'ען אויך ארויסגעריסען און ער האט א קלאפ געטהאן דעם אינגעל איבער'ן פלייצע: — זעהר שעהן!...

— וואס איז עס? אן אמעריקאנישער קריאת שמע? — האט ר' זלמן געפרעגט מיט וועהטאג אין קול.

— גוטע נאכט! — האט זיך דער אינגעל א כאפ געטהאן — איך געה שלאפען!...

— גוטע נאכט! — האט ר' זלמן געענטפערט — מעגסט שוין געהן שלאפען, קריאת שמע האסטו דאך געלייענט! אי־אי! — האט ער ארויסגעקרעכצט, זעצענדיג זיך אויף דער זאפע

דער אינגעל האט א קוק געטהאן אויף איהם מיט שעלמיש־לאכענדיגע אויגען, און איז ארויסגעלאפען פון פראנט־צימער.

רייכמאן איז געזעסען טיעף פער־טהאן אין זיך. דער אינגעל מיט זיינע ווערטער פון דער שבועה צו דער אמע־ריקאנישער פאהנע האט אויף איהם א שטארקען איינדרוק געמאכט. אין דיזער מינוט איז ער אליין פול ליעבע און עהר־פורכט געווען צו דער פאהנע, וואס אונ־טער איהרע פאלדען געפינען „שוץ און רוה דיא קינדער פון דיא ווייטע לענ־דער"...

א קלאפ אין טהיר, האט איהם צו זיך געבראכט. ער האט זיך אומגעקוקט

— עפשטיין איז אריינגעקומען.

— אהא! — האט ער זיך א כאפ געטהאן פון ארט.

מאשא האט זיך א צאפעל געטהאן, דערזעהענדיג איהר מאן, איז נערוועז געווארען און האט ניט געוואוסט, וואו אהינצוטהאן איהרע אויגען...

עפשטיין, מיט אן אויפגערעגטען שמייכעל, איז צוגעגאנגען צו רייכמאן'ן און ארויסגעשעפצעט:

— נעהמט ארויס דעם שווער פון דאנען... ניט אנגענעהם!...

— מיסטער גינזבורג — האט זיך רייכמאן געווענדעט צו ר' זלמן'ען — מיר האבען שוין אונזער זאך אפגעטאן, איצט... ווילט איהר מיט מיר ארויס־געהען אין א צווייטען צימער? איך וויל מיט אייך עפעס ריידען...

—נו, נו — האט זיך ר' זלמן אויפ־געהויבען פון ארט — איך פערשטעה... ווי איבערלאזען? ביי מיר געפועלט!... קומט, קומט!... אבי א סוף!...

און ער מיט רייכמאן'ען זיינען ארויס פון פראנט־צימער.

געבליבען אליין מיט זיין פרוי, איז עפשטיין גלייך צו איהר צוגעגאנגען.

שמייכלענדיג נאך אלץ אויפגערעגט, און זיא אנגענומען פאר א האנד.

— מאשא — האט ער שטיל ארויס־גערעדט — היינט וועסטו שוין וועלען מיט מיר ריידען, איא?... ביזטו מיר מוחל?...

זיא האט ניט געקוקט אויף איהם, איז געווען נאך מעהר אויפגערעגט פון איהם און געשוויגען.

— נו, מאשורקא, זיי מיר מוחל!...

— פארוואס? דוא פיהלסט זיך דען שולדיג? — האט זיך ביי איהר ארויס־געריסען.

— זעהר. גלויב מיר!...

זיא האט א קוק געטהאן אויף איהם און, דערזעהען זיין שמייכעל, האט זיא א טראכט געטהאן:

— ער זעהט גאר ניט אויס אזוי, וויא ער וואלט גרליטען!...

אין דיזער מינוט האט זיא שטארק געוואלט, ער זאל אויסזעהען בלייך, דערשלאגען, דיא סמנים פון זיינע לייי־דען און חרטה האט זיא געגארט ארונ־טערלעזען פון זיין פנים.

— דוא זעהסט גאר ניט אויס, וויא דוא וואלסט זיך געפיהלט שולדיג! — האט זיא געזאגט.

— ווען דוא וואלסט וויסען, וויע־פיעל איך האב געליטען, מאשורקא! — האט ער ארויסגערעדט מיט א קלאגעדי־גען טאן.

— דוא האסט געליטען, הא? — האט זיא ארויסגערעדט נערוועז מיט א פארוואורף, און ארויסגעריסען איהר האנד פון זיינע.

— נו, מאשורקא, פאר דיינע ליי־דען וועל איך שוין... דו וועסט זעהן!...

זיא האט פלוצים גענומען כליפען. זיך צו־וויינט, וויא א קינד.

— מאשורקא, נו, נו! — איז ער צוגעלאפען צו איהר, זיא צוגעדריקט צו זיך און היינגעריסען זיא געקושט — נו.

נו, פערגיעב !... פערגעס !...

— אזא בעליידיגונג קען א פרוי ניט פערגעסען ! — האט זיא געוויינט. האט זיך אבער שוין ניט געריסען פון זיינע ארעמס.

אויפ'ן סוף האט זיא זיך זאכט בעפרייט פון זיינע הענד, אפגעווישט דיא אייגען מיט א טיכעל און זיך אפגערופען מיט טרערען נאך אין קול:

— הער אויס, איך האב עס שוין געזאגט דאקטאר רייכמאן'ען אויך... איך וועל נור דאן געהן אהיים, ווען דו פערשפרעכסט מיר, אז דוא וועסט זיך מיט יענער מיידעל מעהר ניט זעהן.

— איך פערשפרעך דיר... איך גיעב דיר מיין עהרענ־ווארט אויף דעם... ביזטו צופריעדען, מאשורקא, הא ? — האט ער זיא ווידער ארומגעכאפט — נו, טהו מיך א קוש... זאל זיין פריעדען און ליעבע !...

זיא האט איהם אנגעקוקט מיט פעראכטונג.

— נו, איך בעט דיך ! — האט ער, צודריקענדיג זיך צו איהר ברוסט מיט זיין בערדעל, ארויפגעקוקט צו איהר מיט בעטענדיגע אויגען.

זיא האט איהם אנגעקוקט אביסעלע ווייכער.

— נו, מאמעלע !..

— וואס ווילסטו ? — האט זיא ארויסגערעדט כלומרשט אונגעדולדיג, אבער איהרע אויגען האבען שוין געקוקט זעהר ווייך.

— א קוש, מאשורקא, נור איין קוש!

איהרע אויגען האבען א שמייכעל געטהאן און זיא האט איהם א קוש געטהאן.

— נו, ביזט שוין צופריעדען ? — האט זיא געזאגט נאך אלץ אין א כלומרשט ברוגז'דיגען טאן, און איהרע בלויע אויגען האבען געשמייכעלט, געשמייכעלט..

— זעהר צופריעדען און זעהר גליקליך ! — האט ער אויסגעשריען.

און אין א האלבע שעה שפעטער האבען זיי מיט רייכמאן'ען פערלאזען ר' זלמן'ס הויז, מאשא מיט אויגען, אין וועלכע עס האבען זיך אפגעטונקט נצחון און פרייד...

21.

אין דערזעלבער צייט האט זיך ליבא געפיהלט זעהר יונגליקליך. דער געדאנק, אז עפשטיין האט ארויסגעטריעבען איהר פאטער אויף מארגען שוין נאך זיין ערקלערען זיך פאר איהר אין ליעבע, האט זיא פערפאלגט און געמוטשעט מעהר, וויא אלעס... וואס איז עס ? אויב ער ליעבט זיא, וויא אזוי האט ער עס געקענט ? און אפשר ליעבט ער זיא ניט ?... דאן האט ער זיך נור געשפיעלט מיט איהר... דאן האט ער פון איהר שפאס געמאכט... . דאן... דאן... וויא קען זיא לעבען, וויא קען זיא ? !...

ווען זיא וואלט איהם איצט ווידער געזעהען, וואלט זיא אלעס זיך דערוואוסט, אלעס וואלט פאר איהר קלאר געווארען... זיא וואלט איצט אויף איהם גאר אנדערש געקוקט, גאר אנדערש... פון זיינע אויגען וואלט זיא איצט דעם גאנצען אמת ארויסגעלעזען, פון זיין פנים !...

זיא האט אבער איהם ניט געדארפט זעהן, ניט געטארט און ניט געקאנט, און זיא האט זיך געפיהלט אזוי הילפלאז און האט געליטען, געליטען...

אויפ'ן צווייטען טאג, אז זיא איז צו דער ארבייט ניט געקומען, איז מעקנעק געווארען אונרוהיג. ער האט אריינגערופען צו זיך אין אפיס דעם אלטען אהרן'ען און ביי איהם געפרעגט, צו ווייסט ער ניט, פארוואס ליובא איז ניטא. ווען דער אלטער האט געענטפערט אז ער ווייסט ניט, האט מעקנעק איהם

אוועקגעשיקט צו איהר אהיים זיך ערקונדיגען.

דיא דיקע רייטשעל האט זיך אויך געוואונדערט, וואס ליובא איז ניטא. זיא האט זיך שוין אויפגעזוכט פאר דער קומענדיגער וואך א פלאץ אין אנאנדער פאבריק און געקליבען זיך צו פערלאזען מעקנעק'ס פאבריק מיט א סקאנדאל... איצט, אז ליובא איז שוין דעם צווייטען טאג צו דער ארבייט נעט געקומען איז עס איהר געווארען שטארק קשה'דיג.

— אפשר האט זיא אין גאנצען פערלאזען דעם שאפ? — האט רייטשעל געטראכט מיט א קלאפענדיגען הארצען — דאן פערבלייב איך דא אויף וויטער.. טאקי אמת, איך האס דיא רויטע מאנקי (אפפע), אבער דער פלאץ איז דאך דא א גוטער און דיא רויטע מאנקי האב איך אין ד'רערד!...

שפעטער האט זיך דער אלטער אהרן צוריקגעקעהרט פון ליובא'ס היים און דערצעהלט מעקנעק'ן, אז זיא איז קראנק, האט זיך פערקיהלט.

פארנאכט איז מעקנעק אוועק זיא געוואהר ווערען.

אין קארידאר איז געוועזן האלבדונקעל, א קליין פייערל פון א גאזברענער האט ארויסגעבלישצעט דארט פון א ווינקעל.

מעקנעק האט אנגעקלאפט אין טהיר פון קיך, אניוטא האט איהם געעפענט.

— גוטען אבענד, מאדאם עטינבערג! — האט ער ארויסגערעדט, ארייניטרעטענדיג אין קיך, ארונטערנעהמענדיג דיא הוט פון דעם רויטען קאפ און פערנייגענדיג זיך פאר אניוטא'ן זעהר העפליך.

און, דערזעהענדיג איהם, איז אניוטא לכתחילה צומישט געווארען: אין קיך איז געוויען האלב דונקעל, אנגעשטעלט און אנגעווארפען — באלד אבער איז זיא צו זיך געקומען און מיט א פריינדליכען שמייכעל זיך אפגערופען:

— אה, א גאסט!... גוטען אבענד, גוטען אבענד!...

זיא האט איהם געדריקט דיא האנד, צוגענומען פון איהם דיא הוט און געבעטען איהם אויסטהאן דעם אויבערראק.

— וואס מאכט עפעס די קראנקע?...

— בעסער. א דאנק פאר אייער פריינדשאפט, פאר אייער נאכפרעגען זיך. זיא האט זיך אביסעלע צוגעקיהלט — האט אניוטא גערעדט און, אנצינדענדיג מיט אן אימפעט דעם צווייטען גאזברענער אין קיך, האט זיא צוגעלייגט מיט א פערשעהמטען שמייכעל:

— ביי מיר אין הויז איז גאר ניט יום טוב'דיג... א דאנק ליובא'ס קראנקהייט האב איך זיך גאר ניט ארומגעקוקט ארום הויז!...

— אה, מאדאם — האט ער זיך אפגערופען און, טראכטענדיג: וואס זאגט מען ווייטער? — האט ער נור א מאך געטהאן מיט א האנד.

ליובא איז דאן געזעסען אין פראנטצימער מיט א היימעשען טוך ארום דיא אקסלען, האט געהאלטען אן אפענעם בוך אויפ'ן שויס, אריינגעקוקט אין איהם מיט שטארע אויגען און איז מיט אלע איהרע געדאנקען געוועזן ווייט, ווייט פון איהם... פון קיין בעשטימטעס האט זיא איצט ניט געטראכט. איהרע געדאנקען האבען זיך ניט אפגעשטעלט אויף איינס. זיי האבען זיך געיאגט איינער נאך'ן אנדערן, געמישט זיך און געפלאנערט זיך, וועקענדיג אין איהר נשמה פערשיעדענע געמישטע געפיהלען... דא בלייבען שטעהען איהרע געדאנקען אויף דער לעצטער סצענע אין פארק, דאן ווייזט זיך איהר אויס, אז זיא הערט יענעם'ס שטימע, יענעם'ס

ווערטער, און איהר גאנצע יונגע נשמה רופט זיך אפּ אויף דעם מיט א ציטערען, א ווארימען שעפּצען, א ציהען זיך און א נאגענדיגער בענקעניש... און דא דערמאנט זיא זיך פּלוצים, אז יענער האט איהר פאטער פון הויז ארויסגעטריבען גלייך אויף מארגען, און זיא דערפיהלט, וויא אלעס אין איהר ווערט פערקיהלט און גליווערט, און זיא טוליעט זיך און קארטשעט זיך פעסטער אין איהר טוך, און איהרע אויגען קוקען אין בוך אריין שטארער, וויא פערגלעזערטע... און דאן פרעגט זיא זיך צום הונדערטען מאל פאר דיא לעצטע צוויי טעג: וואו און ווען האט ער איהר אנצוהערעניש געגעבען פון ליעבע, אויסער דעם איינציגען מאל?... זיא זוכט און גריבעלט זיך אין דער פערלאפענער צייט זינט זיא קען איהם, זיא זוכט מיט א מין פערצווייפלונג... כאטש זיכער זיין, אז ער האט זיך ניט געשפּיעלט מיט איהר!... אבער קיין שפּור, קיין ווארט, קיין וואונק פון ליעבע צו איהר פאר דער גאנצער צייט! . . . און דאן איז זיא וויעדער צום הונדערטען מאל זיכער, אז זיין לעצטער ערקלערען זיך איז געווען ניט מעהר וויא א בייזער שפּאס... פארוואס? וויא האט ער געוואגט? — יאמערט אויף איהר נשמה, און זיא דערפיהלט א טיעפען האס צו איהם... ווען זיא וואלט געשטארבען!... אוי, ווען זיא וואלט געשטארבען!... צו־וואס לעבט זיא, צו וואס?!...

און אין א ווײלע ארום זעהט זיא זיך אין דיא געדאנקען א מוטע... זיא הערט, וויא דיא מאמע בעקלאגט זיא, זעהט, וויא דער טאטע לויפט ארום איבער'ן הויז ברעכענדיג פערצווייפעלט מיט דיא הענד און יאמערענדיג פערשטיקט, און זיא אליין העלפט אויך זיי איצט צו בעוויינען זיך, וויינט מיט'ן הארצען און פון איהרע אויגען קייקלען זיך ארויס א פּאאר הייסע טרערען...

זיא האט ניט געהערט, וויא מעקנעק איז אריין אין פראנט־צימער. ער איז געשטאנען ניט וויים פון איהר, בעמערקט דיא טרערען אויף איהרע באקען, האט געשמייכעלט פערוואונדערט און געטראכט:

— הפנים א מיידעל איז פארט א מיידעל, נאריש!... מעג זיא זיין אפילו געבילדעט!... ביי גאש, ווײנט גאר פון א ביכעל!...

ער איז צוגעגאנגען נעהענטער צו איהר.

— מיסס עטינבערג!...

זיא האט זיך א צאפּעל געטהאן, אנגעקוקט איהם מיט גרויסע, צושראקענע אויגען און איז צומישט געווארען און זיך פערשעהמט, קומענדיג צו זיך און דערזעהענדיג, אז ער איז דאס, אקוראט וויא זיא וואלט מורא געהאט, ער זאל אן איהר אויסזעהען ניט אנשטויסען זיך, וואס אין איהר הארצען טהוט זיך...

— איהר זייט קראנק, הא? — ער האט איהר דערלאנגט דיא האנד, ליובא האט זיא גענומען וויא אין חלום.

באלד אבער איז זיא געקומען אין גאנצען צו זיך, האט זיך איבער געוואלד בעהערשט און, אויפהייבענדיג זיך פון ארט, האט זיא צו איהם געשמייכעלט מיט איהר געוועהנליך ליעבען שמייכעל און ארויסגערעדט:

— אה, איך דאנק אייך, מיסטער מעקנעק... איך פיהל זיך שוין געזונד... מארגען וועל איך שוין קענען געהען צו דער ארבייט...

ער האט זיך געזעצט.

— ניין, ניין, מיסס עטינבערג — האט ער זיך א כאפּ געטהאן — זיי דארפען ניט קומען מארגען צו דער

ארבייט!... זיי מוזען זיך אויסרוהען...
איז אַ דאָקטער געווען?...

— יאָ, דאָקטאָר רייכמאַן...

— און מיר האָט מען גאָר ניט אָנגעזאָגט!... און זיי שעהמען זיך ניט. דאָ? — האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ פאַרוואורף — ביי גאָש, מיך האַלטען זיי ניט הפנים פאַר אַ פריינד, עה?...

ליובא האָט געצוואונגען אַ לאַך געטהאָן.

— איך בין געווען ניט אזוי געפעהרליך — האָט זיא געזאָגט.

— אַ פערקיהלונג?...

— וואהרשיינליך...

— עס ברעכען דיא ביינער?...

— יאָ, עס ברעכען — האָט זיא אַרויסגעשעפּצעט און אַרונטערגעלאָזט דיא אויגען.

— איז ביי אייך אַ פערקיהלונג! — האָט ער אונטערגעכאַפּט מיט זיכערקייט אין קול.

אַניוטאַ האָט אַריינגעטראָגען צוויי גלעזער טהעע און אַוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש.

— מיסטער מעקנעק, קומט טרינקען טהעע — האָט זיא איהם איינגעלאַדען מיט אַ פריינדליכער מינע צום טיש.

— איך דאַנק אייך, מאַדאַם, איך האָב ניט לאַנג געטרונקען — האָט ער געענטפערט און זיך העפליך פערנייגט.

— טרינקט! — האָט זיך ליובא אַריינגעמישט.

— נו, נו, צוליעב זיי — האָט ער אַ שמייכעל געטהאָן — אַ קראַנקער טאָר מען ניט אָפּזאָגען!

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט, איז צום טיש צוגעגאַנגען, זיך אַוועקגעזעצט און צוגערוקט צו זיך אַ גלאָז טהעע.

אַניוטאַ האָט דערלאַנגט ליובא'ן די צווייטע גלאָז טהעע.

— דער פּאַפּאַ איז נאָך ניטאָ? — האָט ליובא געפרעגט.

— ניין.

— וואו איז עפּעס מיסטער עטינבערג? — האָט מעקנעק זיך אַ כאַפּ געטהאָן.

— איז אַוועק צו אַ בעקאַנטען וועגען אַרבייט — האָט אַניוטאַ געענטפערט.

— ער אַרבייט נאָך ניט?

— ניין — האָט אַניוטאַ אַ זיפץ געטהאָן.

מעקנעק האָט געמאַכט אַ מינע פון בעדויערען, האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און אַרויסגערעדט:

— ביי גאָש!...

אין האַרצען אָבער האָט ער זיך געפרעהט, וואָס ליובא'ס פאָטער האָט קיין אַרבייט ניט, וואָס יענער פּלאָגט זיך, זעהענדיג אין דעם אַ מעגליכקייט צו קריגען ליובא'ן וואָס שנעלער...

ער האָט אַ ווײַלע נאָכגעדאַכט, דאַן האָט ער זיך אָפּגערופען:

— וויא קומט מיסטער עטינבערג צו אַרבייטען אין אַ שאָפּ!...

— נו, וואָס קען מען זיך העלפען? — האָט אַניוטאַ זיך אָפּגערופען — מסתמא דאַרף אזוי זיין!...

— מאַדאַם! — האָט ער פּלוצים אַרויסגערעדט מיט וואַרימקייט אין קול — עס וועט נאָך זיין אַלל רייט, גלויבט מיר!...

— איך גלויב שוין ניט... איך וואָלט נור געוואָלט, אַז מיין מאַן זאָל קריגען אַרבייט און ווייטער... ע־עך! — האָט אַניוטאַ אַ מאַך געטהאָן מיט אַ האַנד.

— איהר קענט גאָר ניט וויסען, וואָס מאָרגען וועט זיין! — האָט ער ווידער געזאָגט, און אַ קוק געטהאָן אויף ליובא'ן, וועלכע איז געזעסען פערטראַכט מיט דער גלאָז טהעע אין דיא הענד.

— אומשטיינס געזאגט, וואס מיר קענען שוין ערווארטען מארגען! — האט אניוטא א זיפץ געטהאן.

מעקנעק האט אויף איהר א קוק געטהאן מיט א געהיימער מינע און האט איהר געענטפערט אין זיינע געדאנקען:

— זאל נור ליובא מיין ווייב ווערען און דאן... אויב זיא וועט קומען מארגען צו דער ארבייט, וועל איך איהר פארשלאגען! — האט ער פלוצים א טראכט געטהאן.

ער האט זיך ווידער אומגעקוקט אויף ליובא'ן. זיא איז נאך אלץ געזעסען פערטראכט מיט דער גלאז טהעע אין דיא הענד.

— מיסס עטינבערג — האט ער זיך אפגערופען — וואס זיינען זיי עפעס אזוי פערטראכט?...

זיא האט זיך א כאפ געטהאן: הא?

— טרינק דיין טהעע, ליובא! — האט אניוטא זיך אריינגעמישט.

ליובא האט מעכאניש גענומען טרינקען דעם טהעע.

אין א ווייל ארום איז געקומען עטינבערג.

מעקנעק האט איהם זייט א וואך ניט געזעהען און ער האט זיך פערוואונדערט אויף דיא ענדערונג, וואס ער האט אין איהם איצט בעמערקט. דיא אויגען זיינען מיט טיעפע שווארצע רינגען אונטער זיי האבען געקוקט מיעד, פער'מרה־שחורה'ט און אין גאנצען האט ער איצט אויסגעזעהען צובראכען, דערשלאגען און קרענקליך... אן איינדרוק פון אן אלטען מעכטיגען בוים, וואס האט פלוצים אנגעהויבען צו דארען, האט ער געמאכט...

— ביי גאש, וויא ער זעהט אויס! — האט מעקנעק א טראכט געטהאן.

— וואס מאכט איהר, מיסטער עטינבערג? — האט ער א פרעג געטאן

— איהר זעהט איך עפעס אויס...

— דיא היגע לופט שאדעט מיר, אבראשא! — האט עטינבערג געענטפערט, און אין זיין קול האט זיך שוין דיא פריהערדיגע פערביטערקייט און גאל, מיט וועלכע ער פלעגט ביז אהער ריידען צו מעקנעק'ען, אויך ניט געהערט, נור דערשלאגענקייט און אפאטיע...

— נו, וואס הערט זיך, בארים? — האט אניוטא זיך צו איהם דאן געווענדעט.

— איך האב געקראגען אן אדרעס פון א סיגאר־פאבריק... מען דארף דארט הענד... מארגען וועל איך פרובען אהין געהן — האט עטינבערג געענטפערט.

— דוא וועסט טרינקען טהעע?

— ניין. איך וועל בעסער געהן שלאפען. איך בין זעהר מיעד און איך וויל מארגען אויפשטעהען פאר זעקס און געהן אהין, טאמער קריעג איך דארט ארבייט... אי־אי, ווען גאט העלפט מיר און איך קריעג א גוטען פלאץ, דאן וואלטען מיר זיך ווען עס־איז פון דעם גהינום געקענט ארויסרייסען און אהיים פאהרען! — האט ער ארויסגערעדט מיט בענקעניש און ליידענשאפט אין קול.

מעקנעק האט איהם אנגעקוקט צומישט מיט זיינע ווייסע אויג״י.

— איהר טראכט גאר וועגען דערהיים, מיסטער עטינבערג? — האט ער זיך אפגערופען מיט אויפרעגונג אין קול.

—ווען מיר זאלען נור קענען פאהרען!

—האט אניוטא געענטפערט אויך מיט בענקעניש.

—מיר וועלען פאהרען, אניוטא. מיר וועלען פאהרען — האט עטינבערג זיך אפגערופען און א קעהר געטאהן זיך צו ליובא'ן. האט ער צוגעלעגט מיט ליעבע און צערטליכקייט אין קול: — איא, טאכטער׳ל, איא פייגעלע, מיר פאהרען?

—זיכער, פאפא ! — האט זיך ליובא א כאפ געטהאן — זיכער !...

מעקנעק איז נאך מעהר אויפגערעגט געווארען.

—ביי גאש ! — האט ער א טראכט געטהאן.

שפעטער, ווען עטינבערג איז אוועק שלאפען, האט זיך מעקנעק אויך אויפגעהויבען פון ארט.

—נו, גוט נאכט, מיסס עטינבערג — האט ער איהר דערלאנגט דיא האנד — אלזא מארגען, דענקען זיי, וועלען זיי קענען קומען אין שאפ ?

—געווים, מיסטער מעקנעק.

—איך וואלט זיי בעסער געראטהען, זיי זאלען נאך א פאאר טעג זיצען אין דער היים — האט מעקנעק געזאגט פון העפליכקייט וועגען, אין הארצען אבער האט ער זיך ביי איהר געבעטען: — קומט-זשע ליובא, פערגעס ניט, איך בעט אייך. איך וויל מיט אייך עפעס ריידען!...

—איך פיהל זיך שוין געזונד — האט ליובא געענטפערט.

און ווען ער איז אוועק, האט אניוטא זיך אפגערופען :

—ווייסטו, ליובא, אז מען געוואוינט זיך צו צו איהם איז ער גאר ניש-קשה פון א מענשען.

—יא, מאמע — האט ליובא געענטפערט מיט ביטערנעש — אין איהם זיך ענטטוישען קען מען ניט !...

.22

אויף מארגען אין דער-פריה איז ליובא געקומען אין שאפ. רייטשעל איז שוין געשטאנען הינטערן טיש און איבערגעקוקט בינטלאך העמדער. ווען זיא האט דערזעהען ליובא'ן, איז זיא אויפגערעגט געווארען און א קוק טהאנדיג אויף איהר מיט אויגען, פול האס, האט זיא א געשריי געטהאן צום פארמאן, וועלכער איז געשטאנען אויף יענער זייט טיש מיט הויך-פערקאשערטע ארבעל :

—העי, דזשעק, זי איז דאך דא ! היינט וואס האט איהר געזאגט, אז דיא רויטע מאנקי האט איהר שוין דערעסען ?

ליובא, דערהערט די דאזיגע פרעכע ווערטער, איז צומישט געווארען.

—עס הויבט זיך שוין אן ! — האט זיא פערצווייפעלט א טראכט געטאהן.

מעקנעק איז א-דיעזער צייט געשטאנען צווישען דיא מאשינען און זיך צוגעקוקט, וויא דיא ארבייטערינס אויבייטען.

רייטשעל האט א טראכט געטהון :

—היינט געה איך אוועק... אבער פריהער מוזען זיי ביידע פון מיר קריגען דיא אפאפלעקסיע !

און זיא האט וויעדער א געשריי געטהאן :

—העי, רויטע מאנקי, די לאנדסמיידעל איז דא !...

דער לאנגער פארמאן איז צוגעלאפען צו איהר א צומישטער :

—רייטשעל, ביזט משוגע ?...

—איך האב זיי אין ד'ערד, איך געה סיי וויא סיי אוועק ! — האט זיא געענטפערט און וויעדער א געשריי געטהון :

—מאנקי, העי, רויטע מאנקי, מיסס עטינבערג וויל אייך זעהען !...

—איך קען ניט ! — האט זיך ביי ליובא'ן ארויסגעריסען, און זיא איז ארויס פון טיש.

דערווייל האט זיא מעקנעק בעמערקט, האט ער אין גאנצען גענומען פרעהלאך שטראהלען און איז צוגעגאנגען צו איהר.

— נו, וואס מאכען זיי ? — האט ער געפרעגט — איהר קוקט אויס עפעס . . . איהר זייט נאך אלץ קראנק, הא ? . . .

ליובא האט געשוויגען, טראכטענדיג, צי זאל זיא איהם דערצעהלען, אז

עס איז איהר אונמעגליך צו ארבייטען נעבען רייטשלען, צי ניט. דאן האט זיא בעשלאסען צו פערשווייגען דאס מאל אויך, האט נור איהם געענטפערט, אז דער קאפ טהוט איהר א ביסעלע וועה . . .

— ארבייט ניט היינט, מיסס עטינבערג ! — האט ער פלוצים ארויסגערעדט מיט אזא ווייכען און צערטליכען קול, אז ליובא האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט : — קומען זיי אריין צו מיר אין אפיס, זיי וועלען זיך א ווײלע אפרוהען און דאן געהען אהיים . . . ביי גאש, וואס הארט זיי, איך וועל זיי ניט אברעכענען פון דעם געהאלט, ווען זיי זאלען אפילו עטליכע מאנאטען ניט ארבייטען !

ליובא האט איהם ווידער אנגעקוקט מיט נאך גרעסערע אויגען.

— איך דאנק אייך, מיסטער מעקנעק — האט זיא געענטפערט מיט א ציטערענדיגען קול און שטארק אויפגערעגט, מיינענדיג, אז ער זאגט עס אוים רחמנות צו איהר און איהרע עלטערען : — איך פיהל זיך אבער בעסער... דער קאפ-וועה איז פעראיבער . . . איך דאנק אייך . . .

און זיא איז אוועק צוריק אויף איהר פריהערדיגען פלאץ נעבען רייטשלען.

מעקנעק איז אויך צוגעגאנגען צום טיש.

רייטשעל האט איהם בעגעגענט מיט א פרעכער מינע.

— זעהט נור, קיין עין הרע ניט, איהר שיינט דאך עפעס, אלץ דערפאר ווייל דיא לאנדסמיידעל איז געקומען ? — האט זיא איהם בעגעגענט.

מעקנעק איז שטעהען געבליעבען צרמישט און פערוואונדערט, דרעהענדיג זיינע ווייסע אויגען פון רייטשלען אויף ליובא'ן און פון ליובא'ן צוריק אויף רייטשלען.

— וואס איז דער מעהר, רייטשעל, וואס איז דער מעהר ? —האט ער ארויסגעמורמעלט.

רייטשעל האט זיך פרעך צולאכט און געענטפערט :

— ביי מיר איז שוין גאר ניטא קיין מעהר, צווישען אייך אבער און אייער לאנדס־מיידעל איז מסתמא יא דא א מעהר ? הא ? . . .

ליובא האט א ציטער געטהאן, איז רויט געווארען און האט גענומען קוקען ארום זיך, אזוי וויא זיא וואלט א פלאץ געזוכט, וואו צו אנטלויפען . . .

— רייטשעל ! — האט מעקנעק ארויסגערעהט שטרענג און מיט שרעק— ביי גאש ! . . .

—ווערט נור ניט בייז, מיסטער מעקנעק — האט זיך רייטשעל א כאפ געטהאן מיט א טעאטראלישער מינע — איך וועל אייך בעסער עפעס דערצעהלען. נעכטען בין איך געוועזען אין א טהעאטער מיט מיינעם א בעקאנטען, האב איך דארט געזעהען אזא קונסט... איך מוז אייך ווייזען דיא קונסט !

זיא האט ארויסגעכאפט א קליין שפיעגעלע פון איהר געלד־בייטעל און עס ארויפגעלייגט אויף א לאדען.

— איהר זעהט ? — האט זיא אנגעוויזען אויף'ן שפיעגעלע —אזוי זעהט מען אין איהם, דאכט זיך, גאר נישט... אבער באלד וועל איך אייך אין איהם ווייזען א רויטע מאנקי ! קוקט !

זיא האט איהם אנטקעגען געשטעלט דעם שפיעגעלע געגען פנים און אויכגעשריען :

— זעהט דארט דיא רויטע מאנקי, זעהט ! . . . ווייסע אויגען, וויא ביי א ווייסער מייזעלע, א פנים ראב און געשטופעלט. אז עס איז א פערגעניגען צו קוקען ! . . . אבער פאר אזא גרינע לאנדסמיידעל איז ער וויא געוואונשען ! כא ! כא ! כא !

מעקנעק איז געשטאנען, וויא מיט קאלטע וואסער אפגעגאסען, האט געפינטעלט מיט דיא אויגען און קיין ווערטער ניט געפונען. ליובא איז ווידער ארויסגעלאפען פון טיש, פיהלענדיג, אז אט־אט וועט זיא אויסברעכען אין א היסטעריקע . . . זיא איז צוגעלאפען צו דער כלי וואסער, וואס איז געשטאנען אין א ווינקעל, האט זיך אנגעגאסען א גלאז, געוואלט אויסטרינקען, האט ניט געקאנט און אויסגעבראכען מיט א פערשטיקטען יאמער.

דער אלטער אהרן איז דארט ניט ווייט געשטאנען, איז ער צוגעלאפען צו איהר.

— ליובא, וואס איז עם ? ליובינקע?

— האט ער זיא אנגעכאפט פאר א האנד.

און זיא האט געוויינט, געוויינט פערשטיקט און רחמנות'דיג.

— קומט אריין אין אפים — האט דער אלטער געמורמעלט, שיעור ניט וויינענדיג אליין : — אי, א קראנקע נעבאך געקומען ארבייטען ! אי, גוואלד און שאבאש ! . . .

ער האט זיא מיט גוואלד געצוואונגען אריינגעהען אין אפים.

דערווייל איז מעקנעק געקומען צו זיך.

— דזשעק ! — האט ער א רוף געטהאן דעם פארמאן צו זיך, ניט קוקענדיג מעהר אויף רייטשעלען.

דער לאנגער דזשעק איז צו איהם צוגעלאפען.

—געהט צום בוכהאלטער און זאגט איהם, ער זאל פאר איהר אויסמאכען א טשעק פאר דיא וואך. קיין איין מינוט מעהר זאל זיא דא ניט פערבלייבען ! — האט ער געזאגט שטארק אויפגערעגט.

— אי־וועה ! — האט רייטשעל זיך אפגערופען מיט האס אין קול — ער כאפט דאך מיך גאר אונגליקליך ! וואו וועל איך נאך קריעגען א שאפ מיט א רויטער מאנקי ? . . .

— דזשעק, האט איהר געהערט, וואס איך האב אייך געזאגט ? — האט מעקנעק א געשריי געטהאן.

— יא, מיסטער מעקנעק, איך געה גלייך ! — האט זיך דער פארמאן א כאפ געטהאן.

מעקנעק איז דאן אוועק צו זיך אין פריוואט־אפים.

— כא ! כא ! כא ! — האט איהם רייטשעל בעגלייט מיט א פרעכען, צו־להכעים געלעכטער.

ווען מעקנעק איז אריינגעקומען אין אפים, האט זיך שוין ליובא געהאט א ביסעל בערוהיגט.

זיא איז געזעסען אויף דער זאפע א פעררויטעלטע, מיט א צומישטען שמייכעל און זיך געשעהמט פאר איהר צו־וויינען זיך אויף'ן קול . . .

דער אלטער אהרן איז געשטאנען נעבען איהר און האט מיט ליעבע און רחמנות אריינגעקוקט איהר אין פנים.

א דונקעלע שיין האט אריינגעקוקט דורך'ן פענסטער אין אפים און פון אלע זייטען האט זיך דא געהערט א רוישען און הודיען פון מאשינען . . .

— איך האב זי שוין אוועקגעשיקט. פטור פון איהר געווארען ! — האט מעקנעק געזאגט, אריינקומענדיג : — אזא... ביי גאש ! . . .

ליובא האט זיך אויפגעהויבען פון ארט.

— זיי געהען שוין ? — האט זיך מעקנעק א כאפ געטהאן — ווארטען זיי נאך א ווילע, ביז יענע וועט אוועקגעהען. טאטע, זייט אזוי גוט, געה זאג דזשעק'ען, ער זאל גלייך זעהן צו בעזארגען אנאנדערע אויף רייטשעל'ס פלאץ.

דער אלטער אהרן איז ארוים.

נעבליעבען אליין מיט ליובא'ן, איז מעקנעק פלוצים אויפגערעגט געווארען און גענומען געהען איבער'ן אפיס הין און צוריק, טראכטענדיג: — זאל איך איצט אדער שפעטער?... איצט! — איז ביי איהם געבליעבען — אבער וויא הייבט מען אן?...

ער איז נאך מעהר אויפגערעגט געווארען.

און פלוצים איז ער נעבען איהר שטעהען געבליעבען און ארויסגערעדט:

— מיסס עטינבערג, איך וויל מיט זיי וועגען עפעס ריידען!...

— מיט מיר?

— יא, זעצען זיי זיך, איך בעט אייך!

זיא האט זיך צוריקגעזעצט אויף דער זאפע און איהם אנגעקוקט מיט פערוואונדערטע אויגען.

— מיסס עטינבערג — האט ער אנגעהויבען מיט אן אויפגערעגטען קול, פיהלענדיג וויא אלעס אין איהם ציטערט:

— מיסס עטינבערג — האט ער נאך אמאל ווידערהאלט און ניט געפינענדיג דיא ריכטיגע ווערטער, האט ער מיט אמאל זיך אונטערבראכען און פערצווייפעלט א טראכט געטהאן:

— ביי גאש, וויא זאגט מען, עס זאל אויסקומען וויא ביי א געבילדעטען דזשענטעלמאן!...

ער האט ווידער גענומען געהען איבער'ן צימער הין און צוריק.

ליובא'ן איז עס געווארען אויפפאלענד און זיא האט איהם מיט אונרוהיגע אויגען נאכגעפאלגט.

אויפ'ן סוף האט זיא זיך ווידער אויפגעהויבען פון ארט.

— מיסטער מעקנעק — האט זיא ארויסגערעדט שטיל און ניט דרייסט — איך גלויב ,אז איך קען שוין געהן!...

— ווארטען זיי, ווארטען זיי! — האט ער זיך א כאפ געטהאן וויא פון שרעק — געהען זיי נאך ניט! מיסס עטינבערג—האט ער דאן געזאגט מיט ענטשלאסענהייט אין קול — איך בין א ביזנעסמאן... איך קען ניט דיא אללע צערעמאניעס... איך מיין, אז דיא בעסטע זאך איז צו ריידען גלייך פון ביזנעס!... הערט אויס, מיסס עטינבערג! מיר זיינען אין אמעריקא... אין רוסלאנד איז אנדערש און דא איז אנדערש... איך האב א רייכע ביזנעס, אייער פאטער וועט זיך מעהר ניט דארפען פלאגען... איך וועל איהם אריינגעהמען אין מיין געשעפט, זייט מיין פרוי!...

ליובא האט געקוקט אויף איהם מיט גרויסע, גרויסע, אויסגעגלאצטע אויגען און דיא פארבען אויף איהרע באקען האבען זיך געביטען, דא טויט-בלייך און באלד פייער-רויט...

—וואס איז עס? וואס איז עס? — האט אין איהר נשמה געקרעכצט א צושראקענע שטימע.

—מיסטער מעקנעק! מיסטער מעקנעק! — האבען געציטערט איהרע בלייכע ליפען.

—איך ליעב אייך, ליובא! — האט ער שוין גערעדט הינגעריסען — ביי גאש, ליובא, איהר וועט זיין ביי מיר גליקלאך!... איך וועל אייך מיט בריליאנטען בעשיטען, דיא שעהנסטע ציערונג, דיא בעסטע קליידער וועט איהר ביי מיר האבען!.. דיא גרעסטע פלעזשור, פערגניגונגען, איך וועל אייך גאר נישט ניט זשאלעווען!... און אייער פאטער וועל איך אריינגעהמען אלס פארטנער... ליובא, ביי גאש, איך וועל זיין גליקלאך, אבער איהר אויך!... ליובא!..

ער איז צוגעגאנגען צו איהר און זיא געוואלט ארומנעהמען.

זיא האט זיך א ריעס געטהאן פון זיינע הענד מיט א קרעכץ און איז אפגעשפרונגען אן א זייט מיט אן אויסדרוק פון פעראכטונג און עקעל אויפ'ן פנים.

אין דיזער מינוט האט דער גאנצער אמאליגער עקעל צו איהם ווידער ערוואכט אין איהר נשמה מיט נאך א גרעסערער קראפט וויא פריהער... זיא האט געפיהלט, וויא זיינע ראבע, רויט־האריגע הענד וואלטען זיך אין איהר נשמה אריינגעגראבען, וויא ער אין גאנצען, מיט זיינע ווייסע אויגען און דיא רויטע וואנצעלאך, וואלט זיא מיט עפעס אונריינעם, עקעלדיגעם פערבריזגעט, און זי האט געשווידערט מיט איהר גאנצען וועזען...

—ליובא! — איז ער ווידער צוגעגאנגען צו איהר מיט געבעט אין קול און אין דיא אויגען, און זיא ווידער געוואלט ארומנעהמען.

זיא האט איהם א שטויס געטהון פון זיך.

—וויא וואגט איהר?! — האט זיך ביי איהר ארויסגעריסען א יאמער, און זי האט זיך געלאזט לויפען פון אפים, ארויסגעלאפען מיט א געדריכטען נעבעל פאר דיא אויגען, איהר מאנטעל און הוט פון וואנד אין שאפ ארונטערגעכאפט און פון דיא טרעפ געלאזט זיך לויפען, ניט בעמערקענדיג קיינעם ארום זיך, ניט הערענדיג דעם אלטען אהרו'ס צושראקענעם קול הינטער זיך... און זיא איז געלאפען און דיא צו־וועהטאגטע נשמה איהרע האט געקרעכצט און געיאמערט: פארוואס? פארוואס?..

זיא איז ערשט געקומען צו זיך נעבען הויז. דאן האט זיא זיך אבגעשטעלט.

—וואס וועט איצט זיין? — האט זי א טראכט געטהאן — וואו געהט מען ארבייטען?...

און עס איז איהר קלאהר געווארן, אז איצט הויבט זיך אן פאר איהר א נייע סדרה צרות: זוכען ארבייט אין א נייער פאבריק... ביז זיא וועט נאך געפינען און ווער ווייסט נאך, פיעל זיא וועט קענען פערדיענען. אזוי פיעל וויא ביי יענעם זיכער ניט!.. וואס וועט איצט ווערען פון זיי? און וויא דערצעהלט מען עס דער מאמען!...

—מאמוניו — האט איהר הארץ געקלאגט — מיין ארימע מאמוניו, אויף דעם ריכסטו זיך גאר ניט!...

—אוי — האט זיא ליידענשאפטליך א טראכט געטאהן — ווען איך וואלט געקענט שטארבען!...

ווען זי איז אריינגעגאנגען אין הויז, איז אניוטא דאן געשטאנען אין קיך און אויפגעקליבען פון טיש.

זי האט א קוק געטאהן אויף ליובא'ן פריהער פערוואונדערט, דאן אבער, דערזעהען, וויא בלייך און דערשלאגען זיא קוקט אוים, האט זיא אונרוהיג ארויסגערעדט:

—פיהלסט זיך ניט גוט, הא? האסט ניט געדארפט היינט געהן ארבייטען.

ליובא האט איהר גאר נישט געענטפערט, איז גלייך אריין אין פראנטצימער און זיך אנגעהויבען פונאנדערטהאן. אניוטא נאך איהר.

און ווען ליובא האט דעם מאנטעל און הוט אויסגעטהון, האט אניוטא זיך ווידער צו איהר געווענדעט:

—דער קאפ טהוט וועה, ליובא?

—דאס לעבען, מאמע! — האט יענע פלוצים געענטפערט מיט א קרעכץ און צונעלעגט: — מאמע, איך וועל זיך דארפען זוכען א נייעם פלאטץ.

—ווא—אם?! —האט אניוטא ארויסגעשעפצעט, און איז בלייך געווארען.

— יא, מאמע, אבער איך בעט דיך, מאמוניו, נעהם זיך ניט צום הארצען... איך וועל שוין קריגען ארבייט!...

אניוטא איז געשטאנען, וויא א פערשטיינערטע און א היבשע ווייל קיין ווארט ניט געקענט ארויסברענגען. אויפ'ן סוף האט זיא ארויסגעמורמעלט:

— אבער וויא? מיט א מאל?...

ליובא האט מיט וועהטאג א לאך געטהאן.

— ער האט מיר ניט אפגעזאגט, מאמוניו — האט זיא נעענטפערט מיט אן אויפגערעגטען קול — פערקעהרט, ער האט מיר פארגעשלאגען בלייבען און ניט נור בלייבען אלס ארבייטערין, נור אפילו אלס מאדאם מעקנעק!

אניוטא האט זיא ניט פערשטאנען.

— איך פערשטעה דיך ניט, ליובא!

— ער האט זיך אין ליעבע מיר ער־קלערט, מאמע! — האט ליובא אויסגע־שריען, צולאכענדיג זיך נערוועז און מיט טרערען אין דיא אויגען.

אניוטא האט זיך א טרויסעל גע־טהאן, געעפענט ווייט מויל און אויגען און האט זיך ארונטערגעלאזט אויף א שטוהל אזוי, וויא עמיצער וואלט איהר דיא פיס אונטערגעהאקט.

ליובא האט פון איהר דעם קאפ אפ־געקעהרט און גענומען ווישען די אויגען.

— אוי, וויא מיר זיינען געפאלען, ליובא! — האט אין א ווייל ארום אניוטא ארויסגעקרעכצט — וויא טיעף, וויא טיעף!...

ליובא האט זיך ליידענשאפטליך צו־וויינט.

און דערזעהען, וויא זיא וויינט, האט אניוטא איהרע אלע כוחות צונויפ־גענומען און אויפהייבענדיג זיך פון ארט, איז זיא צו ליובאן צוגעגאנגען.

— נו, נו, גענוג, טאכטערל, גענוג! — האט זיא גערעדט מיט א ציטערענדיגען קול און זיא צערטליך געגלעט איבערן קאפ: — וויין ניט!... דוא ווייסט, וואס מיר דארפען איצט טהאן? איך וועל זיך אויך עפעס אויסלערנען אן אר־בייט, וועל ארבייטען אין דער היים... דוא וועסט זיך אן אנדער פלאץ קריגען און דער פאפא האט מסתמא היינט אויך געקראגען ארבייט אין דער פאב־ריק, וואוהין ער איז היינט געגאנגען. אניט וואלט ער שוין לאנג געוועזן אין דער היים, — וועלען מיר אלע ארבייטען און אפשפארען אויף הוצאות אהיים... נו, שא טאכטערל!...

— אוי, מאמע! — האט ליובא גע־וויינט — ווען מיר זאלען קענען פאה־רען צוריק אהיים!... איך האב שוין מעהר קיין קרעפטען ניט, מאמוניו, קיין קרעפטען ניט!...

— נו, קינדרעלע, איך ווייס, איך ווייס!

— האט אניוטא געמורמעלט, און אין איהרע אויגען האבע זיך אפגעטונקט פערצווייפלונג און צער.

אין דיעזער צייט האבען זיך דער־הערט פון קארידאר עטינבערג׳ס טריט.

אניוטא האט זיך א כאפ געטהאן.

— אט געהט שוין דער פאפא! אר־בייט האט מסתמא אנאנדערער געקרא־גען, ניט ער!...

באלד איז עטינבערג אריינגעקומען מיט דיא געצייג, איינגעוויקעלט אין פאפיער, אונטער׳ן ארעם.

ער האט א קוק געטהאן מיט שול־דיגע אויגען אויף אניוטאין און ליובאין און גאר נישט געזאגט און ניט גע־פרעגט, האט נור אוועקגעלעגט זיין גע־צייג אויף א שטוהל, א טיעפען זיפץ געטהאן און איז ארויס זיך אויסטאן.

דאן איז ער ווידער אריינגעקומען און, בעמערקט אז ליובא איז פערוויינט און אז אניוטא איז שטארק צוטראגען, האט ער געמיינט, אז ליובא איז וויע־דער קראנק און געוואלט פרעגען וועגען דעם, האט אבער קיין מוטה ניט געהאט איצט צו ריידען צו זיי...

—האסט שוין אפגעארבייט? —האט אניוטא זיך פלוצים געווענדעט צו איהם מיט גאל.

ער האט א זיפץ געטהאן.

—נו,וואס קען איך העלפען, אניוטא! איך וועל זיך מוזען דעם באדר ארונטער־

נעהמען — האט ער צוגעלעגט פערצווויי-פעלט.

—ווידער עפּעס א נייעס ? אלע טאג ביי איהם נייע נייעסען ! —האט זי אויס געשריען פערביטערט.

—וואס מאכסטו מיך שולדיג אניוטא ? — האט ער זיך אפּגערופען מיט רחמנות אין קול — איך בין אריין אין פאבריק.... און וויא איך בין נאר אריין, אזוי גלייך זיינען מיך דיא ארבייטער בעפאלען מיט געשרייען : — וואהיסקערס ! (בארד) ז—ש—ש ! וואהיסקערס ! ז—ש—ש ! — האט ער נאכגעמאכט יענע ארבייטער מיט גאל — קוים דיא טיהר געטראפען צוריק ! אזוי האבען זיי מיך צוטומעלט !... איך וועל שוין פרובען דעם בארד ארונטערנעהמען !...

אניוטא האט פערצווייפעלט א מאך געטהאן מיט א האנד.

—פון אלע זייטען ! פון אלע זייטען !

—האט זיא ארויסגעמורמעלט.

עטינבערג האט זיך געזעצט אויף א שטול און, קוקענדיג מיט אונמוטהיגע אויגען אויף ליובא'ן, האט ער א טראכט געטהאן מיט וועהטאג :

—וויא זיא זעהט אויס, מיין פיינעלע !...

דאן האט ער זיך אפּגערופען שטיל און ניט דרייסט :

—דו פיהלסט זיך ניט גוט, ליובעטשקא ? אפשר פארט רופען א דאקטאר, הא ?

ליובא האט קרענקליך א שמייכעל געטהאן :

—ווער האט עס צייט פאר דאקטוירים, פאפא ! — האט זיך ביי איהר ארויסגעריסען געגען איהר אייגענעם ווילען — איך דארף איצט די צייט פאר א נויטיגערע זאך !...

—וואס מיינסטו ?...

—זי מיינט — האט אניוטא זיך א כאפּ געטהאן מיט גאל אין קול — אז איהר צייט דארף זיא האבען אויף צו ארבייטען פאר איהר פאפא און מאמע, אט וואס זיא מיינט !...

— מאמע ! האט ליובא אויסגעשריען מיט פארוואורף.

עטינבערג האט ארונטערגעלאזט די אויגען און ארויסגעמורמעלט :

—איך בין אין דעם ניט שולדיג דו ווייסט עס, אניוטא !

זיינע ווערטער און זיין דערשלאגענער אויסזעהען האבען זי איצט אויפגערעגט. צופיעל האט זיא איצט אין זיך געשטיקט. און פּלוצים האט זיא דערפיהלט, וויא ארויסצורייסען דיא אלע פערשטיקטע וועהטאגען און יסורים פון איהר הארצען און א שמיץ טהון מיט זיי איהם אין פּנים אריין, און זיא האט אויסגעשריען :

—ווייסטו כאטש, אז ליובא האט שוין אויך מעהר ניט קיין פּלאטץ !...

ער האט אויפגעהויבען דיא אויגען אויף איהר.

—וואס הייסט ? — האט ער ארויסגעמורמעלט.

—מעקנעק וויל זי בעסער האבען פאר א ווייב, וויא פאר אן ארבייטערין !— האט אניוטא געזאגט מיט גאל.

עטינבערג האט זיא אנגעקוקט מיט א מינע, אזוי וויא ער וואלט ניט דערהערט.

—וואַ-אַ ?...

—אט דאס וואס דו הערסט !.. ער האט איהר היינט פארגעשלאגען.—וואס איז ? אין אמעריקא האסטו פערדיענט א בעסערן איידעם ? — האט זיא ווידער א געשריי געטהאן מיט גאל אין קול.

ער האט זיך א צאפּעל געטהאן מיט'ן גאנצען קערפּער, געקוקט מיט אונזיניגע אויגען, דא אויף אניוטא'ן און דא אויף ליובא'ן, דאן האט ער מאדנע א שמיי-

כ'על געטהאן און ארויסגערעדט מיט א רומפפען קול:

—עס קען ניט זיין! דו לאכסט פון מיר! איא, ליובא? — כע, כע, כע! — האט ער זיך צולאכט מיט א מארנעם ציטערענדיגען געלעכטער.

—אמת, פאפא — האט ליובא געענטפערט מיט טרערען אין קול — מעקנעק האט מיר היינט פארגעשלאגען, איך זאל מיט איהם חתונה האבען...

ער האט זיך ווידער א צאפעל געטהון און, איינעסענדיג זיך מיט גרויסע פערוואונדערטע אויגען אין ליובא'ס פנים, האט ער זיך לאנגזאם אויפגעהויבען פון שטול און זיך ווידער אראפגעלאזט, ניט אפרייסענדיג דיא אויגען פון ליובא'ס פנים און אטהמענדיג שווער מיט'ן גאנצען קערפער.

דאן האט ער זיך אנגעכאפט מיט ביידע הענד פאר'ן קאפ און ארויסגעשעפצעט:

—אוי! — איך וועל צושמעטערן דעם קאפ אן וואנד! אוי, אמעריקא קריכט דאך שוין פון דיא כלים ארויס!..

און אויפגעשטעלט זיך ווידער אין זיין גאנצען הויכען וואוקס, האט ער אויסגעשריען:

—וואס איז עס? וואס איז עס?!.. נו, אניוטא, נו?!..

—נו? איך פרעג דיך! — האט זיא אונטערגעכאפט מיט גאלל — ווען דוא אבער וואלסט געוועזן וויא אנדערע...

—ווידער איך, ווידער! — האט ער זיך א כאפ געטהאן מיט אנאנדער טאן, א רחמנות'דיגען, א בעטענדיגען טאן און צונויפגעקארטשעט זיך אין דרייען:

—אניוטא, קיין רחמנות האסטו ניט, קיין הארץ!.. וויא שלעכט דו ביזט געווארען, אניוטא וויא שלעכט!.. אלע אויף מיר, אלע, אפילו דו אויך!..

ער האט א סאפע געטהאן מיט דער נאז און א פערשטיקטען כריפ געטהאן און איז א צונויפגעקארטשעטער ארויס פון פראנט-צימער.

אניוטא איז צוגעפאלען צום טיש און זיך צו-וויינט. ליובא איז צוגעלאפען צו איהר...

23.

נאך עטליכע חדשים זיינען אוועק. אין דרויסען האט דער פריהלינג געזונגען מיט ליכטיגע, זוניגע טענער. אין דיא פארקס האבען די בוימער מיט גרינס גענומען שפראצען. אין די הייזער און אויף דיא גאסען האבען העלער און פרעהליכער געקלונגען יונגע שטימען און ווארימער און כישוף'דיגער האבען געבלישצעט יונגע אויגען...

ליובא'ס אויגען נור האבען געקוקט אלץ מעהר און מעהר מרה־שחורה'דיג. דער פריהלינג האט אין איהר קיין האפנונג ניט ערוועקט, פערקעהרט, האט נאך מעהר איהר פערצווייפלונג פערשארפט, וועקענדיג צייטענווייז אין איהר נשמה געגען איהר אייגענעם ווילען א בענקעניש נאך עפשטיין'ען.....

דערצו האט זיך דיא לאגע ביי זיי אין דער היים אויך ניט פערבעסערט. זיא אליין האט איצט פערדיענט א העלפט וויא ביי מעקנעק'ן איז פאבריק, ארבייטענדיג שווער ביי דער מאשין. דער פאטער איהרער, כאטש ער האט דעם בארד קורץ אפגעשארען, האט נאך אלץ ניט געקראגען קיין ריכטיגען פלאטץ. האט מען איהם שוין יא אמאל אנגענומען אויף א פלאטץ ערגעץ, איז ער געזעסען עטליכע טעג, פיעל א וואך, און מען האט איהם ווידער געהייסען געהן. קיין גוטער ארבייטער איז ער ניט געוועזן און דערצו ניט קיין יונגערמאן. וועלכע ריכטיגע פאבריק וועט זיך וועלען האלטען מיט אזא, ווען אויף זיין פלאטץ זיינען פאראן הונדערט אנדערע, גוטע און יונגע ארבייטער?

דיא לעצטע צייט האט ער ווידער

ניט געארבייט, איז זיך געזעסען א דער־
שלאגענער אין פראנט־רום, אויסמיידענ־
דיג אניוטא׳ן און געבעטען זיך מיט׳ן
הארץ׳ן ביי גאט:

—העלף מיר זיך ארויסרייסען פון דעם גהינום! — איך וועל זיין פרום! ברענג מיך צוריק אהיים און איך וועל וויסען, אז דו ביזט פאראן, אז דו ביזט א גוטער גאט!... פארוואס שטראפסטו מיך אזוי? האב איך וועניג נדבות גע־ געבען? וועז מיר דיין חסד, וועז מיר! רייס מיך ארויס פון דעם אמעריקאני־ שען גהינום און איך שווער דיר: אלע מיינע יאהרען וועל איך דיך ליבען און דאנקען!...

זיי איז איצט שווער געווען דורכצו־ לעבען זיך. אין קראם האט געקומט, דער קצב האט שוין מעהר ניט געוואלט בארגען און פאר דיא וואוינונג האט שוין אויך געקומט פאר א חדש דירה־ געלד.

דער אלטער אהרן פלעגט אפט קו־ מען צו זיי, געזעהען, וויא זיי מוטשען זיך, האט געזיפצט און אפטמאל ארויס געלאזט א טרעהר פון דיא אלטע, רוי־ טע אויגען.

אייניגע מאל האט ער פארגעשלאגען אניוטא׳ן עטליכע דאלאר לייהען, זיא האט זיך אבער אלע מאל אפגעזאגט א פערשעהמטע און צומישטע, מיט טרע־ רען אין דיא אויגען...

אין איין טאג אין דער צייט האט דער פאבריקאנט, וואו ליובא האט גע־ ארבייט, אפגעלייגט עטליכע הענד און צווישען זיי אויך ליובא׳ן, וויא א נייע האנד...

נאכהעם האט ליובא א גאנצע וואך געזוכט ארבייט אין אנדערע פאבריקען און ניט געקראגען. זיא פלעגט אויפ־ שטעהען גאנץ פריה און פערלאזען דיא הויז. דאן פלעגט זיא געהען פון איין פאבריק אין דיא אנדערע אויף ארבייט פרעגען און פלעגט זיך צוריק קעהרען אהיים א מיעדע, א צובראכענע און א פערצווייפעלטע.

אין דיעזער צייט האט זיא דער גע־ דאנק וועגען זעלבסטמארד גענומען שטארקער פערפאקגען און א סך מאל האט זיא וועגען טויט געטראכט מיט יענער בענקעניש וויא אן אויסגעמוטשע־ טער מענש — וועגען רוה...

און איין מאל איז ליובא געקומען אהיים און געטראפען דארט מעקנעק׳ן. ער איז געזעסען אין קיך מיט עטינ־ בערג׳ן און האט גערעדט. ווען זיא האט איהם דערזעהען, איז זיא צומישט גע־ ווארען און איז א ווילע שטעהען גע־ בליעבען, וויא א פערגליווערטע. מעק־ נעק האט זיך פון זיין ארט אויפגעהויי־ בען און זיך פערנייגט פאר איהר. דאן האט זיא זיך א כאפ געטהאן און איז מיט שנעלע טריט אריין אין פראנט־ צימער.

דארט איז געזעסען אניוטא א בלייכע און א צוטראגענע און פעררוכט עטינבערג׳ס א ראק.

— וואס טהוט ער דא, מאמע? — האט ליובא ארויסגעשעפצעט.

— ער איז געקומען דיך רופען צו־ ריק ארבייטען. אהרן — זאגט ער — האט איהם דערצעהלט, וויא דו פלאגסט זיך ארום...

ליובא האט זיך געזעצט אזוי וויא זיא איז אנגעטהאן געווען אויף א שטול און ארפגעלאזען דעם קאפ.

— איך וועל צו איהם ניט געהען ארבייטען— האט זיא ארויסגעשעפצעט —איך קען ניט!...

עטינבערג איז אריינגעקומען, הינ־ טער איהם מעקנעק, וועלכער איז מיט אן אונענטשלאסענעם אויסדרוק אויף׳ן פנים געבליעבען שטעהען אונבעמערקט אין טהיר.

— וואס טהוסטו זיך ניט פונאנ־ דער, קינדעלע? — איז עטינבערג צו־ געגאנגען צו ליובא׳ן.

— אוי, איך בין אזוי מיעד, קיין כוח ניטאָ פונאנדער צוטהאָן זיך — האָט זיא ארויסגעשעפּצעט, אָפּווארפענדיג דעם קאָפּ אויפ'ן ווענטעל פון שטוהל און צומאַכענדיג דיא אויגען:

— לאָז מיך, פּאַפּאַ, אזוי זיצען א ווייליגקע...

— מיעד, מיין קינד ? אויסגעמאַטשעט, מיין פייגעלע ? — האָט ער ארויסגעמורמעלט און ארונטערנעהמענדיג דיא הוט פון איהר קאָפּ און ארונטערציהענדיג פון איהר דעם מאַנטעל, האָט ער זיא א קוש געטהאָן.

און פּלוצלונג האָט ליובא זיך ארומגעכאַפּט ארום זיין נאַקען און ארויסגעשעפּצעט:

— פּאַפּעלע, וואָס וועט זיין ? וואָס וועט זיין ? איך האָב ווידער קיין ארבייט ניט געקראָגען! און יענער וועט ווידער קומען מאָהנען געלד פאר דיא וואוינונג!

— איך בין ניט שולדיג, ליובעטשקא — האָט עטינבערג געמורמעלט — דוא ווייסט דאָך אוודאי, וויא דוא וואָלסט זיך געלעבט, ווען איך וואָלט געהאַט! פאר וועמען לעב איך דען, אז ניט פאר דיר און דיין מאַמען ? עך, פייגעלע!

דערווייל איז מעקנעק אריין אין פראָנט־צימער, ליובא האָט איהם דערזעהען, האָט זיא זיך א ריס געטהאָן פון איהר פאטער'ס ארעמס און איז געבליבען זיצען צונויפגעקאַרטשעט, וויא שטאַרק דערשראָקען, אויפ'ן שטוהל.

עטינבערג איז זיך דורכגעגאנגען דעם פראָנט־צימער הין און צוריק, האָט געקוקט צומישט דאָ אויף מעקנעק'ן, דאָ אויף אניוטא'ן און ליובא'ן און באלד ווידער אויף מעקנעק'ן און זיך געצופּט דעם קורץ־געשאָרענעם באָרד. עס איז קענטיג געוועזען, אז ער וויל עפּעס זאָגען און עס איז איהם זעהר שווער ארויסצורייזען. און מיט א מאָל האָט ער זיך אויסגעגלייכט אין זיין גאנצען הויכען וואוקס און האָט זיך געווענדעט צו מעקנעק'ן מיט א פערשטיקטע שטימע:

— הער אויס... פערשטעהסט ? ניט פאר מיר... איך פאר זיך אליין וואָלט עס ניט געטהאָן, דוא פערשטעהסט ?... אָבער פאר איהר און פאר אניוטא'ן ?... הער אויס...

ער האָט אָבער ניט געענדיגט, אונטערברעכענדיג זיך מיט א מאָל און א מאַך געטהאָן מיט א האנד.

— איהר ווילט מיר עפּעס זאָגען, מיסטער עטינבערג ? — האָט זיך מעקנעק א כאַפּ געטהאָן — זאָגט!

— ניט פאר מיר — האָט עטינבערג ווידער אָנגעהייבען שטיל און פערשטיקט — נור פאר זיי!... זיי מוטשען זיך אזוי... דוא ביזט א גביר... דער גאָט, וואָס האָט ביי מיר אלעם אוועקגענומען, האָט דיר אלעם געגעבען!... איך דאַרף אויף דירה־געלד... לייה מיר א ביסעל...

— הע ? — האָט זיך מעקנעק א כאַפּ געטהאָן.

עטינבערג איז רויט געוואָרען און האָט זיך ווידער צונויפגעקאָרטשעט.

— ניין, ניין, איך שפּאס!... כע, כע, כע! — האָט ער זיך שטיל און צומישט צולאַכט — איך... איך... שפּאַ־אס! שפּאַ־אס!

און ער איז ארויסגעלאָפען פון פראָנט־צימער.

פּלוצלונג האָט זיך ליובא אויפגעהויבען פון אָרט.

— מאַמע — האָט זיא זיך געווענדעט צו אניוטא'ן מיט אויפרעגונג אין קול — ווילסטו אזוי גוט זיין און איבערלאָזען מיך אויף א ווייל מיט מר. מעקנעק'ן ?

אניוטא האָט זיא אָנגעקוקט מיט ברענענדיגע אויגען, דאָך האָט זיא זיך אויפגעהויבען און איז ארויס פון פראָנט־צימער.

געבליעבען אליין מיט מעקנעק'ן, האָט איהם ליובא געבעטען זיך זעצען, דאן האָט זיא זיך אָפּגערופען, ניט קוקענדיג אויף איהם:

— מיסטער מעקנעק, דיא מאמע האט מיר געזאגט, אז איהר זייט געקומען מיך רופען צו דער ארבייט . . . איך וויל אבער וויסען, אויב איהר דענקט נאך . . .

— זיי מיינען וועגען מיין ליעבע ?

— האט ער זיך א כאפ געטהאן און צוגעלייגט מיט געפיהל אין קול:

— מיסס עטינבערג, איך וויל ניט לייקענען: איך ליעב זיי זעהר !

ער האט זיך אויפגעהויבען פון ארט און איז צוגעגאנגען צו איהר.

— נו, דארפען זיי זיך אזוי פלאגען ? ביי גאש, ליובא, ביי מיר וועלען זיי דאך לעבען וויא א קעניגין, וויא מרם. וואנדערבילד וועלען זיי ביי מיר לעבען ! און זייער פאטער וועט ווערען פארטנער צום געשעפט . . . ליובא, איך בעט זיי ! . . .

— אבער, ווען איך האב אייך ניט ליעב ? — האט ליובא אויסגעשריען פערצווייפעלט — אך, לאזט מיך, מאטשעט מיך ניט, איך בין גענוג אויסגעמוטשעט אהן אייך !

— נאך דער חתונה וועט איהר מיך ליעבען, איהר וועט זעהען, ליובא ! — האט ער זיך צוהיצט — איך וועל אלעס טהאן, אום איהר זאלט מיך ליעבען ! פון פייגעל־מילך וועט אייך ביי מיר ניט פעהלען. ביי גאש, ליובא, טהוט וועגען דעם א טראכט וויא א ביזנעס פרוי: וועמען קענט איהר דא הייראטהען ? און הייראטען מוזט איהר דאך א מאל, א נאטור־זאך ! — היינט ביי גאש, פארוואס בין איך אייך ניט געפעהלען ? ליובא ! . . .

— געהט ! געהט ! איהר מאטשעט מיך ! — האט זיא אויסגעשריען — דאס וועט קיין מאל ניט זיין ! געהט ! . . .

ער האט ארונטערגעלאזט דעם קאפ.

— נו — האט ער ארויסגעשעפצעט מיט אן אונגליקליכען אויסזעהען — דארף מען ניט ! וועל איך געהען ! מיט גוואלד קען איך אייך ניט נויטען ! . . . גוד ביי !

ער האט א זיפץ געטהאן און גענומען געהען. ביי דער טהיר האט ער זיך אפגעשטעלט און, אומקוקענדיג זיך ווידער אויף איהר, האט ער געזאגט:

— עטליכע דאלאר פונדעסטוועגען וועל איך פאר אייך באלד צושיקען מיט מיין טאטען. גוד ביי ! . . .

און ער איז אוועק.

ליובא איז געבליבען שטעהען א פערצווייפעלטע און האט געטראכט:

— וויא לעבט מען ? וויא לעבט מען ? !

און זי האט ווידער גענומען טראכטען וועגען טויט . . .

אין א ווײלע ארום האט זיא דערהערט עמיצען׳ס אן אויפגערעגטען קול פון קיך. זיא האט זיך איינעהערט און דערקענט דיא שטימע פון דעם הויזווירטה.

זיא האט זיך א צאפעל געטהאן און אין איהרע אויגען האבען זיך אבגעטונקט שרעק און פערצווייפלונג.

— איך האב שוין גענוג געווארט !

— האט זיך געהערט דיא אויפגערעגטע שטימע פון דעם הויז־ווירטה — מעהר וויל איך ניט !

עטינבערג איז אריינגעקומען אין פראנט־צימער א צונויפגעקארטשעטער. א דערשלאגענער און דער הויז־ווירט, א קליין אידעל מיט א געל בערדעל, נאך איהם.

— ביי מיר געהט ניט דיא שנארערישע ביזנעס — האט ער געשריען צורהיצט, מאכענדיג נערוועז מיט ביידע הענד און אונטערשפרינגענדיג אויף דיא פים: — אדער מען צאהלט, אניט ציהט ארויס !

אניוטא איז אריינגעלאפען א בלייכע און א צומישטע.

— קענט איהר אונז ניט ווארטען נאך א וואך ? — האט זיא ארויסגעמור־

מעלט מיט נעבעט אין קול.

— קיין איין טאג ניט מעהר ! איך האב גענוג געווארט ! — האט יענער גע־שריען.

— מען וועט איך בעצאהלען, בע־צאהלען — האט עטינבערג ארויסגעמור־מעלט פערלארען — איך האב נאך קיי־נעם ניט אנגעזעצט ! . . .

— וואס טויגען מיר אייערע באי־קעס ? בעצאהלט, אניט שיק איך אריין דעם שעריף און ער וועט אייך ארויסווארפען !

עטינבערג האט זיך א כאפ גע־טהאן.

— מען וועט מיך ארויסווארפען אויף'ן גאס, הא ? נו, ווארפט ! ווארפט ! אייער אמעריקא ! — האט ער אויסגע־שריען מיט גאל.

— מיסטער, איהר קריעגט היינט אייער געלד — האט פלוצים אניוטא זיך אפגערופען ענטשלאסען — איך וועל צו געהען צו מעקנעק !

זיא איז ארויסגעלאפען אין שלאף־צימער, ארונטערגעכאפט איהר רעטאנ־דע פון וואנד און זיך באלד צוריקגע־קעהרט : — איהר קריעגט היינט אייער געלד !

— היינט־שמיינט ! וויפיעל מאל האט איהר מיר שוין צוגעזאגט ? אנט־לויפט ניט, מיססעס, איך זאג אייך נאך א מאל, אניט קומט צו אייך מאר־גען דער שעריף און ער ווארפט . . .

אניוטא איז ארויסגעלאפען.

— ווידער מיט'ן ווארפען ! —האט זיך עטינבערג א טרייסעל געטהאן — גזלן, מען זאגט אייך, אז מען וועט אייך היינט בעצאהלען ! בלוט־זויגערס, פארוואס צאפט איהר מיין בלוט ? — האט ער ארויסגעקרעכצעט — איהר האט דאך קיינער קיין הארץ ניט ! גיטא א־צט קיין געלד, גיטא — האט ער זיך א כאפ געטהאן העכסט אויפגערעגט

— אט דאס האב איך נאך, אט דאס !

ער האט פערקאשערט דעם ארבעל פון העמד און גענומען שפארען זיין נאקעטען עלענבויגען יענעם אין פנים און געשריען מיט פערשטיקטע טרעהרען אין קול :

— אט דאס האב איך נאך ! נא, מיין פלייש, ראזבאיניק ! דאס איז נאך ביי מיר פערבליעבען . . . פרעס, פאדליעץ, זשרי, ראזבאיניק, זשרי, פרע־עס ! ! !

דער הויז־ווירטה איז ארויסגעלאפען א צומישטער.

— איך שיק אייך א שעריף ! — האט ער א געשריי געטהאן ביי דער טהיר.

עטינבערג איז געפאלען געבראכען ביים טיש.

— ליובעטשקא, מען וועט דיך און דיין מאמען ארויסווארפען אויף'ן גאס — האט ער ארויסגעקרעכצט — זיי ווע־לען עס זיכער טהאן, די אמעריקא־נער ! . . .

— ניין, פאפא, ניין ! — האט זיך ליובא א ווארף געטהאן צו איהם און זיך ארומגעכאפט ארום זיין נאקען : איך וועל עס בעסער ניט דערלעבען, אז מען זאל דיך ארויסווארפען אויף'ן גאס!

זיא האט צוגעדריקט איהר קאפ צו זיינעם און זיך ליידענשאפטליך צו־וויינט. ער האט אויך גענומען שווער סאפען און אויפגעציטערט מיט די אקסלען.

זיי האבען ניט בעמערקט, וויא דער אלטער אהרן איז אין פראנט־צימער אריין און איז שטעהען געבליבען מיט די רויטע אויגען אויפגעגלאנצט אויף זיי.

און פלוצים האט ליובא איהר קאפ אויפגעהויבען, אפגעווישט די טרערען פון די אויגען און ארויסגערעדט מיט ענטשלאסענקייט אין קול :

— פאפא, איך געה צו מעקנעק !
ער האט זיך א כאפ געטהאן:

— דוא ? !

— יא, איך ! — האט זיא ארויסגערעדט נאך מעהר ענטשלאסען.

— ניין ! ניין ! — איז עטינבערג אויפגעשפרונגען פון אחט — איך געה צו איהם ! דיא מאמע דארף צו איהם אויך ניט געהען . . . אז א טובה בעטען, וועל איך אליין בעטען !

ער האט זיך א ווארף געטהאן צו דער טהיר און דערזעהען דעם אלטען אהרן׳ען.

— דוא אהרן ? — האט ער זיך אפגעשטעלט מיט א רחמנות׳דיגען אויסדרוק אויף׳ן פנים — נו, וויא געפעהלט דיר בארים עטינבערג׳ס סוף, הא ? . . .

און ער האט זיך רחמנות׳דיג צוכליפעט.

און דערזעהען, אז עטינבערג כליפעט, האט דער אלטער אהרן זיך אליין שיעור ניט צו־וויינט און ער האט ארויסגעמורמעלט:

— בעל הבית, גאט וועט רחמנות האבען ! . . .

— גאט, הא ? — האט עטינבערג ארויסגערעדט צורייצט — גאט, הא ?... פארוואס מוטשעט ער מיך אזו ? ! דיא אהרן, ווייסט דאך, וויפיעל נדבות איך האב געגעבען ? וויפיעל מענשען איך האב געהאלפען ? היינט פארוואס מוטשעט ער מיך אזוי ? גאר אהן רחמנות, גאר אהן רחמנות ! גאט אליין איז אויך אן אמעריקאנער ! —

האט ער פלוצים ארויסגערעדט פערשטיקט צווישען פערשצערטע ציינער, און איז ארויסגעלאפען פון פראנט־צימער.

געבליעבען אליין מיט ליובא׳ן, האט דער אלטער אהרן ארויסגעשעפצעט מיט וועהטאג:

— ליובינקא, פייגעלע, וואס פון אייער פאפא און אייך אלעמען איז געוויארען, עך, שאבאש ! . . .

—אהרן, איך וויל שטארבען ! — האט ליובא זיך אפגערופען, קוקענדיג אויף איהם צושטערט.

— אוי וועה איז מיר, פייגעלע, רעדט ניט אזוי ! — האט דער אלטער אויסגעשריען מיט שרעק — בעסער זאלען אונזערע שונאים שטארבען, און שאבאש !

ער האט ארויסגעשלעפט פון קעשענע צוויי אפעלסינען און געלד און צוגעליינט:

— מיין זוהן האט אייך געשיקט צעהן דאלאר און אפעלסינען . . . נעהמט, פייגעלע !

— אהרן, ווילט איהר מיך פאלגען ? רופט אהער אייער זוהן. זאגט איהם, איך וויל איהם זעהען — האט ליובא דאן געזאגט.

— איהר ווילט איהם זעהען ? אט גלייך לויף איך צו איהם !

ער האט אוועקגעליינט אויף׳ן טיש דאס געלד און דיא אפעלסינען און איז איילענדיג ארוים.

ליובא האט איהם בעגלייט מיט אויגען, וויא ביי א צושראקענער ציעג.

— וואס טהו איך ? — האט זיא זיך פלוצים א כאפ געטהאן — וואס וויל איך טהאן ? ! ווארט, ווארט — האט זיא ארויסגעמורמעלט, רייבענדיג דעם שטערן מיט איהר מינע, אזוי וויא זיא װאלט א וואונד געקראצט: —מיר דאכט זיך, אז איך פערליר דעם זינען !

זיא איז א ווײלע געשטאנען און געקוקט ארום זיך פערשטערט, טיעף אריינגעטהאן אין זיך. דאן איז זיא צום טיש צוגעגאנגען און דעם שטערן צו איהם צוגעשפארט.

— יא, אזוי מוז עס זיין ! —האט זיא געטראכט פערצווייפעלט — וויטער אזוי לעבען און זעהען זייערע לײדען

— איך מעהר קיין קרעפטען ניט !... שטארבען ? פער'סם'ן זיך מיט איין מאל, וויא טויזענד אנדערע אונגליקליכע טהוען ? דאן זיינען זיי פערלאָרען, מיין פאפא־מאמע !... איך וועל זיך פער'סם'ן, אבער ניט מיט א מאָל... ביסלעכווייז וועל איך דעם סם טרינקען, מיין גאנצען לעבען לאנג, יעדע שעה, יעדען טאָג, ווערענדיג מעקנעק'ס פרוי . . . דערפאר אבער וועלען זיי זיין גערעטעט, מיינע ארעמע עלטערען !

זיא האט זיך אויפגעהויבען פון ארט און גענומען מורמלען צושטערט :

— איך וועל זיי רעטען . . . איך וועל זיי רעטען ! . . .

און פלוצים האט מעקנעק פאר איהר אויפגעלעבט, ער מיט זיינע ווייסע אויגען און דיא רויטע וואנצעלאך אויפ'ן ראבען פנים, זיינע רויט־האאריגע הענר, זיין שמייכעל, זיין הינטערשער געלעכטער, און זיא האט זיך צונויפגעקארטשעט מיט אן אויסדרוק פון טיפען עקעל אויף'ן פנים און אין דיא אויגען.

— איך וועל בעסער שטארבען ! — האט זיא זיך א כאפ געטהאן — איך וועל בעסער שטארבען !

זיא האט גענומען לויפען איבער'ן צימער, געבראכען דא דיא הענד און דא געריבען זיך דעם שטערן...

— ניין, אפילו זיי ראטעווען, דאן . . . דאן . . . זיי וואלטען זיך פאר מיר אויך אויפגעאפפערט !

זיא איז ווידער צוגעפאלען צום טיש און זיך צו־וויינט פערשטיקט.

—— אבראשא מעקנעק — האט זיא געוויינט — דיין איז דאס לעבען, דיין איז אמעריקא, ראטעווע מיינע ארימע עלטערען און נעהם דערפאר מיין יונג לעבען ! אוי, מיין לעבען, מיין יונג לעבען ! — האט זיך ביי איהר ארויסגעריסען א פערשטיקטער יאמער.

זיא האט דערהערט איהר מאמע'ס טריט. האט זיא זיך א כאפ געטהאן פון ארט און האט שנעל אפגעווישט דיא טרעהרען.

אניוטא איז אריין אין פראנט־צימער.

— דער פאפא האט מיך צוריקגעקעהרט — האט זיא געזאגט, אויסטאנדיג דיא רעטאנדע : — ער איז אליין צו איהם געגאנגען.

און א ווארף געטהאן דיא רעטאנדע אויפ'ן טיש, האט זיא צוגעלייגט :

— איך האב נור מורא, אז ער וועט זיך מיט איהם צוקריעגען און קיין געלד וועט ער ביי איהם ניט נעהמען . . .

ליובא איז זיך דורכגעגאנגען דעם פראנט־צימער הין און צוריק, דאן האט זיא זיך אפגעשטעלט פאר אניוטא'ן און געזאגט :

— מיסטער מעקנעק וועט באלד דא אליין זיין, מאמע !

— וויא ?

— איך האב געשיקט נאך איהם אהרן'ען.

— דוא ? צו־וואס ?

— איך וויל ווערען מאדאם מעקנעק — האט ליובא שטיל געענטפערט.

אניוטא האט זיך א כאפ געטהאן מיט א קרעכץ :

— ליובא, וואס האסטו געטהאן ?

— וואס אלע אידישע טעכטער, מאמע : איך גיב חתונה האבען ! — האט זיא געענטפערט מיט א טרויעריגען שמייכעל . . .

— מיט איהם ? !

— וואס איז ער ? ער איז אויך א מיסטער דזשענטעלמאן, מאמע ! . . .

אניוטא האט זיך ביטער צולאכט :

— קיין אנדערע, פון וועמען צו לאכען, האסטו שוין ניט געקראגען, ליובא ?

— איך לאך ניט, מאמע! . . .

— ליובא — האט זיך אניוטא א ווארף געטהאן צו איהר מיט טרעהרען אין קול — איך פערשטעה, וואס דוא האסט אין זינען! ליובא, טהו עס ניט! מיט אזוינע זאכען שפיעלט מען זיך ניט . . .

—אך, מאמע, וועמען ליעגט אין קאפ דאס שפיעלען זיך? — האט ליובא ארויסגערעדט מיט וועהטאג.

אין דיעזער צייט איז עטינבערג אריינגעקומען מיט צוטראגענע אויגען און גענומען זיך פונאנדערטהאן.

— איך האב איהם ניט געטראפען אין פאבריק. ער איז ערגעץ אוועק. מען האט מיר געהייסען ווארטען, האב איך געווארט, געווארט, ביז איך האב זיך דערמאנט, צו וועמען איך בין געקומען בעטען... ניין, איך קען ניט! — האט ער ארויסגעשעפצעט פערצווייפעלט — איך קען ניט בעטען ביי אבראשא־פאד־דלעץ. . וואלסטו זעהן, וואס פאר א פאבריק ער האט! — האט ער צוגע־לעגט מיט האס און זיך ביטער צולאכט:

— כע, כע, כע, איצט וואלט ער מיר שוין דיא הענד ניט געקושט!...

— פאפא — האט זיך ליובא אפגע־רופען — וואס עס איז אמאל געוועזן, פערגעס. דוא מוזט פערגעסען. און צו איהם פערטראג זיך אויף פריינדליכער...

— פארוואס? ווייל ער איז מעק־נעס? — האט ער ארויסגערעדט מיט גאל.

— ווייל... ווייל — האט זיא גע־נומען שטאמלען — ווייל... פאפא... ווייל ער וועט זיין מיין מאן!...

עטינבערג האט ארויסגעגלאצט אויף איהר זיינע אויגען.

— וואס?!...

— יא, פאפא, ער וועט זיין מיין מאן! — האט זיא איבערגעזאגט שטילער.

עטינבערג האט זיך אומגעקוקט מיט צומישטע אויגען אויף אניוטא'ן, וועלכע איז איצט געזעסען וויא א הער־תרג'עטע אויף א שטוהל.

— וואס זאגט זיא, אניוטא? — האט ער ארויסגעמורמעלט — איך פער־שטעה ניט... איך... איך... וואס לאכסטו פון מיר דוא! — האט ער פלוצים א געשריי געטהאן צורייצט, א קעהר טהאענדיג זיך צו ליובא'ן.

— פאפא — האט ליובא געזאגט ענטשלאסען — איך לאך פון דיר ניט... עס איז א פאקט, איך האב בעשלאסען צו הייראטהען מיט איהם!...

ביי עטינבערג'ן האט דער לשון אפגענומען פון שרעק. ער האט געקוקט אויף ליובא'ן מיט גלעזערנע אויגען, גע־ציטערט מיט'ן גאנצען קערפער, געוואלט עפעס זאגען און האט נור געמאכט מיט דיא ליפען. דאן האט ער ארויסגערעדט מיט א פערשטיקטען קול, אטהמענדיג שווער.

— דוא אויך, ליובא?... ווענ'ג נאך?.. אמעריקאנערקע דוא, וואס רעדסטו עס?!...

— פאפא, ער וועט דא באלד זיין. איך האב געשיקט נאך איהם! — האט ליובא ווידער געזאגט.

פלוצלונג האט זיך אניוטא א כאפ געטהאן מיט אן אימפעט פון ארט, איז צוגעלאפען צו ליובא'ן און זיא א כאפ געטהאן פיעבעריש פאר א האנד.

— דוא וועסט עס ניט טהאן, ליובא!

— האט זיא זיך צו־וויינט — דוא ליעבסט איהם ניט, איך וועל עס ניט דערלאזען, מיין קינד!...

עטינבערג איז געווארען אויפגע־רעגט און גענומען שרייען:

— אויב דאס איז אמת, אויב ער קומט אהער וועגען מיין איידעם, וועל איך איהם פון הויז ארויסיאגען!... טאכטער מיינע — האט ער פלוצים זיך

איך א ווארף געטהאן צו איהר מיט געבעט אין קול —ליובא, מאך מיך ניט משוגע! וויא קען עס גאר ארויפקומען דיר אויפ'ן זינען, אז אונזער קנעכט אבראשא זאל זיין דיין מאן און מיין איידעם?...

— אך, לאזט מיך! לאזט מיך! — האט ליובא פערצווייפעלט אויסגעשריען און ארויסגעריסען זיך פון איהר מאמעס הענד: — עס דארף אזוי זיין, עס מוז אזוי זיין! פאפא, פערגעס דאס אמאל, מען וועט דיך ארויסווארפען אויפ'ן גאס!...

— זאל מען ווארפען! אז איך וועל ליעגען אויף'ן גאס, האב איך נאך א האפנונג אויפצוהייבען זיך א מאל... אבער אז דוא וועסט מיט איהם חתונה האבען, וועל איך זיך קיין מאל ניט אויפהייבען פון דער בלאטע! — האט שטיינבערג געשריען.

— דוא וועסט ווערען פארטנער צו זיין געשעפט, פאפא. דוא וועסט ווידער קענען לעבען.

שטיינבערג האט א גיפשע געטהאן מיט דיא פיס.

— שווייג, ליובא, שווייג!... האב דוא כאטש רחמנות איבער דיין פאפא'ן — האט ער אין מיטען דעראינען אומגעביטען זיין טאן אויף א ווייכען און בעטענדיגען: — איך וועל קיין מאל ניט קענען לעבען, ווען דוא וועסט זיין זיין פרוי... מיין ליובא, קינד מיינס, פערשטעהסטו ניט דיזע גוואלדיגע ערניעדרונג? וואלט ער כאטש געווען אן ערלעכער מענש, איז ער דאך אבער דערצו, דער פאדליעץ, א גראבער יונגאטש!... איז דאס דער מאן פאר שטיינבערג'ס טאכטער? האב איך חערפאר פאר דיר גובערנאנטקעס געהאלטען? האב איך דערפאר דיר א גוטע ערציהונג געגעבען? געבילדעט און געלערענט דיך?! ליובא, מאך מיך ניט משוגע! דערמאן מיר ניט זיין נאמען, כאטש דוא, מיין קינד, צאפ מיר ניט דאס בלוט!...

— אבער, פאפא! — האט ליובא אויסגעשריען פערצווייפעלט.

— קיין אבער! — האט ער ווידער א טאפשע געטהאן מיט דיא פיס — שווייג, קיין ווארט מעהר!

— אבער ווען איך ליעב איהם?

— האט ליובא אויסגעשריען מיט טרעהרען אין קול.

— שווייג! שווייג! שווייג! — האט שטיינבערג גענומען קלאפען איבער'ן טיש און קיינער פון זיי האט ניט בעמערקט, וויא דיא אפעלסינען האבען זיך פון איהם ארונטערקייקעלט:

— דוא ביזט משוגע, דוא ביזט פון זינען ארונטער!...

אניוטא איז צו איהם צוגעגאנגען א בלייכע און א צוטראגענע און ארויסגערעדט מיט א געבראכענעם קול:

— באריס, רעג זיך ניט אויף אזוי...

— אניוטא, הייס איהר שווייגען... ווארום... ווארום... איך וועל איהר פעטש געבען, דער אמעריקאנערקע!

— האט זיך ביי איהם ארויסגעריסען א פערשטיקטער קרעכץ, און ער האט גענומען ליפען איבער'ן פראנט-צימער היז און צוריק

— טאכטער'ל, גיעב דאס אויף!

— האט אניוטא זיך א קעהר געטהאן צו ליובא'ן ציטערנדיג מיט'ן גאנצען קערפער.

ליובא האט זיך צו־וויינט.

— אבער, מאמע וואס וועט פון אונז ווערען? — האט זיא פערצווייפעלט געוויינט — פאפא! — האט זיא זיך דאן א ווארף געטהאן צו איהם — איך האב שוין אויך קיין כוח ניט צו ארבייטען אין די פאבריקען... פאפא, וויא לאנג נאך? זעה, וואס עס וועט

פון אונז !... פאפעלע — האט זיך איהם אנגעכאפט פאר א האנד — דוא האסט דאך מיך ליעב !... נו, וואס קען ווערען פון מיר, ווען איך זאל אפילו שוין קריגען ארבייט ערגעץ אין א שאפ ? ווידער דרייהען דיא מאשין מיט דיא לעצטע קרעפטען און אפילו אייך ניט קענען העלפען ! איך וועל שטארבען ביי דער מאשין און וועל אייך ניט העלפען !

עטינבערג האט שטארק גענומען ציטערען מיט'ן גאנצען קערפער, איז צום טיש צוגעפאלען מיט'ן שטערן און האט זיך פערצווייפעלט צעוויינט. אניוטא איז צום פענסטער צוגעגאנגען, האט געביסען דיא ליפען און איבער אירע בלייכע באקען האבען זיך טרעהרען געקייקעלט. ליובא איז אויך געשטאנען מיט אן ארונטערגעלאזטען קאפ און האט זיך אין גאנצען געטרויסעלט.

א היבשע צייט האט זיך אין צימער געהערט נור עטינבערג'ס פערשטיקטער און רחמנות'דיגער יאמער.

אויף'ן סוף איז ליובא צו איהם צוגעגאנגען און ארויפגעלייגט א האנד איהם אויפ'ן פלייצע.

— פאפא — האט זיא ווייך ארויסגערעדט.

ער האט דעם קאפ אויפגעהויבען, קראמפפהאפט זיא צוגעצויגען צו זיך און ארויסגעקרעכצט מיט פערשטיקטע טרעהרען אין קול :

— מיין ליובא, מיין פייגעלע ! גאט איז מיין עדות, אז איך וואלט דיך וועלען זעהען גליקליך !...

ער האט אריינגענומען איהר קאפ צווישען זיינע ביידע הענד, געקוקט איהר אין פנים אריין און געכליפעט :

— דיטיאטקא מאיא דאראגאיע (קינד מיין טהייערס), וויא דוא זעהסט אויס! פטאשעצקא מאיא מילאיא (פייגעלע מיינע ליעבענקע), וואס פון דיר איז געווארען ! אניוטא, זעה, קיין בלוט טראפען איז אין איהר פנים ניטא !... וואו נעהם איך דאס הארץ ? וויא העלף איך איהר ? . . .

ער האט זיא איינגעלאזט, אויפגעהויבען זיך פון ארט און סאפענדיג און כליפענדיג, האט ער זיך צונויפגעקארטשעט עפעס אין גאנצען און לאנגזאם טריט ביי טריט האט ער גענומען מעסטען דעם פראנט־צימער אהער און אהין, אין דער זייט, אין דער אנדערער.... דאן האט ער זיך ווידער אפגעשטעלט נעבען ליובא'ן, האט געוואלט עפעס זאגען און ניט געזאגט, האט נור שטארק א סאפע געטהאן מיט דער נאז און מיט ביידע הענד פערצווייפעלט זיך א קלאפ געטהאן איבער דיא קניע און איז ווידער אוועק.

אויף'ן סוף האט ער ארויסגערעדט מיט א דומפפען קול, אפשטעלענדיג זיך ווידער נעבען ליובא'ן :

— אלזא, דוא ווילסט זיך ראטעווען ? דיין פאפא קען דיר ניט העלפען, אין פאבריק ארבייטען נור קען ער דיך שיקען, דוא זאלסט דארט ביי דער מאשין אויסגעהען, וויא א ליכט . . . עה, טשארט וואזמי, אמעריקא, פאדלאיא, פראקליאטאיא אמעריקא, זאל זיין אזוי !... אבי מיין קינד צו ראטעווען !.. וועט אבער כאטש דער פאדליעץ געדענקען, ווער דו ביזט און ווער ער איז ? ! — האט זיך ביי איהם ארויסגעריסען א פערשטיקטער יאמער — וועט ער כאטש דיך אבהיטען וויא דעם אויג פון'ם קאפ ? ! פאר וואס האבען מיך דיא כוליגאנעם שוין אויך ניט דערהרג'עט, פאר וואס ? ! — האט ער גענומען קרעכצען און איז א צונויפגעקארטשעטער ארויס פון פראנט־צימער.

א ווייל האט נאכדעם אין פראנט־צימער געהערשט א שווערע שטילקייט,

כאמע און טאכטער זיינען געשטאנען ביידע מיט פערשטיינערטע הערצער, אניוטא מיט'ן פנים צום פענסטער, ליובא מיט צוטראגענע אויגען אויסגעגלאצט אויף דער טיר, אין וועלכע איהר פאטער איז פערשוואונדען.

דאן האט זיך אניוטא א קעהר געטהאן צו איהר.

— ליובא! — האט זיא ארויסגעשעפצעט און א טראט געטהאן צו איהר.

ליובא האט ניט געהערט.

— ליובא! — איז אניוטא צוגעגאנגען צו איהר און אנגענומען זיא פאר אן ארעם: — זאג מיר, מיין טאכטער, וואס געהסטו טהאן? — האט זיא ארויסגעשעפצעט.

ליובא האט זיא אנגעקוקט מיט פערשטארטע אויגען, ניט פערשטעהענדיג אפריהער, וואס דיא מאמע רעדט צו איהר. דאן האט זיא זיך פלוצים א ווארף געטהאן צו איהר אויף דער ברוסט און, ציטערענדיג מיט'ן גאנצען קערפער, האט זיא זיך געדריקט צו איהר, געדריקט און געשטיקט אין זיך דעם פערצווייפעלטען יאמער, וואס האט זיך געריסען אין איהר נשמה.

— מאמע! מאמע! מאמע! — האבען נור איהרע ליפען ארויסגעבראכט אזוי שטיל, קוים וואס מען האט געהערט.

א קלאפען אין טיר האט זיא צו זיך געבראכט.

— ער! — איז זיא אבגעשפרונגען פון איהר מאמען — איך בעט דיך, מאמע — האט זיא ארויסגעשעפצעט צוטראגען — געה צום פאפא'ן... זעה, ער זאל... עס מוז אזוי זיין, פערשטעהסט? איך האב בעשלאסען!... סיי וסיי! איז מיין לעבען... סיי וסיי! — האט זיא געמורמעלט פיעבריש, מיט אזא אויסדרוק אויפ'ן פנים, אזוי וויא זיא וואלט זיך געקליבען זעלבסטמארד בעגעהן...

מעקנעק איז אריינגעקומען אין פראנט־צימער.

ליובא האט איהם דערזעהען, האט זיא פיעבריש ארויסגעשטופט אניוטא'ן פון פראנט־צימער. — געה צו פאפא'ן, געה! — האט זיא געמורמעלט.

אניוטא איז ארויס דעם קאפ טיעף, טיעף ארונטערגעלאזט.

געבליבען אליין מיט מעקנעק'ן, האט ליובא איהם מיט א האנד אנגעוויזען אויף א שטול און איבערגעוואלד ארויסגערעדט:

— זעצט זיך!...

ער האט זיך העפליך פערנייגט פאר איהם און זיך אנידערגעזעצט.

— איך האב אייך גערופען — האט זיא דאן געזאגט מיט דיא אויגען ארונטערגעלאזט און מיט שטארקער אויפרעגונג אין קול: — אייך צו זאגען, אז איך בין צופריהען זיין אייער פרוי...

— הא?! — האט ער זיך א כאפ געטהאן פון ארט, און זיינע ווייסע אויגען האבען גענומען טאנצען און דער גאנצער פנים זיינער לייכטען און שטראהלען: — ליובא, ביי גאש! — איז ער צוגעלאפען צו איהר, דיא הענד איהרע א כאפ געטהאן און זיי גענומען קושען: — איהר וועט זיין גליקלאך! איך וועל אלעס טהאן, אום איהר זאלט גליקלאך זיין!... ליובא, גלויבט מיר, איך האב גאר ניט דיא ווערטער... איך פערשפרעך אייך נור... ביי גאש!..

ליובא האט פערשטיקט אין זיך דעם עקעל, וואס זיין קושען איהרע הענד האבען אין איהר ארויסגערופען. זיא האט נור דעם פנים פון איהם אפגעקעהרט, מורא האבענדיג, טאמער וועט ער וועלען איהר געזיכט אויך קושען.

— מיין פאפא אבער ווערט פארטנער צו אייער געשעפט? — האט זיא שטיל ארויסגערעדט.

— זיכער!...

— הערט אויס — האט זיא זיך דאן אפגערופען — איך מוז מיט אייך זיין אפענהערציג. איצט ליעב איך אייך ניט, אבער ווען איהר וועט מיין פאפא'ן גוט בעהאנדלען, קען זיין, אז איך וועל אייך שפעטער ליעבען...

— איהר וועט מיך זיכער ליעבען, ליובא! — האט ער אויסגעשריען מיט ווארימקייט און התפעלות — פאר וואס זאלט איהר מיך ניט ליעבען, ביי גאָש, פארוואס?!...

— איך וועל ארייגרופען מיינע עלטערן! — האט זיא זיך דאן א כאפ געטהאן, און איז ארויס פון פראנט־צימער.

ביי מעקנעק'ן איז דאס הארץ אוועק פרעהליך טאנצען.

— זיא איז מיינע, מיינע, מיינע!

— האט ער געטראכט און זיא געקושט אין זיינע געדאנקען.

ליובא איז אריינגעקומען און נאך איהר עטינבערג מיט אן ארונטערגעלאזטען קאפ און צונויפגעשצעמטע ליפען, און הינטער איהם אניוטא א בלייכע און א צוטראגענע.

ליובא האט אנגענומען מעקנעק'ן פאר א האנד און, צוגעפיהרט איהם צו איהר פאטער, האט זיא ארויסגערעדט שוין מיט א פעסטער שטימע:

— פאפא, דאס איז מיין חתן, דריק איהם דיא האנד!...

מעקנעק האט אויסגעשטרעקט צו איהם דיא האנד.

עטינבערג האט לאנגזאם חעם קאפ אויפגעהויבען, אזוי לאנגזאם אריינגענומען מעקנעק'ס האנד צווישען זיינע בײדע און, קוקענדיג אין גאנצען פערלארען יענעם אין דיא אויגען, האט ער געוואלט עפעס ארויסריידען און ניט געקענט, זיינע ליפען נור מיט דעם קורץ געשוירען בארד האבען געציטערט.

דאן האט ער ארויסגעשטאמעלט הייזעריג און איבערגוואלד:

— אבראשא... דו... דו.... קענ־סט זיא דאך, מיין ליר־ליוב־באן!...

ער האט זיך א טרייסעל געטהאן, צונויפגעקארטשעט זיך אין גאנצען און, דערפיהלט, אז דיא פיס ברעכען זיך אונטער איהם, האט ער מעקנעק'ס האנד ארויסגעלאזט, צום טיש זיך צוגעשלעפט, אנגעשפארט זיך אן איהם מיט ביידע הענד און, ארויסגעקרעכצט „אמעריקא", האט ער ניעדריג ארונטערגעלאזט דעם קאפ, זעהר ניעדריג...

אניוטא איז דאן צוגעגאנגען צו מעקנעק'ן און ליובא האט געקוקט אויף איהר חתן, געקוקט אויף איהם און געפיהלט, וויא עס ווערט איהר קאלט, וויא זיא גליווערט, וויא זיא פרירט, פרירט אין גאנצען מיט זעעל און קערפער...

* * *

אין דריי חדשים שפעטער איז ליובא עטינבערג געזעצליך געווארען מיססעס מעקנעק און עטינבערג — א שותף צו מעקנעק'ס געשעפט.

האבען זיך מיט דעם זייערע ליידען געענדיגט? האבען זיך די וואונדען, וואס דאס אונ'ברחמנות'דיג לעבען האט אין זייערע שטאלצע הערצער געשלאגען, פערהיילט? דאס וועט וויזען זייער וויטערעס לעבען, צו וועלכען איך וועל זיך נאך אפשר אמאל צוריקקעהרען...

ענדע.

אפריל, 1909, ברוקלין, ניו יארק.